# לייענט אין קומענדיקן נומער

„אף די וועגן פון הײַנטצײַטיקײַט"

פון דעם דאָזיקן רעפּאָרטאַזש וועט איר זיך דערוויסן, וועלכע פּראָבלעמען זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן אף דער אַלפּאַרבאַנדישער בעראַטונג פון די פּראָזאַיִקער, וואָס איז פאָרגעקומען אין „סאָוועטיש היימלאַנד"

■

**אויזער ווארשאַווסקי** — „דער טויט פון כאַנאַניע דעם טרעגער" און „א קאָנטראַקט"

צוויי ניט־פאַרעפנטלעכטע דערציילונגען פונעם באַוווּסטן ייִדישן פּראָזאַיִקער אויזער ווארשאַווסקי, וועלכער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין א פאַשיסטישן טויט־לאַגער.

■

**כאַיִם מעלאַמוד** — „פּרײַנטשאַפט"

א נײַער ראָמאַן וועגן גורל פון מענטשן, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען שווערע אויספּרוּוון.

■

**יעכיִעל שרײַבמאַנס** צוויי גרעסערע דערציילונגען: „א קאַפּיטל ראַשקעוו", „מעלאָכע — מעלוכע"

■

מיט אינטערעס וועט איר זיך באַקענען מיט **הירש אָשעראָוויטשעס** נײַער אַנטיפאַשיסטישער פּאָעמע „זײַ פאַרשאָלטן, מענגעלע" — וועגן דעם הויפּט־„דאָקטער" פונעם טויט־לאַגער אָשוועניטשים, וועלכער באַהאַלט זיך אויס ביז הײַנטיקן טאָג ערגעץ אין לאַטײַן־אַמעריקע.

■

אינעם אָפּטייל „ליטעראַטור און קונסט" ווערט געדרוקט **ל. פּאָדריאַדטשיקס** אַן אַרטיקל „צו דער פראַגע וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור" (אייניקע קריטישע באַמערקונגען וועגן די אַנטשפּרעכיקע אָפּטיילן אינעם צווייטן באַנד פון דער „ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע").

■

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאל

אַרגאַן פון שרײַבער־פארבאנד פון פססר

פינפטער יאָרגאנג

פארלאג „סאַוועטסקי פיסאטעל“

מאַסקווע

יולי

1965

# אינהאַלט



## טריבונע פון לעבן



## ליטעראטור און קונסט



שמועל גאָרדאָן

# פרילינג

## XXVIII

אלץ, וואָס איז ביז אהער געשען אין שעוועס לעבן און וועגן וואָס זי האָט נאָך זבערטשוקס אוועקגיין געטראַכט, האָט זי שוין געמאָסטן מיט דער זעלבער מאָס, וואָס דער פעטער. און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זי האָט, אייגנטלעך, ניט וואָס צו מעסטן, אז די איינציקע וויכטיקע געשעעניש, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין איר לעבן, באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט פאַרענדיקט די שול.

„און דאָס איז אַלץ, וואָס איז געשען פאַר מײַנע אַלע אכצן יאָר? — האָט שעווע, זיצנדיק באַם פאַרהויכטן פענצטערל פונעם אווטאָבוס, זיך געפרעגט, דערמאָנענדיק זיך, צום וויפלטן מאָל שוין, די איינצלהײַטן פון דעם, וואָס דער גאַסט האָט נעכטן דערציילט. — ווי קומט עס, וואָס ניט איך, ניט אַלעק, ניט קיינער, דאַכט זיך, בא אונדז אין קלאַס האָבן זיך ניט פאַרטראַכט, וואָס פאַר אַ די יאָרן איז פאַרגעקומען? צו לאַנג, אפאָנעם, האָט זיך בא אונדז פאַרצויגן די קינדהײַט. צו לאַנג".

זי איז געוועזן זיכער, אז ווען אַלעק זאָל געוועזן וויסן נאָר א טייל פון דעם, וואָס זבערטשוק האָט דערציילט, וואָלט ער אין טראַלייבוס ניט געטראַכט וועגן דער געפאַר, וואָס אים דראָעט, אויב ער וועט זיך אײַנשטעלן פאַר יענעם.

איר איז מיטאמאָל אײַנגעפאַלן, אז אַלעק האָט, מעגלעך, נאָך דעמלט ניט אַלץ געוווסט וועגן זײַן אומגעקומענעם זיבעצניאָריקן ברודערל, וועגן וועלכן וועניאַמין זאכאַריעוויטש האָט איר אין

סאָף. זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 4, 5, 6 פאַרן 1965 יאָר.

איינעם פון זײַנע באזוכן דערציילט. ער איז מיט דעם, קענטיק, אויסן געווען איר צו זאָגן, אז דאָס, וואָס ס'איז געשען מיט אַלעקן, איז פריִער פאר אַלץ זײַן שולד, וועניאַמין זאכאַריעוויטשעס. נו, און וועמען זאָל זי, שעווע, מאכן שולדיק, וואָס זי האָט ביז נעכטן ניט געוווּסט א סאך פון דעם, וואָס זי האָט געדאַרפט וויסן?

דער איינציקער פון אירע שול־כאַווירים, פאַר וועמען א סאך פון דעם, וואָס זבערטשוק האָט דערציילט, וואָלט, מעגלעך, ניט געווען קיין נײַס, איז באָריס לאַגונאָוו. ער האָט אָבער מיט איר קיינמאָל וועגן אַזעלכע זאכן ניט גערעדט. ער האָט, קענטיק, אָפּגעהיט איר איבערגעשטאַנענע קינדהײַט, ווי וועניאַמין זאכאַריעוויטש האָט אָפּגעהיט די קינדהײַט פון זײַן אכצניאָריקן אַלעקן. אין דער זעלבער צײַט אָבער האָט דער זעלבשטענדיקער באָריס זיך געקאָנט אזוי פאַרלירן אין איר אָנוועזנהײַט, אז זי האָט זיך פון דעם גערויטלט. מעגלעך, דערפאַר טאַקע איז זי נעכטן באַנאכט ניט געגאַנגען אים קלינגען און איבער דעם זיך נאָכדעם געפײַניקט דעם גאַנצן טאָג, כאָטש זי איז געווען זיכער, אז באָריס וועט זיך אַף איר ניט באַליידיקן. ער קאָן זיך אַף איר ניט באַליידיקן. זי איז זיכער אין דעם.

אָבער ווען זי האָט אים הײַנט אין אָוונט אָנגעקלונגען, האָט זי דערפילט, אז באָריס האָט זיך ניט איבעריקס דערפרייט. אזוי קאַלט און צוריקגעהאלטן האָט ער מיט איר נאָך קיינמאָל ניט גערעדט. ער האָט זיך אפילו ניט נאָכגעפרעגט אַף איר געזונט, און כאָטש ער האָט איר פאָרגעלייגט זיך באַגעגענען אין א שאָ ארום, האָט זיך אָבער געפילט, אז ער טוט עס ניט גערן. וואָס איז מיט אים פּלוצעם געשען? צי האָט ער דעמלט, ווען אַלעק איז געקומען זי אײַנלאַדן אין לוזשניקי, זיך צופעליק מיט אים ניט געטראָפן בא איר טיר און איז זי איצט כוישעד, אז זי באַגעגנט זיך מיט אַלעקן? האָט ער זי דאָך געקאָנט פרעגן וועגן דעם און ניט פּראָווען קיין באָרויגעזן...

ווי קלײנלעך און נישטיק דאָס האָט איר איצט ניט אויסגעזען און ווי זי האָט זיך ניט געווערט, האָט זי אָבער אַלץ ניט געקאָנט אופהערן טראַכטן וועגן אַלעקן און וועגן אירע לעצטע באַגעגענישן מיט באָריסן. אַלעק האָט אויך געקאָנט אמאָל אָפּשווײַגן אַן אָוונט, ווערן פּלוצעם אומעטיק, ניט קלינגען און ניט באַווײַזן זיך א פאָר טעג, און ניט זי, ניט ער וואָלטן ניט געקאָנט ענטפערן, וואָס איז צווישן זיי מיטאמאָל געשען. אָן אָט די קורצע באָרויגעזן, אָן אָט דעם בלאָזן זיך איינער אפן צווייטן וואָלט זיי עפּשער אזוי ניט געצויגן איינער צום אנדערן. אָבער וואָס פאַרא באָרויגעזן פּראָוועט מיט איר באָריס? צי דען?..

איר איז, ווי יעדער מיידל, געווען אָנגענעם, וואָס זי געפעלט, און ווי יעדער מיידל אין איר עלטער, האָט זי געמאכט דעם אָנשטעל, אז זי באַמערקט עס ניט, אז זי איז צו דעם גלײַכגילטיק. איר איז אָבער קיינמאָל ניט געקומען אפן זינען, אז באָריס קאָן זיך פאַרליבן אין איר. אַלנפאַלס, צווישן די יִינגלעך, צו וועמען אַלעק האָט זי געייפערט, וואָלט ער באָריס' נאָמען, פאַרשטייט זיך, ניט אָנגערופן. נייִן, איינמאָל האָט ער איר פאָרגעוואָרפן. זי געדענקט אָבער ניט, פאַרוואָס. זי איז געווען זיכער, אז אויך באָריס האָט געקוקט אַף זײַנע באזוכן אין שפּיטאָל ווי אַף א געוויינלעכן כויוו פון א כאַווער, און אויב זי פלעגט זיך מיט אים דערפרייען מער ווי מיט עמעצן אנדערש פון זייער קלאַס און לענגער פון אנדערע אים פאַרהאַלטן לעבן זיך, איז דערפאַר, וואָס באָריס איז געווען אַלעקס נאָענטסטער כאַווער און האָט זיך קיינמאָל ניט דערלויבט זאָגן וועגן אים עפּעס שלעכטס אפילו דעמלט, ווען זי האָט עס געגאַרט. זײַנע אָפטע באזוכן נאָך דעם, ווי מע האָט זי אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, האָט זי אויך אופגענומען ווי געוויינלעכע כאַווערישקײַט. זי האָט אויך ניט צוגעגעבן קיין באַדײַטונג, וואָס זי איז א פאָר מאָל געגאַנגען מיט אים אין קינאָ, אים געקלונגען אַהיים. מעגלעך, אז זי וואָלט נאָך איצט גאָרנישט ניט געווען באַמערקט, ווען די מוטער זאָל זי אַנומלטן ניט געווען פרעגן: „וואָס איז מיט באָריסן? ער איז ניט געזונט, צי איר האָט זיך צעקריגט?" — און אין א פאָר טעג ארום ווידער ניט פאַרפירן מיט איר א רייד וועגן דעם: „פאַרגעס ניט, שעווע, אז באָריס איז ניט קיין יִינגעלע, און אויב... נו, פאַרשטייסט אַליין. ביסט דאָך א דערוואַקסענער מענטש".

נאָר אויך נאָכדעם האָט זיך גאָרנישט געענדערט אין אירע באַציִונגען מיט באָריסן. זי האָט שוין פּאָשעט גאָרנישט געקאָנט ענדערן. באָריס איז פאַר איר איצט געווען דער נאָענטסטער כאַווער, וועלכן זי האָט ניט געקאָנט און ניט געוואָלט פאַרלירן.

צי דען?.. יאָ, דאָס, וואָס באָריס האָט מיט איר הײַנט אזוי קאַלט גערעדט, איז ניט דערפאַר, וואָס זי האָט אים נעכטן ניט אָנגעקלונגען, צי ווײַל ער איז כוישעד, אז זי באַגעגנט זיך מיט אַלעקן. דאָס, וואָס די מאַמע איז נעכטן אזוי באַשטאַנען, אז זי זאָל גיין אָנקלינגען באָריסן, איז ניט צופעליק. די מאַמע האָט מיסטאָמע נעכטן פאַרפירט מיט אים דעם זעלבן האַלבפאַרשטעלטן געשפּרעך, וואָס מיט איר.

„ס'קאָן ניט זײַן, ס'קאָן ניט זײַן", — האָט זי געטראַכט, און פונקט ווי זי האָט ניט געוואָלט גלייבן אין דעם, אזוי האָט זי אויך ניט געוואָלט גלייבן, אז באָריס האָט אנדערש ווי זי אופגענומען

זייער כאַוועדן זיך און אַז אַנשטאָט דעם, זי זאָל אים דערציילן וועגן קאַלמען אושעראַוויטשן און וועגן דעם פעטער שיִע, וועט איר אויסקומען ריידן מיט אים גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. קוים אָבער האָט זי דורכן פענצטערל פונעם אווטאָבוס דערזען אַנלויפן די אַשקאָלירנדיקע דעכער און דעכלעך פון די העל־גרינע טורעמס און טורעמלעך פונעם ווײַסרוסישן וואָקזאַל, האָט זי באַלד פאַרגעסן, וועגן וואָס זי האָט נאַרוואָס געטראַכט. זי האָט אַפילע ניט געדאַרפט צומאַכן די אויגן, זי זאָל זיך בוילעט פאָרשטעלן, ווי זי שטייט אינעם סאַמע עק פון דער געדעקטער פּלאַטפאָרמע פאַרן אָפּגיין פון צוג.

פון די נײַן מאָסקווער וואָקזאַלן איז זי אָפטער פון אַלץ געווען מיט אַלעקן אויף דעם ווײַס־רוסישן. זיי האָבן שוין געוווּסט אויף אויסווייניק די רעשימע פון די צוגן, און צען—פופצן מינוט פאַרן אָפּגיין פון צוג פלעגן זיי זיך באַווײַזן אויף דער פּלאַטפאָרמע, זיך אָפּשטעלן בײַ איינעם פון די ערשטע וואַגאָנעס, און ווען די אָפּפאָרנדיקע פלעגן זיך נעמען געזעגענען מיט זייערע באַגלייטער, פלעגן זיי זיך אויך ארומנעמען און זיך לאַנג קושן. קיינעם אויפן פעראָן און אין צוג איז ניט געקומען אויפן זינען, אַז נאָך הײַנט וועט אָט דאָס זעלבע פּאָרל, דאָ, צי ערגעץ אויף אַן אַנדער וואָק־זאַל, פאַרן אָפּגיין פון אַן אַנדער צוג, זיך אויך צאַרט ארומנעמען און זיך קושן, ווי מע וואָלט זיך שיידן אויף יאָרן.

דער אווטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווען שעווע האָט געהאַלטן אין אויסמאָלן זיך, וויאַזוי זי שטייט מיט אַלעקן בײַם פאָדערשטן וואַגאָן, לעם וועלכן זיי האָבן זיך נאַרוואָס געזעגנט, און קוקן אויס, צו וועלכן וואַגאָן איצט צוגיין און פונסנײַ נעמען זיך געזעגענען...

מיט אַ שמייכל אויף די עטוואָס צעעפנטע ליפּן, די אויגן האַלב פאַרמאַכט, ווי אויף דער זון, איז שעווע אַרויס פונעם אווטאָבוס, אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדערער זײַט גאַס און אַרײַן אין סעדל, ווו ס'האָט שוין אויף איר געוואַרט באָריס. ער איז געשטאַנען אין זײַן קורצן געקעסטלטן מאַנטל, דעם קאָפּ פאַריסן צו דעם הויכן עטוואָס אײַנגעהויקערטן מענטשן אויפן טונקל־ברוינעם פּיעדעסטאַל, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל געזען דאָ פאַר זיך גאָרקיס דענקמאָל.

זי האָט ניט באַוויזן איבערכאַפּן דעם אָטעם, ווי באָריס איז שוין געווען לעבן איר. אַנשטאָט דעם, ער זאָל אָנכמורען דעם שטערן און זאָגן: „אַנטשולדיק, וואָס כ'נעם אָפּ בײַ דיר צײַט", ווי ער האָט זיך געקליבן, האָט ער איר אופגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם מאַנטל, גענומען זי אונטער דער האַנט און זאָרגזאַם געפרעגט:

— ס'איז דיר ניט קאַלט?

זיי זײַנען אַרויס אויף איינעם פון יענע שטילע שוואַך באַלויכטענע געסלעך, פונוואַנען ס'זעען זיך אָן די שטערן און ווו מע קאָן אָפּשפּאַצירן אַן אָוונט און ניט אויסריידן צווישן זיך קימאַט קיין וואָרט. אויף אָט די שטילע זײַטיקע געסלעך איז ניט צו באַגעגענען יענע פּאָרלעך, וואָס מאַכן נאָך די העלדן פון די אויסלענדישע פילמען: האַלטן זיך בײַ דער טאַליע אָדער גייען אַרומגענומען בײַם האַלדז. באָריס איז זיכער, אַז אָט די פּאָרלעך, וועלכע ער האָט דאָ באַגעגנט, אַרומשפּאַ־צירנדיק מיט שעווען, זײַנען, פּונקט ווי אים, הערווידער די העלדן פון די פילמען, וואָס נעמען זיך קושן מיט ברייט צעעפנטע מײַלער, ס'זאָל זיך אַרויסזען די צונג, די ציינער, דרייען דערבײַ מיט די קעפּ, ווי מע וואָלט זיך געקליבן אײַנשלינגען איינער דעם צווייטן. ער איז געווען אויך זיכער, אַז צווישן אָט די פּאָרלעך וועט קיינער זיך ניט אונטערנעמען ענטפערן, וואָס איז אַזוינס ליבע, פאַרוואָס לעבט עס איינער איבער אַזוי גרינג און אַ צווייטער אַזוי שווער, פאַרוואָס ווערט מען אַמאָל צוגעבונדן איינער צום צווייטן פונעם ערשטן בליק און בײַ אַנדערע קומט עס ערשט נאָך לאַנגע יאָרן באַקאַנטשאַפט. צי איז טאַקע ווירקלעך אַזוי, ווי ער האָט אַנומלטן אויף דער באַליעבטער גאָרקי־גאַס געהערט פון איינעם פון די, וואָס שפּאַצירן אַרום, האַלטנדיק זיך בײַ די טאַליעס אָדער בײַם האַלדז, אַז עמעסע ליבע איז די, וואָס קומט פונעם ערשטן בליק, און אַז מע קאָן קיינמאָל ניט זאָגן, פאַרוואָס מע האָט זיך ליב, אויב מע זאָל, פאַרשטייט זיך, ביכלאַל דער־לאָזן, אַז ס'איז פאַראַן ליבע? אָט די, וואָס לערנען זיך קושן בײַ די העלדן פון די אויסלענדישע פילמען און קלײַבן צוליב דעם אויס די סאַמע באַליבטע גאַסן און סקווערן פון שטאָט, וואָלטן אים מיסטאָמע לײַכט געענטפערט אויף אָט די אַלע פראַגן, איבער וועלכע ער האָט זיך הײַנט צום ערשטן מאָל אין לעבן אַזוי פאַרטראַכט.

— וואָס זײַנען בײַ דיר אַזעלכע קאַלטע הענט?

— דערפאַר איז בײַ מיר הייס דאָס האַרץ, — האָט באָריס זיך ניט פאַרטראַכטנדיק געענט־פערט, ווי מע ענטפערט געוויינלעך אין אַזוינע פאַלן. און ס'איז אים אַפילע ניט אַרויף אויפן געדאַנק, אַז שעווע וועט אופנעמען זײַן ענטפער ווי דעם אָנהייב פון יענעם געשפרעך, צוליב וועלכן ער האָט זיך מיט איר באַגעגנט.

דער געשפרעך, וועלכן באָריס האָט זיך ווירקלעך געקליבן מיט איר פירן, האָט, אייגנטלעך, געהאַט אַ קנאַפּע שײַכעס צו דעם, אין וואָס שעווע איז אים כּוישעד געווען. אַלנפאַלס, אויב ער

האָט איר ביז איצט ניט געזאָגט, פאַרוואָס האָט ער זי ליב באַקומען, וועט ער עס איר איצט שוין אוואַדע ניט זאָגן, און ניט דערפאַר, וואָס ער האָט מוירע זיך אויסגעבן פאַר אַזעלכן, וואָס ווייסט, פאַרוואָס ער האָט ליב, ווײַל אַזוינע ווערן בא אייניקע פאַררעכנט פאַר מענטשן, וועלכע ווייסן קלאָר ניט, וואָס איז אַזוינס ליבע. ניין. ער, באָריס, האָט פאַר דעם קיין מוירע ניט און וואָלט געקאָנט ענטפערן, ווען און פאַרוואָס ער האָט זי ליב געקראָגן. ער וואָלט איר אויך געקאָנט ענטפערן, פאַרוואָס האָט ער זי פריִער ניט באַמערקט, באַצויגן זיך צו איר ווי צו אַלע אַנדערע מיידלעך אין קלאַס. ס'טרעפט, אַז מע איז יאָרנלאַנג צו עמעצן גלײַכגילטיק און פּלוצעם דערזעט מען אין דעם מענטשן עפּעס אַזוינס, אַז מע איז גרייט אָפּגעבן פאַר אים דאָס לעבן. מיט באָריסן האָט עס געטראָפן, ווען ער האָט זי דערזען אין שפּיטאָל נאָך דער אָפּעראַציע.

ער געדענקט ניט, ער זאָל דער ערשטער געווען ווען־ניט־איז פאַרפירן מיט איר אַ רייד וועגן אַלעקן. ער האָט ביכלאַל אויסגעמיטן ריידן וועגן אים, זי זאָל ניט מיינען, אַז מיט זײַנע שאַרפע, שטרענגע אַרויסזאָגונגען, — און אַנדערש האָט ער שוין איצט נאָכן געשעענעם ניט געקאָנט וועגן אים ריידן, — איז ער עפּעס אויסן. זי האָט, ווײַזט אויס, ניט געגלייבט, אַז אַלעק גייט אים שוין אײַנגאַנצן ניט אָן, ווײַל איר, שעווען, איז ער דאָך נאָך אָנגעגאַנגען. באָריס האָט עס פאַרשטאַנען פון די פראַגן, וועלכע זי פלעגט אים פּלוצעם פאַרגעבן. טיילמאָל האָט זיך אים אַפילע געדאַכט, אַז שעווע וואָלט שוין איצט אַנדערש דערציילט וועגן דעם צופאַל אין טראָלייבוס און אַז זי הערט אַלץ ניט אויף צו זוכן און אויסגעפינען אין אַלעקן אַזוינס, וואָס זאָל זי דערנעענטערן צו אים אָדער נאָך מער דערווײַטערן.

באָריס האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר מיט שעווען, און דערפון האָט זיך גענומען זײַן פאַרטראַכטקייט, זײַן שווײַגן בייס די שפּאַצירן אָדער דאָס פּלוצעמדיקע פאַרשווונדן ווערן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. איצט האָט עס געבראַכט דערצו, אַז ס'זאָל זיך בא אים מיטאַמאָל אַרויסכאַפּן:

— מיט וועמען ביסטו עס נעכטן געווען אין לוזשניקי?

שעווע האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט עפּעס ניט דערהערט, און זיך צעלאַכט:

— מיט וועמען האָב איך געזאָלט זײַן? נו, פאַרשטייט זיך, אַז אַליין.

— אַליין?

— ניין, ניט אַליין. נו, איצט ביסטו שוין צופרידן?

— און פאַרוואָס האָסטו מיר נעכטן ניט אָנגעקלונגען?

שעווע האָט באַפרײַט איר האַנט פון זײַנער, זיך אָפּגעשטעלט און שטאָלץ פאַרוואָרפן דעם קאָפּ:

— איך בין ניט געוווינט, מע זאָל מיר ניט גלייבן. איך זאָל געווען זײַן ניט אַליין, וואָלט איך דיר עס ניט מוירע געהאַט צו זאָגן. סאָפּקאָלסאָף...

— נו?

— גאָרניט. און פאַרוואָס כ'האָב דיר נעכטן ניט אָנגעקלונגען, האָב איך דיר שוין, דאַכט זיך, געזאָגט. כ'האָב זיך פּאָשעט געפוילט גיין באַנאַכט צום אויטאָמאַט. צווייטנס, ווײַל איך דיר זאָגן, אַז איך האָב ביכלאַל ניט ליב, ווען מע פּראַוועט באַרויגעז.

— גוט, וואָס דו האָסט מיך באַצײַטנס געוואָרנט וועגן דעם.

— יאָ, כ'האָב ניט ליב, ווען מע פּראַוועט מיט מיר באַרויגעז.

זי האָט אים גענומען אונטער דער האַנט און ניט געלאָזט מאַכן קיין טראָט, זאָל ער איר זאָגן:

— איז ווי? האָסט טאַקע באַשטימט פּראַווען באַרויגעז?

אָפּוואַרפנדיק מיטן פוס אַ שטיינדל פון טראָטואַר, האָט באָריס געפרעגט:

— דו ווייסט, פאַרוואָס כ'האָב אָף דיר נעכטן אַזוי געוואַרט?

— ווידער דאָס זעלבע. קלײַבסט זיך, ווי איך זע, טאַקע אָף אַן עמעס זיך מיט מיר צעקריגן.

— איך פרעג דיך ערנסט.

— נו, פונוואַנען זאָל איך וויסן?

— און מע האָט דיך הײַנט אין ערגעץ ניט אַרויסגערופן?

— ווּהין? צו דיר אָפן זאַוואָד?

— אין ראַיקאָם פון קאָמיוג.

— וואָס עפּעס מיטאַמאָל אין ראַיקאָם?

באָריס איז אַנשוויגן געוואָרן, ווי ער וואָלט ניט געוווּסט, וואָס איר ענטפערן. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

— מע האָט מיך דאָרט אָפּגעהאַלטן קימאַט א גאַנצן אָוונט און דערלאַנגט א גאַב, אַז כ׳האָב ניט געוווּסט ווו זיך אַהינטאָן, — זיי האָבן זיך געלאָזט גיין ווייַטער, — און אַלץ פאַרן באַשלוס, וואָס מיר האָבן אָנגענומען.

— וועלכן באַשלוס?

— וועגן אַלעקן.

— וועגן אַלעקן? — האָט שעווע איבערגעפרעגט, ווי זי וואָלט זיך דאַרפן דערמאָנען, ווער איז ער עס אָט דער אַלעק און וואָס פאַר א באַשלוס האָט מען וועגן אים אָנגענומען.

— פאַראַן א סטאַטוט פון קאָמיוג. מיר האָבן ניט געהאַט קיין רעכט צונויפרופן א קאָמיוגישע פאַרזאַמלונג אָן דעם וויסן פונעם קאָמיטעט.

— ס׳איז דען געווען א פאַרזאַמלונג? — האָט שעווע געפרעגט.

— נו, קימאַט א פאַרזאַמלונג, די, וואָס זיינען ניט בייגעווען, האָבן מיר נאָכדעם איבערגעגעבן אונדזער באַשלוס, — ער האָט מיט א האַסטיקער באַוועגונג אָפּגעטרייסלט דעם שניי פונעם קאָלנער, — מיר האָבן דעמלט דערלאָזט, פאַרשטייט זיך, א פעלער. געדאַרפט אים אויך אַרויסרופן. צווייטנס, אויב מיר האָבן שוין צונויפגערופן אַזאַ פאַרזאַמלונג, האָבן מיר דערנאָך געדאַרפט מיטיילן וועגן דעם אין קאָמיטעט. נאָר ניט אַזוי דערפאַר האָב איך אַרייַנגעכאַפּט א פּסק. דערייקער פאַר דעם באַשלוס. צי פאַרשטייען מיר כאָטש איצט, האָט מען בא מיר געפרעגט, אַז אַזעלכע באַשלוסן ווערן ניט אָנגעווענדט אַפילו צו מענטשן, וואָס באַגייען פאַרברעכנס? וואָס הייסט קאָמיוגיסטן נעמען אָן א באַשטימונג ניט דערלאַנגען א קאָמיוגיסט די האַנט? ווי באַהאַלט מען אַזעלכעס אויס פונעם ראַיקאָם? פרעג שוין בעסער ניט, וואָס איך האָב דאָרט אַרייַנגעכאַפּט.

— פונוואַנען האָט מען זיך וועגן דעם דערוווּסט?

— פון אים.

— פון אים? — האָט שעווע שיִר ניט אויסגעשריִען. — וואָס? ער איז געגאַנגען זיך באַקלאָגן?

— ניין. ניין, — האָט באַריס אין א ווייַלע אַרום איבערגעכאַזערט, — אַלעק האָט אָנגעגעבן א מעלדונג ניט אָף אונדז, נאָר אָף זיך. כ׳האָב די מעלדונג געלייענט. ער דערציילט דאָרט, ווי אַלץ איז פאָרגעקומען, און בעט, מע זאָל די מעלדונג פאַנאַנדערקלייַבן וואָס גיכער, ווייַל ער קלייַבט זיך אַוועקפאָרן. כ׳בין געווען זיכער, אַז מע האָט דיך אויך אַרויסגערופן אַהין, נאָר דו ווילסט מיר ניט זאָגן וועגן דעם.

— מיך? וואָס עפּעס מיך? איך האָב דאָך די באַשטימונג ניט אָנגענומען.

— וואָס, אייגנטלעך, ווילסטו מיט דעם זאָגן?

— גאָרניט.

— שעווע...

— כ׳פאַרשטיי אָבער ניט, פאַרוואָס האָט מען עפּעס גראָד דיך אַרויסגערופן אין ראַיקאָם? יאָ, פאַרוואָס גראָד דיך?

— ווי דעם געוועזענעם קאָמסאָרג פון קלאַס, — האָט באַריס איר רויִק געענטפערט.

— אַך, אַזוי? נו, איז האָט מען דאָרט אָפּגעשאַפן אונדזער באַשטימונג?

„בא איר האָט זיך צופעליק אַרויסגעכאַפּט אָט דער זאַג „אונדזער באַשטימונג״, צי זי איז אויסן דערמיט, ער זאָל פאַרגעסן, וואָס האָט זי אים דאָ נאָרוואָס געפרעגט, און זאָל אופהערן אָף איר קוקן מיט אַזאַ באַרויגעזו״, — האָט באַריס א טראַכט געטאָן.

— דער ראַיקאָם אייצעט אונדז, מיר זאָלן אַליין אָפּשאַפן דעם באַשלוס, — האָט ער שעווען געענטפערט און צוגעגעבן שוין מער פאַר זיך, ווי פאַר איר:

— קיינער אָבער קאָן מיך ניט צווינגען זיך כאַווערן מיט דעם, וואָס איך וויל ניט. נו גוט, מיר וועלן אָפּשאַפן דעם באַשלוס...

— איך וועל אָף דער פאַרזאַמלונג ניט קומען.

— אָף וועלכער פאַרזאַמלונג?

— נו, פון אונדזער געוועזענעם קלאַס.

— מיר קלייַבן זיך ניט מאַכן קיין שום פאַרזאַמלונגען. מירן זיך אַזוי דערריידן. כ׳האָב שוין נעכטן גערעדט מיט אייניקע פון אונדזערע דורכן טעלעפאָן. אַלע פרעגן: „וואָס זאָגט שעווע?״

— וואָס עפּעס איך? — זי האָט געוואָרט, אַז באַריס וועט זיך אָנהייבן דערפרעגן, וואָס טראַכט זי טאַקע וועגן דעם, און דעמלט וואָלט זי אים געזאָגט: „די באַשטימונג איז דאָך ניט מייַנע, וואָס איר ווענדט זיך צו מיר, איך זאָל די ערשטע זי אָפּשאַפן. זאָלן זי אָפּשאַפן יענע, וואָס האָבן זי אָנגענומען, אָט דו, אַשטייגער״.

באַריס האָט אָבער געשוויגן. האָט זי זיך אָנגערופן:

— זאָל דער ראַיקאָם באַשטימען. ווען איז די זיצונג?

— כ׳האָב ניט געפרעגט. מיסטאמע וועט מען עמעצן פון אונדז איינלאַדן, גיכער פון אַלץ, דיך.

— נאָר ניט מיך. איך פאָר דאָך אינגיכן אוועק.

— דו?

— וואָס האָסטו זיך אזוי פארוווּנדערט?

— און אויך קיין אינטאַ?

— וואָס עפּעס קיין אינטאַ? און וואָס עפּעס אויך? — איז זי שטיין געבליבן. — נו, איך פרעג דאָך דיך, פארוואָס עפּעס אויך?

ער האָט פארקרימט די ליפּן אין א שמייכל און, קוקנדיק ערגעץ ארויף, צו די פארשנייטע דעכער, געענטפערט מיט א פרעמדער שטים:

— ווייל ער פאָרט אויך אהין.

— ווער? אַלעק? פונוואַנען האָסטו עס גענומען?

— ער האָט עס מיר געזאָגט.

— אַך, אָט וואָס! האָט איר, הייסט עס, שוין אָפּגעשאַפן דעם באַשלוס. איז צו וואָס איז געווען די גאַנצע שפּיל דיינע מיט מיר?

זיי זיינען געשטאַנען אונטער א הויך הענגענדיקן לאַמטערן, וואָס האָט פאַנאַנדערגעזיפּט א טונקל־מילכיקע שיין, און געקוקט איינער אפן צווייטן, ווי זיי וואָלטן פּלוצעם אנטדעקט אזוינס, וואָס קאָן זיי פארוואַנדלען אין סאָנים.ביידע האָבן אָנגעכמורעט די ברעמען, פארביסן די ליפּן און געשוויגן.

— און וואָס האָט ער דיר נאָך געזאָגט, דיין כאַווער? — האָט שעווע ענדלעך זיך אָפּגערופן. באַריס האָט ארויסגענומען פון דער בוזעם־קעשענע א צעקנייטשטן אָפּענעם קאָנווערט און איר דערלאַנגט:

— דער בריוו איז אָנגעקומען שוין נאָך דעם, ווי דו האָסט מיר געקלונגען.

שעווע האָט צוויי מאָל דורכגעלייענט דאָס קורצע צעטעלע מיט די באַקאַנטע קיילעכיקע אויסיעס און ביידע מאָל אין דער הייך: „דעם זעכצעטן פאָר איך אוועק קיין אינטאַ. כ׳פאָר ארבעטן אין א שאַכטע. דער נומער פון מיין צוג איז איין און פערציק, אכטער וואַגאָן. ער גייט אָפּ פונעם צאָפנדיקן וואָקזאַל פּונקט אזייגער מיט צוואַנציק מינוט. א. ס.“

— און מיך וועסטו באַגלייטן פונעם קורסקער וואָקזאַל, — האָט שעווע געזאָגט, — איך ווייס נאָך דערווייל ניט פּינקטלעך, ווען און מיט וועלכן צוג איך פאָר. דאָס ווייסט דער זיידע מיינער!

— איז פאָרסטו ניט אהין? — באַריס האָט זי אָנגעכאַפּט פאר ביידע הענט.

— וווּהין? קיין אינטאַ? נו, פארשטייט זיך, אז ניין. איך פאָר צו דעם זיידן אין קאַלווירט.

— אַף לאַנג?

זי האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געהערט ריידן אזוי אופגערעגט.

— כ׳ווייס ניט. דער זיידע זאָגט, אז א וויינגאָרטן איז דער גרעסטער מאגניט אין דער וועלט. ס׳איז זיך פון אים ניט אָפּצורייסן, אזוי ציט ער צו זיך צו.

— זאָג דעם זיידן דיינעם, אז בא אונדז אפן זאוואָד זיינען פאראן אזוינע מאשינעס... כ׳פארשטיי ניט, וואָס לאַכסטו?

— נאָך א קאָנקורענט האָט זיך אָפּגעזוכט. דו ביסט שוין דער דריטער. דער ערשטער איז דער זיידע, דער צווייטער — קאַלמען אושעראַוויטש זבערטשוק. וואָלסט געדאַרפט אים נעכטן זען. ווען דו וואָלסט געהערט, וואָס ער האָט אונדז נעכטן דערציילט...

— איז אַף לאַנג פאָרסטו? — האָט באַריס זי איבערגעשלאָגן.

— כ׳וועל א קוק טאָן. נאָר אויב כ׳וועל דאָרט איבערזיין דעם ווינטער, וועל איך שוין אויך פארבלייבן אַף זומער. ווער פאָרט עס זומער אוועק פון דאָרט, און נאָך פון קרים? קום זומער אהין צו פאָרן אַף אורלויב. לאָמיר זען, וועלכער מאגניט וועט איבערציען, דער וויינגאָרטן צי דיינע מאשינעס?

— דו.

שעווע האָט לייכט א ציטער געטאָן און ניט געפילט, ווי דאָס בריוול צוזאמען מיטן קאָנווערט האָבן זיך ארויסגעגליטשט פון איר האַנט. נאָר ווען באַריס האָט דאָס בריוול אופגעהויבן, איז שוין אַף איר פּאָנעם ניט געווען צו באַמערקן, אז ס׳איז עפּעס געשען. בלויז אירע גרויסע קאַרע אויגן אונטער די פארהויבענע וויִעס האָבן אנדערש אָפּגעשפּיגלט אין זיך די שיין פונעם טונקל־מיל־כיקן לאָמפּ אפן סלופּ.

— איך פארשטיי אים פונדעסטוועגן ניט, — האָט באַריס אין א ווײַלע ארום זיך שטיל אָנגערופן און, ווי שעווע, צעשטרייט נאָכגעשפּירט נאָך דער פארייכערטער לעוואָנע אין די

וואַלקנס, — צי דען מיינט ער, אַז איך וועל צו אים קומען צו פליִען אַפן וואָקזאַל? צוליב וואָס האָט ער מיר אַרײַנגעשיקט אַט דאָס בריוול? נו, צוליב וואָס?

מיט איר שווײַגן און קנייטשן מיטן אַקסל האָט שעווע ווי געוואָלט דערווײַזן ניט נאָר אים, נאָר אויך זיך, אַז איר גייט עס אינגאַנצן ניט אָן. אָבער, אַז זי איז געקומען אַהיים, האָט זי, שטייענדיק נאָך אינעם מאַנטל, אופגעמישט אינעם קאַלענדאַר די דאַטע „זעכצן" און פאַרשריבן דעם נומער פונעם צוג, פונעם וואַגאָן און אין װעלכער שאָ דער צוג גייט אָפּ.

— האָסט געזען באַריסן? — האָט ציוויע געפרעגט, קוקנדיק, ווי די טאָכטער דרייט זיך פאַרן שפּיגל.

— הם, הם, — און קעדיי די מאַמע זאָל זי מער גאָרנישט פרעגן, איז זי איר פאַרלאָפן דעם וועג. — כ'האָב דאָך פריִער געוווּסט, אַז ס'איז וועגן זאַוואַד, ער קאָן מיך אײַנאָרדענען צו זיך אין צעך. יאָ, ווען פאָרט קאַלמען אושעראָוויטש? ניט דעם זעכצעטן?

— וואָס עפּעס דעם זעכצעטן? ער קלײַבט זיך דאָ פאַרברענגען ביז סאָף כוידעש.

— איז פאָרט ער, הייסט עס, ניט דעם זעכצעטן? — האָט שעווע, שטייענדיק באַם שפּיגל, איבערגעפרעגט.

ציוויע האָט פאַרוווּנדערט אַ קוק געטאָן אויף דער טאָכטער:

— עפּשער וועסטו מיר זאָגן, וואָס איז געשען?

— נו, גאָרניט, מאַמע, גאָרניט.

— פונדעסטוועגן?

— נו, איינער אונדזערער אַ באַקאַנטער פאָרט אַהין דעם זעכצעטן, האָב איך געמיינט... און ווען פאָרט דער זיידע? קיין בריוו צו מיר זײַנען ניט געווען?

— פון וועמען?

די מוטער זאָל אָף איר אַזוי ניט קוקן, האָט זי, ווי קינדווײַז, אַ פליִעסקע געטאָן מיט די הענט און אויסגעזונגען:

— אוי, וויל איך עסן, מאַמע!

ליגנדיק אויף דער קושעטקע אונטער דער קילער פליושענער קאָלדרע, האָט זי אַלץ נאָך געטראַכט וועגן דעם בריוול, וואָס אַלעק האָט געשיקט באַריסן. זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָס בריוול איז, אייגנטלעך, געשריבן צו איר. באַריס האָט עס געוויס אויך פאַרשטאַנען. פאַרוואָס האָט אַלעק עס אָבער געשיקט באַריסן און ניט איר? פאַרוואָס איז ער געווען זיכער, אַז באַריס וועט ניט אויסבאַהאַלטן פון איר דאָס בריוול? און וואָס עפּעס פלוצעם אינטאַ? ווען ער איז געקומען זי אײַנלאַדן קיין לוזשניקי, האָט ער שוין געוווּסט, וווּהין ער פאָרט? אָבער אַז דער פעטער אירער וווינט אין אינטאַ, האָט ער געוווּסט! פאַרוואָס זשע האָט ער באַשטימט פאָרן אַהין און זיך צוגעײַלט געבן איר וועגן דעם צו וויסן? צוליב וואָס האָט ער אָנגעוויזן דעם נומער פונעם צוג? צי דען רעכנט ער, אַז זי קאָן קומען אַפן וואָקזאַל? נו, טאַקע, וואָס איז ער אויסן געווען מיטן בריוול?

ס'איז נאָך געווען ווײַט צו טאָג, ווען שעווע האָט זיך אופגעכאַפּט, נאָר מער איז זי שוין ניט אײַנגעשלאָפן. זי איז געלעגן אין דער פינצטער מיט ברייט צעעפנטע אויגן, און אַלץ, וואָס האָט איר פון אָוונט אויסגעזען אַזוי פאַרדרייט און פאַרפּלאָנטערט, האָט איר איצט אויסגעזען קלאָר און פּאַשעט. אַלעק האָט מיטן בריוול איר געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וואָגט איר ניט שרײַבן, און דעם נומער פונעם צוג און פונעם וואַגאָן האָט ער אָנגעוויזן צוליב דעם, זי זאָל, אויב זי וועט וועלן, עפּעס איבערגעבן פאַרן פעטער. אַליין וועט זי, פאַרשטייט זיך, ניט קומען. זי קאָן אָבער עפּעס מיט עמעצן צושיקן, און ס'קאָן אפילו טרעפן, אַז דער עמעצער זאָל גראָד זײַן באַריס.

„וואָס וואָלט געווען, ווען ער שיקט דאָס בריוול איר? זי וואָלט אים געענטפערט?" — און גלײַך, ווי זי האָט זיך געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, האָט זי שוין געהאַט אין קאָפּ די ערשטע עטלעכע שורעס פונעם בריוו, וועלכן זי וואָלט אים געשריבן.

זי האָט גאָר ניט דערוואַרט, אַז זי האָט אים אַזויפיל צו זאָגן. אויף פּאַפּיר וואָלט דער בריוו פאַרנומען עטלעכע זײַטן, און ס'וואָלט נאָך אַלץ געווען דער אָנהייב, דער אַרײַנפיר. און ווײַל זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט דעם בריוו קיינמאָל אַפן פּאַפּיר ניט אויסלייגן, און ווען זי זאָל אים אפילו יאָ אָנשרײַבן, וואָלט זי אים קיינמאָל ניט אָפּגעשיקט, האָט זי אַרויסגעזאָגט אין דעם ניטאָנגעשריבענעם בריוו אַלץ, וואָס ס'האָט זיך באַ איר אָנגעקליבן אַפן האַרצן.

זי האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין צונויפשטעלן דעם בריוו, וועלכן זי וועט קיינמאָל ניט אָנשרײַבן און קיינמאָל ניט אָפּשיקן, אַז זי האָט ניט באַמערקט, ווי ס'האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג.

## XXIX

אפן ראַג פון טשעכאָוו־גאַס און סאַדאָווע־טריומפאַלנע האָט אַלעק, אַרויסגייענדיק פונעם סוּוערדלאָווער ראַיקאָם פון קאָמיוג, מיטאָמאָל דערהערט הינטער זיך:

— וווּהין פליִען מיר עס אַזוי, קאַמעראַדע?

אַלעק האָט זיך אומגעקוקט און דערזען פאַר זיך פּאַשע איוואַנענקאָ, איינעם פון יענע סטודענטן, וועלכע פאַרגעדענקען זיך פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט.

ווי יעדן איינעם בײַ זײַ אַפן קורס, וואָלט אַלעקן מיסטאָמע שווער געווען צו זאָגן, ווען און ווּ האָט ער זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט אָט דעם גוטמוטיקן באָכער, וואָס האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אין אינסטיטוט יִינגלשע זאָרגלאָזיקייט און שטיפערישקייט, ווי גלײַך דער אינסטיטוט וואָלט פאַר אים געווען נאָך אַ קלאַס אין שול, וועלכן ער דאַרף דורכמאַכן. פּאַשע האָט געקאָנט אונטערשטעלן יענעם אַ פיסל, אַרופשפּרינגען צו יענעם אויף דער פּלייצע, אַ שלעפּ טאָן עמעצן פון די סטודענטקעס פאַר די האָר, זיך אַראָפּגליטשן פונעם אייבערשטן שטאָק אויף דער פאַרענטש פון די טרעפּ. אויף די לעקציעס האָט ער זיך דורכגעוואָרפן מיט צעטעלעך, זיך געוועטלט. ער האָט זיך געפירט אַזוי, אַז קיינער וואָלט זיך ניט פאַרוווּנדערט, ווען מע געפינט בײַ אים אין קעשענע אַ ראָגאַטקע. ווו ער זאָל זיך ניט געווען באַווײַזן, האָט ער אַרויסגערופן בײַ איטלעכן אַ מילדן שמייכל. מע האָט אויף אים געקוקט, ווי ס׳קוקן שילער פון די עלטערע קלאַסן אויף קלענערע פון זיך, כאָטש ער איז געווען עלטער פון די, וואָס זײַנען אָנגעקומען אין אינסטיטוט גלײַך פון דער שול.

אַפן קורס האָט מען געוווּסט וועגן פּאַשען די מינדסטע איינצלהייטן. ער האָט אַליין אַלץ אויסדערציילט וועגן זיך. פון אָנהייב, עמעס, איז געווען אַ פאַרשטעלונג וועגן פּאַשען, אַז ער געהער צו די, וואָס זײַנען געבוירן געוואָרן אין אַ זײַדן העמדל, בײַ „עלטערן פון דער גרינער גאַס", ווי מע האָט גערופן יענע, וואָס האָבן זיך דערלויבט פּאָדערן, מע זאָל זייערע קינדער אָנעמען אין אינסטיטוט אויסערן קאָנקורס און אויסער יעטווידער ריי.

פאַרוואָס האָט זיך די ערשטע צײַט געשאַפן וועגן פּאַשען אַזאַ אײַנדרוק, אויף דעם וואָלט ניט יעדערער געקאָנט ענטפערן. איינער וואָלט עס מיסטאָמע דערקלערט מיט דער גרינגשעצונג צום לערנען, וואָס האָט זיך געלאָזט מערקן בײַ פּאַשען, ווי בײַ אַ סך קינדער פון באַזאָרגטע עלטערן. אַ צווייטער וואָלט, מעגלעך, אָנגעוויזן אויף זײַנע פּוכקע הענט מיט די אַקוראַט אַרומגעפּײַלטע נעגל, הענט, וואָס האָבן מיסטאָם קיינמאָל אין לעבן ניט געהאַלטן קיין האַמער. אַז פּאַשע איוואַנענקאָס פאָטער איז אַ געוויינלעכער טאָקער אויף אַ זאַוואָד און די מוטער — אַ נייטערין אין אַן אַטעליע, איז פאַר אַלעמען געווען אַן אַנטדעקונג. אומגעריכט זײַנען אויך געווען די „פּירן" און „פּינפּן", וואָס ער פלעגט באַקומען פאַר זײַנע ענטפערס אויף די סעמינאַרן, כאָטש אויך דאָס האָט ניט געשטערט צו טראַכטן, אַז פּאַשע גרייט זיך צו די לעקציעס, ווי אייניקע גרייטן זיך צו די לימודים אין שול: מע רעכנט אויס, אַז ס׳וועט אָפּגליקן, — „דער לערער וועט הײַנט פרעגן אַן אַנדערן, ניט מיך".

דאָס, וואָס פּאַשע איוואַנענקאָ האָט זיך ניט איבעריקס אָפּגעגעבן צו די לימודים, האָט זיך גענומען ניט בלויז דערפון, וואָס אים האָט זיך לײַכט אײַנגעגעבן דאָס לערנען, נאָר אויך פון דעם, וואָס ער האָט נאָך אַלץ ניט באַשטימט, צי זאָל ער פאַרזעצן לערנען זיך אין געאָלאָגישן אינסטיטוט, צי איבערגיין אין אַן אַנדערן. פּינקטלעך אין וואָס פאַר אַן אינסטיטוט, האָט נאָך דערווײַל פּאַשע אַליין ניט געוווּסט, ווי ער האָט ניט געוווּסט, פאַרוואָס האָט ער נאָכן פאַרענדיקן די שול אָנגעגעבן די פּאַפּירן גראָד אין געאָלאָגישן.

אין דעם גוטמוטיקן באָכער מיט די גרויע שמייכלענדיקע אויגן און מיטן געקרײַזלטן קאָפּ האָר האָט אויך געכידעשט זײַן גלײַכגילט צו די מיידלעך, וואָס פלעגן זיך אויף אים אָפּט פאַרקוקן. דערפאַר האָט אַלעקן איצט אַזוי פאַרוווּנדערט דער בוקעט בלומען אין אַ צעלאָפאַןזעקעלע, וואָס פּאַשע האָט געהאַלטן.

— ס׳איז טאַקע אַן עמעס? — האָט פּאַשע געפרעגט.

— אַז וואָס?

— נו, אַז דו האָסט אָנגעגעבן אַ מעלדונג וועגן אָוועקגיין פון אינסטיטוט?

— זיך ערשט דערמאָנט!

— און אַז דו קלײַבסט זיך פאָרן ערגעץ אין אויסרײַסעניש, צו די עסקימאָסן?

אַלעק זאָל ניט געווען מוירע האָבן, אַז פּאַשע וועט אים אָפּצאָלן מיט איינעם פון זײַנע שפּיצעלעך, וואָלט ער אים אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די שמייכלענדיקע אונטערווינקענדיקע אויגן.

— עך, פּאַשקאַ, פּאַשקאַ! ווען וועסטו שוין ווערן ערנסט?

— נו, ערן־וואַרט, אַז איך פֿרעג עס גאַנץ ערנסט.

— ערן־וואַרט, זאָגסטו? — אַלעק האָט אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע די אַקוראַט צונויפֿגעלייגטע קאָמיוגישע פּוטיאָווקע. — לייען.

— זע נאָר, פֿאַרסטו דאָך טאַקע אױף אַן עמעס אַוועק, און װוּ איז עס די...

— אין קאָמי אַסעסער. באַ דעם פּאָליאַר־קרײַז.

— אַהאַ! און װאָס קלײַבסטו זיך דאָרט טאָן?

— האָסט דאָך געלייענט. אַרבעטן אױף אַ שאַכטע.

— און גאָר? צוליב דעם װאָרפֿט מען דעם אינסטיטוט, מאָסקווע...

— װאַדים טימאָפּייעװיטש האָט געקאָנט אַלץ פֿאַרלאָזן און פֿאָרן בויען קאָמסאָמאָלסק?

— װער איז דאָס װאַדים טימאָפּייעװיטש?

— צײַט שוין צו װיסן. אונדזער נײַער סעקרעטאַר פֿון פּאַרטקאָם.

— אױ, צוגעגלײַכט. דאָס איז דאָך געװען אַמאָל. ניין, דו זאָג מיר דעם עמעס, עפּשער װעל איך אױך אַלץ װאַרפֿן און פֿאָרן.

— זע בעסער, ס׳זאָלן באַ דיר ניט פֿאַרפֿרױרן װערן די בלומען. סאַראַ פּרעכטיקע בלומען! אַדיע, — און אים אױסגעשטרעקט די האַנט.

ניט באַװיזן איבערגיין אױף דער אַנדער זײַט גאַס, האָט אַלעק װידער דערהערט הינטער זיך איװאַנענקאָס שטים:

— װאַרט נאָר אַ װײַלע. װען פֿאָרסטו?

— װאָס?

— אָבער קאָנסט זאָגן?

— דעם זעכצעטן.

— און הײַנט איז באַ אונדז דער עלפֿטער. טאָלסטאָיס „קאַזאַקן" געדענקסטו?

— נו, װײַטער...

— געדענקסט, װי די כאַװײרים באַגלייטן אַרויס אָלענינען? דו פֿאַרסט, דאַכט זיך, אַ ביסל װײַטער פֿון אים. און ניט צו דער הייסער קאַװקאַזער זון, װי ער, נאָר צו דער קאַלטער פּאָליאַרער לעװאָנע. איז װי זאָלן מיר עס ניט אָפּמערקן? מירן דיר מאַכן אַזאַ ליאַמע... און װײַסט װוּ? אין רעסטאָראַן „פּראַגע", און טאַקע װי אָלענינען, „אין דער נאַכט פֿאַרן אָפּפֿאָרן". דעם פֿופֿצעטן. אַ ריין באָכערישע ליאַמע.

— װי אָלענינען, זאָגסטו? פֿונדעסטװעגן לאָמיר זיך בעסער איצט געזעגענען. אַ ליאַמע, פּאַשע, איז גוט צו מאַכן אױף אײגן געלט, אָבער ניט פֿאַרן טאַטנס און דער מאַמעס.

— װאָס? װאַרט, איין רעגע נאָר.

פּאַשע האָט אַרײַנגערוקט אַלעקן אין דער האַנט דעם בוקעט און אַרײַן אין דער גלעזערנער בודקע פֿונעם טעלעפֿאָן־אױטאָמאַט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער געעפֿנט דאָס טירל, אַרײַנגעשלעפּט אַלעקן און אים אונטערגעטראָגן דאָס טרײַבל צום אױער.

— האַלאָ! אַלעק? האַלאָ! — האָט ער דערהערט אין טרײַבל אַ מיידלשע שטים.

אַלעק האָט פֿאַרװוּנדערט געקוקט אױף פּאַשען, געקנייטשט מיט די אַקסלען און ניט װילנדיק זיך אָפּגערופֿן:

— איך הער אײַך.

— איך בעט אײַך זייער קומען צו אונדז. אַלע בעטן מיר אײַך.

אַלעק האָט זיך נאָך מער פֿאַרלױרן:

— אַנטשולדיקט, מיט װעמען רייד איך?

— מע רופֿט מיך אַניע. נו, װאָס זאָל איך אײַך נאָך דערציילן װעגן זיך? איך װער הײַנט אַלט אַכצן יאָר. איז װאַרטן מיר אױף אײַך. גיט מיר דאָס װאָרט, אַז איר װעט קומען.

און אַלעק האָט איר געגעבן דאָס װאָרט.

— װען װעסטו פֿונדעסטװעגן אַװעקװאַרפֿן דײַנע ייִנגלשע שטיק, — האָט ער, אַרויסגייענדיק פֿון דער טעלעפֿאָן־בודקע, זיך אָנגערופֿן צו דעם שמייכלענדיקן פּאַשען, — מע דאַרף זיך דאָך צו אַזעלכעס דערטראַכטן! זאָג מיר כאָטש, דער טײַװל זאָל דיך כאַפּן, װוּהין פֿירסטו מיך, און װער איז זי, אָט די אַניע?

— אַניוטע? דאָס בעסטע און שענסטע מיידל אין דער װעלט. יאָ, װיאַזױ, װילסטו, זאָל איך דיך דאָרטן פֿאָרשטעלן: װי אַ געװײנלעכן סטודענט, צי װי אַ צוקינפֿטיקן שאַכטיאָר? װאָרעם איך פֿיר דיך, זאָלסטו װיסן זײַן, אין אַ שטוב פֿון עכטע פּראָלעטאַריער, מעטאַליסטן.

— איך װעל זיך װי־ס׳איז־ניט־איז אַליין פֿאָרשטעלן. — אַלעק האָט אַרויסגענומען דאָס בײַטעלע און אים אָפּגעציילט פֿון די באַקומענע „פּאָדיאָמנע" דרײַ צענערלעך. — איך װייס ניט,

וויפל האָסטו באַצאָלט פארן בוקעט, נאָר איך קויף אים בא דיר אָפּ פאר א דרײַסיקער. לאָז צורו. כ׳וועל דיר דעם בוקעט ניט אָפּגעבן. כ׳וועל דאָך ניט גיין אהין מיט קיין פוסטע הענט.

— אָט איז דאָך א „גאַסטראָנאָם“.

— מיט קיין ווײַן גיי איך ניט צוגאַסט, ביפראט נאָך צו א מיידל, וועלכער ס׳ווערט אכצן יאָר. פאשע, לאָז צורו. ווייסט דאָך, אז כ׳וועל דיר דעם בוקעט ניט אומקערן. געלט האָב איך דיר געגעבן, איז גיי און קויף עפּעס. שאמפּאניער, א טאָרט, כ׳ווייס... זאָג מיר, ווו איז דאָס? ווײַט פונדאנען?

— ווו אוסאטשאָווקע איז, ווייסטו? נאָר דעם אדרעס וועל איך דיר ניט געבן, זאָלסט מיר ניט אוועקפירן אניוטען אין דײַן טונדרע.

די טיר האָט זיי געעפנט איינער פון די געסט, וואָס איז געשטאנען באַם ארײַנגאנג און גערייכערט. אלעק און פאוועל האָבן ניט באוויזן אויסטאָן די מאנטלען, ווי פון צימער איז ארויסגעשפּרונגען אין קאָרידאָר א שלאנק מיידל. זי האָט אויסגעשטרעקט אלעקן איר שטײַפע האלב־אנטבלויזטע האנט.

— אניע, — האָט זי זיך פאָרגעשטעלט. — איך בין אזוי צופרידן, וואָס איר זײַט געקומען. א דאנק. סארא ווונדערלעכער בוקעט! קומט, כ׳וועל אײַך באקענען מיט די געסט. סארא פּרעכטיקע בלומען! צוליב דעם בוקעט בין איך גרייט אײַך מוחל זײַן, וואָס איר האָט פארשפּעטיקט קימאט אף א גאנצער שעה. אײַך, אָבער ניט פּאוולען. אך יאָ, פּאוועל האָט דאָך פארשפּעטיקט צוליב אײַך. — און באהאלטנדיק דאָס פּאָנעם אינעם קילן דופטיקן בוקעט, האָט זי זיי ארײַנגעפירט צו די געסט, וואָס זײַנען שוין געזעסן בא די סערווירטע טישן.

נאָכן צווייטן צי דעם דריטן טאָסט האָט אלעק זיך דאָ דערפילט א סאך היימישער, ווי דעמלט בא זיך אף דער דאטשע, אף זײַן אייגענעם געבורטסטאָג. קיינער, האָט ער געוווסט, האָט דאָ ניט נאָכגעקוקט, וויאזוי ער האלט דעם גאָפּל מיט דעם מעסער, קיינער וועט אים דאָ ניט מאכן קיין באמערקונג, אז צו דעם איז ער ניט גענוג אופמערקזאם און צו יענעם צופיל צוגעלאָזט, אז אָט איז ער צופיל באריידעוודיק און אָט שווײַגט ער צופיל.

בא זיי אין שטוב פלעגט מען זיך ניט אָפּט צונויפקלײַבן, נאָר האָט מען שוין פארבעטן געסט, האָבן זיך די טישן געבראָכן פון די ווײַנען און געריכטן. ער אָבער, אלעק, פלעגט שטענדיק אוועקגיין א הונגעריקער פון טיש. ער האָט ניט געקאָנט עסן, ווען לעבן אים צי אנטקעגן אים איז געזעסן מארגאריטע מיט אן אויסזען פון א מענטשן, וואָס האָט אים צו מאכן א באמערקונג נאָך א באמערקונג. די גרויסע קרישטאָלענע ליוסטרע מיט די אָנגעצונדענע לעמפּ, די ברא אין די ווינקלען, די אויסגעשײַערטע מעשענע הענטלעך פון די טירן, די הארט אָנגעקראָכמאלעטע שניי־ווײַסע טישטעכער און סאלפעטקעס האָבן צוזאמען מיט דער פײַערלעכקײַט ארײַנגעבראכט אויך אָנגעצויגנקײַט און אומעט.

זײַן אכצעטער געבורטסטאָג האָט זיך אָנגעהויבן פון אראָפּטראָגן פונעם בוידעם די איבערגעשאָטענע מיט נאפטאלין יאָמטעוודיקע טרעט־טעפּיכער מיט די גרין־בלויע קאנטן, פון ארײַנדרייען אין דער ליוסטרע אלע לעמפּלעך. צו האלבן טאָג זײַנען שוין ארום די סערווירטע טישן געווען צעשטעלט אין א שטרענגער אָרדענונג די ווייכע און האלב־ווייכע שטולן, און מארע מיט דער מאמען האָבן אָנגעמערקט, ווו ווועמען צו באזעצן.

אים האָבן זיך פארגעדענקט די אויסגעצויגענע פּענעמער פון זײַנע צוויי כאווײרים, וואָס האָבן זיך פון אָנפאנג אויסגעטיילט צווישן די געסט מיט זייער יונגקײַט און וועלכע זײַנען, ווען באָריס איז ארײַנגעקומען, ווי מיטאמאָל אלט געוואָרן און זיך נאָך מער געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער פארוואקסנקײַט, מיט די געקעסטלטע רעקלעך אָן לאצן, מיט די פארביקע שניפּסן.

דערמאָנט האָט אים דאָ אין יענע כאווײרים זײַנע א פארוואקסן באָכערל מיט א זילבערנעם רונג אף דער האנט. דאָס באָכערל איז געזעסן לעבן א מיידל מיט א בלאס, דערשראָקן פּאָנעם, וואָס האָט זיך ווי אויסבאהאלטן אונטער די אראָפּהענגענדיקע צעפּאטלטע לאָקן. דאָס פּאָרל האָט, דאכט זיך, געטאָן אלץ, מע זאָל עס באמערקן. זיי האָבן העכער פון אלעמען גערעדט, העכער פון אלעמען געלאכט. ווען וואָס מע זאָל ניט געווען פארפירן א רייד, באלד ארויסגעזאָגט א מיינונג, און מיט אזא שטעל, ווי זיי וואָלטן אָנגעטאָן דאָ אלעמען א קאָוועד. אלעק, וואָס האָט זיך נאָכגעפרעגט בא פּאוולען אף אלע געסט, ווער זיי זײַנען, האָט וועגן דעם פּאָרל אים ניט געפרעגט. ער האָט זיך באמיט זיי ניט צו באמערקן, ווײַל ער האָט געוואָלט פארהיטן דעם אײַנדרוק פון דער ערשטער מינוט, ווען ער האָט זיך דאָ דערפילט ווי דורכויס צווישן יוגנט, — אזוי פראָסט האָבן זיך דאָ געהאלטן די עלטערע געסט. בא זיי אין שטוב איז קיינמאָל ניט געווען אזוי. ווער עס זאָל ניט געווען צו זיי ארײַנקומען, האָט ער פון דער ערשטער רעגע זיך באמיט מאכן אן אײַנדרוק פון א מער באיאָרטן, ווי ער איז אינדערעמעסן, זיך ווי געשעמט מיט דער יונגקײַט. אים, אלעקן, האָט מארגאריטע אויך געלערנט אזוי זיך האלטן, דערבײַ

ארויסגעשטעלט זיך פאר א מוסטער. דאָ איז ער גרייט געווען אָנעמען פאר א יוגנטלעכן אפילו דעם סאמע באיאָרטן גאסט, דעם מײַסטער פונעם צעך, ווו ס'האָט געארבעט אניעס פאָטער און וווהין ס'איז אָנגעקומען ארבעטן נאָכן פארענדיקן די שול אויך אניע. אין דער ארומריינגלונג פון דער יוגנט האָט ער ווירקלעך אויסגעזען נאָך ניט אזוי אלט, דער גראָוער מײַסטער מיט די טיף אײַנגעשניטענע קנייטשן אפן שטערן, צו וועמען אלע האָבן זיך געצויגן.

צוהערנדיק זיך צום געשפרעך, וואָס דער מײַסטער האָט געפירט מיט די יוגנטלעכע באַם טיש, האָט אלעק א פרעג געגעבן אניען:

— בא אײַך ארבעט ניט איינער א באַריס לאַגונאָוו?

— באַריס לאַגונאָוו? בא אונדז אין צעך ניט. עפשער אפן זאוואָד. טימאָפיי וואסיליעוויטש, איר ווייסט ניט? בא אונדז אפן זאוואָד איז פאראן אן ארבעטער באַריס לאַגונאָוו? — איר עטוואָס פאריסן נעזל מיט די ברייטלעכע נאָזלעכער האָט בייסן ריידן צוגעגעבן איר געזיכט א באזונדער כיינעוודיקייט.

— טײַערע אניוטע מײַנע, בא אונדז אפן זאוואָד ארבעטן אריבער פינף טויזנט מענטשן. איז דען מעגלעך אלעמען קענען? נאָר אויב ס'איז נייטיק, קאָן מען זיך עס לײַכט דערוויסן.

— ניין, ניין, טימאָפיי וואסיליעוויטש, ס'איז ניט נייטיק, — אלעק האָט ארויסגעבראכט דעם נאָמען פונעם מײַסטער שוין קימאט אזוי זינגעוודיק, ווי אניע.

פון צײַט צו צײַט האָט אלעק געוואָרפן א זײַטיקן בליק אף פאוולען און יעדעס מאָל זיך געוווּנדערט, וויאזוי א מענטש קאָן זיך ענדערן. עפעס גאָרניט דער פאשע, וואָס האָט אים אָפּגעשטעלט אפן ראָג און פארנארט אין דער טעלעפאָן־בודקע. פאשע, וואָס האָט קיין מינוט ניט געקאָנט אײַנזיצן רויק, האָט פארן גאנצן אָוונט קימאט ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, געווען שעמעוודיק און צעשטרייט. אלעקן, ווען ס'איז עטלעכע מאָל אויסגעקומען זיצן אף די לעק־ציעס לעבן פאוולען, האָט זיך געכידעשט, וואָס פאוועל הערט זיך צו אזוי אופמערקזאם צו דעם געשפרעך באַם טיש צווישן איין טאָסט און דעם אנדערן. דאָס איינציקע, וואָס אלעק האָט פון אים געהערט פארן גאנצן אָוונט, איז, דאכט זיך, געווען: „ס'פארדריסט דיך ניט, וואָס ביסט געקומען?”, דערבײַ האָט ער אף אים אופגעהויבן זײַנע גרויע פארטראכטע אויגן, ווי ער זאָל אים וועלן פרעגן: „האָסט באמערקט, אז מע האלט מיך דאָ פאר אן אייגענעם? איך גרויס זיך מיט דעם”.

מער פון אלץ האָט אָבער אלעק זיך געוווּנדערט אף זיך אליין. ער האָט שוין ניט איין מאָל זיך געכאפט, אז ער האלט אלץ אין איין פארגלײַכן אניעס פאָטער מיט זײַנעם. דער טאטע האָט דעמלט אף דער דאטשע געזאָגט באַריסן, ער זאָל ניט מיינען, אז ער, סיווער, איז געבוירן געוואָרן אין א קיטעל מיט פאָגאָנעס פון א פאָלקאָווניק; אים איז גוט באקאנט די היץ פון דער וואגראנקע, בא וועלכער ער האָט אָפּגעארבעט אין די קריוקאָווער וואגאָן־ווארשטאטן ביזן אוועקגיין אפן פראָנט קעגן די ווײַסע, און אז ער האָט זיך שטענדיק געגרויסט און וועט זיך גרויסן מיט דעם, וואָס ער שטאמט פון ארבעטער און איז אליין פון קינדווײַז אָן געווען אן ארבעטער. אלעקן האָט איצט באזונדערס געפרייט, וואָס ער געפינט ענלעכס צווישן זײַן פאָטער און אניעס פאָטער.

אויך צווישן אניען און שעווען האָט ער אײַנגעזען ענלעכס. מעגלעך, ער זאָל ביט קענען שעווען, וואָלט ער אײַנגעשטימט מיט פאוולען, אז אניוטע איז די שענסטע און בעסטע אף דער גאָרער וועלט.

— איך לייג פאָר א טאָסט.

— האָסט דאָך שוין געהאלטן א טאָסט, פאשקע, — האָט זיך ארײַנגעמישט דאָס פארוואק־סענע באָכערל מיטן ברייטן זילבערנעם רונג אף דער האנט.

בא אלעקן האָט זיך אָנגעכמורעט דער שטערן, ווי די ווערטער פונעם פארוואקסענעם באָכערל וואָלטן אים פארשאפט פיזישן ווייטעק. און נאָך מער פון די ווערטער האָט אים פאר־דראָסן, וואָס פאוועל כאַווערט זיך מיט אזעלכן, דערלויבט, אז יענער זאָל אים רופן פאשקע. אלעקן איז געקומען אפן זינען, צי האָט דער גוטמוטיקער פאשע ניט פארשלעפט אהער דאָס באָכערל, פונקט אזוי ווי אים. ער האָט זיך אזוי פארטראכט, אז ער האָט קימאט ניט געהערט דעם טאָסט, וואָס פאוועל האָט געהאלטן, און ניט באמערקט, ווי אלע האָבן זיך מיטאמאָל אומגעקוקט אף אים, אף אלעקן. ער איז דאָ באַם טיש געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך נאָך ניט אָנגעשטויסן, אז דער געוועזענער סטודענט מיט דער קאָמיוגישער פוטיאָווקע, וועגן וועלכן ס'האָט גערעדט פאוועל, איז דאָך ער, אלעק, און אז דער באָכער, וועלכן פאוועל באגלייט אזוי ארויס אין ווײַטן וועג, איז דאָך ווידער ער. ווען צו אלעקן איז ענדלעך דערגאנגען, אז דער טאָסט איז לעקאָוועד אים, איז שוין שפעט געווען איבערצושלאָגן, פאוועל האָט שוין באַ־וויזן אויסרופן:

— מיט איין וואָרט, כ׳לייג פאָר אויסטרינקען פאַרן ראָמאַנטיקער פון די פופציקער יאָרן.

אז ס׳האָט זיך איינגעשטילט דאָס קלינגען פון די גלעזלעך און באָקאַלן, האָט זיך ווידער דערהערט דאָס דינע קאָל פונעם באָכערל:

— עפשער וועסטו אונדז זאָגן, פּאַשקע, וואָס הייסט ראָמאַנטיקער פון די פופציקער יאָרן? אין וואָס באַשטייט זי, די ראָמאַנטיק פון די פופציקער יאָרן? אין דורכפאָרן זיך אָף דער צעלינאַ צי אין דער טונדרע? נו, אין וואָס? ניין, פּאַשקע, דאָס איז ניט קיין ראָמאַנטיק. ס׳איז אַ וואָכע־דיקע ראָמאַנטיק. אָט בייסן בירגערקריג, אָט דאָרט איז געווען ראָמאַנטיק. מאַכן רעוואָליוציעס, מילכאָמע האַלטן, אָט דאָס, פאַרשטיי איך, איז ראָמאַנטיק. אין אַפריקע, אָט ווו ס׳איז איצט די ראָמאַנטיק.

— יונגערמאַן, איר האָט ווען־ניט־איז מילכאָמע געהאַלטן?

— דאָס איז ניט וויכטיק.

— ניין, ס׳איז וויכטיק, — טימאָפיי וואַסיליעוויטש האָט נאָך מער אַרויסגערוקט דעם האַלדז פון ענגן אָנגעקראָכמאַלעטן קאָלנער, — זייער וויכטיק, וואָרעם איך, אַשטייגער, בין געווען אי הינטער מאָסקווע, אי הינטער קורסק און וועל ניט זאָגן, אז מילכאָמע האַלטן — דאָס איז ראָמאַנטיק. איך, יונגערמאַן, פאַרשטיי ראָמאַנטיק גאָר אַנדערש.

— דאָס ווייסן מיר שוין פון לאַנג, אַז איר פאַרשטייט אַנדערש, ווי מיר.

— ווער זיינען דאָס, דערלויבט צו וויסן, די „איר“ און ווער זיינען עס אַזוינס די „מיר“?

— דאָס איז ניט וויכטיק.

— ווי איך זע, איז בא אייַך אַלץ ניט וויכטיק. דערלויבט, אויב אַזוי, פרעגן, וואָס איז בא אייַך יאָ וויכטיק, כ׳מיין בא אַזעלכע, ווי איר. אָט די ווילדע קודלעס האָר, וואָס איר האָט זיך פאַרלאָזט? דאָס אַרומשלעפּן זיך פּוסט־און־פּאַס איבער די גאַסן און בולוואַרן? טשיקאַווע וויסן, ווער איז אייַער פאָטער?

— זייַן פאָטער איז דאָך דער הויפּט־אינזשעניער בא אונדז אָפן זאַוואָד, — האָט אַניע זיך אָנגערופן.

— ניקאָלייַ סערגייעוויטש? ס׳קאָן ניט זייַן, ס׳קאָן ניט זייַן, — און דער מייַסטער האָט זיך אָנגעגאָסן ביז איבער די ברעגן אַ קעלישעקל בראַנפן.

— עפשער וועט איר מיר ענטפערן, וואָס איז אַזוינס דער ראָמאַנטיקער פון די פופציקער יאָרן? — האָט דאָס באָכערל, פאַרוואָרפנדיק דעם קאָפּ אָף אַרויף, זיך געווענדט צו אַלעקן.

— איך קאָן אייַך ענטפערן, — פונעם צווייטן עק טיש האָט זיך אופגעהויבן אַ מיטלוווקסי־קער בלאָנדער באָכער פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק מיט שוואַרצע טיפע אויגן. אין זייַן געדיכטער ברוסטיקער שטים, אין זייַן רויִק וואַרטן, ביז ס׳וועט ווערן שטיל, האָט זיך געפילט, אַז דער באָכער איז ניט פון די, וואָס זוכט זיך צו פאַרענטפערן, אַז ער געהער, קענטיק, צו אַזעלכע, וואָס זייַנען געניגט אָנצוגרייַפן, כאָטש אָנגעהויבן האָט ער שטיל, רויִק, געלאַסן: — פאָדערט איר, הייסט עס, מע זאָל אייַך זאָגן, וואָס איז אַזוינס די ראָמאַנטיק פון די פופציקער יאָרן. נו, און וואָס איז אַזעלכס אַ גראָב־אייַזן, אַ געוויינלעכער גראָב־אייַזן און אַ קירקע, ווייסט איר? וואָס קוקט איר אַזוי אָף מיר? איך פרעג עס בא אייַך גאַנץ ערנסט. איר האָט ווען־ניט־איז אין אייַער לעבן געהאַלטן אַ גראָב־אייַזן אין די הענט? צי איר מיינט, אַז די ראָמאַנטיק ליגט אָף אַ גילדערן טעלערל? די ראָמאַנטיק, זאָלט איר וויסן זייַן, ליגט אינעם געוויינלעכן גראָב־אייַזן, אין דער געוויינלעכער קירקע, אין דער זעג, אין דעם לאָם, ווען איר שטעלט זיך דורכ־האַקן די ערשטע סטעזשקע אין טייַגע און אויסגראָבן אין דער אייביק פאַרפרוירענער ערד פון דער טונדרע די ערשטע זעמליאַנקע. צעהאַקן מיט אַ האַק אַ פאַרפרוירן לעבל ברויט און ניט בענקען נאָך די פּרעכטיקע דירעס, וואָס מע האָט איבערגעלאָזט אָף גאָרקי־גאַס, און נאָך די דאַטשעס אין סאַלטיקאָווקע צי מאַלאַכאָווקע. אָט וואָס ס׳איז אַזוינס ראָמאַנטיק. בלאָנדזשען אַ נאַכט מיטן טראַקטאָר אינעם צעבושעוועטן ווינטערדיקן סטעפּ און ניט אָכקען, קומען אַ טויט־מידער פון דער אַרבעט און אין אַ שאָ אַרום ווידער קריכן, כאָטש קיינער צווינגט דיך ניט, אין אייַז־קאַלטן וואַסער בויען אַ בריק, פאַרגעסן וועגן זיך, ווען מע דאַרף ראַטעווען אַ כאַווער, אָט וואָס ס׳איז אַזוינס ראָמאַנטיק, בויען קאָמוניזם, אָט וואָס ס׳איז אַזוינס די ראָמאַנטיק פון די פופציקער יאָרן.

— כ׳האָב געוווּסט, אַז איר וועט אַזוי ענטפערן. איר זייַט ווי די ראַדיאָ. ווען מע זאָל זי ניט אייַנשליסן, הערט מען נאָר: צעלינאַ, סיביר, הידראָסטאַנציעס. דערעסן, דערעסן. אַלע טאָג איינס און דאָס זעלבע, איינס און דאָס זעלבע. דערעסן, נימעס.

— נו, און עסן יעדן טאָג ברויט, וואָס ניט איר האָט געזייט, איז אייַך נאָך ניט נימעס? און פאָרן מיט דער מעטראָ, וועלכע ניט איר האָט געבויט, שפּאַצירן איבער די סקווערן, וועלכע איר

האָט ניט געפּלאָנצט, איז אײַך נאָך ניט דערעסן? לערנט זיך פריִער אויס צונייען א קנעפּל צו די הויזן, נאָכדעם וועט איר ריידן וועגן מאַכן רעוואָלוציעס.

— קיין האַנאָלולו! איך וויל קיין האַנאָלולו, — האָט זיך אַף א קאָל צעשריִען דאָס מיידל מיט די צעפּאַטלטע לאָקן, צופאַלנדיק מיטן פּאָנעם צום טיש, — קיין האַנאָלולו וויל איך, צו די ווייסע מאַלפּעס, ווו אפּעלסינען און באַנאַנען וואַקסן ווי די גראָז. קיין האַנאָלולו וויל איך!

— ציץ, מי־יס! — האָט דאָס באָכערל א געשריי געטאָן אַף איר, און ווידער פאַרוואָרפנדיק דעם קאָפּ אַף אַרויף, הויך געפרעגט: — ווער האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט ריידן אזוי מיט מיר? איך פרעג אײַך, ווער האָט אײַך דערלויבט ריידן אזוי מיט מיר?

— ווער? אָט די, וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיט אײַך און מיט אײַער האַנאָלולער מיס גע־לערנט אין שול און וועמען איך האָב נאָכדעם געטראָפן אין די שאַכטעס און אַף דער צעלינאַ. פאַרשטאַנען?

— איר קאָנט מיט מיר אַרויסגיין אַף א ווײַלע פון שטוב? — דער באָכער האָט מיטן פוס אָפּגערוקט פון זיך דאָס בענקל.

— ביטע. מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. איך מוז אײַך אָבער וואָרענען, אז איך האָב זיך גע־לערנט פּאַטשן איבער די באַקן ניט באַ אײַערע באַליבטע העלדן פון די אויסלענדישע פילמען. אויב איך גיב שוין א פּאַטש, איז עס א פּראַסק, וואָס לאָזט זיך פאַרגעדענקען, און פאַר קיין מעסער שרעק איך זיך אויך ניט. פאַרשטאַנען? און איצט, ביטע, איך בין גרייט גיין.

— איר וועט אין ערגעץ ניט גיין, ניט גיין. — אַניע איז צוגעלאָפן און ביידן אוועקגעזעצט אַף זייערע ערטער. — איך באַפויל זיצן, און שוין. גיסט מיר, ביטע, אָן קאָגאַר. כ׳וויל אויס־טרינקען פאַר אַזעלכע, ווי איר, דאַניעל, — האָט זי זיך געווענדט צום בלאָנדן באָכער.

— איין מינוט נאָר, אַניוטע, — האָט זי אָפּגעשטעלט איר פאָטער, א פולבלעכער מאַנצבל מיט א ריין אויסגעגאָלט פּאָנעם און זיכערע באַוועגונגען, — פאַר אַזא טאָסט וועלן מיר אַלע אויסטרינקען. פּאַוועל, פּיל נאָר אָן די גלעזלעך. נו, נו, דעם שאַכטיאָר, — האָט ער אָנגעוויזן אַף אַלעקן, — גיס אָן בראַנפן. געהערט אַמאָל, א שאַכטיאָר זאָל טרינקען ווײַן? א שאַכטיאָר אָדער ער טרינקט בראַנפן, אָדער ער טרינקט גאָרנישט. הא, דאַניעל?

— פאַרשיידענע שאַכטיאָרן זײַנען פאַראַן.

— נאָר אויב ער טרינקט שוין, איז טרינקט ער בראַנפן.

— פאַרשטייט זיך, אז בראַנפן, — האָט צוגעשטימט טימאָפיי וואַסיליעוויטש.

דאַניעל האָט פאַרשטאַנען, אז אַניעס פאָטער האָט בעקיוון פאַרפירט אָט דעם געשפּרעך, קעדיי לינדער מאַכן דעם אײַנדרוק נאָכן צוזאַמענשטויס צווישן אים און דעם אינזשעניערס זינדל. דאַניעל האָט אָבער געהערט צו די, וועלכע בלײַבן ניט שטיין אינמיטן וועג. דער שפּאַס אַרום אַלעקס קעלישעקל בראַנפן און דער טאָסט, וואָס אַניע האָט געהאַלטן, האָבן אים ניט גע־שטערט זיך אָנרופן:

— א שאָד, וואָס איך האָב דאָ ניט דאָס רעכט אָנווײַזן אַזעלכע יינגעלעך און מיידעלעך די טיר!

— איך דערלויב עס אײַך!

— פּאַפּאַ!

— און מער זאָלסטו אָט די „האַנאָלולעס״ ניט פירן צו מיר אין שטוב. פאַרגעדענק עס, אַניע.

ווען מע האָט אין עטלעכע מינוט אַרום אײַנגעשלאָסן דעם מאַגניטאָפאָן און די טאַנצנדיקע פּאָרלעך זײַנען אַריבער אינעם שכײנעסדיקן צימער, איז צו אַלעקן צוגעגאַנגען דער בלאָנדער באָכער מיט די טיפע שוואַרצע אויגן און אים דערלאַנגט די האַנט:

— דאַניעל קיווין, און אײַך, ווי כ׳האָב געהערט, רופט מען אַלעק.

— אַלעק סיוועך.

— איר וועט מיר דערלויבן אײַך מאַכן א קליינע באַמערקונג?

אַלעק האָט אים פאַרכידעשט אָנגעקוקט.

— איר פאַרשטייט... נו, איך קאָן ניט לײַדן, אז מע רופט א דערוואַקסענעם מענטשן מיט א יינגלשן נאָמען. דאָרט, ווו איך בין געווען, האָב איך עפּעס קיינמאָל ניט געהערט, מע זאָל א דערוואַקסענעם מענטשן רופן וואַסיע, מאָטל, קאָליע. איר וועט מיר אַנטשולדיקן, נאָר איך וועל אײַך רופן אַלעקסאַנדער. צו זעכצן יאָר איז מען שוין ניט קיין יינגל, און אײַך, ווי איך פאַרשטיי, איז שוין עטוואָס מער פון זעכצן.

ער האָט אָנגעפילט צוויי גלעזלעך ווײַן:

— פאַר אונדזער באַקאַנטשאַפט און פאַר אונדזער צוקונפט. איך גלייב, אז מיר וועלן זיך נאָך מיט אײַך ניט איין מאָל באַגעגנען אין לעבן. אַרכיטעקטאָרס, ווי איר ווייסט, קומט אויס זייער א סאַך אַרומרײַזן.

— איר זײַט אַן אַרכיטעקטאָר? — האָט אַלעק געפֿרעגט און אַליין ניט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס האָט עס אים אַזוי פֿאַרוווּנדערט.

— דערווײַל בין איך נאָך אַ סטודענט, ריכטיקער געזאָגט, אַ טאָקער. כ׳אַרבעט מיט אַניען און מיט איר פֿאָטער אין איין צעך. בײַטאָג אַרבעט איך, און אין די אָוונטן לערן איך זיך. שפּעטלעך אַ ביסל אָנגעהויבן, דאָס דרײַ־און־צוואַנציקסטע יאָר פֿונדעסטוועגן, דאָס איז אָבער ניט מײַן שולד.

— איר זײַט געווען אויף דער צעלינאַ?

— ווו בין איך ניט אויסגעווען פֿאַר די לעצטע זיבן יאָר! איר וואַרט דאָ אויף עמעצן? איז לאָמיר זיך געזעגענען מיט אונדזערע גאַסטפֿרײַנטלעכע באַלעבאַטים און גיין. כ׳ווייס ניט, ווי איר, נאָר בײַ מיר, אַז כ׳האָב פֿרײַע צײַט, איז דאָס גרעסטע פֿאַרגעניגן זיך דורכשפּאַצירן איבער די מאָסקווער בולוואַרן. איך קאָן אַמאָל אַזוי אַרומגיין אַ גאַנצע נאַכט. האָט קיין מוירע ניט, אײַך וועל איך ניט צווינגען דאָס צו טאָן. זעט אָבער, ס׳זאָל אײַך נאָכדעם ניט פֿאַרדריסן, וואָס איר האָט זיך ווי ס׳דאַרף צו זײַן ניט געזעגנט מיט די מאָסקווער בולוואַרן. אָך, האָב איך נאָך זיי געבענקט!..

אין קאָרידאָר, פֿאַרן סאַמע אַוועקגיין, האָט אַלעק אָנגענומען אַניען פֿאַר דער האַנט און, פֿאַרשעמט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן, געזאָגט:

— איר האָט מיר הײַנט דערמאָנט איינע מײַנע אַ באַקאַנטע... — ער האָט ניט פֿאַרענדיקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, — יאָ, שיר ניט פֿאַרגעסן, דער בוקעט איז געווען ניט מײַנער. ס׳איז פּאַוועלס. נאָר דער בוקעט, וואָס פּאַוועל וועט אײַך מאָרגן אונטערטראָגן, וועט שוין זײַן מײַנער. אַ גוטע נאַכט, — און ער האָט לײַכט אַ דריק געטאָן איר קליינע וואַרעמע האַנט.

XXX

די פֿאַרשנייטע בולוואַרן, איבער וועלכע זיי זײַנען געגאַנגען, האָבן ניט געפֿירט ניט קיין מאַרינע ראָשטשע, ווו אין אַ בראָקל צימער פֿון אַ צווייִשטאָקיקן הילצערן הויז, טיף פּאַרוקט אין הויף, האָט געוווינט דאַניעל מיט דער מוטער, און ניט צום עלפֿשטאָקיקן מויער אויפֿן מאָזשײַסקער שאָסיי, אין וועלכן ס׳האָט געוווינט אַלעק, — נאָר גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג. זיי האָבן אָבער פֿאַרמאָגט אין זיך אַזוינס, די פֿאַרשנייטע בולוואַרן, אַז מע האָט געקאָנט אַרומשפּרײַזן מיט זיי אונטער דער הויכער נאָכגייענדיקער לעוואָנע קימאַט אַ האַלבע שטאָט — פֿון קראָפּאָטקין־גאַס ביז יאַוזער בריק, — און ניט באַמערקן ניט די צײַט, ניט די שטרעקע. אַלעק איז געגאַנגען באַנאַנד מיט דאַניעלן און אַלץ זיך אויף עפּעס דערוואַרט. עפּעס געריכט. ער איז דאָך ניט קיין אָנגעפּאַרענער גאַסט אין מאָסקווע, אַז דאַניעל זאָל אים פֿירן באַווײַזן די באַנאַכטיקע פּלעצער און סקווערן פֿון דער שטאָט, און געוויס אויך ניט פֿון היימלעכקײַט וועגן האָט דאַניעל אים פֿאַרגעלייגט זיך דורכשפּאַצירן. בײַ אַניען איז געווען געבורט הײמלעך און געמיטלעך, און אויב דאַניעל איז באַשטאַנען, זיי זאָלן אַוועקגיין שיר ניט אינמיטן דער רעכטער שׂימחה, האָט ער מיסטאָמע געהאַט דערבײַ אַ געוויסן מיין.

פֿון אָנפֿאַנג האָט אַלעק אַ קלער געטאָן, אַז דאַניעל האָט אים אַוועקגעפֿירט בלויז, ווײַל ער וויל זיך בײַ אים עפּעס דערוויסן וועגן פּאַוולען. ס׳איז נאָר ניט קלאָר, צי טוט ער עס, דאַניעל, לויט דער באַקאָשע פֿון אַניעס עלטערן, צי אים אַליין גייט עס אָן. אייניקע פֿראַגן, וועלכע דאַניעל האָט אים פֿאַרגעבן, האָבן אַפֿילו געקאָנט אַרופֿירן אויפֿן געדאַנק, אַז צווישן דאַניעלן און פּאַוולען קומט עפּעס פֿאָר. האָט ער געזען צו זײַן ווי ווײַט מעגלעך געהיט מיט די ענטפֿערס. אייגנטלעך, האָט ער וועגן פּאַוולען איבעריקס ניט געהאַט וואָס צו דערציילן. ער האָט וועגן אים געוווּסט ניט מער, ווי יעדער איינער בײַ זיי אויפֿן קורס. איצט וואָלט ער נאָר געקאָנט צוגעבן, אַז ווען זיי זײַנען אַרײַנגעקומען צו אַניען, איז פּאַוועל ווייניק־וואָס געווען ענלעך אויף יענעם פֿאַרשײַטן לײַכטזיניקן באָכער, וואָס האָט זיך ווי אַ וויכער אומגעטראָגן איבער די קאָרידאָרן פֿונעם אינסטיטוט, און אַז פּונקט ווי מאָדנע ס׳וואָלט געקלונגען בײַ זיי אויפֿן קורס, ווען עמעצער זאָל געווען אים אַנדערש רופֿן ניט פּאַשע, נאָר פּאַוועל, אַזוי מאָדנע האָט הײַנט געקלונגען בײַם טיש, ווען דאָס באָכערל מיטן זילבערנעם רונג אויפֿן האַנט האָט אים אָנגערופֿן פּאַשע.

— איר האָט באַמערקט, ווי אַניע מיט פּאַוולען האָבן זיך איבערגעקוקט? ווי מיינט איר, ס׳וועט קומען אַמאָל אַ צײַט, ווען מענטשן וועלן קוקן איינער אויפֿן אַנדערן און טרײַ זײַן איינער דעם אַנדערן, ווי פֿאַרליבטע, וואָס קלײַבן זיך אין זאָגס? איך גלייב, אַז יאָ.

אין שײַכעס מיט וואָס האָט עס אים דאַניעל געזאָגט? ס׳קומט אויס, ווי ער זאָל זיך געווען פֿלוצעם כאַפּן, אַז אַלעק איז אים אין עפּעס כוישעד און ער וויל אָפּפֿירן פֿון זיך דעם כשאַד.

דאַניִעל אָבער, ווי אַלעק האָט עס באַוויזן באַמערקן נאָך באַם טיש, איז ניט פון די, וואָס זוכן זיך צו פאַרענטפערן. ווען צווישן דאַניִעלן מיט פּאַוולען וואָלט ווירקלעך פאָרגעקומען עפּעס ענלעכס אָף דעם, וואָס צווישן אים מיט באָריסן, וואָלט דאַניִעל מיסטאָמע זיך ניט אופגעהויבן פון טיש און אַוועקגעגאַנגען. ווי ער זאָל וועלן דערוויַיזן, אַז עס איז טאַקע אַזוי, האָט דאַניִעל גענומען דערציילן אַ געשיכטע וועגן איינעם אַ מיידל, צו וועלכן דער מייַסטער פון צעך טימאָפיי וואַסיליִעוויטש האָט אים פאַראיאָרן געהאַט צוגעפּעסטיקט, זי זאָל אים לערנען אַרבעטן אָף אַ פּרעזער־מאַשין. ס'איז געווען אַ יונג שיין מיידל. זי האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד באַמערקט, אַז דער באָכער קוקט מער אָף איר, ווי אָף דער מאַשין. איז זי געקומען צו דער אַרבעט מיט אַ גאָלדן פינגערל אָף דער רעכטער האַנט.

— ביזוואַנען כ'האָב זיך פאַנאַנדערגעקליבן, אַז דאָס פינגערל איז אַ פאַלשס, האָב איך שוין אַליין געקאָנט אַרבעטן אָף דער מאַשין.

— אָט דאָס יונגע שיינע מיידל איז צופעליק געווען ניט אַניע?

— יאָ. זי. הייַנט האָט מיר אַניע מודיע געווען, אַז דאָס פינגערל האָט זי אָנגעטאָן צוליב מיר, איך זאָל זיך אפילע ניט פּרוּוון זי איַינלאַדן אין אַ קינאָ צי אַ קאַפע. זי האָט זיך שוין דעמלט געכאַוועט מיט פּאַוולען. איר פאַרשטייט? ציקאַווער פון אַלץ איז דאָס, וואָס ביז איצט וווּנדערט זי זיך, וויִאַזוי האָב איך עס ניט באַמערקט, אַז דאָס פינגערל איז אַ מעשנס. זי ווייסט ניט, אַז דאָס איז פון די קלענסטע טאָעסן, וואָס עס קאָן האָבן אַ מענטש. גיט נאָר אַ קוק אָף אָט דעם בוים!

אַלעק האָט פאַריסן דעם קאָפּ צו דעם שלאַנקן פאַרשנייטן טאָפּאָל. די לעוואָנע איז אויך געבליבן שטיין. ס'איז אויסגעקומען, ווי זי וואָלט זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן, ביז דער טאָפּאָל וועט דערגרייכן צו איר.

— ווי שיין דער שניי האָט זיך עס אויסגעלייגט אָף די צווייַגן! מיט וואָס, אַשטייגער, וואָלט איר עס פאַרגלייַכט? זייַנען מיר, הייסט עס, ביידע קיין פּאָעטן ניט. נו, און וויפל צענטנער שניי אַן ערעך פאַלט אויס פאַר אַ ווינטער אָף אַזאַ־אָ בוים?

אַלעק האָט פאַרכידעשט אָנגעקוקט דאַניִעלן.

— פונדעסטוועגן?

— פונדעסטוועגן? — האָט אַלעק איבערגעפרעגט און זיך איַינגעקוקט אינעם פּאָרל, וואָס איז געזעסן אָף אַ פאַרשנייטער באַנק. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט שעווען דאָ ניט טרעפן, דאָך האָט ער ניט דורכגעלאָזט קיין איין פּאָרל, ער זאָל זיך ניט איַינקוקן אין דעם. אין דער אָנוועזנהייַט פון זייַן ניַיעם באַקענטן, פון דאַניען, ווי אים האָט זיך די גאַנצע צייַט געגלוסט אים רופן, וואָלט ער דאָך סייַווי ניט צוגעגאַנגען צו איר. צי דען וועט ער זי שוין מער ניט זען? אַוועקפאָרן און זי ניט זען? באָריס, פאַרשטייט זיך, האָט אויסבאַהאַלטן פון איר זייַן בריוול. און אַז ער האָט אָנגעגעבן אַ מעלדונג אין ראַיקאָם, האָט באָריס מיסטאָמע איר אויך ניט געזאָגט. מע קאָן זי מאָרגן, איבערמאָרגן אַרויסרופן אין ראַיקאָם, און זי וועט מיינען, אַז ער איז געגאַנגען זיך באַקלאָגן. עפּשער בעטן דאַניען צוגיין צו איר? ער וועט עס קיינמאָל ניט טאָן. פונדעסטוועגן שטעלט ער זיך פאָר, ווי דאַניִעל קומט אַריַין צו שעווען. דאַניִעל וואָלט מיסטאָמע געוואָלט, ער זאָל זי אים אויסמאָלן, ער זאָל אים זאָגן, וואָס פאַרא אויגן זייַנען בא איר. אויך אַזעלכע, ווי בא אַניען, ווען זי קוקט אָף פּאַוולען? טאַקע, וואָס פאַרא אויגן זייַנען בא שעווען? ער וואָלט געקאָנט אָנוויַיזן די ביימער, אונטער וועלכע זיי פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ רעגן, די בענק, אָף וועלכע זיי פלעגן אָפּזיצן גאַנצע אָוונטן און שוויַיגן, נאָר וואָס פאַרא אויגן זייַנען בא שעווען, קאָן ער זיך ניט דערמאָנען.

— לאָמיר זאָגן, אַז אַ צענטנער, — האָט דאַניִעל, ניט דערוואַרטנדיק זיך אָף אַלעקס ענטפער, פאָרגעזעצט, — אַ צענטנער אָף אַ בוים. און דורך מייַנע הענט פלעגן דורכגיין פאַר אַ ווינטער הונדערטער טאָן שניי. פון אָט די גרינגינקע פּוכיקע שנייעלעך קאָנען ווערן מאָזאָליעס, האַרטע, ווי שטיינער. נאָר, פאַרשטייט זיך, ניט פון וואַרפן זיך מיט שניי־גאָמלקעס. און אַז שניי קאָן זייַן געזאַלצן, און נאָך ווי געזאַלצן, דאָס ווייסט איר? צוליב וואָס, אייגנטלעך, דערצייל איך עס איַיך?

— קענטיק, צוליב דעם, איך זאָל וויסן, וואָס עס דערוואַרט מיך דאָרט.

— ניין. — דאַניִעל האָט זיך אָפּגעשטעלט און פאַרייכערט. — ניין, איך דערצייל עס איַיך גיכער צוליב דעם, איר זאָלט וויסן, וואָס מע דערוואַרט פון איַיך. דאָס איז, אייגנטלעך, דער איקער. אויב ניט, איז וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס פאָרן אַהין. מאַכן געלט? דער רובל איז דאָרט טאַקע אַ לאַנגער, אָבער אַ שווערער, און איר, ווי איך פאַרשטיי, נייטיקט זיך ניט איבעריקס אינעם רובל. איר וועט ניט ווערן באַרויגעז, וואָס איך רייד מיט איַיך אַזוי?

— באַרויגעז?

— כ׳ווייס... ס׳טרעפן זיך דאָך אזעלכע, וואָס מיינען, אז אלץ ווייסן זיי שוין, אלץ פארשטייען זיי שוין, און נעמען זיך אפילע אונטער יענעם לערנען, אָט ווי דאָס זונדל פונעם אינזשעניער. ער איז מעקאנע די עלטערן אף ראָמאנטיק. איין זאך איז זיצן אין קינאָ און קוקן, ווי מע גייט אין אטאקע אפן עקראן, און א צווייטע זאך איז אליין גיין אין אטאקע. ס׳איז ניט שווער צו זיצן אין רעסטאָראן, טרינקען אפן פאָטערס געלט קאָניאק און שרייַען: „דערלאנגט מיר אהער די ראָמאנטיק!“ איך וואָלט אזעלכע יִנגעלעך און מיידעלעך געבראכט צו פירן אין סטעפּ, אין טייַגע, אין טונדרע און געזאָגט: „קינדערלעך ליבע, איר זוכט ראָמאנטיק, איז אָט האָט איר אייַך העק, גראָב־אייַזנס, טראקטאָרס, בולדאָזערס, איז דאווייַ, באווייַזט, וואָס איר קאָנט! אָן דעם, קינדערלעך ליבע, איז ניטאָ קיין ראָמאנטיק. ראָמאנטיק, זאָלט איר ויסן זייַן, הייבט זיך אָן פון „דאווייַ, דאווייַ!“.

עטלעכע פארשפעקטיקטע פאָרלעך האָבן זיך אומגעקוקט אף דאנִיעלן. אלעקן האָט זיך אויסגעדוכט, אז דאנִיעל ווענדט זיך שוין איצט ניט בלויז צו אים.

— דאָרט, וווּ איך בין געווען, האָב איך גענוג זיך אָנגעקוקט אף אזעלכע, ווי אָט דעם אינזשעניערס זונדל, געהערט פון זיי, אז „דער דאווייַ איז שוין לאנג ארונטערגעפאלן אונטערן טראמווייַ“, אז „דער וועג אהער איז לאנג, נאָר צוריק איז ער קורץ“, און אזוי ווייַטער און ווייַטער. זיי טומלען אָפּ אזוי א כוידעש, צוויי, דרייַ, און נאָכדעם דערקענען זיי זיך אליין נישט. אייַער פאָטער האָט אייַך מיסטאמע דערציילט וועגן דער מילכאָמע. מיר האָט דער פאָטער מייַנער שוין ניט באוויזן צו דערציילן. ער איז אומגעקומען אין דער אָפּאָלטשעניע היִנטער מאָסקווע.

„בא מיר איז א ברודערל אומגעקומען אף דער מילכאָמע. מע האָט אים אויך גערופן דאנִיעל. ער איז נאָך קיין זיבעצן יאָר ניט אלט געווען“, — האָט אלעק געוואָלט זאָגן, נאָר זיך דערמאָנט אָן יענעם אָוונט באם פאָטער אין קאבינעט און גאָרנישט ניט געזאָגט.

— א שטיקל פאָרשטעלונג, וואָס איז אזוינס מילכאָמע, האָב איך פונדעסטוועגן. פארשטייט זיך, אז זיצן אף א טראקטאָר צי אף א בולדאָזער איז ניט דאָס זעלבע, וואָס זיצן אין א טאנק, און אָפּווינען א ווינטער אין א ביידל איז אויך ניט דאָס זעלבע, וואָס אָפּוואלגערן זיך אין אן אָקאָפּ. נאָר ווען אייַער פאָטער גיט א קוק, וואָס עס ווערט פון די דאָזיקע באָכערימלעך אין א כאדאָשים דרייַ ארום, ווי זיי קריכן אין אייַז־קאלטן וואסער בויען א בריק, שטעלן אונטער א פּלייצע אונטער א מאשין, וואָס איז געבליבן שטעקן אין וועג, און קאָמאנדעווען דערבייַ מיט זיך אליין „דאווייַ, דאווייַ“, וואָלט ער וועגן זיי געזאָגט דאָס זעלבע, וואָס ער האָט זיכער ניט איין מאָל געזאָגט וועגן זייַנע סאָלדאטן: „אָרלי! אָדלערס!“

בא אלעקן איז מיטאמאָל דורכגעלאָפן א געדאנק, אז דאנִיעל קען זיך מיט זייַן פאָטער און ער ווייסט וועגן אים, אלעקן, א סאך מער פון דעם, וואָס פאוועל האָט דערציילט אין זייַן טאָסט.

— און וואָס וואָלטן געזאָגט די מאמעס, ווען זיי זעען, מיט וואָס פאר אן אַפּעטיט זייערע קינדערלעך רייַבן עס אריין א שיסל באָרשטש מיט קאשע, בייס אין דער היים פלעגט מען קוים פויעלן, זיי זאָלן אופעסן א טעלערל יויך, נאָך א שטיקעלע הון; ווען די מאמעס טוען עס א קוק, ווי זייערע ציטעריקע קינדער שלאָפן געשמאק אייַן אפן אופגעאקערטן פעלד לעבן דעם נאָך ניט אָפּגעקילטן טראקטאָר צי לעבן דעם אויסגעשפאנטן קאָמבייַן! — דאנִיעל האָט זיך פארצויגן מיטן רויך פון פּאפּיראָס, א קוק געטאָן אפן שווייַגנדיקן אלעקן און פריילעך פאָרגעזעצט:

— אָט וואָס עס געשעט מיט אזעלכע באָכערימלעך, ווי דעם אינזשעניערס זונדל, ווען זיי דארפן אליין אויסבויען פאר זיך א דאך איבערן קאָפּ, מיט איין וואָרט...

— זיך אויסארבעטן אן אייגענע ביִאָגראפיע, — האָט זיך ארויסגעכאפט בא אלעקן.

— ווי? ווי זאָגט איר? אן אייגענע ביִאָגראפיע?

— דער סעקרעטאר פון אונדזער פארטקאָם האָט אזוי געזאָגט, — האָט אלעק ווי זיך פארענטפערט און דערבייַ אליין ניט פארשטאנען, פארוואָס האָט ער פארשוויגן, אז נאָך פריִער האָט ער עס געהערט פונעם פאָטער.

— יאָ, צו אכצן־ביינצן יאָר דארף מען שוין האָבן אן אייגענע ביִאָגראפיע. איר וועט זי האָבן. אייַך, פארשטייט איך, דארף מען ניט נעמען פארן הענטל און פירן ווייַזן, ווו געפינט זיך די ראָמאנטיק. איר וועט זי אליין געפינען. אָבער אזעלכע, ווי דעם אינזשעניערס באָכערל און דעם מיידל מיט די האָנאָלולער אפּעלסינען און ווייַסע מאלפּעס, מוז מען אָנווייַזן, ווו זי צו זוכן און וויִאזוי זי צו זוכן. אייַך וווּנדערט עפּשער, וואָס איך רייד אזוי וועגן דעם?

פאר דער גאנצער צייַט, וואָס זיי האָבן שפּאצירט, האָט אלעק צום ערשטן מאָל זיך אזוי אייַנגעקוקט אין דעם נייַעם באקאנטן זייַנעם. ער האָט אָבער אויך איצט ניט אויסגעפונען אין אים אזעלכס, וואָס ער זאָל פריִער ניט האָבן באמערקט. דער זעלבער פעסטער טראָט, דער זעלבער אויפן פון פארווארפן דעם קאָפּ אף ארוף. אין זייַן ביינערדיק פּאָנעם מיטן הויכן שטערן איז אויך ניט געווען צו באמערקן עפּעס אזוינס, וואָס זאָל אים מאכן עלטער פון זייַנע דרייַ און צוואנ־

ציק יאָר. דאָך האָט אַלעק באַ זיך אַ פֿרעג געטאָן: „צי דען איז ער עלטער פֿון מיר בלויז אויף פֿינף יאָר?“ און ווי ער וואָלט וועלן אויסבאַהאַלטן אָט דעם אונטערשייד, האָט ער זיך באמת גיין מער באַדאַכט. אַלעק איז געווען זיכער, אַז דאַניִעל האָט עס באַמערקט, און דערפֿאַר שוין אַנדערש, ווי פֿריִער, געפֿרעגט:

— איז זײַט איר אײַנשטימיק מיט מיר? וואָס זשע האָט איר געשוויגן, ווען דאָס באַכערל איז אָנגעפֿאַלן אויף אונדז? אַזוי פֿירט זיך ניט בײַס אַ געשלעג. דאָרט, וווּהין איר פֿאָרט, קאָן אײַך ניט איין מאָל אויסקומען זיך שלאָגן, און ניט בלויז מיט אַזעלכע „סאָלדאַטיקלעך“, ווי דעם אינזשעניערס זונדל. מיינט נאָר ניט, כאָלילע, אַז איך האָב אײַך אַרויסגענאַרט אַהער און לאָז אײַך ניט שלאָפֿן, איר זאָלט אויסהערן פֿון מיר אַ לעקציע, ווי‍אַזוי זיך אויפֿצופֿירן. איר זײַט אַ דערוואַקסענער מענטש און פֿאַרשטייט אַליין ווו אײַן און ווו אויס. ס'טרעפֿט אָבער, אַז מער דערוואַקסענע און דערפֿאַרענע, ווי איך און איר, לאָזן זיך אַמאָל פֿאַרפֿירן פֿון די ייִנגעלעך, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ מאָדע מאַכן צונישט אַלץ, וואָס איז געווען ביז זיי, אַלץ אויסלאַכן, אויף אַלץ אָנפֿאַלן, און זאָגט איר זיי אַ וואָרט קעגן, איז באַלד: „איר זײַט אַ מענטש פֿון פֿאַר דעם צוואַנציקסטן“. וועגן דעם, וואָס איז אַזוינס „פֿאַר דעם צוואַנציקסטן“, ווייס איך עטוואָס מער פֿון זיי צו דערציילן. איך בין פֿאַרן צוואַנציקסטן צוזאַמענפֿאָר געווען דאָרט, ווו מע האָט אײנעם מענטשן געפּרוווט טייטן דעם מענטשן און ניט געקאָנט דערטייטן. ניט געקאָנט.

דאָס, וואָס דאַניִעל האָט ווײַטער דערציילט, האָט אַלעק פֿון אָנפֿאַנג אויפֿגענומען עפּעס ווי אַ לאַנג פֿאַרגאַנגענע געשיכטע, וואָס מע דערציילט איבער פֿון אַ ביכל.

אַ שיף וויגט זיך אויף די אָנלויפֿנדיקע כוואַליעס פֿונעם יעניסיי. אין די שמאָלע פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטערלעך פֿון דער אונטערדעק קוקן אַרײַן שטיקלעך הימל, גרויע און אומעטיקע, ווי דאָס צעבויטעטע וואַסער. פֿאַרוואַקסענע מענטשן מיט מידע, אײַנגעפֿאַלענע אויגן וואַלגערן זיך אויף די נאַרעס, אויפֿן דיל. אַלעקן האָט דער יעניסיי זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי אַ צעבושעוועטער יאַם; די שיף אונטערן קאַלטן האַרבסטיקן הימל, ווי אַ שכונע מיט מאַסטבוימער, שטריקענע לייטערס, אָנגעצויגענע זעגלען; די מענטשן אויף דער אויבערדעק — וווּקסיקע, מעגושעמדיקע, אַלע אין הויכע שטיוול, אין ווײַסע העמדער מיט פֿאַרקאַשערטע אַרבל, אין שוואַרצע זשילעטן, אין גרויסע ברייטע היט. און אַלע רייכערן לאַנגע ציבעקעס, אָט ווי אויף די געמעלן אין די אַלטע, פֿאַנאַנדערגעשאָטענע ביכלעך, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט אין דער קינדהײַט. אָבער לאַנג זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער אויבערדעק פֿון דער שיף האָט אים דאַניִעל ניט געלאָזט. ער האָט אים אַראָפּגעפֿירט מיט די שמאָלע גליטשיקע טרעפּ אין שמוציקן טריום, ווו ס'איז געווען ענג, אַ פֿוס ניט צו שטעלן, און די לופֿט צונויפֿגעפּרעסט, אַ האַק וואָלט זיך אויף איר געקאָנט האַלטן.

באַ אײנעם פֿון די שמאָלע פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטערלעך איז געזעסן, די פֿיס באַהאַלטן אונטער זיך, מע זאָל אויף זיי ניט אָנטרעטן, אַן עלטערער מענטש אין אַ צעפּליקטן בושלאַט. פֿון אונטער דעם שוואַרצן היטל מיטן קורצן ווייכן דאַשעק האָבן אַרויסגעקוקט צוויי מידע, אויסגעלאָשענע אויגן, גלײַכגילטיקע, דאַכט זיך, שוין צו אַלץ אַרום. לעבן אים, אויפֿן ברודיקן דיל, — אַ ייִנגל, קימאַט נאָך אַ קינד. דאָס ייִנגל האָט אַרויסגעקוקט דורכן פֿאַרגראַטעוועטן פֿענצטער צו דעם שטיקל האַרבסטיקן הימל, צו די אָנלויפֿנדיקע אומעטיקע כוואַליעס און פֿאַרגעבן דעם אַלטן די זעלבע פֿראַגע, וועלכע ער האָט שוין ניט איינעם דאָ אויף דער שיף פֿאַרגעבן און נאָך דערווײַל קיין ענטפֿער ניט געקראָגן.

— זיידע, — האָט ער געפֿרעגט, — וווּהין פֿירט מען אונדז? די דריטע וואָך, אַז מיר שלעפּן זיך.

דער אַלטער האָט פֿאַרהאַלטן זײַן בלאָנדזשענדיקן בליק אויפֿן ייִנגל, וואָס האָט אים אָנגערופֿן זיידע, אויפֿן אויסגעצערטן קינדערשן פּענעמל מיט די גרויסע פֿאַרכידעשטע אויגן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אַ נאַפּקעמינע, וווּהין מע פֿירט. אויב עס גייט דערצו, אַז ס'קאָן ווערן אויס פֿון דעם, צוליב וואָס מיר זײַנען געגאַנגען אויף קאַטאָרגע, זיך געשלאָגן אויף די באַריקאַדעס, וואָס זשע איז די נאַפּקעמינע, ווו איך וועל שטאַרבן...

— אָט אַזוי לערנט איר דעם יונגן דאָר?

דער מענטש, וואָס האָט דאָס געזאָגט, איז געלעגן אויף דער אייבערשטער נאַרע, ער האָט ניט אויסגעזען אויף קיין סאַך ייִנגער פֿון דעם אַלטן אינעם צעפּליקטן בושלאַט, באַ אים זײַנען אויך געווען טיפֿע קנייטשן אויפֿן שטערן. פֿון דער פֿאַרשמאָלצעוועטער אָפּגעבליאַקעוועטער גימנאַסטיאָרקע האָט אַרויסגעשטעקט אַ דינער האַלדז מיט אַ גרויסן סטאַרטשענדיקן קנאָפּ. נאָר די אויגן באַ דעם מענטשן האָבן זיך געלויכטן, און די שטים איז געווען אַזאַ, וואָס האָט געצוווּנגען די אַרומיקע זיך צוהערן צו אים.

— טײַערער כאַווער, — האָט דער אַלטער פאַריסן דעם קאָפּ צו דער אייבערשטער נאַרע, — ווען איר וואָלט אָפּגעזעסן אַזויפיל, וויפל איך, זיך אַרומגעשלעפּט מיט די עטאַפּן אַזויפיל, וויפל איך...

— און פונוואַנען ווייסט איר, אַז ווייניקער, אַז איך בין ווייניקער אויסגעשטאַנען פון אײַך?

— עס גייט דען אין דעם, ווער וויפל עס זיצט, ווער וויפל ס'איז אויסגעשטאַנען, — האָט זיך אַרײַנגעמישט אַ בלאָנדער יונגערמאַן אין ברילן, וואָס האָט גאַנצע טעג שטיל געמורמלט עפּעס פאַר זיך פון אַ קליינינקן סייפערל, — עס גייט אין דעם, וואָס מענטשן האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן, און אַ מענטש קאָן ניט לעבן אָן אַ גלויבן. איר פאַרשטייט? ער קאָן ניט. נעמט מען אָפּ בא אים איין גלויבן, גייט ער איבער אין אַן אַנדער גלויבן.

— אַ וועלכן, אַשטייגער?

דער יונגערמאַן האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטער דער נאַרע:

— לאַכט ניט. אַז דער מענטש הערט אויף פאַרשטיין, וואָס אַרום אים און מיט אים קומט פאָר, קאָן ער אָנהייבן גלייבן אַפילע אין אַ גאָט. איך האָב שוין אַזעלכע באַגעגנט. אײַך האָט די צײַט נאָך, דאַכט זיך, גאָרנישט אָנגעלערנט. טשעכאָווס העלדן האָבן אויך געגלייבט אין געזעכטיקײַט. זיי האָבן אָבער געהייסן צווואַרטן אַ צוויי־דרײַ הונדערט יאָר. איז, ביטע, וואַרט.

— איך וואַרט ניט. איך שלאָג זיך.

— מע זעט עס עפּעס ניט.

— זאָגט מיר, איר האָט געוואַרט, אַז מע וועט נאָך אײַך קומען? — האָט דער מענטש פון דער אייבערשטער נאַרע זיך אָנגערופן צו דעם אַלטן באַם פענצטערל.

דער אַלטער האָט אויסגעקערעוועט צו אים דעם קאָפּ:

— פאַרשיידענע צײַטן געווען. נאָר געקומען איז מען פונקט דעמלט, ווען איך האָב שוין ניט געוואַרט.

— און איך האָב אַפילע געוווּסט די שאָ. איך האָב זיך בלויז ניט גערעכנט, אַז איך וועל אָפּקומען מיט צוואַנציק יאָר. איך האָב זיך גערעכנט אַף אַ סאַך ערגערס.

די שווערע כוואַליעס האָבן הילכיק געקלאַפּט אין די ווענט פון דער שיף, אין די געפּלאָכטענע גראַטעס. דער ווינט האָט אַרײַנגעשריִען אין די טונקעלע פאַרגאָסענע פענצטערלעך, נאָר אין דעם געדיכט אָנגעפּיקעוועטן טריום האָט מען איצט בלויז געהערט די ווייכע שטים פון דעם באַיאָרטן מענטשן אַף דער אייבערשטער נאַרע.

— איר געדענקט דעם פּראָצעס איבער די מאַרשאַלן און קאָמאַנדאַרמען? איך האָב דעמלט געאַרבעט אין קיִעוו. אין רעפּובליקאַנישן ראַדיאָ־קאָמיטעט. נאָך דעם, ווי דער דיקטאָר האָט געמאָלדן, אַז דער טויט־אורטייל איבער די פאַרמישפּעטע איז אויסגעפילט געוואָרן, האָב איך גענומען איבערגעבן דורך דער ראַדיאָ טרויער־מוזיק. אַף דער זיצונג פונעם מיליטערישן טריבונאַל, ווי איר פאַרשטייט, בין איך ניט געווען און אין וואָס מע באַשולדיקט די באַרימטע מיליטערלײַט האָט מען מיך אויך ניט אינפאָרמירט, אָבער פאַראַן זאַכן, וואָס לאָזן זיך ניט באַגרײַפן. עס לאָזט זיך גלייבן, אַז צווישן טויזנט קאָן זיך אָפּזוכן איינער אַ פאַררעטער, די געשיכטע ווייסט פון אַזעלכע פאַלן. נאָר אַז צווישן טויזנט איז בלויז נאָר איינער ניט געווען קיין פאַררעטער, דאָס, זעט איר... מיט איין וואָרט, אַף מאָרגן האָב איך אין דער היים שוין ניט גענעכטיקט, און די מישפּאָכע מײַנע, די פרוי מיט קליינע קינדער, האָט מען פאַרשיקט אַפן עקסטן צאָפן. איך זע, איר גלייבט מיר ניט, — האָט ער זיך געווענדט צו דעם בלאָנדן יונגנמאַן. — ווי אָבער, אַז טאַקע אַף מאָרגן איז וועגן דעם געווען אַן אַרטיקל אין דער צענטראַלער צײַטונג. „דער צעיושעטער סוינע“ האָט עס געהייסן.

— איז וואָס פאַרלאַנגען זיי, אָט די יִנגעלעך און מיידעלעך? איך זאָל פאַרגעסן, אַז פאַרן צוואַנציקסטן צוזאַמענפאָר זײַנען געווען אויך אַזעלכע, ווי דער פונעם קיִעווער ראַדיאָ־קאָמיטעט? — דאַניִעלס אופגערעגטע שטים האָט אומגעקערט אַלעקן פון דער ענגער דושנער אונטערדעק צוריק אַהער, אין דעם פאַרשנייטן אויסגעליידיקטן סקווער, — איך האָב נאָכן אומקערן זיך פונעם לאַגער אָפּגעזוכט די דאָזיקע צײַטונג מיטן אַרטיקל. אָט די יִנגעלעך און מיידעלעך ווילן נאָך עפּשער פאַרלאַנגען פון מיר, איך זאָל פאַרגעסן די פּראָסטיקע ווינטער־נאַכט אַפן געהילץ־קאָמבינאַט, אויך דערפאַר ווײַל ס'איז געשען פאַרן צוואַנציקסטן צוזאַמענפאָר?! — און אַלעק, וואָס איז ערשט געווען מיט דאַניִעלן אַף דער אונטערדעק פון דער שיף, האָט זיך איצט דערזען אין דער פאַרשנייטער צעבושעוועטער טונדרע.

דער עלטסטער קאָנוואָיִר, וועלכער האָט איבערגענומען די מאַכט איבער דער בריגאַדע, וואָס מע האָט אַרויסגעפירט פון דער זאָנע, האָט אין איין אָטעם אַרויסגעשריִען פון זיך די קורצע אײַנגעכאַזערטע ווערטער, ווי אַ טפילע: „זיך ניט פאַנאַנדערציִען. אַ טראָט רעכטס, אַ טראָט לינקס רעכנט זיך פאַר אַ פּרווו צו אַנטלויפן! דער קאָנוואָי ווענדט אָן דאָס געווער ניט וואָרענענדיק“.

און די בריגאַדע האָט זיך געלאָזט מיטן פאַרשנייטן וועג צום געהילץ־קאָמבינאַט אויסלאָדן וואַ־גאָנעס מיט קוילן. דער ווינט זאָל ניט אומוואַלגערן פון די פיס, האָט מען זיך געגומען אונטער די אָרעמס, געגאַנגען איינגעבויגן, זינקענדיק טיף אינעם שניי.

אין דעם גרויסן ארומגעצאַמטן הויף פונעם קאָמבינאַט האָט דער בריגאַדיר צעשטעלט די מענטשן צו צוויי בא א ליוק. דאַניעל איז געווען אין איין פּאָר מיט א באַיאָרטן מענטשן, וועמען ס'איז שוין שווער געווען קריכן פריִער אַפן וואַגאָן פאַרשאַרן די קוילן אין ליוק און נאָכדעם אונטערן וואַגאָן אַרויסשאַרן די אָנגעשאָטענע בערגלעך קוילן פון צווישן די רעדער און רעלסן. קריכן אַפן וואַגאָן און אונטערן וואַגאָן איז דאָס מאָל פאַרגעשטאַנען איין דאַניעלן.

אומגעריכט האָט מען די „פּאָר" זייַנע ארויסגערופן אין זאָנע, און ער איז אינגאַנצן געבליבן איינער אליין באם ליוק. פיר הונדערט פוד קוילן אויסלאָדן אליין, יעדעס ברעקל איבערוועגן אף דעם גראַב־אייַזן! פאַר איין שאָ צייַט דאַרף אַלץ ווערן אָפּגעטאָן: אויסלאָדן די פיר הונדערט פוד קוילן, זיי איבערוואַרפן נאָכדעם אף פינף־זעקס מעטער ווייַטער פון דער ליניע און אָפּרייניקן די רעלסן.

קלערן איז ניט געווען וואָס. ארויסגעקלאַפּט מיטן לאָם די ריגלען פון די פאַרזשאַווערטע אייַזערנע סקאָבעלס, איז דאַניעל אָפּגעשפּרונגען אין א זייַט. פונעם אָפענעם ליוק האָט זיך א שאָט געטאָן א בארג קוילן, א רויש געטאָן, ווי א וואַסערפאַל, און אנשוויגן געוואָרן. דאַניעל האָט איבערגעוואָרפן די קוילן און אריינגעקלעטערט אין וואַגאָן אָנשאַרן צום אָפענעם ליוק נאָך א בארג קוילן.

ווען ער איז ארויס פונעם וואַגאָן, האָט ער געמוזט אראָפּוואַרפן פון זיך דעם בושלאַט, נאָכ־דעם — דאָס וואַטאָווע לייַבל. פון דער פיטש־נאַסער גימנאַסטיאָרקע האָט געזעצט א דאַמף. מיט יעדער מינוט איז דער פאַרטעמפּטער גראַב־אייַזן געגאַנגען אַלץ שווערער, זיך אָנגעשטויסן אין די שטיקער שטיינקוילן, ווי אין א וואַנט, געסקריזשעט. דער קאָנוואָיר, וואָס איז געשטאַנען דערבייַ, האָט שוין עטלעכע מאָל געהייסן דאַניעלן אָנטאָן צוריק דעם בושלאַט און דאָס לייַבל: „ס'איז עט־לעכע און דרייַסיק גראַד פראָסט, מיט א מעסוקענעם ווינט דערצו". — נאָר דאַניעל האָט אראָפּ־געוואָרפן פון זיך אויך די גימנאַסטיאָרקע, די העמטשקעס, און ס'איז אים נאָך אַלץ געווען הייס. לענגאויס דעם עשעלאָן האָט זיך געריכערט א געדיכטער שוואַרצער שטויב, וואָס איז געקראָכן אין מויל, אין די נאָזלעכער, זיך אָפּגעזעצט אין די לונגען.

— זיבן טאָן אויסלאָדן! וויפל מאָל דאַרף מען עס אָנשעפּן און איבערוואַרפן איבער זיך דעם גראַב־אייַזן מיט קוילן?

אַלעק ווייסט ניט, צי דאַרף ער ענטפערן דאַניעלן, נאָר יענער האָט אים שוין ווידער אוועק־געפירט אהין, צו די ניט־אויסגעלאָדענע וואַגאָנעס.

— ווי איך שטיי אזוי דעם קאָפּ אריינגערוקט אין ליוק א קוק טאָן, וויפל איז נאָך דאָרט פאַרבליבן, דערפיל איך, ווי עמעצער וואַרפט מיר ארוף אַפן רוקן דעם בושלאַט און רייַסט בא מיר ארויס פון די הענט דעם גראַבייַזן. איך נעם ארויס דעם קאָפּ פון ליוק און דערזע פאַר זיך מייַן „פּאָר". מע האָט אים ארויסגערופן אין זאָנע צו מעלדן, אז ער איז פרייַ, ער קאָן מאָרגן פאָרן אהיים. אין יענע יאָרן איז עס געווען א זעלטנהייַט, אָבער ס'פלעגט טרעפן.

דאַניעל האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— איך וויל, איר זאָלט עס פאַרשטיין, — אין דער דאָזיקער רעגע האָט דאַניעל דערמאָנט אַלעקן דעם מאַיאָר וועטשעריא, — טראַכט זיך אין דעם אריין. מע האָט א מענטשן, וואָס האָט שוין מיסטאָמע פאַרלאָרן די האָפענונג זיך צו זען ווען־ניט־איז מיט דער מישפּאָכע, אָנגעזאָגט די בסורע, אז ער איז פרייַ, אז ער קאָן זיך אומקערן אהיים. אין דרויסן פלאַקערט דער פראָסט, דער ווינט רייַסט די דעכער, און ער, א מענטש שוין אין די פופציקער, שוין א באַפרייַטער, איר פאַרשטייט, א באַפרייַטער, פאַדערט, מע זאָל אים אָפּפירן אַפן קאָמבינאַט, זייַן „פּאָר" איז גע־בליבן אליין בא דעם ליוק. איז זאָל איך עס פאַרגעסן? און אז דער קאָנוואָיר, וואָס האָט אים געפירט אין זאָנע, האָט צוליב מיר זיך ווידער געשלעפּט אין דער קעלט מיט מייַן „פּאָר", זאָל איך אויך פאַרגעסן? דערפאַר וואָס אַלץ איז געווען פאַרן צוואַנציקסטן צוזאַמענפאָר? אייַך וווּנ־דערט, וואָס איך רייד אזוי בייז?

— פאַרוואָס? — האָט אַלעק געזאָגט און שטיל צוגעגעבן: — איך האָב וועגן דעם אַלץ קימאַט ניט געוווּסט.

— איך אליין האָב שוין וועגן דעם באַלד פאַרגעסן. איך האָב עס אייַך דערציילט צוליב גאָר עפּעס אנדערש. דאָרט, וווּהין איר פאָרט, וועלן זיך אייַך באַגעגענען אַלערליי מענטשן. פאַר־געדענקט: פון אַזעלכע יונגעלייַטלעך, ווי אונדזער אינזשעניערס זונדל, דאַרף מען זיך ניט פאַר־טיידיקן, מע דאַרף אף זיי אָנגרייַפן!

דער ווייכער שניי אונטער זייַנע טריט האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן סקריפּען.

## XXXI

אין די אויסגעלאָשענע פענצטער פון די אונטערשטע שטאָקן האָבן אַלץ זעלטענער דורכגע־בליצט די צונטער־רויטע פײַערלעך פון די פאַרבײַגיליופנדיקע מאַשינעס. די פוסטע סקווערן, די אויסגעלאָשענע שילדן אַף די קראָמען האָבן דערמאָנט די דורכגייער, אַז ס'איז שוין האַלבע נאַכט. ביז צו דעם רויט־אָנגעגליטן «M» פון דער מעטראָ־סטאַנציע אַף טאַגאַנקער פּלאַץ איז געווען נאָך ווײַטלעך צו גיין. ס'איז אָבער ניט געווען צו זען, אַז דאַניִעל זאָל זיך אײַלן, ער האָט געשפּאַנט פּונקט אַזוי לאַנגזאַם, ווי פריִער. זיך אָפט אָפּגעשטעלט, געקוקט אַף די פאַרשנייטע טאָפּאָלן, אַף דער אַרומשפּאַצירנדיקער לעוואָנע, און בא אַלעקן האָט זיך פאַרגאַנוועט אַ כשאַד, אַז ער קלײַבט זיך אַזוי אַרומדרייען מיט אים אַ גאַנצע נאַכט. נאָר פאַרוואָס איז דאַניִעל פּלוצעם אַנשוויגן געוואָרן? גייט און שווײַגט. ס'איז עפּעס ניט געווען ענלעך, אַז דער געשפּרעך זייערער איז פאַרענדיקט. גיכער פון אַלץ האָט עס געקאָנט באַטײַטן, אַז דאַניִעל גיט אים אַ מעגלעכקייט זיך אַרײַנטראַכטן אין דעם, וואָס ער האָט אים דאָ דערציילט. וואָס איז, אייגנטלעך, געשען? ער האָט געדאַרפט אַ געשריי טאָן „ציִץ" אָפן אינזשעניערס זונדל, ווי יענער אָפן מיידל מיט די צעפּאַטלטע האָר? ווירקלעך, וואָס האָט דאַניִעל געוואָלט? ער, אַלעק, זאָל זיך פירן בא אַניען, ווי באַריס דעמאָלט אַף דער דאַטשע? קומען אָנמאַכן אַ קריג?

— איר האָט זי שטאַרק ליב געהאַט?

פאַר אַלעקן איז די פראַגע געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז ער האָט צוערשט ניט באַנומען, אַז דאָס ווענדט זיך דאַניִעל צו אים.

— איך פרעג וועגן אײַער באַקאַנטער, וואָס איז ענלעך אַף אַניען.

— וועגן מײַן באַקאַנטער? — האָט אַלעק צעטומלט איבערגעפרעגט און געוואָרפן אַ זײַטיקן בליק אַף דאַניִעלן. אויסער דעם, אַז זײַן באַקאַנטע איז ענלעך אַף אַניען, האָט ער פאַרן אוועק־גיין, דאַכט זיך, גאָרנישט ניט געזאָגט. פאַרוואָס האָט דאַניִעל מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן, צי האָט ער זי שטאַרק ליב געהאַט?

— מײַן באַקאַנטע איז ניט געווען ענלעך אַף אַניען, — האָט דאַניִעל ניט דערוואַרט זיך אַף אַלעקס ענטפער, — אירינע האָט מען זי גערופן. מיר האָבן זיך געלערנט אין פאַרשיידענע שולן. זי — אין אַ פרויען־שול, איך — אין אַ מענערשער. איצט זײַנען שוין אַזעלכע שולן ניטאָ. אין אונדזערע צײַטן זײַנען זיי געווען.

— אין אונדזערע — נאָך אויך, — האָט אַלעק געגעבן אָנצוהערן, אַז ער האָט אַ שטיקל שײַכעס צו יענע צײַטן.

— יאָ. איר האָט מיסטאָם דעמאָלט געדאַרפט זײַן אין צווייטן צי אין דריטן קלאַס, און איך בין געווען אין נײַנטן. איך — אין נײַנטן, און אירינע — אין אַכטן. מיר האָבן געוווינט ניט ווײַט איינער פונעם אַנדערן און קימאַט יעדן אָוונט זיך געזען. אַף דער נײַיאָריקער יאָלקע אין קאָלאָנען־זאַל האָב איך זי באַקענט מיט מײַנעם אַ כאַווער.

דאַניִעל האָט זיך אָפּגעשטעלט בא אַ טאָפּאָל פאַררייכערן, זיך פאַרצויגן, און, אָפּגייענדיק עטלעכע טריט, פאָרגעזעצט:

— טאַליע איז געווען אַ פײַיִקער שילער, דערצו זייער אַ שיינער, אַ וווּקסיקער, אַ שטאַלט־נער, מיט גרויסע בלויע אויגן, אַפילע מיט כיין־גריבעלעך אין די בעקלעך, נאָר אַ מאָדנע טעווע געווען בא אים: ער האָט ליב געהאַט יעדנעם אַלץ אויספרעגן און וועגן זיך קיין וואָרט ניט דער־ציילן. ער איז בא מיר עטלעכע מאָל געווען אין דער היים, און איך בא אים — קיין איין מאָל ניט.

„באַריס איז אויך עטלעכע מאָל געווען בא מיר אין דער היים", — האָט אַלעק שיִער ניט אַרויסגעבראַכט אַף אַ קאָל.

— אין אַ צוויי־דרײַ וואָכן אַרום נאָך דער נײַיאָר־יאָלקע אין קאָלאָנען־זאַל האָב איך אָנגע־הויבן באַמערקן, אַז אירינע מײַדט מיך אויס. דאָס פאַררופט זי זיך, אַז די מוטער איז ניט געזונט, דאָס דאַרף זי גיין צו אַ כאַווערטע העלפן איר צוגרייטן די לימודים, און ווען מיר האָבן איינמאָל דאָך זיך באַגעגנט, האָט זי מיר אַרײַנגערוקט אַ צעטעלע אין האַנט און גלײַך אַנטלאָפן. עטלעכע ווערטער: „איך קאָן זיך מיט דיר מער ניט באַגעגענען".

— פאַרוואָס?

ווײַזט אויס, אַז דאַניִעל האָט ניט דערהערט. אַלעק האָט העכער געפרעגט:

— און וואָס איז געווען ווײַטער?

— ווײַטער? — דאַניִעל האָט אַ קוק געטאָן אַף אַלעקן, ווי ער זאָל זיך וועלן איבערצײַגן, אַז דער באָכער, וואָס גייט לעבן אים, שטויסט זיך אָן, צוליב וואָס ער, דאַניִעל, דערציילט אים וועגן אירינען. — ווײַטער איז געשען דאָס, וואָס עס געשעט געוויינלעך מיט אַ פּופּצן־זעכצניאַריק ייִנגל, ווען ער ליבט זיך אײַן און זײַן מיידל איז פאַר אים אַ מאַלעך. ס'איז, דאַכט זיך, ניט געווען

דער טאָג, איך זאָל איר ניט שרײַבן קיין עטלעכע בריוו. געשריבן און צעריסן. וויפֿל לידער האָב איך איר דעמלט געווידמעט! אַלע פֿאַרליבטע שרײַבן, ווײַזט אויס, לידער.

— ניט אַלע.

דאַניִעל האָט אַף אים אַזוי אַ קוק געטאָן, אַז אַלעק האָט דערוואַרט, אַט פֿרעגט ער אים: „ווי? איר זײַט געווען פֿאַרליבט און ניט געשריבן קיין לידער?“, נאָר דערהערט האָט ער:

— מעגלעך, אַז איך האָב אַ טאָעס. אָבער דעמלט... עטלעכע לידער האָב איך איר פֿונדעסטוועגן איבערגעשיקט. מיט טאַליען. טאַליע איז געווען דער איינציקער מענטש, וועמען איך האָב זיך אָנגעטרויט. איך האָב אים דערציילט וועגן די צעריסענע בריוו, געלייענט אים מײַנע לידער. די לידער זײַנען געווען אומעטיקע. ס'האָט זיך געוואָלט פֿון זיי וויינען, און איר מיינט, איך האָב ניט געוויינט?

פֿון אַ דערבײַיִקן הויף איז אָנגעלאָפֿן אַ ווינטל, אַ וויג געטאָן די ביימער אין סקווער, אָפּגעקערט דעם שניי פֿון די בענק און ניט געוואָרן.

— איך מײַן שילערישן טאָגבוך האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן „צווייען“, אַפֿילו „איינסן“, — האָט דאַניִעל, אונטערשטעלנדיק דאָס פּאָנעם אונטער די פֿאַלנדיקע שנייעלעך, ווײַטער דערציילט. — איך האָב אָנגעהויבן דורכלאָזן די לימודים, פֿלעג אָפּשטיין שאָענלאַנג אונטער די פֿענצטער פֿון איר שול, וואַרטן, ביז זי וועט אַרויס. איך בין צו איר קיין איין מאָל ניט צוגעגאַנגען. בלויז נאָכגעגאַנגען פֿונדערווײַטנס, זי זאָל ניט זען. וואָס נאָר האָב איך דעמלט ניט צוגעטראַכט? איך האָב זיך פֿאַרגעשטעלט, ווי איך ווער באַרימט, ווי אירינע קומט אָפּן וואָקזאַל מיך באַגעגענען און קאָן זיך ניט דורכשפּאַרן צו מײַן וואַגאָן. סע שפּילט מוזיק. מע באַשיט מיך מיט קווייטן... אַז מע איז אַלט זעכצן יאָר און מע איז פֿאַרליבט, איז זייער פּאַשעט זיך דערזען מיטאַמאָל אַף אַן אײַז־קריע ערגעץ באַם פּאָליוס, אַף אַ לופֿט־שיף, וואָס פֿליט צו די שטערן, אָדער גאָר זיך אײַנריידן, אַז היטלער לעבט און באַהאַלט זיך ערגעץ אויס אין דער דזשונגל, און איך פֿאַרשטעל זיך פֿאַר אַ בעטלער און לאָז זיך אַוועק אים זוכן. איך פּאַק אים, ברענג אים אַראָפּ קיין מאָסקווע, מע זאָל אים דאָ מישפּטן. די צײַטונגען דרוקן מײַנע פֿאָטאָגראַפֿיעס, איך ווער אַ העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

דער רויט־אָנגעגליטער «M» אַף דער מעטראָ־סטאַנציע האָט זיך אויסגעלאָשן, נאָך איידער זיי זײַנען אַרויף אַף יאַוזער בריק. דאַניִעל האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געשפּאַנט מיטן זעלבן זיכערן טראָט פֿון אַ מענטשן, וואָס ווייסט, וווּהין ער גייט, נאָך וואָס ער גייט. אַלעק, וועלכער האָט מיט איניקע שאָ פֿריִער געזוכט ענלעכקײַט צווישן זײַן פֿאָטער און אַניעס, האָט איצט געזוכט ענלעכקײַט צווישן זײַן נײַעם באַקאַנטן, דאַניִעלן, און דעם געוועזענעם כאַוער זײַנעם, באַריסן.

— איר געדענקט די צוויי יִנגעלעך פֿון טשעכאָווס דערציילונג, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט רײַזן איבער דער וועלט און וועלכע מע האָט אַף אַ נאָענטער סטאַנציע אַראָפּגענומען פֿון צוג? צו פֿופֿצן־זעכצן יאָר איז מען נאָך אויך אַזוי ראָמאַנטיש און אַנטשיידן. ווער טראַכט עס דעמלט וועגן בוראַנעס, שטורעמס, גרענעצן? מע פֿאַקוועט אײַן אין רוקזעקל, וואָס עס מאַכט זיך אונטער די הענט, און הײַדא אין וועג. וואָס וועט זאָגן אירינע, ווען זי וועט זיך דערוויסן, אַז איך בלאָנקע אום איבער דער דזשונגל, רײַט אַף אַ קעמל איבער דעם מידבער, שלאָג זיך אין אַפֿריקע מיט די ענגלישע פּלאַנטאַטאָרס? דער איינציקער מענטש, וועמען איך האָב דערציילט וועגן דעם, איז געווען טאַליע. איינמאָל קומט ער צו מיר אַהיים און זאָגט, אַז ער האָט זיך באַקענט מיט אַ קאַפּיטאַן פֿון אַ שיף, וועלכע גייט קיין אויסלאַנד. ער האָט דעם קאַפּיטאַן דערציילט וועגן מיר, און יענער איז גרייט מיך נעמען מיט זיך. מע דאַרף נאָר, איך זאָל אים אָנשרײַבן אַ מעלדונג. די מעלדונג האָב איך איבערגעגעבן טאַליען. ער האָט צוגעזאָגט, אַז אין צוויי־דרײַ טעג אַרום וועט ער מיך באַקענען מיטן קאַפּיטאַן. באַקענט האָבן מיר זיך פֿריִער. אַף מאָרגן דרײַ באַנאַכט האָט מען מיך אופֿגעוועקט פֿון שלאָף און אַוועקגעפֿירט אַהין, פֿונוואַנען, ווי מע האָט מיר געמאָלדן אָפּן ערשטן פֿאַרהער, קיינער קערט זיך ניט אום. פֿופֿצן יאָר האָט מען מיר אײַנגעטיילט, קימאַט אַזוי פֿיל, וויפֿל איך בין דעמלט אַלט געווען. איז קומט מען איצט מיר זאָגן, וואָס פֿאַרגעדענקען און וואָס פֿאַרגעסן?

— דאָס לאָזט זיך דען פֿאַרגעסן? — האָט אַלעק געפֿרעגט.

— ווײַזט אויס, אַז עס לאָזט זיך. מיט צוויי וואָכן צוריק איז געוואָרן זיבן יאָר, זינט מע האָט מיך צוגענומען פֿון שטוב, און איך האָב זיך וועגן דעם דערמאָנט, שטעלט זיך פֿאָר, ערשט הײַנט. ס'פֿאַרגעסט זיך. מיר דוכט, איך קאָן פֿאַרגעסן די צען כאַדאָשים אין איינצל־קאַמער, דאָס פֿירן נאַכט אין נאַכט אָפּן פֿאַרהער, איך קאָן פֿאַרגעסן די עטאַפּן. ניט דאָס איז געווען דאָס סאַמע שרעקלעכע. איינצל־קאַמערס, קאַרצערס, עטאַפּן זײַנען געווען אין אַלע צײַטן...

עס זײַנען דורך עטלעכע מינוט, ביז דאַניִעל האָט ווידער אָנגעהויבן ריידן.

— איינמאָל באנאכט בייסן פארהער האָט מען מײַן אויספאָרשער ארויסגערופן, און איך בין געבליבן אין קאבינעט אויג־אף־אויג מיט דער סטענאָגראפיסטן. זי איז געווען נאָך גאָר א יונגע, אין איין עלטער מיסטאמע מיט אניען, א מילדע, געהאט ליכטיקע, ווארעמע אויגן פון א פרוי, וואָס קלײַבט זיך צום ערשטן מאָל ווערן א מוטער. זי איז שוין געווען אין די הויכע כאדאָשים. זיצן מיר אזוי איינער קעגן אנדערן, איך — בא דער טיר אפן צוגעשרויפטן צום דיל בענקל, זי — באם טיש לעבן פענצטער. מיטאמאָל דערהער איך: „וואָלסט בעסער אויסגערונען בא דײַן מוטער אין בויך, איידער ביסט נאָך געבוירן געוואָרן".

— דאָס האָט זי אײַך אזוי געזאָגט? — בא אלעקן האָט געציטערט די שטים.

— יאָ, זי, די פרוי, וואָס האָט זיך געקליבן ווערן א מוטער, וואָס האָט געוווסט, אז איך בין אן איין־און־איינציקער בא דער מאמען, אז די מאמע גייט אויס פון צאר, שלאָפט ניט קיין נעכט, אז דער פאָטער מײַנער איז אומגעקומען אין דער אָפּאָלטשעניע, אז אויסער גרייטן לימודים, האָב איך נאָך אין לעבן גאָרנישט באוויזן אופטאָן. זי, וואָס האָט סטענאָגראפירט די פראגעס, וועלכע דער אויספאָרשער האָט מיר געשטעלט, און די ענטפערס, וועלכע ער אליין האָט אף זיי געגעבן, האָט געגלייבט, איר פארשטייט, געגלייבט, אז איך בין ווירקלעך אזא, ווי דער אויספאָרשער האָט אין זײַנע ענטפערס מיך פאָרגעשטעלט. אָט וואָס ס'איז דאָס סאמע שרעקלעכע אין דעם, וואָס ס'איז געשען. מע האָט געגלייבט אין דעם, וואָס מע האָט אײַנגערעדט.

— צוליב וואָס האָט מען עס געדארפט?

— וועגן דעם האָב איך זיך ניט איין מאָל פארטראכט אף די פארהערן און נאָך די פארהערן. און איר ווייסט: צײַטנווײַז האָט זיך מיר אויסגעגעבן, אז דער אויספאָרשער האָט אליין שוין געגלייבט אין דעם, וואָס ער האָט צוגעקלערט, געגלייבט, אז איר זײַט ווירקלעך אזא, ווי ער שטעלט אײַך פאָר אין די פראָטאָקאָלן, און דערפאר אײַך געצווונגען, איר זאָלט זיי אונטערשרײַבן. דאָרט זײַנען אויך ניט אלע געווען ווי טאָליעס פאָטער. דער איז צוליב נאָך א שטערנדל אף די פאָגאָנעס געווען גרייט אף אלץ. דאָס האָט ער דאָך צוגעטראכט די געשיכטע מיט דער שיף. און טאָליען, קענטיק, האָט מען פון קליינווײַז אוף אויך געלערנט פאר גאָרנישט זיך ניט אָפּשטעלן. אלץ און אלעמען אָפּראמען פון וועג. האָט ער מיך אָפּגעראמט. אויב די סטענאָגראפיסטן האָט געגלייבט, האָט איר דאָך דאָ אוודע געגלייבט, אז מיר זײַנען שולדיק. אפילע אין לאגער האָב איך באגעגנט מענטשן, וואָס האָבן איינער אפן אנדערן געגלייבט, אז מע איז שולדיק. געווען אזעלכע מענטשן. מע האָט דאָך געמוזט געפינען אן ענטפער אף דעם, וואָס ס'קומט פאָר. איך האָב ניט איין מאָל דאָרט געהערט: „פונעם אונטערשטן שטאָק זעט מען ווייניקער, ווי פונעם אייבערשטן". ניין, מיך וועט מען נישט אײַנריידן, אז מע האָט געשוויגן נאָר דערפאר, ווײַל מע האָט מוירע געהאט, און ניט ווײַל מע האָט געגלייבט.

אלעק האָט געפרעגט:

— און איר האָט אים געשוויגן?

— וועמען? דעם אויספאָרשער מײַנעם?

— טאָליען.

— און וואָס, אשטייגער, וואָלט איר מיר געראטן טאָן? אים געבן אין באק און אָפּזיצן אין מיליציע עטלעכע מעסלעס? מעגלעך, כ'וואָלט עס געטאָן, איז ער אָבער ניטאָ הי. פאר די יאָרן האָט ער באוויזן פארענדיקן אן אינסטיטוט, כאסענע האָבן, ניט פאר אירינען, ניין.

— נו, און די כאוויירים אײַערע פון שול?

— זיי האָבן פון גאָרנישט ניט געוווסט און ווייסן, דאכט זיך, ביז איצט ניט.

— איר האָט זיי גאָרנישט דערציילט?

— צוליב וואָס?

— און זיי באגעגענען זיך מיט אים? דערלאנגען אים די האנט?

— איר זײַט זיכער, אז צווישן די, וועמען איר האָט דערלאנגט די האנט, זײַנען ניט געווען אזעלכע, ווי אנאטאָלי? צײַטן בײַטן זיך, מענטשן בײַטן זיך. ניט אלץ לוינט צו פארגעדענקען.

אפן אויסגעליידיקטן טאגאנקער פלאץ האָבן זיי זיך ארײַנגעזעצט אין א טאקסי.

— וואָס קלײַבט איר זיך מאָרגן טאָן? — האָט דאניִעל געפרעגט בא אלעקן, ווען די מאשין האָט זיך געהאט שוין געטראָגן אף די ברייטע גאסן פון סאדאָווער רונג.

— קיין איבעריק נייטיקע ארבעטן האָב איך ניט, אײַנפאקעווען דעם טשעמאָדאן וועל איך באווײַזן.

— פאָרט איר, הייסט עס?

— נו, פארשטייט זיך.

— ווען?

— דעם זעכצעטן. דרײַ צוואנציק באטאָג.

— איבערמאָרגן, הייסט עס. פונקט דעמלט, ווען איך אַרבעט.

אַלעק האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דאַניִעלן, און ס׳האָט זיך אים ניט געגלייבט, אַז אָט דער באַכער, וועלכער זיצט לעבן אים אין טאַקסי, וועט ניט קומען איבערמאָרגן אַפּן וואָקזאַל אים אַרויסבאַגלייטן, ס׳האָט זיך אים ניט געגלייבט, אַז זיי קענען זיך בלויז עטלעכע שאָ און אַז זיי וועלן עפּשער זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען. ער האָט אים דאָך קימאַט גאָרנישט ניט דערציילט וועגן זיך. ער, אַלעק, האָט דאָך אויך וואָס צו דערציילן. עפּשער פאַרבעטן דאַניִעלן צו זיך?

— און וואָס טוט איר מאָרגן אין אָוונט? — האָט אַלעק געפרעגט.

— איך קלײַב זיך גיין אין שרײַבער־קלוב. מײַן פאָטער איז געווען אַ קריטיקער. נאָך דעם, ווי איך האָב זיך אומגעקערט, האָט מען אונדז ווידער אָנגעהויבן אַרײַנשיקן אײַנלאַדונגס־בילעטן אַף די אָוונטן. אַף די קאָנצערטן גיי איך זעלטן, נאָר די ליטעראַרישע אָוונטן, אויב איך בין נאָר פרײַ, לאָז איך ניט דורך. מאָרגן וועט מען דאָרט באַהאַנדלען דעם ראָמאַן „דער מענטש, וואָס האָט געשוויגן“. איר האָט געלייענט?

אַלעק האָט צעפּירט מיט די הענט:

— איך קאָן אים ניט קריגן. אין ביבליִאָטעק איז אַ ריי אַף אים.

— געמאַכט אַרום דעם אַ טומל. נאָר דורכלייענען, פאַרשטייט זיך, דאַרף מען. אויב איר זײַט מאָרגן ניט פאַרנומען, קומט צו גיין. איר ווייסט, ווו דער שרײַבער־קלוב איז? קומט צו האַלב זיבן. איך וועל אַף אײַך וואַרטן.

— גוט. פונקט האַלב זיבן בין איך דאָרט.

## XXXII

אַף מאָרגן קימאַט אַף אַ גאַנצער שאָ פריִער, ווי ער האָט זיך דערעדט מיט דאַניִעלן, איז אַלעק שוין געווען באַם שרײַבער־קלוב. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן, אַף די אייבערשטע טרעפּ פונעם הויז פון קינאָ־אַקטיאָר, און כאָטש ער איז געווען זיכער, אַז פריִער פון זעקס, אַ פערטל אַף זיבן וועט דאַניִעל ניט קומען, האָט ער זיך דאָך אײַנגעקוקט אין יעדן איינעם, וואָס האָט זיך באַוויזן אַפּן ראָג פון וואָראָווסקי־גאַס און זיך צווייפלגעמישט מיטן טומלדיקן אוילעם, וואָס האָט זיך דאָ פאַרזאַמלט. פונדאַנען, פון די אייבערשטע באַלויכטענע טרעפּ, האָט אַלעק אײַנצײַטיק אויך נאָכגעשפּירט נאָך דער צעפּראַלטער באַלאַגערטער טיר פונעם שרײַבער־קלוב. אַזוינס איז אים נאָך ניט אויסגעקומען זען. אַפילע דער מיליציאָנער, וואָס איז אַראָפּגעקומען העלפן מאַכן אָר־דענונג, האָט זיך ניט געקאָנט דורכשפּאַרן צו דער טיר, און, ווי אַלעקן האָט זיך אויסגעוויזן, איז ער גאָר געווען צופרידן פון דעם און פונקט ווי ער, אַלעק, זיך געוווּנדערט, וואָס אַף אַ ליטעראַרישן אָוונט האָט זיך צונויפגעקליבן אַזאַ אוילעם. דאָס האָט זיך געפילט אין דער באַזונדערער העפלעכקייט, מיט וועלכער דער מיליציאָנער האָט זיך געווענדט צו די פאַרזאַמלטע, מע זאָל אָפּ־טרעטן פון דער טיר און מאַכן אַ דורכגאַנג פאַר די, וואָס האָבן אײַנלאַדונגס־בילעטן.

ווען די פאָדערשטע זײַנען ענדלעך אָפּגעטראָטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז, אייגנטלעך, ניט געווען פאַר וועמען צו מאַכן קיין דורכגאַנג. קימאַט באַ קיינעם פון די, וואָס האָבן באַלאַגערט דאָס ליכטיק־גרויע מויערל מיט די הויכע פאַרהאַנגענע פענצטער, זײַנען ניטאָ קיין בילעטן. און דאָס האָט שוין גאָר פאַרוווּנדערט אַלעקן. ער איז געוווינט געווען, אַז אַף אַ פּרעמיערע אין טעאַטער, אַף אַ קאָנצערט פון אַ באַרימטן אַרטיסט יאָגט מען זיך נאָך אָן איבעריקן בילעט נאָך מיט אַ צוויי־דרײַ קוואַרטאַלן פריִער, און דאָ איז אים ניט אויסגעקומען הערן, עמעצער זאָל זיך נאָכפרעגן אַף אַן איבעריקן בילעט. דאָ, אַפּאָנעם, רעכנט מען אויס אַף גאָר עפּעס אַנדערש. ער האָט ניט געוווּסט, אַלעק, אַז בלויז עטלעכע געציילטע מענטשן צווישן די פאַרזאַמלטע זײַנען געקומען מיט דער האָפענונג, אַז ס׳וועט זיי געלינגען דורכגיין. איינער האָט אויסגערעכנט דורכ־גיין מיט עמעצן פון די שרײַבער, אַ צווייטער אַף דער העפלעכקײַט פונעם דעזשורנע באַ דער טיר, אַ דריטער — סטאַם אַף אַ צופאַל, די איבעריקע אָבער האָבן לעכאַטכילע אַף גאָרנישט ניט אויסגערעכנט. ס׳איז זיי, דאַכט זיך, ביכלאַל קנאַפּ־וואָס אָנגעגאַנגען די שטופּעניש און שפּאַ־רעניש באַ דער טיר. ס׳איז זיי געווען קימאַט אַלציינס יאָ אַרײַנגיין, ניט אַרײַנגיין. זיי איז בלויז אָנגעגאַנגען, וואָס וועט מען דאָרטןריידן וועגן מאַטווי גאָורילאָוויטשן, דעם הויפּט־העלד פונעם ראָמאַן. מע וועט אים פאַרורטיילן צי באַרעכטיקן. ביז זיי וועלן זיך עס ניט דערוויסן, וועלן זיי זיך פונדאַנען ניט פאַנאַנדערגיין, זאָל די באַהאַנדלונג זיך אַפילע פאַרציִען ביז טיף אין דער נאַכט. זיי האָבן געקוקט אַף די, וואָס זײַנען אַדורך אין קלוב, ווי אַף ריכטער, און מיט זייער שטיין דאָ אונטער טיר־און־פענצטער געגעבן אָנצוהערן, אַז דער אורטייל, וועלכן מע וועט דאָרטן אַרויס־טראָגן איבער מאַטווי גאָורילאָוויטשן, גייט זיי ביז גאָר אָן.

ער האָט אויך ניט געוווּסט, אלעק, אז די באהאנדלונג האָט זיך שוין לאנג אָנגעהויבן, ניט דאָרט, אינווייניק, נאָר דאָ, אַף דער גאס, אז דער פארזאמלטער אוילעם האָט זיך איַינגעטיילט אַף צוויי צדאָדים, און ווען איין צד האָט דערוויזן, אז מאטוויי גאווריליאָוויטש האָט געשוויגן, וויַיל ער האָט מוירע געהאט ריידן, האָט דער אנדערער צד געטומלט, אז מאטוויי גאווריליאָוויטש האָט געשוויגן דערפאר, וויַיל ער האָט געגלייבט אין דעם, וואָס מע האָט אים געזאָגט. אלעק איז געווען אזוי פארנומען מיט אָפזוכן דאניִעלן, אז ער האָט אָט דאָס אלץ ניט באמערקט. דאָס איינציקע, וואָס האָט זיך אים פון סאמע אָנפאנג געוואָרפן אין די אויגן, — אז דער פארזאמלטער אוילעם באשטייט הויפטזאכלעך פון יוגנט. מיט זייערע הילכיקע טומלדיקע קוילעס האָבן זיי אים דערמאָנט דעם ערשטן טאָג פון די לימודים אין אינסטיטוט, ווען דער גאנצער קורס האָט זיך פארזאמלט אינדערפרי בא דער פארמאכטער טיר.

— וואָס האָט איר זיך עס דאָרט פארקליבן אזוי הויך? — האָט אלעק דערהערט אינעם טומל דאניִעלס וויכע שטים. — גיכער א קאפל. איר זעט דאָך, וואָס סע טוט זיך דאָ.

אלעק איז אראָפגעלאָפן פון די טרעפ, נאָך איידער ער האָט דערזען דאניִעלן.

— אהער, אהער! נא דיר דעם בילעט. פארליר אים נאָר ניט אין אָט דעם טומל.

— נו און דו? — האָט אלעק געפרעגט, דערפרייענדיק זיך ניט אזוי מיטן בילעט, ווי מיט דעם, וואָס זיי זיַינען מיטאמאָל ביידע איבערגעגאנגען אַף „דו“.

— איך וועל זיך פרוּוון אזוי דורכגיין. מע קען מיך דאָ א ביסל. דאָ קען מען קימאט איטלעכן אין פאָנעם. פארקערט, קאָנסט אמאָל האָבן א בילעט און ניט דורכגיין, ביפראט, אז צווישן די מיטגלידער פון שריַיבער־פארבאנד זיַינען אזעלכע יונגע, ווי דו, גאָר, דאכט זיך, איינגאנצן ניטאָ. שפיליע פאנאנדער דעם מאנטל, אויב דו ווילסט ניט בליַיבן אָן קנעפ.

— וווּהין? — האָבן עטלעכע שטימען זיי אָפגעשטעלט.

— וואָס הייסט וווּהין? — און דאניִעל האָט אָנגעוויזן אַף אלעקן, וואָס האָט שטיַיף געהאלטן דעם בילעט אין דער אויפגעהויבענער האנט.

אָפגעגעבן די מאנטלען אין גארדעראָב, האָבן אלעק און דאניִעל געיַילט דורכגיין אין זאל, נאָר אַף די טרעפ, וואָס פירן אין זאל, איז דאניִעל פלוצעם שטיין געבליבן, און אלעק האָט דערזען א וויַיסן מירמלנעם טאָוול, אַף וועלכן עס זיַינען געווען אויסגעקריצט מיט גאָלדענע אויסיעס די נעמען פון די מאָסקווער שריַיבער, וואָס זיַינען אומגעקומען אַפן פראָנט.

פאר די עטלעכע מינוט, וואָס ער איז געשטאנען מיט דאניִעלן בא דעם הויכן טאָוול מיט די בלומען־טעפלעך אַפן מירמלנעם פאָסטאמענט, האָט ער באמערקט, אז אלע, וואָס גייען פארביַי, פארהאלטן זיך דאָ און בליַיבן שטיין פארגליווערט אין ערן־קאראול, ווי דאניִעל, וועלכער האָט אים איצט דערמאָנט אין וואדים טימאָפייעוויטשן בא דעם אריַינגאנג אינעם גרויען דריַישטאָקיקן מויערל אין יוזשינער געסל.

— דו זוכסט דאָ, זע איך, די פאמיליע קיווין? מיַין פאָטער האָט געהאט א פסעוודאָנים. — און דאניִעל האָט אלעקן אָנגערופן זיַין פאָטערס פסעוודאָנים, וואָס איז געווען אויסגעקריצט אַפן מעמאָריִאל־טאָוול.

אין דעם טונקל־ברוינעם דעמבענעם זאל מיט דער גרויסער קרישטאָלענער ליוסטרע, וואָס איז אראָפגעהאנגען אַף א גראָבער בראָנזענער קייט, איז שוין אפילע ניט געווען ווּ צו שטיין. די ווענט, די אָפענע טיר, די טרעפ, וואָס האָבן געפירט צו די אָנגעפיקעוועטע און טומלדיקע לאָזשעס, זיַינען געווען באקלעפט מיט מענטשן. אפילע דאָס הויכע, ברייטע פענצטער איז געווען פון דרויסן באקלעפט מיט פענעמער.

אין דער ווינקלדיקער לאָזשע האָט זיך צופעליק אָפגעזוכט א פריַי בענקל. דאניִעל מיט אלעקן האָבן עס באלד פארנומען, נאָר שיר ניט אין דער זעלבער רעגע איז דאניִעל אויפגעשפרונגען פון אָרט און הויך אַף א קאָל געזאָגט:

— קום פונדאנען, איך קאָן ניט זיצן אין איין לאָזשע מיט א נעפעש, וועלכן מע דערלאנגט ניט די האנט.

פון אומגעריכטקיַיט איז אלעק געבליבן ווי צוגעשמידט צום בענקל. ווען ער איז א וויַילע שפעטער ארויסגעגאנגען פון דער לאָזשע, האָט זיך אים געדוכט, אז אלע קוקן אים נאָך, שושקען זיך, און ער האָט פון צעטומלטקיַיט נאָך נידעריקער אראָפגעלאָזט דעם קאָפ.

— אָן־אָ גייט ער! — דאניִעל האָט א שטורכע געטאָן אלעקן, ער זאָל אויפהייבן דעם קאָפ. — זעסט?

פון דער זעלבער ווינקלדיקער לאָזשע איז ארויסגעגאנגען א פולבלעכער מיטלוווּקסיקער מאנצבל אין א שווארצן אָנצוג און מיט שטילע טריט זיך אראָפגעלאָזט אינעם טומלדיקן זאל. אלעק האָט באוויזן צו באמערקן, אז בא אים איז א קיַילעכיק שמייכלענדיק פאָנעם און דינע ליפן.

— געדענקסט בא לערמאָנטאָוון אין „טאמאן“?

אלעק האָט פאַרכידעשט אָנגעקוקט דאַניִעלן.

— געדענקסט, וואָס עס זאָגט פעטשאָרין, ווען ער באַגעגנט זיך מיט דעם קלוימערשט בלינדן יינגל? דער זעלבער ווידערגעפיל, וואָס בא פעטשאָרינען צו מענטשן מיט א מום, איז בא מיר צו מענטשן, וואָס באַהאַלטן אויס די הענט אין די אַרבל. קוק זיך נאָר בעקיוון צו.

בא דעם פאַרשוין, וואָס איז אַרויס פון דער לאָזשע, האָבן ווירקלעך זיך ניט אַרויסגעזען די הענט פון די אַרבל, אָט ווי בא א מענטשן אָף דער קעלט. אלעק האָט זיך איבערגעבויגן איבערן פאַרענטש און נאָכגעפאָלגט, ווי יענער דרייט זיך אום איבערן זאַל און זוכט אן אָרט, ווו זיך צושפאַרן.

— קוק זיך נאָר צו, ווי ליב ער שמייכלט עס צו יעדן, ווי העפלעך ער פאַרנייגט זיך עס פאַר יעדן. די האַנט אָבער, זעסטו, וואַגט ער ניט דערלאַנגען. ער האָט מוירע, זי זאָל בא אים ניט בלייַבן הענגען אינדערלופטן, באַהאַלט ער זי אויס אין אַרבל. אָ, מע הייבט, דאַכט זיך, אָן.

ניין, דאָס האָט עמעצער געמאָלדן אין מיקראָפאָן, אַז מע קאָן ניט אָנהייבן, ווייַל דער פאַרזיצער פונעם אָוונט און דער אָווטאָר פונעם ראָמאַן שטייען אין דרויסן און קאָנען ניט אַרייַן אין קלוב, אַזאַ שטופעניש איז איצט בא דער טיר. אלעק האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט די דאָזיקע מעלדונג אַרויסגערופן אַפּלאָדיסמענטן. באַזונדערס הילכיק האָט מען אַפּלאָדירט אָף דער גאַלעריי און אין די לאָזשעס, ווו ס׳האָט זיך דערריקער פאַרקליבן די יוגנט.

— זע, ווי ער קוקט זיך עס צו, ווער ס׳אַפּלאָדירט. קענטיק, ער האָפט נאָך, אַ־דער נעפעש מיט די באַהאַלטענע הענטלעך, אַז ס׳קאָן נאָך ווידער קומען א צייַט, ווען ער וועט מאַכן פאַר א סוינע יעדן איינעם, וואָס אַנערקענט אים ניט פאַר קיין גאָען און זייַן אייך־און־איינציק ביכעלע דערציילונגען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן מיסטאַמע מיט א הונדערט יאָר צוריק, פאַר קיין קלאַסיק. ער האָפט נאָך, קענטיק, אַז מע וועט ווידער האַקן דעם וואַלד... אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד זעט זיך ווייניקער אָן, ווי קליין ס׳איז דאָס גראָז, אין אַן אויסגעהאַקטן וואַלד קאָן זיך א גרעזל אָנגעבן פאַר א בוים. אפילע די, וואָס זייַנען געפאַלן אין שלאַכט, האָט ער דאָך ניט געלאָזט צורו. ווייסט, וואָס ס׳האָט מיר איינמאָל געזאָגט מייַן אויספאָרשער? „דייַן פאָטער האָט אָפּגעגליקט. ער זאָל געווען בלייַבן לעבן, וואָלט ער בא אונדז אָף דער פרייַ ניט אַרומגעגאַנגען. נאָר א סוינע האָט געקאָנט אין אַן אַרטיקל וועגן דעם גאָלדענעם אויצער פון דער ליטעראַטור ניט דערמאָנען אַזאַ שרייַבער...“ און ער האָט מיר אָנגערופן די פאַמיליע פון אָט דעם נעפעש, וואָס קיינער געדענקט שוין ניט, אַז ער איז געווען אמאָל א שרייַבער.

ס׳האָבן זיך ווידער דערהערט אַפּלאָדיסמענטן. צווישן די שרייַבער, וועלכע אלעק האָט דערזען באַם טיש פון פרעזידיום אָף דער נידעריקער אָפענער בינע, האָט ער אייניקע דערקענט לויט די בילדער, אַנדערע האָט ער געהערט אַרויסטרעטן אין די יאָמטויווים אָפן מאַיאַקאָווסקי־פּלאַץ, אָפן מאַנעזש־פּלאַץ, נאָר די מערהייַט איז אים געווען אומבאַקאַנט.

— אַ־דער, וואָס זיצט אָנגעבויגן איבערן טיש און פאַרצייכנט עפּעס בא זיך אין בלאָקנאָט, איז דער אָווטאָר פונעם ראָמאַן, וולאַדימיר בידאָוו, — האָט דאַניִעל אָנגעוויזן אלעקן, ווען די באַהאַנדלונג האָט זיך אָנגעהויבן.

— ווו זייַנען עס די, וואָס זייַנען אָנגעפאַלן אָפן ראָמאַן? — האָט געשריִען פון דער טריבונע א הייזעריקע שטים. — פאַרוואָס באַהאַלטן זיי זיך אויס? זאָלן זיי אַרויסגיין אַהער און זאָגן!

— ריכטיק! — האָבן זיך אָנגערופן אין די לאָזשעס עטלעכע יונגע שטימען און גענומען הילכיק אַפּלאָדירן דעם רעדנער אָף דער טריבונע.

— בא אונדז איז דאָ ניט קיין פאָרשטעלונג, כאַווײרים, — האָט דער פאָרזיצער זיך געווענדט צו די איבערפולטע טומלדיקע לאָזשעס, — מיר האָבן זיך דאָ מיט אייַך הייַנט פאַרזאַמלט, קעדיי רויִק און זאַכלעך באַהאַנדלען דאָס נייַע ווערק פון אונדזער קאָלעגע. איז בעט איך ניט שטערן. באַזונדערס ווענד איך זיך צו אונדזערע געסט, צו אונדזערע יונגע לייַדנשאַפטלעכע לעזער.

נאָך דעם, ווי דעם פאָרזיצער איז אויסגעקומען זיך דורכרייַסן דורך א האַמוין מענטשן אין אַן אָנגעפּיקעוועטן זאַל מיט איבערגעפולטע לאָזשעס און באַלאַגערטע טרעפּ, איז, פאַרשטייט זיך, געווען איבעריק צו דערמאָנען דאָ עמעצן, אַז ס׳איז ניט קיין פאָרשטעלונג. נאָר אָף קיין געוויינלעכן ליטעראַרישן אָוונט איז די הייַנטיקע באַהאַנדלונג אויך ניט געווען ענלעך. און דאָס האָט דער פאָרזיצער דערפילט פונעם טומל און פון די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס זייַנען וואָס אמאָל געוואָרן אַלץ שטאַרקער און וועלכע ער, דער פאָרזיצער, האָט שוין מער ניט אָפּגעשטעלט מיט זייַנע באַמערקונגען. ער האָט בלויז פון צייַט צו צייַט ווי אָף יויצע זייַן א קלונג געטאָן מיטן גלעקל.

אלעקן האָט זיך אויך געוואָלט טומלען, אַפּלאָדירן. אים האָט אָבער געשטערט דאַניִעלס אייַנגעהאַלטנקייַט, זייַן שווייַגן. פון די רעדעס האָט אלעק שוין געוווּסט, וואָס עס ווערט דערציילט אין ראָמאַן און אפילע קימאַט אַלע נעמען פון די העלדן. ער האָט בלויז ניט געוווּסט, מיט וועמען זאָל ער אייַנשטימען, מיט די, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מאַטוויי גאַווריליאָוויטש סאָטניק

האָט ווירקלעך געגלייבט אין דעם, אין וואָס מע האָט אים איַינגערעדט, און דערפאַר האָט ער זיך ניט אָנגענומען אַפילע פאַר זייַנע סאַמע נאָענטע כאַווירים, צי ער האָט געשוויגן, ווייַל ער האָט מוירע געהאַט זיך איַינשטעלן פאַר זיי, ער זאָל מיט דעם ניט וואַרפן אַף זיך קיין כשאַד. צוהערנ־דיק זיך צו די אַרויסטרעטונגען, האָט אַלעק ניט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס האָבן די עטלעכע באָכערים און מיידלעך, וואָס זייַנען געזעסן לעבן אים, אַזוי הילכיק אַפּלאָדירט און געשריִען „ריכטיק", ווען עמעצער פון די רעדנער האָט באַשולדיקט מאַטוויי גאָווריִלאָוויטשן אין פּאַכדאָ־נעס. פונוואַנען ווייסן זיי עס, אָט די יִינגעלעך און מיידעלעך, ווי אַלעקן האָט זיך שוין אויך געוואָלט זיי אָנרופן? מיט וויפל זייַנען זיי עס עלטער פון אים? און וואָס האָט ער, אַלעק, ביז זייַן באַקענען זיך מיט דאַניִעלן געוווּסט וועגן דעם, וואָס מע רעדט דאָ הייַנט?

— אַ וואָרט באַקומט דער כאַווער קיווין.

ווען דאַניִעל האָט זיך געלאָזט צו דער טריבונע, האָט מען אין די לאָזשעס און אַף דער גאַלעריי אָנגעהויבן אַפּלאָדירן. אַלעק האָט געהערט, ווי עמעצער הינטער אים האָט געפרעגט:

— ס'איז אַ סטודענט?

— אַן אַרבעטער און אַ סטודענט, — האָט אַלעק, אומקוקנדיק זיך אַף הינטן, געענטפערט. ער האָט אויך אַפּלאָדירט, כאָטש ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מאַכט מען דאָ פאַר דאַניִעלן אַן אויסנאַם. דערפאַר וואָס די טומלענדיקע באָכערים און מיידלעך קוקן אַף אים, ווי אַף זייערן אַ פאַרשטייער?

ווייַזט אויס, אַז דאַניִעל האָט עס אויך אַזוי אופגענומען, ווייַל געווענדט האָט ער זיך פון אָנפאַנג צו די, וואָס האָבן אים אַפּלאָדירט.

— אומזיסט אַפּלאָדירט איר מיר אַזוי. איך געהער ניט צו די, וואָס באַשולדיקן מאַטוויי גאָווריִלאָוויטשן אין פּאַכדאָנעס. איך פאַרשטיי ביכלאַל ניט, פאַרוואָס ווילן דאָ אייניקע אַזוי דער־וויַיזן, אַז סאַטאַנינס אופירן זיך אין יענע יאָרן שטאַמט פון פּאַכדאָנעס. אויב אַזוי, קומט דאָך אויס, אַז יעדער איינער, וואָס האָט דעמאָלט געשוויגן, איז געווען...

— אַלע האָבן דעמאָלט געשוויגן. אַפילע די, וואָס האָבן ניט געגלייבט, האָבן דעמאָלט גע־שוויגן, — האָט עמעצער אין זאַל אויסגעשריִען.

— ניט עמעס. איך וועל וועגן דעם שפּעטער זאָגן. איצט ווילט זיך מיר אָפּמערקן דעם הויפּט־כיסאָרן פונעם ראָמאַן. לויט מייַן מיינונג, באַשטייט ער אין דעם, וואָס באַם לייענער קאָן זיך שאַפן אַן איַינדרוק, אַז אַלע האָבן דעמאָלט געשוויגן. איך מיין ניט, אַז דאָס איז אויסן געווען וואָלאַדימיר ניקאָלייַעוויטש.

— פאַרשטייט זיך, אַז ניין, — וואָלאַדימיר ניקאָלייַעוויטש בידאָוו האָט נעענטער זיך צוגערוקט צו דער טריבונע.

— איך געהער אויך ניט צו די, וואָס ווילן אַלץ אַרופוואַרפן אַף דער צייַט. פאַרוואַנדלען טאָג אין נאַכט. וואָס?! דער הימל איז נעכטן געווען דורכויס נאַר אין וואָלקנס? נעכטן האָט שוין גאָר אינגאַנצן ניט געלויכטן די זון? פונוואַנען נעמט זיך, וואָס אייניקע ווילן צונישט מאַכן שיר ניט אַלץ, וואָס איז געווען נעכטן, און טאָמער זאָגסטו זיי, אַז נעכטן האָט אויך געשייַנט די זון, דער־קלערט מען דיך באַלד פאַר אַ מענטשן פון פאַרן צוואַנציקסטן צוזאַמענפאָר? פונוואַנען נעמט זיך, וואָס אייניקע פון אונדז לאָזן זיך איַינריידן פון די יִינגעלעך און מיידעלעך, וועלכע זיצן נאָך באַ טאַטע־מאַמע אַף קעסט, אַז דאָס האָבן זיי געענדערט די צייַט, ס'איז זייער פאַרדינסט? אומזיסט טומלט איר דאָרטן אַזוי, איר וועט מיך ניט איבערשרייַען.

קיינער אין זאַל האָט ניט געסאַפּעקט, אַז אָט דעם באָכער מיט די טיפע אויגן איז ניט אַזוי לייַכט איבערצושרייַען. אַלעק האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז דאַניִעלס רויִקע שטים קאָן אַזוי פעסט קלינגען.

— דערמאָנט זיך דאָס בילד, ווי מאַטוויי גאָווריִלאָוויטש פירט זייַן ראָטע איבערן דניעפּער. אַזעלכע מענטשן קאָן מען ניט אָנשרעקן. מאַטוויי סאַטאַנין האָט געשוויגן, ווייַל ער האָט געגלייבט. און דער, וואָס גלייבט, דער באַרעכטיקט אַלץ. אַפילע דעמאָלט, ווען ער פאַרשטייט ניט, צוליב וואָס עס ווערט געטאָן.

— ס'זייַנען דאָך אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געגלייבט און געשוויגן! — האָט ווידער עמעצער אין זאַל אויסגעשריגן.

— געווען, פאַרשטייט זיך, געווען. איך קען אַזעלכע. מיר ווילט זיך אָבער דערציילן וועגן די, וואָס האָבן ניט געשוויגן.

— ווו האָט איר באַגעגנט אַזעלכע?

— אין לאַגער, — האָט זיך באַ אַלעקן אַרויסגעכאַפּט, און אַלע אין זאַל האָבן זיך אומגעקוקט אַף אים. און דאָ האָט ער פּלוצעם דערזען שעווען מיט באַריסן. זיי זייַנען געזעסן אין די ערשטע רייען. אַלעק האָט שוין ניט געהערט, וועגן וואָס דאַניִעל רעדט. אים איז איצט געווען וויכטיק, צי

באַריס מיט שעווען האָבן אים דערקענט. אויסער זיי, האָט ער אינעם איבערגעפּולטן זאַל שוין מער קיינעם ניט געזען. ער האָט נאָכגעשפּירט נאָך יעדער באַוועגונג זייערער, אופגעציטערט, ווען באַריס האָט זיך אָנגענייגט צו איר. ער איז איבערגעגאַנגען אין דער שכיינעסדיקער לאָזשע, פונוואַנען ער האָט געקאָנט זיי בעסער זען, און געוואַרט, זיי זאָלן זיך אומקוקן. אים האָט ניט געוווּנדערט, וואָס ער האָט זיי דאָ געטראָפן. עמעצער האָט זיי געקאָנט דורכפירן, אָט ווי דאַניִעל האָט אים דורכגעפירט. מיטאַמאָל איז אים אײַנגעפאַלן, אַז פון דעם, וואָס עס ווערט דאָ היַינט גערעדט, איז אָפּהענגיק, צי שעווע וועט קומען אָפן וואָקזאַל. אין זאַל איז געווען אַזוי שטיל, אַז מע האָט, דאַכט זיך, געקאָנט הערן, ווי עס גיסט זיך איבער די שײַן אין דער גרויסער קרישטאָ־לענער ליוסטרע. דאַניִעל האָט דערציילט וועגן איינעם א קאָלווירטניק, וואָס איז געקומען פון ווײַטע קאַנטן קיין מאָסקווע אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר סטאַלינען, דערציילן אים דעם עמעס, ווי שווער עס לעבט זיך באַ זיי אין קאָלווירט.

— צו „אים" האָט מען דעם קאָלווירטניק, פאַרשטייט זיך, ניט צוגעלאָזט. נאָר דעם בריוו, וואָס ער האָט געשריבן, האָט מען אים דערנאָך באַוויזן אַף דער אויספאָרשונג, און „וויבאַלד ער האָט ניט קיין קויעך, האָט מען אים געזאָגט, צוזען דעם צאַר פון זײַנע הונגעריקע קינדער, איז שיקט מען אים אַף פופצן יאָר אהין, ווו עס זײַנען ניטאָ קיין קינדער און ווו מע וועט אים באַזאָרגן מיט אַזאַ אַרבעט, אַז ער זאָל וויַיניקער דאַרפן זאָרגן". מיט דער זעלבער אַרבעט האָט מען באַזאָרגט א סעקרעטאַר פון א געגנטקאָם, וואָס האָט אַף א באַראַטונג דערציילט וועגן דער ווירקלעכער לאַגע פון דער לאַנדווירטשאַפט אין דער געגנט; א פאָרזיצער פון רעוואָטריבונאַל, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פאַרמישפּעטן א דירעקטאָר פון א זאַוואָד, וועלכן מע האָט אומזיסט באַשולדיקט אין שעדיקערײַ.

דאַניִעל האָט דערציילט וועגן דעם מיטאַרבעטער פון קיִעווער ראַדיאָ־קאָמיטעט, וועלכן ער האָט באַגעגנט אַף דער שיף.

— אַף דער זעלבער שיף האָט זיך מיר פאַרגעדענקט א יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַלטן אין איין דערוויַיזן, אַז א מענטש מוז אין עפּעס גלייבן. אַזוי איז שוין באַשאַפן דער מענטש. דערבײַ האָט ער צוגעגעבן, אַז די, וואָס מיינען, אַז מע קאָן מיט מוירע אײַנפלאַנצן א גלויבן, האָבן א גרויסן טאָעס. מיט מוירע קאָן מען אײַנהאַלטן א גלויבן, אָבער ניט אײַנפלאַנצן. וועגן דעם האָב איך ניט איין מאָל געטראַכט, בעשאַס איך האָב געלייענט דעם ראָמאַן. איך, אַשטייגער, האָב קיין רעגע ניט געצווייפלט, אַז מאַטוויי גאַווּרילאָוויטש סאַטנין האָט ווירקלעך געגלייבט. איך האָב אָבער געוואָלט וויסן, פאַרוואָס האָט מאַטוויי גאַווּרילאָוויטש געגלייבט? פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט אײַנריידן? וויאַזוי איז געשען, וואָס דער קרישטאָל־ריינער און פילבאַרער מאַטוויי גאַווּרי־לאָוויטש האָט דערלאָזט, אַז ס'זאָלן אין אים אָפּגעטעמפּט ווערן די געפילן און איז ענדלעך דער־גאַנגען צו דעם, אַז ער זאָל שוין אַליין ניט וועלן אויסטאָן די ברילן, וואָס מע האָט אים אָנגעטאָן. וועגן דעם האָט דער אַווטאָר קימאַט גאָרנישט ניט געזאָגט, און וועגן דעם דאַרף מען זאָגן. — דאַניִעל האָט א קוק געטאָן אַפן האַנטזייגערל און זיך געווענדט צום פאָרזיצער: — איר וועט מיר דערלויבן נאָך עטלעכע מינוט?

— פאַרלענגערן אים די צײַט! — האָט זיך דערהערט פון זאַל.

פון דעם, ווי דער פאָרזיצער האָט געמאָלדן, אַז דער פּרעזידיום דערוווּנדערט ניט, האָט אַלעק פאַרשטאַנען, אַז מע דערוואַרט דאָ הערן פון דאַניִעלן אַזעלנס, וואָס דערווײַל האָט נאָך דאָ קיינער וועגן דעם ניט גערעדט.

— ווען איך האָב געלייענט דעם ראָמאַן, האָט זיך מיר דערמאָנט איינער אַן אָוונט טאַקע דאָ אין קלוב מיט א יאָר זיבן צוריק. דער אָוונט איז געווען געווידמעט דעם אָנדענק פון אַנגע־זעענעם שרײַבער. איך וועל קיין נאָמען ניט אָנרופן, ווײַל ניט דאָס איז וויכטיק. איז אָט. אַפן דאָזיקן אָוונט זײַנען אַרויסגעטראָטן א סאַך מענטשן, נאָר מיר האָט זיך פאַרגעדענקט די אַרויס־טרעטונג פון איינעם אַן עלטערן שרײַבער, וואָס איז אַלע יאָרן געווען מיטן פאַרשטאָרבענעם אַף „דו", ער איז געווען זײַנער א נאָענטער כאַווער. די לעצטע צוויי־דרײַ יאָר אָבער האָט ער אים קימאַט ניט געזען. ס'איז פּלוצעם געוואָרן אומעגלעך צוקומען צו אים. דאָס מויערל, ווו זײַן כאַ־ווער האָט געוווינט, האָט מען אַרומגעצאַמט מיט א הויכן פּאַרקן, אָוועקגעשטעלט באַם טויער א וועכטער, די בריוו, וועלכע ער האָט געשיקט, האָט מען אים, קענטיק, ניט איבערגעגעבן, ווײַל יעדעס מאָל האָט עמעצער אַן אַנדערער אַף זיי געענטפערט, און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט צו אים אָנקלינגען, האָט אַן אומבאַקאַנטע שטים געמאָלדן: „ער איז איצט זייער פאַרנומען" אָדער „ער איז ניטאָ אין דער היים און ס'איז ניט באַוווּסט, ווען ער וועט זײַן".

וועגן וואָס פאַר א פּאַרקן רעדט עס דאַניִעל? ניט וועגן דעם זעלבן הויכן פּאַרקן, אַף וועלכן ס'האָט אַלעקן געהאַט אָנגעוויזן וואַדים טימאָפייעוויטש וועטשעריאַ? און וואָס פאַר א שײַכעס האָט

עס צום רויטארמייִשן עשעלאָן אין א פראַקטיקער פרילינגדיקער נאַכט מיט יאָרן צוריק, וועגן וועלכן עס האָט מיטאמאָל געגומען דערציילן דאַניִעל?

שעווע האָט נידעריק אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו באָריסן, און איבער דעם האָט אַלעק דורכגעלאָזט דאָס, וואָס דאַניִעל האָט דערציילט, ווי אף איינער א סטאנציע האָבן רויטארמייער ארײַנגעזעצט צו זיך אין עשעלאָן פליטים פון א פּאָגראָם. אַלעק הערט זיך אײַן. ער לאָזט שוין קיין וואָרט ניט דורך. דאַניִעל דערציילט וועגן אן אַלמאָנע מיט דרײַ ברעקלעך קינדער, וואָס איז ארויסגעשטיגן פון צוג אין איינער א גרויסער שטאָט. דאָס גאַנצע פארמעגן, וואָס איז איר געבליבן נאָכן פּאָגראָם, איז געווען א טונקל־גרינער פּליושענער טישטעך מיט צוויי אויסגענייטע לייבן. האָט זי געגומען דעם טישטעך און אוועק אים אויסבײַטן אף א ביסל מעל. מער וואָס אויסצובײַטן האָט די אַלמאָנע ניט געהאַט. דער הונגער האָט בא איר אָפּגענומען איין קינד, דאָס צווייטע איז געלעגן אין שפּיטאָל, און אפן עלטערן זעקסיאָריקן ייִנגל האָט זיך שוין אויך דורכגעלויכטן די הויט. איז די אַלמאָנע אוועק צו א מילנער בעטן, ער זאָל זיך דערבארעמען און געבן איר צו פארדינען אף א ביסל מעל ראַטעווען דאָס קינד. האָט דער מילנער איר געענטפערט, אז זי איז ניט קיין באַסיעכידע אין שטאָט, און אַלעמען קאָן ער ניט העלפן, אים העלפט אויך קיינער ניט.

דאַניִעל האָט צוגערוקט נעענטער צו זיך דעם מיקראָפאָן.

— אין יענער שטאָט האָט געלעבט א גרויסער רוסישער שרײַבער. און די אַלמאָנע פונעם קליינעם פארוואָרפענעם שטעטל איז אינעם זעלבן טאָג געווען בא אים. זײַן שטוב איז ניט געווען ארומגעצאַמט מיט קיין פּאַרקן, אין טויער איז ניט געשטאַנען קיין וועכטער. אף די בריוו, וואָס מע האָט אים געשיקט, האָט ער געענטפערט. דער גרויסער שרײַבער האָט איר אַליין געעפנט די טיר, זי ארײַנגעפירט אין שטוב, און אז ער האָט זי אויסגעהערט, איז ער אוועק מיט איר אפן שול־הויף, ווו ס׳האָט זיך געוואַלגערט איר ייִנגל, און אים אָפּגעפירט אין א קינדערהיים. ער האָט, פארשטייט זיך, ניט געקאָנט פאָרויסזען, אז פונעם דאָזיקן ייִנגל וועט אויסוואַקסן אַמאָל דער שרײַבער. — און דאַניִעל האָט אָנגערופן דעם פּסעוודאָנים פון זײַן פאָטער.

— ווען אין א סאַך יאָרן ארום האָט מען אינמיטן דער נאַכט אוועקגעפירט פון שטוב דאָס זעכצניאָריקע אייניקל פון דער דאָזיקער אַלמאָנע, דאָס איין־און־איינציקע קינד פון איר אומגעקומענעם זון, דעם שרײַבער, — האָט דאַניִעל דערציילט וועגן זיך אין דער דריטער פערזאָן, — איז זי צום אַלעמערשטן געקומען אהער, אין שרײַבער־הויז, פונוואַנען איר זון איז אוועק אף דער מילכאָמע. א מאַמע פון א שרײַבער איז געקומען צו א שרײַבער אויסגיסן פאר אים דאָס הארץ, בעטן, ער זאָל אָנפרעגן, ווו מע דארף, עפּשער וועט מען אים ענטפערן, פארוואָס האָט מען בא איר אָפּגענומען דאָס אייניקל. נאָר צו דעם דאָזיקן שרײַבער, קוים האָט זי געזאָגט, נאָך וואָס זי איז געקומען, האָט מען זי ניט צוגעלאָזט. מע האָט איר געענטפערט, אז דער שרײַבער, אף וועלכן זי פרעגט זיך נאָך, נעמט זעלטן אוף. וויפל זי האָט ניט געקלונגען, האָט מען איר יעדעס מאָל געענטפערט, אז ער איז ניטאָ, אָדער אז ער איז אף א זיצונג. האָט זי אָנגעהויבן קומען אהער, אָפּוואַרטן אים דאָ. איינמאָל, שטייענדיק בא דעם מירמלנעם טאָוול פון די אומגעקומענע שרײַבער, האָט זי אים דערזען, נאָר ווידער ניט געקאָנט צו אים צוטרעטן. איינער פון די, וואָס האָבן אים ארומגערינגלט, האָט זי אָפּגעשטעלט, נאָך איידער זי האָט באוויזן ארויסברענגען א וואָרט.

— רופט אָן די פאַמיליע! — האָבן זיך דערהערט אין זאַל עטלעכע שטימען.

— דאָס איז דען וויכטיק? איך קאָן אײַך בלויז זאָגן, אז דער שרײַבער, וועגן וועלכן איך דערצייל, איז א הארציקער, א קרישטאָל־ריינער מענטש. איך ענדיק באַלד.

— ביטע, ביטע. — דער פאָרזיצער האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס גלעקל.

— איך רוף ניט אָן קיין פאַמיליעס, ווײַל דאָ גייט אין עפּעס אנדערש, — דאַניִעל האָט מיטאמאָל אופגעהערט ריידן וועגן זיך אין דער דריטער פערזאָן: — די באָבע מײַנע, ווי זי האָט מיר נאָכדעם דערציילט, איז ניט אָפּגעטראָטן. וואָס הייסט, א מאַמע פון א שרײַבער זאָל זיך ניט קאָנען דערשלאָגן צו א שרײַבער? ס׳האָט זיך אָפּגעזוכט א באַקענטער, וואָס האָט איר געהאָלפן צונויפשטעלן א בריוו, און מיטן דאָזיקן בריוו איז זי אוועקגעפאָרן צו אים אף דער דאַטשע. ס׳איז געווען א קאַלטער הארבסטיקער אינדערפרי מיט א ווינט און א רעגן; פון דער סטאנציע צו דער דאַטשע איז א היפּשער מעהאַלעך. גאָר קיין יונגע, ווי איר פארשטייט, איז מײַן באָבע שוין דעמאָלט ניט געווען. איר איז געגאַנגען דאָס דרײַ־און־זיבעציקסטע יאָר. זי האָט אָנגעקוועטשט דאָס גלעקל באַם טויער. ס׳זײַנען דורך עטלעכע מינוט, און אין דער קאַליטקע האָט זיך באוויזן עפּעס אן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן, געגומען בא איר דעם בריוו און געהייסן צוּוואַרטן. ס׳איז דורך א פערטל שאָ, א האַלבע שאָ, דער רעגן גיסט, דער ווינט פארמישט די קאַליוזשעס מיט פארגעלטע בלעטער, שמײַסט אין פּאָנעם, און זי, די באָבע מײַנע, שטייט אַלץ הינטערן פּאַרקן און

װאָרט. צי דען האָט מען דאָרט, אין דער שטוב, אינגאַנצן אָן איר פאַרגעסן, צי עפּשער האָט זי ניט פאַרשטאַנען, װאָס דער יונגערמאַן האָט איר געזאָגט, ער האָט איר געהייסן אויסװאַרטן, צי מע װעט איר דעם ענטפער צושיקן אהיים? זי װעט נאָכאַמאָל אָנקלינגען. נאָר דאָ האָט זיך געעפנט די קאַליטקע און דער זעלבער יונגערמאַן האָט איר אַרויסגעטראָגן אַן ענטפער אַף איר בריװ.

דאַניעל האָט אַרויסגענומען פון דער אייבערשטער קעשענע אַ צונױפגעלייגטן קאָנװערט.

— דאָס צעטעלע האָט זיך פאַרהיט, און איך װיל עס אײַך דורכלייענען: „איך קאָן אײַך מיט גאָרנישט העלפן, װײַל איך בין טיף איבערצײַגט, אַז קיין אומשולדיקע מאַכט מען בײַ אונדז ניט שולדיק".

— און אַלץ? — האָט מען פון זאַל אויסגעשריִען.

— יאָ, אַלץ, — האָט דאַניעל געענטפערט. — נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז דער שרײַבער האָט גאָר דעם בריװ ניט געלייענט. עס איז געװען אײַנגעשטעלט, ניט דורך אים, נאָר פון די, װאָס האָבן אַרומגעצאַמט זײַן דאַטשע מיט אַ הויכן פּאַרקן, װאָס האָבן אַכטונג געגעבן, אַז קיין זײַטיקער מענטש זאָל זיך צו אים ניט דערנענטערן, אַז ניט װעגן אַלע בריװ, װאָס קומען צו אים אָן אַפילו אין שטוב, זאָל ער װיסן. — דאַניעל האָט זיך אומגעקוקט צו די שטילע איבערגעפּולטע לאָזשעס און געהעכערט די שטים. — איז אויב מע האָט דעם אַװטאָר פונעם דאָזיקן צעטעלע, אַ באַװוסטן און כּאַשעװון שרײַבער, געקאָנט איבערצײַגן, אַז מע מאַכט קיין אומשולדיקע ניט שולדיק, איז פאַרװאָס זאָלן מיר צװײפלען, אַז מאַטװײ גאָװרילאָװיטש האָט געגלייבט אין דעם, װאָס מע האָט אים יאָרנלאַנג אײַנגערעדט?

אַנטקעגניבער דער בינע, לעבן די טרעפּ, האָט זיך באַװיזן דער פּולבלעכער מאַנצבל אינעם שװאַרצן אָנצוג. די הענט, װי פריִער, באַהאַלטן אין די אַרבל. און כאָטש ער איז באַלד פאַרשװונדן, װי אַ מײַזל, װאָס טוט אַ בליק אַרויס אינמיטן העלן טאָג פון דער נאָרע, האָט אָבער געדאַרפט דורכגיין אַ היפּשע װײַל, ביז דאַניעל האָט זיך באַהערשט, ער זאָל קאָנען פאָרזעצן.

— די, װאָס האָבן אָנגעשטעלט די פּאַרקנס, האָבן װײניקער פון אַלץ געזאָרגט װעגן די אײַנװוינער פון די אַרומגעצאַמטע מױערלעך און דאַטשעס. זיי האָבן געזאָרגט װעגן זיך, מע זאָל זען, אַז זיי זיצן ניט מיט צונױפגעלייגטע הענט, מע זאָל װײַזלאַלד מע פּלאַנצט אַזױפיל פּאַרקנס, איז מיסטאָמע דאַרף מען עס. אָט אין װאָס עס איז געגאַנגען, — דאַניעל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו בידאָון, װאָס האָט געקוקט אַף אים מיט זײַנע װייכע, עטװאָס קורצזיכטיקע אויגן, — די, װאָס האָבן אָנגעפּלאַנצט די הויכע פּאַרקנס, האָבן אָבער פאַרזען אין קלײניקײַט, אַז אַן װאָרצלען קאָן זיך קיין זאַך לאַנג ניט האַלטן, באַם ערשטן פרילינג־װינט האָבן די פּאַרקנס געמוזט אײַנפאַלן, און זיי זײַנען אײַנגעפאַלן. װעגן דעם איז אין אײַער ראָמאַן אויך זייער װײניק געזאָגט. און ענדיקן װיל איך מיט דעם, אַז איך האָב ליב די זון. כ'װיל מער לייענען װעגן פאַרפּלאַנצטע סעדער, װי װעגן פּאַרקנס.

צו דער טריבונע איז שוין געגאַנגען אַן אַנדער רעדנער, נאָר דער זאַל האָט אַלץ נאָך אַפּלאָדירט דאַניעלן, װאָס האָט מיט די סקריפּענדיקע טרעפּ זיך אופגעהויבן אַף דער גאַלעריי. ער האָט זיך צוגעזעצט צו אַלעקן אַפּן ברעג בענקל. די רעדנער אַף דער טריבונע האָבן אָפּט דערמאָנט דאַניעלס נאָמען, מאַסקים געװען און ניט מאַסקים געװען מיט אים. אַלעק אָבער האָט קימאַט ניט געהערט, װאָס מע האָט דאָרט איצטער גערעדט. ער איז געװען פאַרנומען מיט שװוען און באַריסן. װי אָבער ער האָט נאָכן שליסן דעם אָװנט זיך ניט געפּלײַסט דורכשטופּן פון די באַלאַגערטע טרעפּ אין זאַל, האָט ער שװוען מיט באַריסן שוין דאָרט ניט געטראָפן. ער האָט זיי אויך ניט געטראָפן באַם גאַרדעראָב.

— װעמען זוכסטו עס אַזוי? — האָט דאַניעל אים געפרעגט. — קום אין רעסטאָראַן עפּעס איבערכאַפּן, איך בין טויט־הונגעריק. געקומען אהער גלײַך פון דער אַרבעט.

— האַ?

— װאָס ביסטו אַזוי צעשטרייט?

אַלעק האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— זי איז דאָ געװען.

דאַניעל האָט אַ קוק געטאָן אַף אים פון דער זײַט און גאָרנישט געענטפערט.

די עטלעכע טישלעך אין רעסטאָראַן זײַנען שוין געװען פאַרנומען. דאַניעל איז דאָ מיט קיינעם ניט געװען אַף אַזױפיל נאָענט, ער זאָל זיך צו עמעצן צוזעצן. איז ער צוגעגאַנגען מיט אַלעקן צום בופעט, גענומען עטלעכע בוטערבראָדן און געהייסן אָנגיסן זיך און אַלעקן צו הונדערט פופציק גראַם.

— װײַסע? — האָט די בופעטשיצע געפרעגט.

— ניין, ניין. גיט אונדז א פלעשל ארמענער קאָניאַק, — און איידער דאַניעל האָט באַוויזן זיך אומקוקן, האָט וולאַדימיר ניקאָלײַעוויטש בידאָוו אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און שטײַף זי א דריק געטאָן, — קומט. פאַראַן צוויי פרײַע ערטער בא מײַן טישל.

באַם פענצטער, אַרום די צוויי צונויפגערוקטע טישלעך, בא וועלכע זיי זײַנען געזעסן, האָט אין עטלעכע מינוט אַרום זיך פאַרזאַמלט א רעדל. אַלעקן האָט ניט געוווּנדערט, ווען עמעצער האָט זיך צוגעזעצט צו אים אפן ברעג שטול, מע איז דאָ ביכלאַל, דאַכט זיך, שוין געזעסן צו צווייען, אויב ניט צו דרײַען אַף א בענקל. אַלעקן האָט אויך ניט געוווּנדערט, וואָס די, וועלכע זײַנען איבערגעגאַנגען אַהער פון די שכיינעסדיקע טישלעך, פאַרכאַפנדיק מיט זיך די גראַפינען ווײַן און קאָניאַק, האָבן אין זייערע טאָסטן לעקאָוועד בידאָוון אויך דערמאָנט דאַניעלס נאָמען. אים האָט ביכלאַל זיך שוין אויסגעוויזן, אַז דער אוילעם האָט זיך הויפטזאַכלעך פאַרזאַמלט צוליב דאַניעלן, אַז אַלע קוקן אַף אים פונקט אַזוי באַגײַסטערט, ווי ער.

פאַרן סאַמע אַוועקגיין האָט וולאַדימיר בידאָוו אַרויסגענומען זײַן נאָטיץ־ביכעלע פאַר־שרײַבן דאַניעלס אַדרעס.

— ווען באַגעגענען מיר זיך מיט אײַך? — האָט ער געפרעגט. — איך מוז אײַך זייער נייטיק זען.

— מיר דוכט, וואָלאָדיע, אַז דו האָסט פאַרטראַכט א ראָמאַן וועגן דײַן יונגן פרײַנט, — האָט עמעצער פון די שרײַבער געזאָגט.

— איך לייקן עס ניט.

— איך בין אָבער ניט דער העלד, וואָס איר דאַרפט, וולאַדימיר ניקאָלײַעוויטש. אָט וועגן וועמען עס איז קעדיי איצט שרײַבן, — דאַניעל האָט אָנגעוויזן אַף אַלעקן, — פאַרצייכנט זיך זײַנע קאָאָרדינאַטן, איך האָב אפילע א גרייטן נאָמען פאַר אַזאַ ווערק: „מיט אַן אייגענער ביאָגראַפיע“.

אַלעק האָט דערפילט, ווי ס'האָט בא אים אָנגעהויבן פלאַמען דאָס פּאָנעם.

פון דעם ווײַן און קאָניאַק האָט זיך בא אַלעקן לײַכט געדרייט דער קאָפּ. ס'האָט זיך אים נאָך קיינמאָל אין לעבן ניט געגלוסט אַזוי לאַכן. וואָס וואָלט געזאָגט שעווע, ווען זי זעט, ווי ער פאָכעט מיט די הענט, שפּרינגט אַלע ווײַלע אונטער און שמייכלט צו יעדן, אפילע צו די שטערן, וואָס שטייען ניט אײַן אַף אַן אָרט, וויגן זיך, ווי די לעמפּלעך אַף די סלופּן. זי זאָל אָבער וויסן, שעווע, וואָס אים האָט אָנגעשריבן וולאַדימיר ניקאָלײַעוויטש אפן בוך, וואָס ער האָט אים געשענקט! אַלעק שטעלט זיך אָפּ אפן באַלויכטענעם דאָראָגאָמילאָווער בריק און לייענט ווידער דורך פאַר זיך אַף א קאָל דעם אויפשריפט אפן בוך: „דעם קינפטיקן העלד פון מײַן קינפטיקן ווערק“. פאַרוואָס האָט דאַניעל באַם געזעגענען זיך מיט אים געפונען פאַר נייטיק אים דערקלערן, וואָס איז אַזוינס א העלד?..

דער ווינט, וואָס איז אָנגעלאָפן פונעם טײַך, האָט אים א שלעפּ געטאָן נאָך זיך, און אַלעק איז ווידער געגאַנגען עפּעס אונטערשפּרינגענדיק, געפאָכעט מיט די הענט און זיך פריילעך איבערגעווונקען מיט די ווײַטע פינקלענדיקע שטערן.

## XXXIII

ווען אַלץ איז שוין געווען אײַנגעפּאַקעוועט און ס'איז בלויז געבליבן זיך צוזעצן אַף עטלעכע רעגעס, ווי עס פירט זיך פאַרן פאָרן, האָט וועניאַמין זאַכאַריעוויטש פלוצעם אַרײַנגערופן אַלעקן צו זיך אין קאַבינעט און פעסט צוגעמאַכט הינטער אים די טיר.

פון דעם, ווי וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז צוגעגאַנגען צום שרײַבטיש, אַרויסגערוקט דאָס טישקעסטל און זיך אַראָפּגעלאָזט אין פאָטערשטול, האָט אַלעק פאַרשטאַנען, אַז דער פאָטער קלײַבט זיך, אַפּאָנעם, פאָרזעצן דעם געשפּרעך, וועלכן ער האָט נעכטן אין אָוונט געפירט דאָ מיט אים, אין זעלבן קאַבינעט. נאָר וואָס פאַר א געשפּרעך קאָן ער מיט אים פירן איצט, א קנאַפּע שאָ פאַרן אָפּגיין פון צוג? סײַדן דער פאָטער האָט געענדערט דעם באַשלוס און וויל אים גאָר מעלדן, אַז ער קאָן פאַנאַנדערפּאַקעווען די זאַכן. ער האָט אים דאָך נעכטן געפרעגט: „ווי וואָלט געווען, ווען שעווע פאַרגיט דיר די שולד און מע נעמט דיך אָן צוריק אין אינסטיטוט?“

— מיך האָט, דאַכט זיך, קיינער ניט אויסגעשלאָסן פון אינסטיטוט, אַז מע זאָל מיך דאַרפן צוריק אָננעמען, — האָט אַלעק אים אַף דעם נעכטן געענטפערט, — און, צווייטנס, פאַרשטיי איך ביכלאַל ניט, וואָס פאַר א שײַכעס האָט עס אַלץ צו מײַן פאָרן? מיינסט, איך פאָר, ווײַל דו האָסט מיר באַפוילן? איך פאָר, ווײַל איך האָב זיך עס באַפוילן. דאָס קאָן דיר באַשטעטיקן וואַדים טימאָ־פייעוויטש וועטשעריאַ.

אויב דער פאָטער וועט אים באַלד ווידער פרעגן וועגן דעם זעלבן, וועט ער אים ענטפערן:
„טאַטע, איך פאַרשפּעטיק צום צוג“.

דער גרויסער קאַבינעט־זייגער אין ווינקל האָט שטיל און אומעטיק געציילט די רגעס, און מיט אים צוזאַמען האָט אַלעק איבערגעכאַזערט אין זיך: „ציַיט פאָרן, ציַיט פאָרן“.

— דאָס איז אַלץ, וואָס אונדז איז איבערגעבליבן פון דאַניען.

אַלעק האָט אופגעציטערט. און איידער זיַין בליק איז נאָך געפאַלן אפן ברודערס בילד, וואָס איז געהאַנגען אַנטקעגניבער אף דער וואַנט, האָט ער דערזען ליגן אפן שריַיבטיש א סאָלדאַטיש טונקל־גרין רוקזעקל.

— אָט דאָס סאָלדאַטסקע רוקזעקל איז אויסגעוועזן מיט דאַניען אין א סאך שלאַכטן און נאָכדעם דורכגעמאַכט מיט מיר די גאַנצע מילכאָמע. די מאַמע דיַינע מיינט נאָך ביז איצט, אַז ס'איז מיַין רוקזעקל: עלף יאָר, ווי עס ליגט דאָ בא מיר פאַרשלאָסן אין טישקעסטל. כ'האָב עס געהאַלטן פאַר דיר, גערעכנט עס דיר אָנטאָן, ווען דו וועסט אוועקגיין דינען. — וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט זיך אופגעהויבן, געשטאַנען א וויַילע אַזוי באַם טיש און דערנאָך, ווי די טיַיערסטע רעליקוויע, איבערגעגעבן אַלעקן דאָס טונקל־גרינע רוקזעקל, וואָס האָט נאָך, דאַכט זיך, געשמעקט מיט זומערדיקן פעלד. — טו עס אָן. ווו דו זאָלסט ניט זיַין און וואָס מיט דיר זאָל ניט טרעפן, זאָלסטו שטענדיק געדענקען, וועמעס רוקזעקל דו טראָגסט.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַלעק זאָל ניט זען, ווי ער ווישט אויס די אויגן, און קימאַט מיט א מיליטערישן טאָן באַפוילן:

— גיי אין זאַל. איך וועל באַלד אריַינקומען. דער מאַמען קיין וואָרט ניט פון דעם, וואָס כ'האָב דיר דאָ געזאָגט.

אַלעקן האָט באַגלייט צום צוג נאָר וועניאַמין זאַכאַריעוויטש. ער איז באַשטאַנען, אַז די מאַמע מיט מאַרגאַריטען זאָלן ניט פאָרן אפן וואָקזאַל. ער וויל, האָט ער זיי געזאָגט, אים אַרויסבאַגלייטן, אַלעקן, ווי א סאָלדאַט, אָן טרערן, אָן פאָכען מיט די פיַיכטע נאָזטיכלעך.

אוועקגעלייגט די זאַכן אין וואַגאָן, איז אַלעק אַרויס אפן פעראָן. דער פאָטער זיַינער זאָל ניט שטיין דערביַי, וואָלט ער מיסטאָמע געפרעגט דאָס בלאָנדע מיידל — דעם קאָנדוקטאָר אין די קורצע וואָליקעס און זיַידענע זאָקן, — צי האָט דאָ קיינער אף אים זיך ניט נאָכגעפרעגט. ער האָט געוווסט, אַז שעווע וועט ניט קומען, דאָך האָט ער די גאַנצע ציַיט ניט אופגעהערט זיך אַרומקוקן. עפּשער שטייט זי בא א שכיינעסדיקן וואַגאָן און שעמט זיך אהער צוגיין? נאָר, דאַכט זיך, אַז דער פאָטער זיַינער קוקט אויך אף עמעצן אַרויס. עפּשער אויך אף איר, אף שעווען? אַז ער וועט גאָר דערזען גיין אהער וואַדים טימאָפייעוויטשן, האָט אַלעק אינגאַנצן זיך ניט געריכט.

— זיך נאָרוואָס באַפריַיט, — האָט וואַדים טימאָפייעוויטש וועטשעריאַ, צוטראַגנדיק די האַנט צו דער אושאַנקע, זיך אָנגערופן צו וועניאַמין זאַכאַריעוויטשן און געוואָרפן א בליק אף אַלעקן. — נו, לאָמיר נאָר א קוק טאָן, ווי האָבן מיר אויסגעזען מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק. איז פאָרן מיר, הייסט עס, טאַקע?

— יאָ, כאַווער מאַיאָר, — און אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין האָט אַלעק אפן מיליטערישן אויפן אויסגעצויגן די האַנט לענגויס דעם קערפּער.

— און וועגן וואָס מיר האָבן מיט איַיך גערעדט, געדענקט איר?

— נו, פאַרשטייט זיך, כאַווער מאַיאָר.

— געדענקט, איַינשאַפן זיך אָן אייגענע ביָאָגראַפיע דאַרף מען אין ערגעץ ניט פאָרן. מע קאָן זי זיך אומעטום איַינשאַפן. נאָר ווען מיר, אַשטייגער, קומט אויס אָנהייבן פונסניַי, וואָלט איך געטאָן דאָס זעלבע, וואָס איר, זיך אוועקגעלאָזט אין דער טיַיגע, אין דער טונדרע, אף דער צעלינאַ, מיט איין וואָרט, אף דער פאָדערשטער ליניע. איך מיין, כאַווער פאָלקאָווניק, אַז איר וואָלט אויך אָנגעהויבן פון דעם.

די הויכריידערס אפן פעראָן האָבן געמאָלדן, אַז ביז אָפּגיין פונעם צוג איז פאַרבליבן פינף מינוט און מע בעט אַלע, וואָס באַגלייטן, אַרויסגיין פון די וואַגאָנעס.

וואַדים טימאָפייעוויטש האָט שטיַיף א דריק געטאָן אַלעקן די האַנט. אַלעק האָט פאַרשטאַנען, אַז דער מאַיאָר איז אהער געקומען ניט צוליב דעם, ער זאָל אים פרעגן, צי האָט ער ניט פאַרגעסן, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט, און אים איבערגעבן א גרוס פון טאַיסיע אַנדראָנאָווגען און פון ביידע זין. וואַדים טימאָפייעוויטשעס קומען האָט באַטיַיט, אַז ער וועט נאָכשפּירן נאָך אים, ווי עס שפּירט נאָך א קאָמאַנדיר נאָך זיַינעם א סאָלדאַט.

וועניאַמין זאַכאַריעוויטש האָט צוגעמאַכט אף א רגע די אויגן, אַרומגענומען זיַין באָכער, אים צוגעדריקט צו זיך, דריַי מאָל זיך צעקושט און בלויז געזאָגט:

— זאָלסט שריַיבן.

דער צוג האָט זיך גערירט. אַלעק איז צוגעלאָפֿן צום פֿענצטערל פֿון קאָרידאָר און באַוויזן דערזען בלויז דעם פֿאָטערס הויך קאַראַקולן היטל, וואָס איז אָפּגעשווומען אָף צוריק צוזאַמען מיט אַנדערע היטלען און פֿאַכענדיקע נאָזטיכלעך. פּלוצעם האָט ער אָף דעם פֿאַרבײַלויפֿנדיקן פּעראָן דערזען שעווען.

— שעווע! — האָט ער הילכיק אַרײַנגעשריִען אין דער שויב און זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פֿאַר די לעדערנע הענטלעך פֿון דער ראַם. דאָס פֿענצטער האָט אַ ציטער געטאָן, נאָר זיך ניט געעפֿנט. אַלעק האָט שיִער ניט אַרויסגעשפּאַרט מיטן פּאָנעם די שויב, נאָר אויסער די אָפּלויפֿנדיקע שפּײַכלערס און באַראַקן, האָט ער שוין איצט מער גאָרנישט געזען.

עס זײַנען פֿון לאַנג שוין דורכגעשוווּמען די הויכע פּלאַטפֿאָרמעס פֿון די בײַשטאָטישע סטאַנציעס, ס׳האָבן זיך שוין אופֿגעהערט באַגעגענען אין וועג די גרינלעכע וואַגאָנעס פֿון די עלעקטראָ־צוגן, די פֿאַרשנייטע סאָסנאָווע וועלדלעך זײַנען געוואָרן געדיכטער, נאָר אַלעק איז אַלץ נאָך געשטאַנען באַם פֿענצטערל און אַלץ ניט געגלייבט, אַז ווען עס וועט זיך אָפּשטעלן דער צוג, וועט ער פֿאַר זיך דערזען אָן אומבאַקאַנטן וואָקזאַל, אומבאַקאַנטע גאַסן, אָן אומבאַקאַנטע שטאָט. ער איז געשטאַנען און צוגעקוקט, ווי עס שטײַגן אַרוף און אַראָפּ די טעלעגראַפֿישע דראָטן, ווי עס דרייט זיך דאָס פֿעלד מיט די פֿאַרשנייטע סקירדעס, ווי עס לויפֿט ווידער אָן אַ וואַלד, איין בוים יאָגט נאָך דעם צווייטן, זיי רופֿן אים מיט זיך אַהין, ווו ס׳איז פֿאַרבײַגעשווומען די הויכע פּלאַטפֿאָרמע מיט שעווען. די רעדער פֿונעם צוג הערן ניט אוף אויסצוקלאַפּן: „שע־ווע, „שע־ווע" און לאָזן ניט אַפֿילע אַ טראַכט טאָן, עפּשער איז עס גאָר געווען ניט זי. צי דען איז זי צו אים ניט צוגעגאַנגען בלויז דערפֿאַר, וואָס דער פֿאָטער איז געשטאַנען דערבײַ? און פֿאַרוואָס האָט זי ניט אַ פֿאָכע געטאָן צו אים מיט דער האַנט, ווען דאָס פֿענצטערל איז דורכגעלאָפֿן פֿאַרבײַ איר און ער איז צוגעפֿאַלן מיטן פּאָנעם צו דער שויב? זי איז אָבער געקומען צום צוג. געקומען!

ווי וואָלט געווען, ווען ער שטײַגט אַראָפּ אָף דער ערשטער סטאַנציע און קערט זיך אום צוריק? אָף אַ פּאָר שאָ נאָר. ער מאַכט צו די אויגן, ער זאָל זיך קאָנען פֿאָרשטעלן, וויִאַזוי ער הייבט זיך אוף אָף די טרעפּ, קלינגט אָן, ס׳דערהערן זיך טריט, זי עפֿנט די טיר און בלײַבט שטיין אַ דערשטוינטע אָף דער שוועל.

„ניט זי, ניט זי" — האָבן מיטאַמאָל גענומען אויסקלאַפּן די רעדער און באַלד נאָכדעם: „ס׳איז געווען ניט שעווע. ס׳איז געווען ניט שעווע. אָן אַנדערע. אָן אַנדערע".

ווען אַלעק איז אַרײַן פֿון קאָרידאָר אין זײַן קופּע, האָט ער קיינעם פֿון די פּאַסאַזשירן ניט געטראָפֿן. קימאַט דער גאַנצער וואַגאָן האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין די לעצטע צווי קופּעען, אין וועלכע עס זײַנען געפֿאָרן יונגע כעוורע און פּאַרטויבט מיט זייער הילכיקן געזאַנג דעם באַיאַן. דער זײַ־טיקער אוילעם האָט אופֿגענומען אַלעקן פֿאַר איינעם פֿון אָט דער יוגנטלעכער בריגאַדע, וואָס פֿאָרט קיין פּעטשאָרע פֿאַרגרייטן געהילץ, און אים באַלד געמאַכט אַ וועג. אַלעקן איז געבליבן ניט מער, ווי צוזעצן זיך צו די כעוורע און באַגלײַך מיט זיי פּאַרטויבן דעם באַיאַן מיט זײַן שטאַרקער קלינגעוודיקער שטים. שפּעטער אַ ביסל האָט ער געבראַכט צו שלעפּן אהער דאָס רוק־זעקל און אַרויסגעלייגט פֿון דאָרט אָפֿן טישל פֿון צוזויפֿגערוקטע טשעמאָדאַנעס דאָס עסן, וואָס די מוטער האָט אים מיטגעגעבן. דער עלטסטער פֿון דער בריגאַדע, אַ באָכער מיט העלע קורצע וואָנצעלעך, האָט אים אָנגעגאָסן אַ האַלב קוווערטל בראַנפֿן. אַלעק האָט הויך פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אָף אַרוף, נאָר אָנשטאָט אויסצוטרינקען מיטאַמאָל דעם בראַנפֿן האָט ער אים לאַנגזאַם און פֿאָרזיכטיק אויסגעזופּט, ווי מע זופּט אײַז־קאַלט וואַסער אָפֿן פֿראָסט. דערנאָך געכאַפּט פֿונעם טישל אַ פֿענעצל וווּרשט אָנשטאָט אַ שטיקל ברויט און עס צוגעלייגט צו די נאָזלעכער.

— דאָס האָט אײַך, דאַכט זיך, באַגלייט דער פּאָלקאָווניק? — האָט דער עלטסטער פֿון די כעוורע געפֿרעגט אַלעקן.

— ס׳איז מײַן פֿאָטער, און דער אַנדערער, דער מאַיאָר, איז דער סעקרעטאַר פֿונעם פּאַרט־קאָם אין אונדזער אינסטיטוט.

— איר זײַט אַ סטודענט?

— ניין, — אַלעק האָט אַ קוק געטאָן אָפֿן באָכער מיט די העלע וואָנצעלעך, ווי ער זאָל אים כווישעד זײַן, אַז יענער איז געווען אין קאָרידאָר, ווען ער, אַלעק, האָט אַרײַנגעשריִען אין שויב: „שעווע!", און געזאָגט: — איך האָב פֿאַרענדיקט צען קלאַסן און פֿאָר קיין אינטאַ אַרבעטן אָף די שאַכטעס.

— פֿאָרט בעסער מיט אונדז קיין פּעטשאָרע, זעט, סאַראַ בריגאַדע בא אונדז איז.

— איך קאָן ניט.

אַלעק האָט געוואָלט אַרויסנעמען און אים ווײַזן די פּוטיאָווקע, נאָר דער באָכער האָט אים אָפּגעשטעלט:

— מיר פֿאָרן אויך מיט קאָמיוגישע פּוטיאָווקעס.

— אָבער איר פֿאָרט דאָך אַהין, וווהין מע האָט אײַך געשיקט, און מיר ראַט איר... ניין, איך וועל פֿאָרן, וווהין דער קאָמיוג האָט מיך געשיקט, ביפֿראַט אַז איך האָב זיך אַליין געבעטן.

— איר האָט שוין ווען־ניט־איז געאַרבעט אַף אַ שאַכטע?

— ניין. נו, איז וואָס?

— און מיך וואָלט איר גענומען צו זיך אין בריגאַדע? — האָט געפֿרעגט אַן עלטערער מענטש מיט אַ געדיכטער גראָוועכער באָרד, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך. — וואָס? צו אַלט פֿאַר אײַך?

די כעוורע האָבן אים פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט און ניט איבעריקס זיך באַמיט אויסבאַהאַלטן פֿון אים די שפּאָטישע בליקן.

— נו, — האָט דער עלטערער פּאַסאַזשיר אַרויסגענומען פֿון בוזעם־קעשענע אַ קאָמיוגישע פּוטיאָווקע, ווי באַ זיי, און איבערגעכאַזערט, — נו?

— באַטיאַ, איר זײַט נאָך אַ פּיאָנער צי שוין אַ קאָמסאָמאָלעץ? — האָט אים געפֿרעגט אַ יונג באָכערל און געכאַפּט דערפֿאַר פֿונעם עלטסטן אַ שטורכע אין זײַט.

— ווילסט, אַפֿאָנעם, פֿרעגן, צי בין איך געווען אַ פּיאָנער און אַ קאָמסאָמאָלעץ. געוויס. ווי אַנדערש? — דער „באַטיאַ“ האָט באַדאַכט פֿאַנאַנדערגעגלעט די גראָוועכע באָרד און, צוזשמור־רענדיק עטוואָס די אויגן, געפֿרעגט באַ דעם באָכערל: — איך גיי דיר ניט אונטער לויטן סטאַזש? און באַ דיר וואָס פֿאַר אַ סטאַזש איז? גיב נאָר דאָרטן אַ קוק באַ זיך אין אַרבעט־ביכעלע, אויב דו געדענקסט ניט אַף אויסווייניק.

דאָס באָכערל האָט פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— איך אין דײַנע יאָרן האָב שוין געהאַט ניט נאָר אַ סטאַזש, נאָר אַזאַ־אָ פּעקל מיט גראַ־מאָטעס. ווייסט, וואָס איז אַזוינס אַ שלאָגלער? נו, און וואָס איז אַזוינס אַ סטאַכאַנאָוועץ, האָסטו אויך ניט געהערט? און אַז פֿון קאָטלאַס קיין פּעטשאָרע, וווהין איר פֿאָרט איצט, איז מען אין אונדזערע צײַטן נאָך געגאַנגען צופֿוס? — און ווענדנדיק זיך שוין צו אַלעמען, האָט ער גענומען דערציילן, וויאַזוי ער האָט געקאָרטשעוועט די פּעטשאָרער טײַגע, געשלעפּט אַף זיך שפּאַלעס און רעלסן, זיך אויסגעלאַכט פֿון די מעסוקענע פֿרעסט און ווינטן. נאָכן דורכלייגן די אײַזנבאַן־ליניע קאָטלאַס — וואָרקוטאַ האָט מען אים געשיקט קיין אוראַל, און איצט פֿאָרט ער פֿון דאָרטן אַף אַ נײַער קאָמיוגישער בויונג קיין אוכטאַ.

אומבאַמערקט איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך שוין געקליבן גיין שלאָפֿן, נאָר אין די לעצטע צווײ קופּעען איז נאָך אַלץ געווען טומלדיק. די כעוורע האָבן ניט אָפּגעלאָזט פֿון זיך דעם באַיאָרטן פּאַסאַזשיר, געבעטן, ער זאָל זיי דערציילן וועגן דעם ווײַטן אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קאָמיוגיסט, און אים צוגערעדט ווערן זייער בריגאַדיר און פֿאָרן קיין פּעטשאָרע.

אַלעק איז ניט געבליבן וואַרטן, מיט וואָס עס וועלן זיך פֿאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונגען צווישן די פּעטשאָרער וואַלד־פֿאַרגרייטער מיטן פּאַסאַזשיר, וואָס פֿאָרט קיין אוכטאַ. ער האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין קופּע און אַרונטערגעקראָכן אונטער דער בײַקאָווער קאָלדרע.

אינמיטן דער נאַכט האָט ער זיך אופֿגעכאַפּט פֿון דער פֿרישער קעלט, וואָס האָט זיך אַרײַנ־געריסן אין וואַגאָן. עמעצער האָט, קענטיק, געלאָזט אָפֿן די טיר פֿונעם טאַמבור. דורכן פֿענצטערל האָט זיך געשטויבט אַ געלבלעך־בלויע שײַן. אַלעק האָט זיך אופֿגעזעצט. דער צוג איז געשטאַנען אַף אַ גרויסער סטאַנציע. איבערן פֿאַרשנייטן פּעראָן זײַנען געלאָפֿן מענטשן, זיך איבערגערופֿן. די הויכריידערס האָבן געמאָלדן מיט אַ פֿאַרשלאָפֿענער הייזעריקער שטים, אַז דער צוג וועט דאָ שטיין פֿינף און צוואַנציק מינוט. אַלעק האָט אַרופֿגעוואָרפֿן אַף זיך דעם מאַנטל און אַרויס פֿונעם וואַגאָן.

אַ שטײַפֿער האַסטיקער ווינט איז דורכגעלאָפֿן פֿאַרבײַ אים, מיטשלעפּנדיק מיט זיך זײַלן שניי, וואָס האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין דער טונקעלער ווײַט מיטן רויך פֿון די מאַנעוורירנדיקע צוגן. אין פֿינצטערן הימל האָבן זיך קוים אָנגעזען די שטערן.

— אַזוי פֿאָרט איר עס אַף צאָפֿן? — האָט אים געפֿרעגט דאָס אָנגעפֿעלצטע מיידל אין די קורצע וואַליקעס און זײַדענע זאָקן.

— נו, איז וואָס? — און ווי דאָס מיידל זאָל זיך נייטיקן, ער זאָל זי באַרויִקן, געײַלט צו־געבן: — איך פֿיר מיט זיך שטיוול.

— שטיוול?

— נו יאָ, קירזאָווע שטיוול.

די קאָנדוקטאָרשע איז אַרײַן אין וואַגאָן, גענומען צווײ עמער און אַוועק נאָך קוילן.

נאָך איידער דאָס מיידל האָט זיך צוריקגעקערט, האָט אַלעק דערפֿילט, ווי ס׳וווערן ענג אַף אים די טופֿליעס און ווי די קעלט דערקלײַבט זיך ביז צום לײַב. דער זייגער איז אָנהייב דרײַ.

נאָך קיין האַלבער מעסלעס ניט אדורך, ווי מע איז אַרויסגעפֿאָרן פֿון מאָסקווע. ווען האָט עס דער צוג באַוויזן אזוי אַרומוואַקסן מיט אײַז? מע זעט שוין באַלד ניט אַרויס די פֿענצטערלעך פֿון צווישן די אָנגעהאָנגענע שטיקער אײַז, ענלעכע צו בעריאָזעווע שײַטלעך האָלץ.

באַ דעם פֿאָדערשטן וואַגאָן, וואָס איז געווען האַלב אײַן נעפּל, האָט זיך די גאַנצע צײַט אַרומגעדרייט עפּעס א מענטש. אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט באַ די טרעפּלעך, ווי ער וואָלט דאָרט אָף עמעצן געוואַרט. אַלעקן האָט זיך שוין אַנדערש ניט פֿאָרגעשטעלט, ווי נאָר, אַז דאָס שטייט דאָרט שעווע. ער וועט באַלד האַסטיק זיך דורכשלײַכן פֿאַרבײַ איר, דעם קאָפּ פֿאַרניוועט אײַן אופֿגעשטעלטן קאָלנער, און אויסוואַקסן פֿאַר איר אומגעריכט ווי פֿון אונטער דער ערד. ער וועט זי פֿרעגן: „ווי קומסטו אַהער? כ׳האָב דאָך דיך געזען שטיין אָפֿן פּעראָן. און וווּהין פֿאָרסטו?“.
„דו ווייסט, וווּהין איך פֿאָר, — וועט זי אים ענטפֿערן, — איך קאָן ניט אַנדערש. איך קאָן ניט. איך מוז זײַן דאָרט, ווו דו וועסט זײַן“. דאָס האָט דאָך אָבער געזאָגט ניט אַנאַ. דאָס האָט דאָך געזאָגט גאָר וורענסקי. און וואָס האָט קאַרענינאַ אים אָף דעם געענטפֿערט?

ווי בוילעט עס שטעלט זיך אים איצט פֿאָר דאָס ערשטע בילד פֿון „אַנאַ קאַרענינאַ“ אין מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער.

נאָר פּונקט דעמלט, ווען ער האָט זיך שוין געקליבן דורכשלײַכן, ווי וורענסקי, פֿאַרבײַ אַנען, האָט ער דערזען, אַז באַ די טרעפּלעך פֿונעם וואַגאָן שטייט גאָר א סאָלדאַט מיט א ביקס אין דער האַנט. אַלעק האָט זיך שטיל צעלאַכט. ווען אָט דער באָכער מיט דער ביקס זאָל וויסן, פֿאַר וועמען האָט ער עס, אַלעק, אים אָנגענומען. וויפֿל מאָל האָט אַלעק אָף די מאָסקווער וואָקזאַלן זיך געזעגנט מיט שעווען באַ אָט אַזעלכע טונקל־גרויע וואַגאָנעס מיט פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטערלעך. אינעם וואָכעדיקן טומל, וואָס עס פֿלעגן דאָרט אופֿהייבן באַ די פּאָטשט־וואַגאָנעס די אָנגעלאָדענע וועגעלעך און דרעזינעס, איז קיינעם ניט אָנגעגאַנגען זיך צוקוקן, וויפֿל מאָל האָט ער זיך שוין געזעגנט מיט שעווען און פֿאַרוואָס נעמען זיי זיך ווידער קושן.

דער סאָלדאַט האָט געוויזן אַלעקן מיט דער האַנט, ער זאָל אָפּגיין עטוואָס ווײַטער פֿונעם וואַגאָן, זאָל ער זיך אופֿמערקזאַם אײַנקוקן אין די פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטערלעך און דערזען זײַן טאָעס: ס׳איז ניט קיין פּאָטשט־וואַגאָן.

אין דעם אָנגעהויכטן פֿענצטערל האָט זיך באַוויזן א קאָפּ. אין א ווײַלע אַרום — נאָך עטלעכע פֿענעמער. מעגלעך, אַז איינער פֿון זיי איז דער, וואָס איבער אים איז אַלעקן אויסגעקומען זיך צעשיידן מיט שעווען. צי איז עס ניט אָט יענער, וואָס מאַכט צו אים מיט דער האַנט, ווײַזט אָף אים אָן, און אַלע דאָרט שטופּן זיך צום פֿענצטערל, ווי זיי וואָלטן פֿאַר זיך דערזען א מענטשן, וועלכער איז אויך שולדיק אין דעם, וואָס זיי קומט איצט אויס פֿאָרן אין א וואַגאָן מיט פֿאַרגראַטעוועטע פֿענצטערלעך.

אַלעק האָט געמאַכט אַן אומבאַשטימטע באַוועגונג. פֿאַר זיי האָט עס געדאַרפֿט באַטײַטן: „ער פֿאַרשטייט ניט, וואָס זיי ריידן דאָרטן צו אים“, און פֿאַר זיך: „מעגלעך, אַז ער איז טאַקע שולדיק. אוודאי איז ער שולדיק. ער זאָל געווען דעמלט אין טראָלייבוס זיך קעגנשטעלן, אָט ווי שעווע, וואָלט עפּשער דער באָכער אין דער גרינער הוט מער קיינמאָל ניט געוואַגט קריכן צו יענעם אין רידיקול, אופֿהייבן אָף יענעם א האַנט“.

דער האַסטיקער ווינט האָט זיך געטראָגן אַנטקעגן מיט הויכע זײַלן שניי, געוואָרנט נאָך פֿונדערווײַטן, מע זאָל אים מאַכן א וועג. אַלעק האָט בלויז אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער וואָלט זיך קלײַבן אַרופֿכאַפּן אָף צעבושעוועטע כוואַליעס.

## XXXIV

אָפֿן פֿערטן מעסלעס האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט אָף עטלעכע מינוט באַ א הילצערנעם שטיבל מיט א שווערן גלאָק אָף דער טיר און, איבערלאָזנדיק נאָך זיך א העל וואָלקנדל רויך, ווי אָף צו דערוואַרעמען די פֿענצטערלעך פֿונעם פֿאַרוואָרפֿענעם וואָקזאַלכל אינטאַ, פֿאַרשוווּנדן אין דער פֿאַרווייעטער טונדרע.

אַלעק האָט געוווּסט, אַז אין דער דאָזיקער שאָ וועט ער דאָ טרעפֿן אַן אויסגעשטערנטן הימל, אַן אופֿגעגאַנגענע לעוואָנע. דאָך האָט ער, אַרײַנקומענדיק אין וואָקזאַלכל, זיך אָנגערופֿן צו איינעם פֿון די אַרויסגעשטיגענע פּאַסאַזשירן, וואָס האָט צוגערייכערט פֿונעם קעראָסין־לעמפּל אָפֿן פֿענצטער:

— צי דען איז איצט טאַקע צוויי אַזייגער באַטאָג?

— דערפֿאַר אָבער האָט איר דאָ זומער די זון א גאַנצן מעסלעס.

דער קליינוווקסיקער מענטש אין די הויכע אונטעס האָט א קוק געטאָן אף אַלעקן, ווי אף אזוינעם, וואָס האָט צופעליק אהער פארבלאָנדזשעט. מע האָט געקאָנט דערוואַרטן, אז ער וועט באַלד איבערכאַזערן דאָס, וואָס ס'האָט אים געזאָגט די קאָנדוקטאָרשע, אז אזוי פּאַרט מען ניט אף צאַפּן, אזוי פּאַרט מען אהער בלויז צוגאַסט אף א צוויי־דריי וואָכן. אַלעק האָט אופגעמאַכט דעם טשעמאָדאַן, ארויסגענומען די קירזאַווע שטיוול און אַרײַנגעקראָכן אין זיי, אָנגעטאָן דעם פוטערנעם זשילעט אונטערן מאַנטל. דער מענטש אין די אונטעס איז נאָך אַלץ געשטאַנען באַם פענצטער, און אַלעק האָט זיך ווידער געווענדט צו אים:

— איר ווייסט ניט, ווען דאַרף זײַן דער אווטאָבוס פון אינטאַ?

— ווער האָט עס אײַך געזאָגט, אז דאָ גייען אווטאָבוסן?

— איז מיט וואָס דערקלײַבט איר זיך קיין אינטאַ? ס'איז דאָך פופצן קילאָמעטער פונדאַנען.

דער מענטש האָט געלאַסן ארויסגעלאָזט פון די נאָזלעכער א קנויל רויך, זיך ווידעראַמאָל פארצויגן און פונקט אזוי געלאַסן געענטפערט:

— וויבאַלד איר ווייסט, אז קיין אינטאַ איז פופצן קילאָמעטער, איז ווי זשע ווייסט איר ניט, אז די לאַסטמאַשין מיטן לעכערדיקן טענט, וואָס איר רופט אָן אווטאָבוס, וועט אין אזא וועטער ניט ארויסשטעקן די נאָז פונעם גאַראַזש? זי איז א גרויסע איבערקלײַבערן בא אונדז, באַזונדערס נאָך א רעגן צי נאָך א שניי. זי וואַרט, אז דער פראָסט און די פּאַסאַזשירן זאָלן אפריִער גוט אײַנפרעסן דעם שניי. און ביכלאַל, דער פארגעניגן, וואָס מע האָט פון דעם אווטאָבוס. שפּרינגט דעם גאַנצן וועג אונטער, ווי א פּילקע.

— איז ווי דערקלײַבט מען זיך פונדעסטוועגן?

— ווי עס מאַכט זיך. אָ, איר הערט?

פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן א ווײַט איבערקלינגען זיך פון פרייליכע גלעקלעך. דורכן שטיקל אָפּגעגאַנגענעם פענצטערל האָט אַלעק דערזען פארבײַלויפן פיר פּאָר הינט, געשפּאַנט אין א נידעריקער נאַרטע.

— דאָס איז בא אונדז דערווײַל א מער זיכערער אווטאָבוס. נאָך מיר דאַרף אויך קומען אזא אווטאָבוס, נאָר א ביסל א גיכערער, ווי דער. איר זײַט קיינמאָל ניט געפאָרן מיט קיין הירשן? איך וואָלט אײַך מיטגענומען, נאָר אונדזער קאָלווירט ליגט ווײַט אָן א זײַט פון אינטאַ, — ער האָט אופגעהויבן אַלעקס טשעמאָדאַן און, אראָפּלאָזנדיק אים אפן דיל, א מאַך געטאָן צו אַלעקן מיט דער האַנט, — ער וועגט דאָך בא אײַך קימאַט גאָרנישט. וואָס פאַר א ווערדע האָט בא א סאָלדאַט פופצן קילאָמעטער, צו אָוונט־צו זײַט איר דאָרט.

אַלעק האָט זיך צעלאַכט:

— און איצטער איז בא אײַך וואָס?

זיי זײַנען צוזאַמען ארויס פון וואָקזאַל.

— איר זעט אָט די פּײַערלעך באַם האָריזאָנט? — האָט דער מענטש זיך אָנגערופן צו אַלעקן, — דאָס לויכטן זיך די טעריקאָניקעס פון די שאַכטעס. איר דאַרפט אין ערגעץ ניט אָפּ־קערן. גייט גלײַך און גלײַך. אָ, ס'כאַפּט, דאַכט זיך, א פײַן פראָסטל. פאַר אײַך איז עס בעסער. איר וועט ווייניקער זינקען אין שניי און ווייניקער שוויצן. א גוטן טאָג.

דאָס הילצערנע וואָקזאַלכל מיטן קעראָסין־לעמפּל אפן פענצטער איז פארשוווּנדן אין דער ווײַט, און אַלעק האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אליין אין אָט דעם פארשנייטן מידבער, וואָס האָט זיך געשפּרייט אונטערן אויסגעשטערנטן הימל. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זעט ער איבער זיך אזא גרויסן הימל. און די שטערן זײַנען דאָ אויך ניט אזעלכע, ווי אין מאָסקווע. ער קאָן זיך אָבער ניט דערמאָנען, וואָס פארא שטערן זײַנען דאָרט. אים האָבן זיך בלויז פארגעדענקט די שטערן אין פּלאַנעטאַרי. ווען ס'האָט אין פּלאַנעטאַרי אָנגעהויבן טאָגן, האָט שוועו אים שטײַף אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אז זי שוועבט אינדערלופטן. פארוואָס איז זי פונדעסטוועגן ניט צוגעגאַנגען צו אים אפן פעראָן? זי האָט דאָך אים געוויס געוואָלט עפּעס זאָגן. ווו קאָן זי איצטער זײַן? אין דער היים? צי זי שפּאַצירט ארום מיט באָריסן?

ערגעץ רעכטס האָבן זיך איבערגעקלונגען אין דער פינצטער זינגעוודיקע גלעקלעך. דאָס טראָגן זיך מיסטאָמע איבער דער טונדרע אײַנגעשפּאַנטע הירשן אין א שמאָלן לענגלעכן שליטן. און אַלעקן ווערט היימלעכער, ווי ער וואָלט זיך ווידער האָבן באַגעגנט מיט דעם היגן טוישעוו, וואָס האָט אים אָנגענומען, אַלעקן, פאַר א סאָלדאַט.

ניט אומעטום האָט דער פראָסט באַוויזן שוין אײַנפרעסן דעם שניי. אין די באַלקעס איז ער נאָך ווייך און פריש, ווי נאַרוואָס פונעם וואָלקן, און ערטערווײַז דערגרייכט ער קימאַט ביז די קני. דער טשעמאָדאַן און דאָס רוקזעקל זײַנען געוואָרן שווערער. אָפּגעגאַנגען נאָך א שטיקל וועג, האָט אַלעק זיך צוגעזעצט אָפּרוען.

שעווע וועט, פאַרשטייט זיך, אָנפרעגן זיך אף אים בא איר פעטער. פאַרוואָס האָט ער זיך דעמלט ניט דערוווּסט בא איר זיידן, אף וועלכער שאַכטע איר פעטער אַרבעט און ווי רופט מען אים? ווען ער ווייסט עס, וואָלט ער עפּשער אָנגעקומען אף דער זעלבער שאַכטע און זיך געבעטן צו אים אין בריגאַדע. שעווע האָט אים ניט איין מאָל געזאָגט, אַלעקן, אַז פּאָסאַדטשיקעס זייַנען די סאַמע דרייסטע מענטשן אף דער שאַכטע און אַז ווען זי איז אַ ייִנגל, גייט זי אַרבעטן נאָר פּאַר אַ פּאָסאַדטשיק. זי וועט, פאַרשטייט זיך, וואַרטן, דער פעטער זאָל איר אָנשרייַבן וועגן אים, ווו ער וווינט, ווו ער אַרבעט און ווי ער אַרבעט. זי מוז אוואַדע מיינען, שעווע, אַז ער איז געפאָרן אַהער, ווייַל דאָ וווינט איר פעטער.

און כאָטש ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס, אייגנטלעך, איז געווען די איינציקע סיבע, פאַרוואָס ער האָט אויסגעקליבן גראַד אָט דאָס פאַרוואָרפענע שאַכטיאָרן־שטעטל באַם פּאָליאַר־קרייַז, האָט אַלעק פונדעסטוועגן ניט געוואָלט זיך אָנערקענען אין דעם אַפילע איצט. מעגלעך דערפאַר, וואָס ביז איצט האָט זיך אים נאָך געדוכט, אַז שעווע מיט באָריסן ריכטן זיך אין אַ פּאָר כאַדאָשים אַרום אים ווידער זען אין מאָסקווע און מיינען, אַז ער איז געפאָרן אַהער בלויז דערפאַר, ווייַל דער פאָטער האָט אים אַזוי באַפוילן, געשיקט אים אַהער אף אַ פּאָר כאַדאָשים אויסקויפן די זינד. וואַדים טימאָפייעוויטש טראַכט אָבער ניט וועגן אים אַזוי, און דאַניִעל קיווין, ווען ער זאָל אַפילע וויסן אַלץ, וואָס מיט אים, אַלעקן, איז פאָרגעקומען, וואָלט אויך וועגן אים אַזוי ניט געטראַכט, און זייַן פאָטער טראַכט אויך ניט וועגן אים אַזוי...

אַרויסגעקליבן זיך פון דער באַלקע מיט די נידעריקע יאָדלע־ביימלעך צוריק אפן וועג, איז אַלעק געבליבן שטיין פאַרגאַפט. דער האָריזאָנט אַנטקעגן אים איז געווען אויסגעפּוצט אין פּיל־פאַרביקע גירליאַנדעס, ווי מע וואָלט דאָרט אויסגעשטעלט אין אַ ריי הויכע יאָמטעוודיקע יאָלקעס ווי צו נייַ־יאָר אין „גום“ און „מאָסטאָרג“. איינע פון זיי, וואָס איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אָן אַ זייַט, האָט אים דערמאָנט דעם אוניווערסיטעט אף די לענין־בערג באַנאַכט, ווען עס לויכטן זיך פון אונטן ביז אַרויף זייַנע פּילצאָליקע פענצטער און ס'ווינקען זיך איבער מיט די שטערן אין הימל די רויטע פייַערלעך אף זייַנע טורעמס און שפּיצן. אַלעק האָט פאַרשנעלערט די טריט, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, די פייַערלעך זאָלן זיך פּלוצעם ניט אויסלעשן.

אין אַ קנאַפּער שאָ אַרום איז ער געשטאַנען בא איינעם פון די הויכע טעריקאָניקעס, וואָס האָט מיט זייַנע פּילפאַרביקע פלעמלעך אויסגעזען ווי אַ פייַערווערק, וואָס איז געבליבן הענגען אין הימל און צוגעגעבן דעם אויסגעשטערנטן באַטאָג עפּעס יאָמטעוודיקס. יאָמטעוודיקס איז אויך געווען אין דעם לויכטנדיקן פינפעקיקן שטערן אפן שאַכטע־ברונעם, וואָס האָט דערמאָנט דעם רויט־אָנגעגליטן «M» אף די סטאַנציעס פונעם מאָסקווער מעטראָ. די פּראָסטיקע לופט אַרום דעם פליִענדיקן טעריקאָניק האָט פאַרשמעקט מיט היימישע רייכעס פון אַ ייִשעוו.

— ווּהין שפּאַנען מיר עס, סאָלדאַטיק?

בא דעם מיידל, וואָס איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן פאַר אים, האָבן אפן פאַרשטויבטן פּאָ־נעם זיך בלויז אָנגעזען די ווייַסלען פון די אויגן און די שמייכלענדיקע ציין. די ברייטע הויזן זייַנען בא איר געווען פאַרשטעקט אין די שטיוול, דאָס וואַטאָווע לייַבל פאַרצויגן מיט אַ רימען. אפן דאַשעק פונעם פילקאַנטיקן היטל האָט זיך געלויכטן אַ לעמפּעלע.

— אף דער שאַכטע, — האָט אַלעק געענטפערט, אַרופּרוקנדיק העכער די אושאַנקע אפן קאָפּ.

— און אף וועלכער שאַכטע, אויב ס'איז ניט קיין סאָד?

„ווו שעווס פעטער אַרבעט“, — האָט זיך אים געגלוסט זאָגן. נאָר געענטפערט האָט ער:

— אַ סאָד.

— אַ מיליטערישער?

— אַ מיליטערישער.

— נו?

— הם, הם.

— נו, אויב אַזוי, פעטערל...

— איז וואָס, מומינקע? — האָט אַלעק געענטפערט מיטן זעלבן שפּילעוודיקן טאָן, וואָס זי.

פון אָט דעם מיידל, וואָס האָט זיך צוגעזעצט אף זייַן טשעמאָדאַן אויסטרייסלען די גומענע שטיוול, האָט ער געקאָנט דערוואַרטן, זי זאָל אים פּלוצעם פאַרוואַרפן מיט שניי־גאָמלקעס און, אַנטלויפנדיק, פאַרבלאָנדזשען בעקיוון צו אים אין די אָרעמס, נאָר אין איר איז אויך געווען אַזוינס, וואָס האָט אים געשטערט זיך ווענדן צו איר אף „דו“, און ער האָט, ווי זי, אָנגעהויבן ריידן אין מערצאָל:

— ווו האָבן מיר זיך עס אַזוי אייַנגעריכט?

— בא דער מאַמען אף דער פערענע.

— בא אײַך זײַנען דאָ אַלע אַזעלכע שטעכיקע?

— און בא אײַך זײַנען דאָרט אַלע אַזעלכע קלוגיטשקע?

איר שטים האָט מיטאַמאָל אָנגעוווירן די שפּילעוודיקײַט. וואָס האָט ער איר אַזעלכעס געזאָגט, וואָס זי האָט זיך באַליידיקט? איר האָט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט געפרעגט, ווו האָט זי זיך אַזוי אײַנגעריכט? ער האָט דאָך אָבער גאָרנישט געמיינט מיט דעם. אַנשטאָט דאָס צו זאָגן איר האָט זיך בא אים ארויסגעכאַפּט:

— אַ פּאַסאַדטשיצע? — און צוגעגעבן: — איך פרעג עס גאַנץ ערנסט.

— פאַרוואָס גייסטו אוועק פון דער שאַכטע?

אַלעק האָט זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט:

— פון וועלכער שאַכטע?

— נו, הער אויף.

ערשט איצט איז צו אים דערגאַנגען, אַז דאָס מיידל נעמט אים, ווײַזט אויס, אָן פאַר אַזוינעם, וואָס פאַרלאָזט די שאַכטע. פון וואָס אָבער האָט זי עס גענומען? וואָס האָט זי אויף אים אַזעלכעס באַמערקט?

— אויף וועלכער שאַכטע האָסטו דאָ געאַרבעט, אויף אונדזערער צי אויף דער פּערצעטער?

— ניין, דו פרעגסט עס טאַקע ערנסט? — האָט אַלעק זיך הילכיק צעלאַכט. ס׳איז אים גלאַט געפעלן געוואָרן, וואָס דאָס מיידל האָט אים אָנגענומען פאַר אַ שאַכטיאָר. זי האָט אָבער געקוקט אויף אים אַזוי, אַז ער האָט געמוזט אופּשליסן דעם טשעמאָדאַן, ארויסנעמען פון דאָרט די קאָמיוגישע פּוטיאָווקע און איר באַווײַזן. נאָר, דאַכט זיך, אַז אויך נאָכדעם האָט זי אים ניט איבעריקס געגלייבט. ער האָט באַמערקט, ווי זי האָט זיך געקווענקלט, צי זאָל זי אים ענטפערן, צי ניין, ווען ער האָט געפרעגט, אָנווײַזנדיק אויפן טעריקאָניק:

— וואָס איז דאָס פאַר אַן איליומינאַציע?

— דאָס ברענט דאָ אַזוי די פּאָראָדע[1], — און צוקוקנדיק זיך נעענטער צו אַלעקן, צי מאַכט ער ניט קיין אָנשטעל, אַז ער ווייסט ניט, גענומען אים דערקלערן: — אַ ביסל זײַנען אין דעם, פאַרשטייט זיך, שולדיק די פּאָראָדע־אָפּקלײַבער אויף דער לענטע. עמעס, ניט שטענדיק איז לײַכט אונטערשיידן אַ שטיק פּאָראָדע פון די שטיינקוילן, ווײַל די פּאָראָדע איז אָפּטמאָל פּונקט אַזוי שוואַרץ און גלאַנצט אויך פּונקט אַזוי. די איינציקע זאַך נאָר, וואָס די פּאָראָדע איז שווערער. ווייסט דאָך אָבער ניט גיין איבערטאַפּן און איבערוועגן יעדער שטיינדל אויף דער לענטע. כימיע האָסטו דאָך געלערנט! אַז סע קלײַבט זיך אָן אַזאַ פּיראַמידע פון פּאָראָדע געמישט מיט קוילן, מוז זי זיך אָנכאַפּן. סע טליִעט אַזוי, ביז סע פאַרוואַנדלט זיך אין שלאַק, אָט ווי דער שכיינעסדיקער טעריקאָניק. דער דאָזיקער אויסגעלאָשענער ווולקאַן האָט, דאַכט זיך, געטליִעט אַ גאַנץ יאָר.

— פונדערווײַטן זעען זיי דאָ בא אײַך אויס, די טעריקאָניקעס, ווי בא אונדז אין מאָסקווע די פייערווערק בייס די סאַליוטן.

— ביסט אַ מאָסקווער? און דאָס פאַרסטו איצטער פון מאָסקווע? גלײַך פון מאָסקווע? מיר האָבן אויך געוווינט אַמאָל אין מאָסקווע. אויף זובאָווסקע.

— ס׳איז גאַנץ ווײַטלעך פון אונדז. מיר וווינען אויף מאַזשײַקע.

זי האָט געקוקט ניט צו אים, נאָר ערגעץ ארופּצו, אין דער ווײַט, און גערעדט שטיל, ווי זי זאָל אים פאַרטרויען אַ סאָד.

— איך בין פאַראַיאָרן אַ גאַנצן כוידעש געווען אין מאָסקווע. געפאָרן אויף דער עקזאַמען־סעסיע. איך לערן זיך הינטער־אויגיק אויפן צווייטן קורס פון דעם בארג־אינסטיטוט אויף קאַלוזשסקע. און וווהין קלײַבסטו זיך אָנקומען? קימאַט אַלע אונדזערע דעמאָביליזירטע, וואָס לערנען זיך דאָ הינטער־אויגיק, זײַנען אָנגעקומען אין בארג־אינסטיטוט אָדער אין געאָלאָגישן. בא אונדז אויף דער שאַכטע אַרבעטן אַ סאַך דעמאָביליזירטע.

— פונוואַנען האָסטו גענומען, אַז איך בין אַ דעמאָביליזירטער? איך בין דאָך נאָך אַפילע צום פּריזיוו ניט געשטאַנען.

דער גרויסער טונקל־באַלויכטענער פּלאַץ מיט די ערטערווײַז פאַרבליבענע סטויפּן פון אַן אײַנגעוואַלגערטן פאַרקן איז פול געווען מיט קלאַנגען, הילכיקע און פאַרטויבטע, נאָענטע און ווײַטע, און ווײַל אַלעקן האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אין שאַכטע קומט אַלץ פאַר אונטער דער ערד, האָט ער אַפילע די סירענעס פון די לאָקאָמאָטיוון שיר ניט אופּגענומען ווי קלאַנגען, וואָס גייען פון אונטער דער ערד. אין מאָסקווע איז אים עפּעס קיינמאָל ניט געקומען אויפן זינען, אַז אונטער דעם פּילשטאָקיקן הויז, אין וועלכן ער וווינט, אונטער די גאַסן און סקווערן, איבער וועלכע ער שפּאַצירט, אַרבעטן מענטשן, און דאָ וועט ער מיסטאָם קיינמאָל ניט אופהערן וועגן

[1] שטיין־שלאַם, גלײַ.

דעם טראַכטן. אָט שטייט ער מיטן מיידל לעבן דעם טעריקאָניק, און אונטער זיי גייען מענטשן, ס'לויפן עלעקטראָ־לאָקאָמאָטיוון, וואַגאָנעטקעס. אפילע די פײַערלעך, וואָס בלאָנקען אום איבערן פלאַץ, ווי גלי־ווערעמלעך, זעען אים שוין אויך אויס סוידעספּול, כאָטש ער ווייסט, אַז דאָס לויכטן זיך די שאַכטיאָרן־לעמפּלעך אַף די דאַשעקעס פון די פילקאַנטיקע היטלען, ווי אָט בא דעם מיידל.

— ביסט אַ קאָמיוגיסט?

— נו, פאַרשטייט זיך, — אים האָט געוווּנדערט, וואָס זי פאַרגיט אים אַזאַ פראַגע.

— איך בין דאָ דער סעקרעטאַר פון דער קאָמיוגישער אָרגאַניזאַציע. זעסט אָט דעם טורעם מיט די רעדער אונטערן דאַך? אָט דאָרטן אַרבעט איך איצט. פריִער האָב איך געאַרבעט אַף אַן עלעקטראָ־לאָקאָמאָטיוו, איצט לאָזט מען ניט קיין מיידלעך אַרבעטן אונטער דער אויבערפלאַך, האָט מען מיך איבערגעפירט אַהער, אַפן סקיפּ. נאָר סײַווי לאָז איך זיך אָפט אַראָפּ אין דער שאַכטע. דאָס גיי איך איצט אויך פון דאָרטן. סאָף כוידעש לאָזן זיך בא אונדז אַלע אַראָפּ אין דער שאַכטע. אפילע דער נאַטשאַלניק. וואָרעם טאָמער מאַכט מען ניט דעם פּלאַן, איז לעשט זיך באַלד אויס דער שטערן אַפן סקיפּ. נו, קום.

— וווּהין?

— נו, צו אונדז אַף דער שאַכטע. ווי רופט מען דיך?

— אַלעק סיווער.

— און מיך לענע דובאָוויק.

— דובאָוויק?

— וואָס ביסטו מיטאַמאָל שטיין געבליבן?

— דובאָוויק? ווייסט, זייער אַ קענטלעכע פאַמיליע. וואַרט. וווּהין פירסטו מיך? לאָז מיר זיך פריִער אײַנאָרדענען מיט אַ נאַכטלעגער. ווו איז דאָ בא אײַך דער האָטעל?

— קום, קום. אין האָטעל זײַנען סײַווי ניטאָ קיין פרײַע ערטער. איך וועל דיך דערווײַל אײַנאָרדענען אין צוזאַמענוווינונג. אָן סאַקאָנעס, אויב וועסט איין נאַכט איבערנעכטיקן אין שאַכטקאָמבינאַט. בענק זײַנען דאָרטן פאַראַן איבערגענוג.

פאַרבײַגייענדיק דעם אויסגעלאָשענעם שיפּויעדיקן טעריקאָניק, האָט לענע מיטאַמאָל אויסגעשריִען: „פאַראַן! פאַראַן!“ און ביזוואַנען אַלעק האָט נאָך באַוויזן באַנעמען, וואָס איז געשען, האָט שוין לענע געקלעטערט אַפן באַרג, שלעפּנדיק נאָך זיך אַ דראָט מיט אַן אויסגעבויגענעם שטיק בלעך, ווי אַ קינדערש מולטערל.

— וווּהין?

לענע האָט אים ניט געענטפערט. זי האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. דאָס האָט געקאָנט באַטײַטן: „וואַרט דאָ אַף מיר אויס“, און אויך: „אויב דו האָסט ניט מוירע, איז קלעטער מיט מיר“.

— איך האָב דאָרטן איבערגעלאָזט, פון אונטן, דעם טשעמאָדאַן, — האָט אַלעק, אַניאָגנדיק לענען, געזאָגט.

— קיין בראַנפן איז דאָרט בא דיר ניטאָ? איז מעגסטו זײַן רויִק. און דאָס רוקזעקל פאַרוואָס האָסטו דאָרט ניט איבערגעלאָזט?

דער צונויפגעפרוירענער שלאַק האָט זיך עטלעכע מאָל אַרויסגעגליטשט בא אַלעקן פון אונטער די פיס און אים מיטגעשלעפּט מיט זיך. מיט לענען האָט עס אויך געטראָפן, אָבער זעלטענער, און, אויסגליטשנדיק זיך, האָט זי אַזוי ניט צעשפּרייט די הענט, ווי ער. קענטיק, אַז זי קלעטערט דאָ ניט צום ערשטן מאָל. ער שטייט אָבער ניט איבעריקס שטאַרק אָפּ פון איר, און ער וויל, זי זאָל עס זען.

ווען ער האָט זיך דערקליבן צו דער מיט פונעם טעריקאָניק און אַ קוק געטאָן אַף אונטן, האָט זיך אים לײַכט פאַרדרייט דער קאָפּ. פונדאַנען איז געווען אַ סאַך העכער, ווי פונעם באַלקאָן פון זייער מאָסקווער וווינונג אַפן זעקסטן שטאָק, און ביזן שפּיץ באַרג האָט ער נאָך צו קלעטערן און קלעטערן. אַלעק האָט מיטאַמאָל גענומען פאַראַוועזן מיט זיך צולאָכעס. ווײַל ס'האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ, האָט ער בעקיוון זיך אָפּט אומגעקוקט אַף אונטן און בעקיוון זיך אויסגעגליִיכט דאָרט, ווו אפילע לענע איז געגאַנגען אײַנגעבויגן. ער האָט מיט דעם ווי געוואָלט זיך אַליין דערווײַזן, אַז דאָס, וואָס מיט אים איז דעמלט געשען אין טראָלייבוס, וועט שוין מיט אים מער קיינמאָל ניט געשען.

— נו? — האָט לענע אים באַגעגנט אַפן סאַמע שפּיץ פונעם פאַרשנייטן טעריקאָניק.

— וואָס?

— ביסט אַ העלדישער באָכער, ווײַזט אויס.

אַלעק האָט זיך אויסגעגעבן, אַז מיטן קלעטערן אַפּן גליטשיקן שיפּוּיעדיקן באַרג האָט לענע געוואָלט אויספּרוּוון זײַן געוואַגטקײַט, זיך דערווייַזן, אַף וועלכער אַרבעט און אין וועלכער ברײַ־גאַדע אים רעקאָמענדירן. אין אָט דער רעגע האָט זיך אים דערמאָנט דער מענטש אין דער האַלב־גלעזערנער קאַבינע פונעם הייבקראַן אַנטקעגן שעוועס הויז. איצט האָט ער זיך אַליין פאַרקליבן אַף אַזאַ הייך. אים וואָלט דאָ, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט דערעסן שטיין אַזוי און קוקן אַף די היימיש־לויכטנדיקע פענצטערלעך פונעם פאַנאַנדערגעוואָרפענעם שטעטל אין דער נידער, אַף די וואָרטי־קאַלע שטאַמען פון די שכיינעסדיקע שאַכטעס, אַף די פינפעקיקע שטערן, וואָס דערמאָנען מיט זיך די אָנגעגליטע «M» אַף די סטאַנציעס פון מאָסקווער מעטראָ, אַף די פּילפאַרביקע פײַערלעך פון די אַרומיקע טעריקאָניקעס, וואָס ווינקען זיך איבער מיט די שטערן אין הימל, מיט די צעשאָטענע פײַערלעך פון פאַרלוירענע דערפלעך אין דער ווײַסער טונדרע, אַף די פאַריסענע שנאָבלען פון די הייבקראַנען אין דער ווײַט, וואָס דערמאָנען אים אָן מנוּוניקי. באַם האָריזאָנט פינקלט די גאַנצע צײַט אָן איינציק פײַערל. דאָס לויכט זיך מיסטאָמע דאָס קעראָסין־לעמפּל אינעם פענצטער פונעם איינזאַמען וואָקזאַלכל. דאָס אָנלויפנדיקע ווינטל ברענגט מיט זיך צו טראָגן פון דער נידער אָן אָפּגעהאַקטן פײַף פון אַ לאָקאָמאָטיוו, אַ געררויש ווי פון אַ וואַסערפאַל. דאָס לאָדט מען אָן אונטערן בונקער אַן עשעלאָן מיט קוילן. נאָר אַלעק וואַרט אַלץ אַפּן זינגעוודיקן איבערקלינגען זיך פון די גלעקלעך אַף די שלאַנקע העלדזער פון די אײַנגעשפּאַנטע הירשן.

— דו ווייסט, באַ אײַך איז דאָ זייער שיין.

— נו, אַוודאי ווייס איך. איז דיר דאָ, הייסט עס, געפעלן?

— זייער.

— די פּאָליאַר־שײַן האָסטו שוין ווען־ניט־איז געזען?

— ניין.

— כ׳ווייס ניט, צי ס׳איז פאַראַן עפּעס שענערס. דער גאַנצער הימל איז באַלויכטן, ווי מיט פּראָזשעקטאָרס פון אַלערליי פאַרבן. אָט ווי אַ רעגנבויגן. זע, זאָלסט זיך לאַנג ניט פאַרקוקן, וואָרעם, ווער עס פאַרקוקט זיך לאַנג אַף דער פּאָליאַר־שײַן, דער פאַרליבט זיך אין דעם ערשטן מיידל, וואָס ער באַגעגנט.

— נו?

— אַזוי, אַז זײַ פאָרזיכטיק.

— און אויב אַ מיידל פאַרקוקט זיך?

— פאַר אַ מיידל איז עס ניט געפערלעך. נו, זעץ זיך אַרײַן אין שליטן, און מירן פאָרן.

— וואָס איז עס פאַר אַ שליטן?

— ס׳איז פון אַ רעשטאַק![1]

— און וואָס איז אַזוינס אַ רעשטאַק?

— ווילסט פאַר איין מאָל אַלץ וויסן. אַף ליזשעס קאָנסטו גיין?

— נו, פאַרשטייט זיך.

— באַ דיר, זע איך, איז אַלץ „פאַרשטייט זיך". און פון אַ טראַמפּלין ביסטו ווען־ניט־איז געפלויגן? נו, זאָג שוין: „פאַרשטייט זיך",— און פאַרוואָרפנדיק דעם קאָפּ אַף הינטער און אָפּשטויסנדיק זיך מיט די פיס, האָט לענע געלאָזט דאָס „שליטעלע" פונעם שפּיץ באַרג.

דאָס שטיק אויסגעבויגענע בלעך, ענלעך צו אַ קינדערש מולטערל, איז עטוואָס אונטערגע־שפּרונגען און מיט אַ מעשונעדיקער גיכקײַט זיך גענומען טראָגן באַרג־אַראָפּ צו די אַנטקעגן־לויפנדיקע פײַערלעך. אַ שטײַפער האַסטיקער ווינט האָט פריילעך אַ שמיץ געטאָן אין פּאָנעם און פאַרשלאָגן דעם אָטעם.

— האַלט זיך!

אַלעק האָט אין דער ערשטער רעגע ניט באַנומען, צי דאָס האָט לענע צו אים אויסגעשריִען, צי דער ווינט, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט צו טראָגן פון די טליִענדיקע טעריקאָניקעס דעם רייעך פון פּיִאָנערישע שײַטערס אין אַ סאָסנאָוון וואַלד.

---

[1] אַ קאָנווייער־בעקן.

אווראָם גאָנטאר

# נײַע לידער



ניט מיט קיין ווערטער
און ניט מיט קיין קלאַנגען —
איך קען דעם געפיל אַלץ ניט כאַפּן,
ניט פאַנגען.

אין וואָר און אין דרעמל
איך שפיר און איך לויער
און קען ניט דערגיין:
איז עס פרייד, צי ס׳איז טרויער.

ס׳איז עפשער דערפאַר,
וואָס דאָס גראָז נעמט איצט גרינען,
און ס׳קומט מיר מײַן יוגנט
ארויף אפן זינען?

איך טרײַב ניט דעם אומרו,
איך וויל אים ניט יאָגן,
אַט באַלד וועט ער, דאכט מיר,
אזעלעכס מיר זאָגן,
אַף וואָס כ׳האָב געווארט
און וועל קיינמאָל געפינען.

ס׳איז עפשער דערפאַר,
וואָס דאָס גראָז נעמט איצט גרינען?

שטילע געפילן,
איך קען אײַך ניט פאַנגען,
ניט מיט קיין ווערטער
און ניט מיט קיין קלאַנגען.

## ניט שולדיק איז דער טינט

אַט ווייס איך ניט, פארוואָס
ס׳איז גרין דאָס גראָז
און אַף דער זעלבער ערד,
דערנעבן
צעבליט עס האָט די בלום זיך
ווײַס און ראָז,
כאָטש מיט דעם זעלבן זאפט
זיי נערן זיך און לעבן.

ניט שולדיק איז דער טינט,
וואָס שטייט דאָ אַפן טיש,
ער ווייסט ניט פון קיין ליכט,
ער ווייסט ניט פון קיין שאָטן.

דער טינט איז שטענדיק שווארץ —
דער פארביקער געמיש
איז אין געמיט פון הארץ,
אין מיר געראָטן.

די שענסטע גאָב איז דאָס,
די גרעסטע פרייד,
ווײַל אנדערש וואָלט מײַן וועלט
קיין קִיום האָבן.
מיט שווארצן טינט
איך צייכן מילד און שטרענג
די ווײַסע טויבן
און די שווארצע ראָבן.

## א צוג איז דורכגעגאַנגען

א צוג איז דורכגעגאַן
פון שטאָל און גלאָז
און איז פארשוווּנדן.
א צוג איז דורכגעגאַן?
איז וואָס?
פארוואָס זשע שטיי איך
ווי געבונדן?

ס׳איז, דאכט זיך, גארנישט ניט געשען,
געווען א צוג, צי ניט געווען?

אַן אַלטע פרוי —
א גרויע טויב —
געשטאַנען איז,
געקוקט אין שויב.

פונוואנען איז זי,
ווי זי הייסט —
ווער ווייסט?

א יונגע פאַר
געיײַלט האָט מיטן באַן,
אנטקעגן זיי
דער טאָג איז אופגעגאַן
און האָט געוויס געבראַכט זיי טרייסט —
ווער ווייסט...

ס'איז דורך דער צוג,
מיך שטיין געלאָזט.
אָט פינקטלעך, ווי דער ווינט,
וואָס בלאָזט,
ארומגעכאַפּט דאָס לײַב מיט פראָסט,
אוועק — און אויס,
נאָר עפּשער דאַכט זיך בלויז?

דו כאַפּ א קוק אף מיר אזוי —
דו זעסט? מײַן קאָפּ ווערט אויכעט גרוי,
כ'בין, ווי די אַלטע, אויכעט אַלט,
נאָר אָפט די יונגקײַט מיך באַפאַלט
מיט דורשט און מיט פאַרלאַנגען.
איז פרעג מיך ניט פאַרוואָס, פאַר ווען,
דו פרעג דײַן הארץ: וואָס איז געשען? —
א צוג איז דורכגעגאַנגען.

## שפּיל, כאַימקע

שטאַרבן, זאָגסטו?
דודקי!
ניט באַ מוישען!
אײַל זיך ניט, ניטאָ צו וואָס.
לאָמיר בעסער אופהייבן א קויסע
און פאַר מײַן אייניק אויסטרינקען א קאָס.

צוויי מאָל מערער דאַרף איך איצטער יאָרן,
פרעגסט פאַרוואָס?
פאַר מײַנע ברידער אין פאָנאַר...
מאַזלטאָוו דיר, טאָכטער,
האָסט אָן אייניק מיר געבאָרן,
בענטש איך דיך, מײַן טײַערע, דערפאַר.

כאַימקע, נעם ברענג אהער די פלייטע
און שטעל זיך אַפּן בענקל,
און דערלאַנג!
זאָל דער דעמב די צווײַגן ברייט צעשפּרייטן,
זאָל ער אויסגלײַכן זײַן הויקערדיקע פּלייצע
און טרייסטן זיך מיט דײַן געזאַנג.

וועלכער דעמב?
אָט דער, וואָס שטייט געבויגן
און וויגט זיך צאַרנדיק
סײַ טאָג, סײַ נאַכט,
וואָס אויסגעווויינט האָט ער די גרינע אויגן,
ווען צו דער גרוב מ'האָט קינדערלעך געבראַכט.

שפּיל, כאַימקע,
נאָך הארציקער, נאָך דינער —
די קראַפט איז ניט פאַרבאָרגן אין געשריי...
דער אייד'לער וועבער, דער געניטער שפּינער,
ער פלעכט אריין אין דעם געוועב זײַן פרייד
און וויי.
ער טוט אריין אין דעם זײַן טיפן זינען —
געדענק עס, כאַימקע, פאַרשטיי.

שטאַרבן, זאָגסטו?
דודקי!
ניט באַ מוישען!
אײַל זיך ניט, ניטאָ צו וואָס,
צאָרעס האָב איך שוין געהאַט א פולע קויסע,
איך דאַרף נאָך אויסטרינקען די פרייד א
פולע מאָס.

## ס'איז באַלד שוין מאַרט

ס'איז באַלד שוין מאַרט,
און ס'ציט מיך צו די וועלדער,
צום טײַך, וואָס ברעכט אדורך
פון אײַז די דעק.
די סאָסנעס האָבן אויסגעשטרעקט
די העלדזער —
די סוידעס איבערכאַפּן
פון דעם ווינט אין וועג:

צי פליט נאָך ניט דער באָטשאַן פונדערווײַטן,
צי האָט קיין פליגל ניט צעבראָכן זיך דער שטאָר,
צי וועט דער רעגן־וואָלקן הײַנט זיי ניט
פאַרמײַדן...
און דאַנקבאַר נייגן זיי זיך פאַר דעם ווינט
דערפאַר.

אויך איך פארנייג דעם קאָפּ
פאר פרישע ווינטן,
פארליבט בין איך
אין פרילינגדיקן שוווּנג,
וואָס עפנט אוף די ערד
פאר ערשטן שניי־גלעקל צעגרינטן —
ס'זאָל מעלדן פאר דער וועלט
מיט צאפּלדיקן קלונג:
— דער פרילינג קומט!

ס'איז באלד שוין מארט.
מיט טויזנט פארבן
ער גאנוועט זיך צו מיר אין אויג ארייַן,
פארגעסן זאָל איך אין דעם הארבסט דעם הארבן,
כ'זאָל מיינען: אייביק וועט נאָר פרילינג זייַן.



דערזען עס האָט דאָס שפּערל:
דאָס אייַז־צעפּל צערינט,
פון פרייד האָט עס מיט טרערן
צעזונגען זיך: צע־רינט!

און האָט מיט גרויס האנאָע
געטרונקען די רעפּוע —
די טראָפּנדלעך, די פּערל,
קעדיי געזונט צו ווערן,
און אָנגעזאָגט די בסורע
דעם הימל און די שטערן:
צע־רינט, צע־רינט, צע־רינט!

דערזען עס האָט דער שפּרינגער:
דאָס גראָז נעמט ווערן גרין,
האָט ער גענומען זינגען:
גע־רין, גע־רין, גע־רין!

דערזען עס האָט די לערכע
דעם ווייַנשלבוים אין צוויט,
צעטראָגט דער ווינט אן עכאָ:
צע־וויט, צע־וויט, צע־וויט!

דער שניי צערינט,
דאָס גראָז צעגרינט,
דער בוים אין ווייַסן צוויט.

צע־רין, צע־רין!
גע־רין, גע־רין!
צע־וויט, צע־וויט, צע־וויט!



דער ווײ ווערט געלאָשן,
דער וויטעק פארגייט,
דער סאם פון פארדראָסן —
צעשפּרייט ווערט, צעזייט,
נאָר ס'בלייַבט דאָך א שאָטן פון טרויער,
וואָס דויערט, און דויערט, און דויערט.

איך וויל ניט פארגעסן,
איך וויל ניט פאריאָגן
די פּייַן פון מעסלעסן,
די שייַן פון פארטאָגן.
קייטלט זיך, קייטלט זיך, יאָרן,
אין אלטן זיקאָרן, אין גוטן זיקאָרן.

ס'איז אלץ מייַן פארמעגן —
די הייכן, די טאָלן,
פאר אלץ בין איך שולדיק,
פאר אלץ וועל איך צאָלן
מיט קנאָבל־קאָליר פון די האָר מייַנע שווארצע,
מיט וויטעק פון הארצן, מיט גוטסקייַט פון הארצן.

איך וועל זיך ניט שוינען און גאָרנישט ניט קארגן,
זאָל זיך דער שטערן באדעקן מיט קארבן...
אלץ וועל איך שטענדיק געדענקען,
און בענקען, און בענקען, און בענקען.





מ י ש ע  ל ע ו ו

# די לעבנס־געשיכטע פון זשאַק אַלבראַ

וועגן איין זאַך דאַרף איך צו וויסן געבן דעם לייענער: זשאַק אַלבראַ איז ניט דערווירק־לעכער נאָמען פון מײַן העלד. אָבער ניט איך האָב צוגעטראַכט אָט דעם נאָמען און אַפילו ניט דער העלד אַליין.

די צײַט, דאָס לעבן האָט געגעבן דעם ייִדישן באַכער דאָווידל גאָלדפאַרב דעם ניט געוויינלעכן נאָמען זשאַק אַלבראַ.

וועגן דעם, וויִאַזוי דאָס איז פאָרגעקומען, וויל איך אײַך דערציילן.

## וויִאַזוי כאַיִם־בער פלעגט אופוועקן די וועלט



ס איז שוין טאַקע ניט נאַכט, נאָר עס איז נאָך ניט טאָג, כאָטש פון דער געדיכטער פינצטערניש, וואָס אָטעמט מיט פײַכטקײַט און מיט קעלט, שווימען שוין ארויס די ערשטע ליכטיקע פלעקן. אין אָט דער פריִער שאָ, ווען בלויז די פויגלען צעשטערן די שטילקײַט, דערהערט זיך א גריילצנדיקער סקריפּ פון דעם פאַרזשאַווערטן אײַזערנעם טויער, כאַיִם־בערס הייזעריקער „קכע־קכע", דערנאָך זײַן באַסאָווע געשריי:

— וויאָ, נעווילע, גענוג געדרעמלט.

דאָווידל נאָסן־עליעס איז געווען זיכער, אַז ניט נאָר בא זיי, אין אַלינאָוועס הויף, וואָס געפינט זיך אין עק פון דוואָריאַנסקע, ניט נאָר אין כערסאָן, נאָר אין אַלע שטעט און דערפער, אַף די פעלדער, אין די וועלדער, אַפן נאָענטן ברייטן דניעפּער און אַף די ווײַטע יאַמען, מיט איין וואָרט, אַף גאָר דער וועלט הייבט זיך אָן דער נײַער טאָג מיט כאַיִם־בערס „וויאָ, נעווילע, גענוג געדרעמלט".

ער וואָלט געקאָנט שווערן, אַז ערשט נאָך דעם, ווי כאַיִם־בער גיט א פײַף מיט דער בײַטש, באַהאַלט זיך ערגעץ די לעוואָנע, עס פאַרשווינדן די שטערן, עס צעגייט דער לײַכטער פאַרטאָ־גיקער נעפּל, דער ווינט נעמט אַראָפּטרייסלען פון די הויכע אַקאַציעס די דורכזיכטיקע טראָפּנס טוי, פון די טאָפּאָלן דעם פוך און אַפן שאָכנס רויט־געפאַרבטן דאַך טוט זיך שמעוודיק א גליטש דער ערשטער זונען־שטראַל.

אפילע אזא אקשן, ווי פוגע — דאַווידלס הינטל, האָט אויך אָן שום קונצן געפּאָלגט דעם באַלעגאָלע. ווי נאָר עס דערהערט זײַן ערשטן „קכע־קכע“, קריכט דאָס הינטל גלײַך ארויס פון דער בודקע, טרייסלט אָפּ פון זיך מיט א ציטער דעם שלאָף, און גלײַך נאָך דעם געשמאַקן געגעץ לאָזט עס זיך הענדעם־פּענדעם צו דער קאַליטקע, ווײַל אָף דער פּוסטער גאס האָט זיך שוין באוויזן א דורכגייער אָדער א פערד־און־וואָגן. אויב דער אָנטרײַבער זיצט אפן וואָגן, טוט פוגע עטלעכע מאָל שטיל א האווקע. קוים אָבער גייט דער פורמאַן לעבן דעם וואָגן און האלט נאָך דערצו די בײַטש אין דער האנט, טוט זיך פוגע א וואָרף צום פּארקן, שפּרינגט ארויס אפן טראָ־טואַר און מיט א ווילדער בילעניש באגלייט עס דעם „סוינע“ אזש ביזן דריטן זאווולעק.

איינס האָט דאַווידל ניט פארשטאַנען: „נו, און שאַבעס? שאַבעס שפּאַנט דאָך כאַים־בער ניט די שקאַפּע און וועקט ניט די וועלט מיט זײַן „גענוג געדרעמלט“. אָבער פרעגן בא דעם באַלע־גאָלע, וואָס טראַגט אָף זיך אזא אָל פּאר דער וועלט, אז די ברייטע פּלייצעס זײַנען בא אים אײַנגעהויקערט געוואָרן, האָט דאַווידל זיך ניט אײַנגעשטעלט.

מיט דער צײַט איז ער אליין געקומען צום סייכל: אזא אויסזען האָט ער טאַקע, דער שאַבעס־דיקער טאָג! שטיין שטייט מען אוף, ווען ווער עס וויל. מע אַרבעט ניט. מע שלאָגט בײַדעקעס. אפילע די מאַמע זײַנע, בא וועלכער די פאַרהאַרעוועטע הענט זײַנען שטענדיק פארנומען, שטעלט ניט זידן דעם טשוהון וואַסער אָף טיי. זי זיצט גאָר מיט דער שכיינע ראַכעלע אָף דער פּריזבע.

ווען כאַים־בער פלעגט פאַרטאָג אופוועקן די וועלט, פלעגט דאַווידל יאָ הערן און ניט הערן. אין די דאָזיקע רעגעס פלעגט ער זיך צונויפקאַרטשען אין א קנויל, צודריקן די קני צום בויך, ארײַנציִען דעם קאָפּ אין די אקסלען און נאָך שטײַפער זיך אײַנוויקלען אין דעם טאטנס אלטער שינעל, וואָס האָט כויץ א לאַנגן שפּאַלט נאָך פארמאָגט ניט ווייניקער פון א צענדליק היפּשע לעכער.

געטאָן האָט עס דאַווידל ניט דערפאַר, ווײַל ער האָט זיך ניט געקאָנט שיידן מיטן שלאָף. ער האָט ניט געוואָלט, אז אפילע כאַים־בער, ווען מען עס פּאָלגן אלע, זאָל זײַן אָף אים דער באַלעבאָס. ניט אומזיסט רופט אים, דאַווידלען, זײַן ברודער לייווי „דאַווידל־קאַפּויר“, אָדער „דאַווידל צולאָכעסניק“.

לייווי וואָלט געוואָלט, אז אלע זאָלן אופשטיין באגלײַך מיט אים. ער שטעלט זיך ניט פאָר, דער דראַנג (מיט דער דאָזיקער צונעמעניש האָט אים געקרוינט די שכיינע ראַכעלע), וואָס עס וואָלט זיך געטאָן, ווען אין די צוויי צימערלעך פון זייער קעלער וואָלט אין איין און דער זעלבער צײַט אופגעשטאַנען די גאנצע מישפּאָכע — טאַטע־מאַמע מיט אלע צוועלף קינדער... אפילע אין דרעמל לייגן זיך צונויף דאַווידלס פוכקע ליפּן אין א שמייכל: אלץ וואָלט געגאַנגען כאַדאָראָם, דער הענגלאָמפּ וואָלט זיך אזש געהוידעט.

אז דאָס זאָל ניט פּאסירן, איז אײַנגעשטעלט געוואָרן איינמאָל פאר אלעמאָל, אז דער „גענוג געדרעמלט“ קער זיך אָן נאָר צו דער מאַמען. ערשט ווען די הירזשענע קאַשע איז שוין אָפּגעקאָכט, די טיי אופגעזאָטן, גייט זי צו צו דעם טאטנס בעט און זאָגט שטיל, קוים צו הערן:

— נאָסן־עליע...

דאָס ווערט געזאָגט אזוי, ווי זי זאָל ניט זײַן זיכער, צי עס שלאָפט טאַקע אין דעם צעפּאָרע־נעם הילצערנעם בעט איר מאַן, צי גאָר אן אָנגעלייגטער אוירעך, וועמעס נאָמען זי האָט גאָר ניט פארדינט דעם קאָוועד צו אָנרופן.

דער טאַטע שלאָפט אזוי, אז עס מעג דונערן און בליצן, וועט ער זיך ניט אופכאַפּן. דער מאַמעס קאָל דערהערט ער אָבער גלײַך. ער זעצט זיך צו אָף דעם איבערבעט, גיט א גלעט זײַן קאָמעץ־בערדל און ענטפערט טאַקע, ווי אן אוירעך:

— א גוט־מאָרגן דיר, באסשעווע!

די מאַמע טוט א שאָקל מיטן קאָפּ. זי לאָזט זיך אין קיך און ברענגט פון דאָרט די הויכע מעשענע קוואָרט פאר נעגל־וואַסער. דערנאָך לייגט זי ארײַן צווישן צוויי ריפטעלעך קאָרן־ברויט א שטיקל הערינג, א ציבעלע, אמאָל א געקאָכט שטיקל פלייש, דער טאַטע זאָל האָבן אָף דער אַרבעט וואָס איבערצובײַסן. אין א פּוסט קעסטעלע פון שוועבעלעך שיט זי ארײַן א פינגערהוט זאַלץ און פארבינדט עס מיט א דינעם פאָדעם.

זי האָט נאָך עפּעס אין זינען געהאַט אים מיטגעבן, נאָר ער רופט זי:

— באסשעווע, עפּעס זע איך ניט דאָס שאַרפע מעסער אפן טיש.

— נאָ! — זי גלײַכט אויס די צעראַטע און לאָזט זיך ווידער אין קיך ארײַן.

— זעץ זיך מיט מיר עסן.

— איך בין שוין א געגעסענע, — טוט זי צו אים א שמייכל מיט אירע נאָך אלץ גלאַנצנדיקע שוואַרצע אויגן.

דעם טאַטן פארדריסט עס.

— זינט איך געדענק דיך, ביסטו שטענדיק א געגעסענע. זאָג מיר, כ׳בעט דיך, פון וואָס לעבסטו?

— רייד ניט, נאָסן־עליע, קיין נארישקייטן. איך עס, וואָס דען טו איך? איר זייט, דאנקען גאָט, בא מיר דרייצן, איז ווי זשע? זאָל איך זיך מיט יעדן פון אייך זעצן צום טיש?

געזאָגט און גלייך כאראַטע געקראָגן, זי ווייסט דאָך, אז יעדעס מאָל, ווען זי דערמאָנט די צאָל דרייצן, בלייבט בא אים שטעקן דער ביסן אין האלדז. כאָטש וואָס איז ער שולדיק? א מענטש האָט א פּאָר גאָלדענע הענט, האָרעוועט פון גאנצפרי ביז שפּעט אין דער נאכט, איי, עס סטייעט ניט? לעבן דאָך אייניקע נאָך ערגער... יאָ, זיך דערמאָנט, זי וועט אים געבן מיט זיך א פּאָר לעפּעלעך סאָדע. עס ברענט אים דאָך נעבעך שטענדיק אפן הארצן, און צו דעם רופע גינזבורג וויל ער ניט גיין. ער וויל ניט... עס רעדט זיך אזוי, ניטאָ פאַשעט די דריי גילדן אף באצאָלן. עמעס, דער רופע גינזבורג קאָן קומען צו א קאפּצן און ניט נאָר זיך אָפּזאָגן פון דעם, וואָס עס קומט אים, נאָר איבערלאָזן אייגן געלט אף א רעפּוע. אָבער איר נאָסן־עליע איז ניט פון יענע קאפּצאָנים. איז צוליב וואָס זאָל זי אים נאָך הריזען?

ווי נאָר דער טאטע מאכט צו נאָך זיך די טיר און עס דערוויי־טערן זיך זיינע טריט, נעמט די מאמע וועקן לייווין. ער ארבעט דאפקע ניט וויַט פון שטוב אין א בעקעריי. נאָר ער מוז קומען קאיאָר איינהייצן דעם אויוון. די מאמע וואָלט עס אליין גערן געטאָן פאר אים, נאָר זי האָט מוירע פאר נאָסן־עליען. אנומלטן האָט זי זיך ארויסגעכאפּט וועגן דעם מיט א וואָרט, האָט ער אזא קלאָפּ געטאָן מיט דער האנט אין טיש, אז די גלאָז טיי איז אזש אונטערגעשפּרונגען. זי האָט גאָרניט געוווּסט, אז נאָסן־עליע קאָן אזוי אין קאס ווערן. ער ווייסט ניט, אז אופוועקן לייווין איז איר שווערער, ווי איינהייצן דריי אויוונס. עס קומט איר אויס לאנג אים טאָרקען און אמאָל אפילע א דריי טאָן בא דער נאָז. דאכט זיך, שוין אופגעשטאנען, אָנגעטאָן זיך, פּונדעסטוועגן טאָר מען פון אים קיין אויג ניט אראָפּלאָזן. גייט זי אף א מינוט אוועק, ליגט ער שוין ווידער אפן קאסטן מיטן פּאָנעם צו דער וואנט.

דערפאר אָבער האָט דער ברודער מאָטל געקאָנט זיצן א טאָג מיט א נאכט איבער א סייפער און זיך ניט צולייגן אפילע אף קיין מינוט. שכיינים פלעגן זאָגן דער מאמען:

— דער איז בא אייך, באסשעווע, אן עווען־טאָוו, ער וועט אויסוואקסן א לאמדן, וואָס די וועלט האָט נאָך אזוינס ניט געזען.

די מאמע פלעגט אָפּווישן מיטן פארטעך אן אָנגעלאָפענע טרער. אָפּטער אָבער פלעגט זי אוועקשטעלן אנטקעגן מאָטלען דאָס קיילעכדיקע שפּיגעלע און מאמעש זיך בא אים בעטן:

— טו א קוק, ווי דו זעסט אויס, האָב אף זיך ראכמאָנעס. וויפל איז דער שיר שמאכטן איבער דער געמאָרע, וויניק דיר דאָס לערנען אין דער יעשיווע? פאָלג מיך, לייג זיך שלאָפן.

...דאָווידלס ערשטער פארדראָס אף כאים־בערן: קוים איז ער בעקויעך אופוועקן א גאנצע וועלט, איז פארוואָס זאָל ער ניט צוליב טאָן דער מאמען און ניט מאכן אזוי, אז מאָטל זאָל, ווי אלע מענטשן, זיך לייגן שלאָפן צו דער צייט?

דאָווידל לאָזט זיך צום עק הויף, וווּ עס ליגן צונויפגעלייגט דער באַלעבאָסטעס ברעטער, בערווענעס, ארומגעבונדענע מיט גראָבן דראָט. ער פּויזעט אף אלע פיר, ביז ער דערקלייבט זיך אין זיין קיניגרייך. צווערשט קאָן זיך אויסדאכטן, אז דאָ איז שטאָק־פינצטער, נאָר אויב דו וועסט איין אויג צומאכן איינגאנצן און דאָס צווייטע האלטן האלב אָפן, וועסטו זען, ווי עס גאנוועענען זיך אהער אריין פון דרויסן דינע פּאסיקלעך שיין און אין זיי דרייט זיך א קאראהאָד לויכטנדיקע שטויבעלעך. ווילסטו, קאָנסטו האלטןביידע אויגן אָפן, נאָר דעמלט דארפסטו צושטעלן צו איינעם א גרין גלעזעלע און צום צווייטן א רויטס. קוקסטו אין גרינעם — ווייזט זיך דיר אויס, אז אלץ ארום איז פארצויגן מיט א גרויסער שווארצער כמארע און אָט־אָט וועט א גאָס טאָן א שלאקס־רעגן, א מאבל, און דאן וועט ער, דאָווידל, מאכן אפגיך פון די קלעצער א פליט (גרויסע צוועקעס, א העמערל, א צעבראָכענע וועסלע און אפילע צוויי פעקלעך שוועבעלעך זיינען שוין בא אים פון לאנג פארגרייט). קוידעמקאָל וועט ער ראטעווען די מאמע מיט איר גרויסן שווארצן טשוהון, אָן וועלכן זי וועט זיך ניט וועלן רירן פון אָרט. דערנאָך דעם טאטן מיט זיינע אינסטרומענטן, די שוועסטער, די ברידער (מיט לייווין וועט ער זיך נאָך א רייץ טאָן), דערנאָך כאים־בערן, ער זאָל קאָנען אויך ווייטער וועקן די וועלט. אוודע וועט די באַלעבאָסטע פון הויז פּאָדערן פאר זיך דעם אויבנאָן, נאָר דאָס בעסטע אָרט וועט ער אָפּטרעטן דעם פעטער ניקיפּאָר, וואָס ברענגט אים קימאט יעדן טאָג עטלעכע קליינע פלאָטעצעס. בלויז אים אין די הענט וועט ער איבערגעבן די וועסלע. ניקיפּאָר וועט זיין דער קאפּיטאן, און ער, דאָוויד, זיין געהילף.

ראָכעלעס מאן, איסערל דעם זאיקע, וועט ער אויך מיטנעמען. יענער טרינקט זיך אפילע אף דער יאבאָשע, וואָס זשע וועט שוין זיין מיט אים בייס א מאבל? עמעס, אָן דעם ווייבס האסקאָמע וועט ער דערטרונקען ווערן און ניט וואגן זיך אָנכאפּן אפילע אין א שטרוי. נאָר מיילע, דאָווידל וועט צוווארטן, ביז ראָכעלען וועט דערגיין דאָס וואסער צום האלדז, און דאן וועט ער א שפּיי טאָן דורך די ציין און א געשריי טאָן:

— קריך, שלאָק, אפֿן פּליט און געדענק, מער זאָלסטו קיינמאָל זיך ניט טשעפּען ניט צו מיר און ניט צו איסערן!

ווארט נאָר, ווארט, ווער קריכט עס נאָך אהער? דאָס קאָן זײַן נאָר פּוגע. מאכטייסע, זאָל דאָס הינטל אויך א ביסל האנאָע האָבן פֿונעם לעבן. דאָווידל שטעלט צו דאָס רויטע גלעזעלע צו פּוגעס אויג.

— זעסט, פּוגע, עס ברענט! לאָמיר לויפֿן לעשן די סרייפֿע.

נאָר וואָס פֿארשטייט א הינטל, אפֿילע אזא, ווי פּוגע? עס טוט א לעק דאָווידלען דעם פֿארשטויבטן באָרוועסן פֿוס, און גלײַך ווערט אויס מאבל און אויס סרייפֿע. באביידן נאָגט און־טערן הארצן. אוי, ווי עס ווילט זיך עסן! ווען דאָווידל האָט איצט דאָס פֿארטריקנטע ריפּטל ברויט מיט קנאָבל, וואָס ער האָט נאָך נעכטן אופֿגעגעסן!

דאָווידל נעמט ארויס פֿון קעשענע זײַן בלעכן פּושקעלע. דאָס דעקעלע פֿארמאכט זיך ניט, עס פֿארוקט זיך. דאָרט געפֿינען זיך אין געפּענקעניש עטלעכע גרויסע, זלידנע פֿליגן און צוויי געשייַערטע מעשענע קנעפּ, וואָס ער קלײַבט זיך אויסבײַטן אף א שטיקל ברויט, באשאָטן מיט מעלעך. צום אויער צולייגן דאָס קעסטעלע פֿארשפּאַרט ער. מע הערט אפֿילע פֿונדערווײַטן — זיי זשומען, די פֿליגן. ווײַזט אויס, זיי יאָגן ארום אין דער פֿינצטערניש, און דערפֿאר וואַרפֿט עס מיט די קנעפּלעך, ווי אין קאדאָכעס.

פֿון צווישן די קלעצער שלעפּט דאָווידל ארויס א האלב־פֿארטריקנטן קוסט מיט קאלאטשי־קעס. די קאלאטשיקעס זײַנען גרייטע רעדעלעך. שטעכלקעס, וואָס וואקסן געווייינלעך באם פּלויט אָדער ערגעץ־ווו אין א ווינקל, האָט ער דאָ אויך. הײַנט ווער ווייסט ניט, אז יעדער שטעכלקע קאָן ווערן אן אקס, א דישל. צוויי קאלאטשיקעס מיט א שטעכלקע — א בײַדארקע. פֿון פֿיר קאָן מען שוין מאכן א וואָגן, אָדער גאָר א פֿאעטאָן. מאכט ער אן ארויספֿאָר אף גאנצע זעכצן רעדער. אָט דעם געשפּאַן וועט ער באלד לאָזן אף ראָכעלעס פֿענצטער. אויב כאַים־בער וועט שטיין דערבײַ, ארט עס אים אויך ניט. אדעראבע, זאָל ער קוקן און מעקאנע זײַן. בא אים, בא דאָווידלען, סקריפּען ניט די רעדער און די פֿליגן טראָגן זיך אָן א „וויאָ, נעווילע, געגוג געדרעמלט!"

...פֿון יענער צײַט איז שוין אוועק א יאָר מיט א מיטוואָך. אַלינאָווע האָט געקויפֿט נאָך א הויז. בא ראָכעלען האָט שוין צוביסלעך געגומען וואקסן א גוידער. נאָר ווי פֿריִער, האָט זי א טעווע זיך אונטערגאָנוועגען שטילערהייט אף די שפּיץ פֿינגער צו א פֿרעמדער טיר, און ווי אפּצולאָכעס גראָד דאָן, ווען זי וואָלט געמעגט זײַן אין אן אנדער אָרט.

כאַים־בער האָלט זיך אין איין קלאָגן, אז עס ברעכן אים די קרײַזשעס. דער רופֿע גינזבורג זאָגט, אז דאָס איז אישיאס. עס טרעפֿן טעג, ווען דער באלעגאָלע קאָן זיך פֿון געלעגער ניט אופֿהייבן, נאָר מיילע, ער האָט שוין אזוי צוגעווינט די וועלט, אז זי שטייט יאקאָס אוף אָן אים.

דאָווידל איז שוין אלט גאנצע זיבן יאָר. איצט איז ער ניט אף קאטאָוועס א פֿארנומענער מענטש. אפֿילע ראָכעלע האָט באמערקט, אז עפּעס איז דער טאכשיט מיטאמאָל סטאטעטשנע געוואָרן: ער כאַפּט מער ניט קיין פֿליגן, לאָזט ניט קיין זייפֿן־בלאָזן, יאָגט ניט קיין פֿרעמדע טויבן. נאָר די מאמע האָט געזען גאָר עפּעס אנדערש — דאָס אָנטאָן אף דאָווידלען האָט אופֿגע־הערט אזוי צו ברענען. ווער האָט עס פֿריִער געקאָנט גלייבן, אז דאָס איינציקע פֿארלאטעטע אָנצוגל וועט ער טראָגן וואָכנווײַז און עס וועלן ניט צוקומען קיין נײַע לעכער, אז פֿון די סאנדאַ־ליקעס, וואָס מע האָט זיי פֿאריכט נאָך פֿאר פּייסעך, וועלן ניט ארויסקוקן די פֿינגער?

טאטע־מאמע האָבן געוווּסט, אז זייער מיזיניק כאווערט זיך מיטן פֿישער ניקיפֿאָר. אָבער אז יענער האָט געבראכט דאָווידלען א פּאָר לאנגע פּלודערן, א כאקי־העמדל און אז דאָווידלס היימיש אָנטאָן ליגט צונויפֿגעלייגט און ארומגעבונדן מיט די שלייקעלעך, — דאָס האָבן זיי, פֿארשטייט זיך, ניט געקאָנט וויסן.

דער דניעפּער איז נאָך פֿארהילט אין א געדיכטן נעפּל פֿון באנאכטיקן טוי, נאָר ניקיפֿאָר מיט דאָווידלען הוידען זיך שוין אפֿן שמאָלן שיפֿל. הײַנט, האָפֿן זיי, וועט זיך זיי אײַנגעבן כאַפּן א פֿולן קויש מיט פֿיש. פֿארוואָס גראָד הײַנט? דערפֿאר, זאָגט ניקיפֿאָר, ווײַל עס איז נאָך זייער פֿרי, ווײַל דער ווינט בלאָזט פֿון דאָרעם און ווײַל אף פֿארנארן די פֿיש האָבן זיי א וועלט מיט נאשערײַען. אין פּושקעס פֿון קאָנסערוון ליגן ווערעם, קײַלעכלעך פֿון טייג און פֿון ברויט און אפֿילע געקאָכטע ווייצענע קערנער. בלײַבט בלויז אויסזוכן א רעכט אָרט. ניט נאָר ניקיפֿאָר, נאָר אפֿילע דאָווידל ווייסט, אז אף אזא גרויסן טײַך, ווי דער דניעפּער, איז בעסער זיך פֿארקלײַבן אין א שמאָל ערטעלע, נעענטער צו די קעסל־גריבער, צו די פֿארטרונקענע קוסטעס און שטיינער.

זיי זײַנען שוין העט־ווײַט, און אין קויש ווארפֿן זיך ערשט עטלעכע קליינע שלײַענס, קאָ־רעסלעך, צוויי העכט און איין קארפּ. ניקיפֿאָר גלײַכט אויס די פּלייצע. ער נעמט ארויס דאָס טאָר־בעלע מיט מאכאָרקע, שטאָפּט אָן דעם ציבעק, טוט א גלעט די פֿארגעלטע וואָנצעס און זאָגט:



— דאַווידקאָ, הייַנט איז טאַקע זונטיק, נאָר וואָס טויג אונדז דאָס קלינגען אין די גלעקער, אויב עס איז ניט יאָמטעוו. זעץ זיך, ברודערקע, צו די וועסלעס און הייַדא צו אַלעשקאָווער וואַלד.

אַליין נעמט זיך ניקיפאָר פאַר דער באַלאַלייַקע. דער טייַך און דער ארום ווערן פול מיט קלאַנגען. דאַווידל הערט אויף צו רודערן, קעדיי קיינעם ניט שטערן הערן, ווי ניקיפאָר זינגט.

אין וואַלד האָבן זיי אַן אייגן אָרט. די פיש קאָכן זיך שוין. דאַווידלס אָנטאָן איז נאַס, רוקט ער זיך נעענטער צום פייַער. ניקיפאָר שמייכלט:

— טו זיך אויס, שעם זיך ניט. הענג אויף די זאַכן אויף די קוסטעס.

אָפּגעגעסן צו זאַט, ליגן זיי און הערן זיך איַין, ווי די ביימער שושקען זיך. בלויז פונדערווייַטן דוכט זיך, אַז די ערד אין וואַלד איז באַדעקט מיט אַ גרינעם טעפּיך. אַז מע קוקט זיך איַין פון דער נאָענט, זעט מען צווישן די גרינע שפּראָצונגען פאַרטריקנט גראָז, געלע נאָדלען, פאַרוועלקטע בלעטער, אַראָפּגעפאַלענע צווייַגעלעך, סאָסנע־בערעלעך. דער ווינט האָט געבראַכט אַהער אַ ברוין בלעטל, עס דערמאָנט אין אַ דלאָניע פון אַ זאַקן. עס האָט זיך נאָך ניט צעוואַקסן ווי געהעריק, נאָר עס איז שוין דורכגעלעכערט אין עטלעכע ערטער און עס סטאַרטשען בײַ דעם די אָדערן. עטוואָס ווייַטער וואַקסט נידעריק בײַ דער ערד אַ געדיכט קישעלע מאָך. דאַווידל פּוילט זיך ניט און לאָזט זיך אַהין. ער בייגט זיך אָן און צופּט אָן אַ פולע זשמעניע. אין האַנט בײַ אים — אַ צעפּלאָנטערטער קנויל גרינלעכע און ווייַסע פּעדעמלעך. נאָך אַ זשמעניע — און דער מאָך איז שוין ענלעך אויף לאַנגע בערדיקע וואַסער־געוויקסן. ער טרעט מיט די באָרוועסע פּיס אויפן מאָך — ס'איז ווייך און קיל.

פון די נאָדל־ביימער רינט דער זאַפט, וואָס שמעקט מיט סקיפּידאַר. אויף איין צווייַגל פון אַ יאָדלע איז אויסגעוועבט פון שפּינוועבס אַ מין בעטל. אויף אַ צווייטן — אַ פּיצינקע ווייַסע שישקע. פון איר שטעקן אַרויס העל־גרינע נאָדלען. אויף אַ פּיריי־גרעזל, וואָס זעט אויס, ווי אַ קליינינק סאָסנעלע מיט גרינע צווייַגעלעך, פּויזעט אַ גאָטס קיעלע. דאַווידל וויל אַרויסרייַסן דאָס גרעזל, נאָר עס נעמט זיך גאָר אַרויס, ווי פון אַ שיידל. ערשט ווען דאָס באַשעפעניש האָט דערשפּירט, אַז עס דראָעט דעם אַ געפאַר, נעמט זיך עס רוקן ווי אַן אַלטע באָבעשי אַהין און צוריק פון איין עק גרעזל צום צווייטן. אָט איז עס אַריבערגעקראָכן אויף דאַווידלס האַנט. וויפל האָט ער זיי

שוין געהאַלטן אין די הענט, די דאָזיקע ציקאַווע קיִעלעך, נאָר ערשט איצט באַמערקט ער, אַז אַף די פֿליגעלעך פֿאַרמאָגט עס צו דרײַ קײַלעכדיקע שוואַרצע כײן־פּינטעלעך. אַלע רעגע שטעלט זיך עס אָפּ, בייגט אײַן מיט די פֿאָדערשטע פֿיסלעך דאָס קעפּל אַזוי, אַז עס דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט זיך עס אָפּרײַסן. קאָן זײַן, אַז דאָס גאָטס קיִעלע וואַשט זיך. וויפֿל איז אָבער דער שיר? געַנוג! ער קערט עס איבער אַף דער פּלייצע. עס באָמבלט זיך אומבאַהאָלפֿן און דריגעט מיט אַלע זעקס פֿיסלעך. הער אַ מײַסע! אַ באַשעפֿעניש, וואָס פֿאַרמאָגט אַזאַ זעלטן שיינעם פּאַנצער — פֿון אויבן אַ גלאַנציק רויטן, פֿון אונטן אַ פּעך שוואַרצן און נאָך אַ פּאָר פֿליגעלעך דערצו, זאָל זיך גאָר ניט פֿרווון ראַטעווען.

— טו עס אַ שטאָך מיט אַ סאָסנע־נאָדל! — לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ניקיפֿאָר נעמט פֿון אים קיין אויג ניט אַראָפּ. — ווי געפֿעלט עס דיר? פֿאַרמאָגט פֿליגעלעך און פֿליט ניט. אָט אַ פּאַכדן. דאַווידקאָ, מיינסט, אַז עס זײַנען ניטאָ אַזעלכע מענטשן? געווען בײַ אונדז אין פֿאָרט־אַרטור אַף דער שיף, ווו איך האָב געדינט, אַזאַ אָפֿיצער. איינמאָל האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און געזאָגט צו אים: „הער אָפֿיצער! מיט אַזאַ פֿאַרזיכטיקייט װעלן מיר דאָך אַפֿילע קיין קאַליוזשע ניט אַריבערשווימען“. ווען ניט מײַנע כאַווײרים די מאַטראָסן, וואָלט איך דאַן שלעכט אָפּגעשניטן.

דאָווידל זעצט זיך צו נעענטער צו ניקיפֿאָרן. אָנעם העמד זעט יענער אויס, ווי ער וואָלט געווען פֿון אײַנע מוסקולן. איצט איז צו זען, ווי פֿאַרברוינט עס איז זײַן געשטופּלט פּאָנעם. אַפֿן רעכטן אַקסל — אַ פֿאַרצויגענע ווונד. ער ליגט ניט ווײַט פֿון אַ זאַמד־בערגל, וואָס איז אָנגעשפּיקעוועט מיט מורעשקעס. דאָווידלען ווילט זיך, אַז ניקיפֿאָר זאָל אים נאָך דערציילן וועגן זיך, וועגן זײַנע כאַווײרים די מאַטראָסן. האָט זיך אָבער ניקיפֿאָר גאָר פֿאַרקוקט אַף די מורעשקעס. אויב אַזוי, וועט דאָווידל זיי באַלד צעטאָפּטשען מיט די פֿיס. לאָזט אים ניט ניקיפֿאָר:

— דו מיינסט, אַז דאָס לויפֿן זיי אַרום הין און צוריק גלאַט אַזוי? דאָס פֿויזען טרעגער, וועכטער, בויער, וועבער, יעגער, פּאַסטעכער. גלייבסט ניט? איז קוק זיך אַליין צו. מורעשקעס זײַנען פֿאַראַן טויזנטער מינים. איין מוראַווייניק פֿאַרגיכטעט אַ וועלט מיט שעדיקער. טאָר מען זיי, דאַווידקאָ, ניט טשעפּען. וואָס שווײַגסטו?

דאָווידל צעלאַכט זיך. שיין וואָלט ער אויסגעזען אין ניקיפֿאָרס אויגן, ווען ער דערציילט אים, וועגן וואָס ער האָט אַ קלער געטאָן: ווען עס וואָלט אַפֿדערעמעסן געווען אַ מענטש, וואָס וועקט די וועלט, וואָלט עס געווען ניט דער באַלעגאָלע כאַים־בער, נאָר ניקיפֿאָר. אַלץ קען ער, דער מאַטראָס, אַלץ ווייסט ער. אַלץ? ניין! ווי שטאַרק ער, דאָווידקע, האָט אים ליב — דאָס ווייסט ניקיפֿאָר ניט.

## מיטן קאָפּ אַראָפּ



כאָפּטע יִינגלעך לויפֿן באַרג־אַרויף, איבעריאָגנדיק איינער דעם אַנדערן. העט הינטן איז פֿאַרבליבן דער אַלעקסאַנדער־פּאַרק, און אָט איז שוין דער מאַרק־פּלאַץ, דער פֿײַערלעשער־טורעם, אַנטקעגן וועלכן מע בויט וואָלאָשינס „אײַזערנעם צירק“.

פֿאַרסאָפּעטע און פֿאַרשוויצטע שטייען זיי, די יִינגלעך, און גלייבן ניט די אייגענע אויגן. עמעס! אַלץ, וואָס עלעק דער ליגנער האָט געזאָגט, איז עמעס. כעוורע זוכן אים מיט די אויגן, נאָר עלעק האָט ניט געסטײַעט. איינס פֿון די צוויי — אָדער ער שלעפּט זיך נאָך ערגעץ, דער פּעמפּיק, אין פּאַרק, אָדער מע האָט אים שוין אַזוי אײַנגערעדט, אַז ער איז אַ ליגנער, אַז ער גלייבט זיך אַליין ניט.

אַ בלאָנדער יונגערמאַן אין געקעסטלטע הויזן גיט זיי גרויסע עמער און ווײַזט אָן, פֿונוואַנען זיי דאַרפֿן טראָגן אַהער שוואַרצע ערד און זעגעכץ.

— אַרבעט, — זאָגט ער, — וועט קלעקן פֿאַר אַלעמען אַף גאַנצע צוויי טעג.

פֿון אָנהייב האָט זיך דאָווידל געבעטן: „שיט אָן נאָך אַ לאָפּעטע“. און מיטן פֿולן עמער איז ער ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿן. איצט טראָגן זיי שוין אינצווייען איין עמער און קאָנען זיך ניט דערוואַרטן, ווען דער „געקעסטלטער“ וועט זאָגן: „האָדי, מער דאַרף מען ניט“.

דער געקעסטלטער אָבער האַלט נאָך ניט דערבײַ. ער איז פֿאַרהאַוועט, פֿאַרטראָגן. איינעם שטופּט ער אונטער, אַף אַ צווייטן שרײַט ער. הײַנט וואָס פֿאַראַ ווערטער! גיי ווייס, אַז אַ פּאַרקן הייסט בײַ אים „באַריער“. דער פּלאַץ, אַף וועלכן זיי שיטן די ערד און וועלכער איז ענלעך אַף אַ גרויסער שאָל, — „אַרענע“ אָדער גאָר „מאַנעזש“. אַז ער ווערט רעכט אין קאַס, כאַפּט ער אַ בײַטש און טוט זי אַ טרייסל: „דו זעסט דעם שאַמבאַריער!“

ווען אַלץ איז געווען גרייט און דער ברעזענט איז שוין געווען אָנגעצויגן אַפֿן אײַזערנעם

קאַרקאַס, איז דער געקעסטלטער מיטאַמאָל נעלעם געוואָרן. מע האָט אים געזוכט, גערופֿן, נאָר יענער איז ווי אין וואַסער אַרײַן. דאַן איז מען אַוועק צו וואָלאַשינען — דעם באַלעבאָס פֿון צירק. וואָלאַשין האָט מיט אַלע פֿינף פֿינגער אַ קעם געטאָן זײַנע געדיכטע האָר און פֿאַרכידעשט אַ פֿרעג געטאָן:

— איר זאָגט — אַ בלאָנדער? אין געקעסטלטע הויזן? צום ערשטן מאָל הער איך וועגן אַזאַ קאָמעדיאַנט.

איז געוואָרן אַ טומל, אַ געפּילדער, און דאָ האָט וואָלאַשין שוין ניט אָף קאַטאָוועס זיך צעבייזערט:

— שנעקעס, — האָט ער זיך צעשריִען, — ווער האָט אײַך גערופֿן אַהער? מײַנע אַדלערס ספּראַוון זיך מיט דער גאַנצער אַרבעט פֿאַר עטלעכע מינוט, און דאָ האָט עפּעס אַ לעץ צונויפֿגעטריבן אַ גאַנצע כאַליאַסטרע, און דו צאָל זיי. גייט פֿונדאַנען!

שוין באַם אַרויסגאַנג האָט ער זיי אָפּגעשטעלט און מיט אַ ווייך קאָל געזאָגט:

— אָט וואָס, קינדער! זאָל צו מיר אַרײַנקומען אײַער כאַוער, עלעק, דאַכט זיך, הייסט ער, וועל איך אים געבן צען קאָנטראַמאַרקעס. נו, איצט זײַט איר צופֿרידן?

אָט ווען זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן, אַז עלעק האָט געוווּסט: פֿאַר דער אַרבעט וועט מען זיי קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט באַצאָלן.

לאַנג האָט מען זיך געקײַעט, און מע האָט באַשטימט: זאָל זײַן פֿון אַ כאַזער אַ האָר: מע וועט כאַטש אַ קוק טאָן, וואָס פֿאַראַ קונצן זיי באַווײַזן. און נאָך האָט מען זיך צונויפֿגערעדט, אַז די צוויי כעווּרע, וואָס וועלן גיין צו עלעקן נאָך די קאָנטראַמאַרקעס, זאָלן אים גוט אָנבייקערן די ביינער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז צו באַסשעווען געקומען עלעקס מאַמע, פּייגע די קורעלאַפּניטשקע, מיט אַ געוויין, אַז איר בעניאַכיד עלעק איז געפֿערלעך קראַנק. אינמיטן העלן טאָג איז אָף אים אָנגעפֿאַלן אַ באַנדע, און דאַווידל האָט אים שיִר ניט אויסגעהאַקט אַן אויג.

— גאָט איז מיט אײַך, פּייגע, וואָס הייסט מײַן דאַווידל איז אָנגעפֿאַלן מיט אַ באַנדע אָף אײַער זון?

— זע נאָר, מיט אַ גוט וואָרט וויל זי מיר פֿאַרקויפֿן שלעכטע סכוירע. וואָסי, איר גלייבט מיר ניט? איז עפּשער זאָל איך טאַקע גיין צום ראַוו, אָדער גאָר צום גאָראָדאָוואָי?

פֿאַרן מאַלעך־האַמאָוועס האָט באַסשעווע אַזוי ניט מוירע געהאַט, ווי פֿאַרן גאָראָדאָוואָי. איינמאָל איז דער רויציייעך מיט די מעשענע קנעפּלעך שוין געקומען צו איר אין קעלער זוכן בא די קינדער פֿאַרבאָטענע ביכלעך. דעם טאָג וועט זי געדענקען, וויפֿל זי וועט לעבן. און דאָך האָט זי אַ קנייטש געטאָן מיטן אַקסל און שטיל געענטפֿערט:

— קינדער שפּילן זיך, קינדער קריגן זיך. הײַנט צעפּאַטשט מען זיך און מאָרגן איז מען ווידער כאַוער. דאַווידל איז אָף אַ קאָפּ נידעריקער פֿון עלעקן, ווי זשע האָט ער אים געקאָנט שלאָגן?

— „ווי האָט ער אים געקאָנט שלאָגן?" — האָט פּייגע אַזש אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט. — עפּשער וועט איר נאָך שווערן, אַז דאַווידל האָט אים ניט אָנגערירט? צי איר וועט גאָר זאָגן, אַז מײַן עלעקל האָט זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אַ גוליע אונטערן אויג?

— מאַמע, שווער זיך ניט! — האָט דאַווידל נאָך פֿון דער שוועל אויסגעשריִען. ער איז אַרײַנגעלאָפֿן אין שטוב און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דער מאַמען. — עלעק איז אַ ליגנער, ער האָט אונדז אַלעמען אָפּגענאַרט. און איך האָב אים טאַקע געשלאָגן. עמעס, ניט אין אויג, נאָר אין... מער וועל איך מיט אים קיין כאַווער ניט זײַן. הערסט, קיינמאָל ניט!

אַוואַדע האָט ראָכעלע אַלץ אונטערגעהערט. ווי נאָר פּייגע איז אַוועק, האָט זי גלײַך אַרײַנגעשטעקט די נאָז אין אַלקער און, ווי איר טעווע איז, געפּרוווט צוליִיגן אַ קנייטל:

— באַסשעווע־לעבן, אויב איר ווילט ניט, אַז אײַער קינד זאָל זיצן הינטער די גראַטעס, איז שווײַגט אים ניט. איך זע שוין לאַנג, אַז דאָס וואַקסט אַ קאַטאָרזשניק.

באַסשעווע האָט אופֿגעהויבן איר פֿויסט און אים גלײַך אַראָפּגעלאָזט.

— פֿריִער בעט באַם אייבערשטן, — האָט זי געזאָגט, — ער זאָל דיר מויכל זײַן דײַנע זינד און דו זאָלסט וואַרט זײַן האָבן קינדער, און דערנאָך וועסטו קומען מיט דײַנע אייצעס... און איצט פּאַרנעם זיך פֿונדאַנען און גיס ניט קיין בוימל אין פֿײַער. גיי!

דערנאָך האָט זי אַוועקגעלייגט די האַנט אָף דאַווידלס אַקסל, אים אַ צי געטאָן צו זיך און כאַלילע ניט געשלאָגן, ניט געדראָעט, נאָר מאַמעש זיך געבעטן:

— נאַרעלע, ווייסט דען ניט, אַז מע טאָר קיינעם ניט פֿאַרשאַפֿן קיין ווייטעק? אויב דו מוזט שוין יאָ עמעצן אָפּענטפֿערן, האָט דיר גאָט געגעבן אַ קאָפּ אָף די פּלייצעס און אַ צונג אין מויל. ניט צוליב דעם זײַנען די הענט. זאָג מיר, דאַווידל, צו, אַז דו וועסט זיך מער קיינמאָל ניט שלאָגן.

— גוט, מאמע, — און שוין פון יענער זײַט טיר: — אויב מע וועט מיך ניט נאַרן.

נאכט. אַלץ זעלטענער און זעלטענער דערטראָגט זיך אהער, אין קעלער־שטוב, דער אָפּהילך פון אײַלנדיקע טריט פון פאַרשפּעטיקטע דורכגייער. אפילו אין זאַל בא אַלינאַווען איז שוין אויס־געלאָשן די שײַן. ס׳איז שטיל אין גאַס. שטיל אין הויף. נאָר דער אַלטער וואַנטזייגער לאָזט זיך הערן.

דאָווידל ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן און קאָן ניט אנשלאָפן ווערן. אזוינס האָט נאָך מיט אים קיינמאָל ניט געטראָפן. ניט נאָר אַף דער וואָר, נאָר אפילו אין כאָלעם האָט ער ניט געזען, אז קינדער זאָלן גיין אַף די הענט. און אַלע זײַנען זיי ווי פּרוזשינעס: ווילן זיי — פליען זיי אינדער־לופטן, ווילן זיי — וואַרפן זיי זיך און דרייען זיך אין א ווילדן קאַראַהאָד. דערבײַ שרײַען זיי עפּעס. ווײַזט אויס, אז טאַקע אין דעם געשריי שטעקט דער קונץ. מאָרגן, ווען ער וועט ווידער זײַן אין צירק, מוז ער זיך דערוויסן דעם סאָד. ער וועט זיך שוין גוט צוהערן, וואָס זיי שרײַען, און דאַן...

לאָזט זיך אויס, אז דעם טאַטנס אַלטע שינעל בײַסט זיך. די צעמאַלטע שטרוי אין זאַק, אַף וועלכן דאָווידל ליגט, סטאַרטשעט אַרויס פון די לעכלעך און שטעכט. ס׳איז שוין גאָר ניט אזוי שטיל, ווי אים האָט זיך געדוכט. ערגעץ גרילצט א גריל. דער טאַטע כראָפּעט. מאָטל שרײַט פון שלאָף, און די מאמע לאָזט אַלע מאָל אַרויס א טיפן זיפץ.

וואָלט בא אים עמעצער פריִער געפרעגט, מיט וואָס איז בעסער די נאכט פונעם טאָג, וואָלט ער זיך אַף קיין רעגע ניט פאַרטראַכט און גלײַך געענטפערט: מיט דעם, וואָס באנאכט ווילט זיך ניט עסן. איצט איז שטאָק־פינצטער, און אוי ווי ס׳ווילט זיך אים עסן!.. אויב אזוי, ווייסט ער שוין גאָר ניט, צוליב וואָס דאַרף מען זי, די נאכט.

דורך דעם שטיקל פאַרגראַטעוועטן פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אַף א טויבער וואַנט, זעט ער, אז עמעצער אין דרויסן האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע. ווידער פינצטער. נאָר אַלעמאָל טוט א בלאַנד א פײַערל פון א פּאַפּיראָס. עפּשער איז עס ניקיפאָר? הײַנט איז שוין דער פערטער טאָג, אז זיי האָבן זיך ניט געזען, קאָן ער דאָך ווער ווייסט וואָס איבערטראַכטן. נארישקײַטן. פונדאַנען צו ניקיפאָרס הויז איז פאָלג מיך א גאַנג! איז וואָס וועט ער זיך אינמיטן דער נאכט שלעפּן אהער?

דאָווידל באַטראַכט זיך, אז אַלציינס דאַרף ער פאַריכטן דאָס געלעגער, לאָזט ער זיך שטיל צום פענצטער. הייבט זיך אויף אַף די שפּיץ פינגער, און אָט האָסטו דיר! מע קושט זיך... מע שושקעט זיך, מע שושקעט זיך, און מע נעמט זיך ווידעראַמאָל קושן. ווער דאָס איז, זעט ער ניט, נאָר וואָס איז אים די נאַפּקעמינע? באַלד וועט ער אנשלאָפן ווערן.

ער דעקט זיך אײַן מיט דער שינעל איבערן קאָפּ און לאָזט א קליין שפּעלטעלע אַף צו כאַפּן לופט. ווען ער איז געווען נאָך גאָר א קלײנינקער, האָט ער ליב געהאַט שפּילן אין באהעלטעניש. איינמאָל האָט מען אים מיט א טיכל שטײַף פאַרבונדן די אויגן און געהייסן צוערשט ציילן צען מאָל צו צען און דערנאָך גיין זוכן. האָט ער אזוי טאַקע געטאָן. ער האָט זיך פּאַמעלעך אראָפּ־געלאָזט אַף די קני, זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און ציילנדיק אנשלאָפן געוואָרן.

זאָל ער איצט פּרוּוון ציילן? עפּשער וועט דאָס העלפן? אָבער וואָלאָשין גייט אים ניט אַרויס פון קאָפּ. אוך, ווי ער זיצט עס אַפן זאָטל! שפּרינגט אראָפּ און אַרויף! נאָר וואָס וואָלאָשין? די גאַנצע כאַכמע ליגט אין די פערד. אַף זיי איז ער, דאָווידל, דאָך אוודעי א מייוון! ווער האָט עס געזען, אז פערד זאָלן אזוי טאַנצן, האַלטן אזוי הויך דעם האַלדז, לויפן אין גאַלאָפּ און גלײַך בײַטן די פיס, זיך שטעלן אַף די קני און זיך בוקן? וואָס מיינען די מוזיקאַנטן, זיי וועלן אים אָפּנאַרן? ניט זיי קאָמאַנדעווען מיט די פערד, נאָר זיי שפּילן דאָס, וואָס די פערד ווילן. דאָס קישעף־שטע־קעלע איז ניט בא דעם, וואָס פירט אָן מיטן אָרקעסטער, נאָר טאַקע פאַרט בא וואָלאָשינען. איצט ווייסט ער שוין, וואָס עס הייסט א שאַמבאַריער, מיט וועלכן דער געקעסטלטער האָט זיי געסטראַשעט.

אין טעלער ליגן עטלעכע קאַלטע קאַרטאָפליעס. דאָווידל האָט זיך מיט זיי אָפּגעפאַרטיקט איינס און צוויי, און ס׳האָט געהאָלפן בעסער, ווי דאָס ציילן. ער איז טאַקע גלײַך אנשלאָפן געוואָרן.

ס׳האָט געפאַליעט א טאַמעוזדיקע היץ. דאָווידל איז געווען רויט ווי א צוויק. ער האָט שווער געאָטעמט. די הענט זײַנען געווען צעדראַפּעט. אַף איין ווײַלע האָט ער זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט. מיט די אויגן געמאָסטן, וויפל ער איז דורכגעגאַנגען. וויניק! הײַנט איז שוין דער דריטער טאָג, ווי ער לערנט זיך גיין אַף די הענט. פון אָנהייב האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט די פיס אין דער וואַנט, דערנאָך געמאַכט דעם ערשטן ניט זיכערן שפּאַן, הײַנט שוין פופצן נאָכאַנאַנד. יאָ,

ווייניק. ער מוז זיך אויסלערנען דורכגיין אױף די הענט דרײַסיק שפאַן. דרײַסיק, ווײַל די קינדער, וואָס טרעטן ארויס אין צירק, גייען אזוי פון איין עק טעפּיך צום צווייטן. ער האָט שוין ניט איין מאָל געציילט: דרײַסיק מאָל שטעלן זיי איבער די הענט.

פון דעם קריגל, וואָס ער האָט געבראַכט אהער, גיסט ער אָן אין דער זשמעניע וואסער. טוט א שווענק דאָס צעהיצטע פּאָנעם, רוקט אָן דעם קאשקעט מיט דעם צעבראָכענעם קארטאָנענעם דאשעק אױפן שטערן, און, ניט געקוקט אױף דער מידקייט, הייבט ער אָן אלץ פון אָנהייב.

— וואָס טוסטו דאָרט, דאָווידל?

אָט האָסטו דיר, ווער האָט עס געבעטן די מאמע, זי זאָל אומגעריכט ארויסקוקן פון פענצטערל?

— איך? גאָרניט.

— זע, דו זאָלסט זיך ניט צענעריקן.

עס ברעכט אים טאַקע גוט די פּלייצע. נאָר פונוואנען ווייסט זי עס? עפּשער טאַקע ניט געדארפט געווען שלאָגן עלעקן? אָט האָט ער אליין דאָך נאָרוואָס אָפּגעטאָקט א ליגן. דאָס איז אָבער גאָר פון אן אנדער סעדרע. ווען מע וועט אים צונעמען אין צירק, וועט ער דער מאמען דער ערשטער דערציילן וועגן דעם. זײַן „מאנעזש" וועט איצט זײַן א ביסל ווײַטער פון פענצטער. עמעס, אהין קוקט ארײַן די זון מיט איין אויג, נאָר עס מאַכט ניט אויס.

דער גרויסער מארק-פּלאַץ איז פול געפּאַקט מיט מענטשן, וועגענער, סכוירעס.

דאָווידל איז צוגעווינט צו דעם הו-הא. ניט איין מאָל האָט ער דאָ א הונגעריקער געטאנצט פאַר א שטיקל ברויט צי פאַר א פּאָר גראָשן. באזונדערס פּײַנט האָט ער די מויכער-טוּוועניקעס און די ליוועראנטן. צווישן זיי וואָלט אפילע עלעק געווען א צאדיק. זיי דינגען זיך פאַר א קאָפּעקע און נארן אָפּ אױף א הונדערטער. אינמיטן העלן טאָג קאָן איינער באגאזלענען א צווייטן. דערפאַר פּרווו נאָר א כאַפּ טאָן בא א סעדעכע א ווערעמדיק עפּעלע, וועט זיך טאָן כוישעך.

די דאָזיקע לײַט דאַרף ער ניט. דאָווידל גייט אָפּ עטלעכע טריט ווײַטער. אָט דאָ, צווישן דעם וועג, וואָס פירט צו דער מיליטערישער פעסטונג און צום צירק, וועט ער באַווײַזן, וואָס ער קאָן.

עמעצער האָט א פײַף געטאָן. דאָווידל, וואָס שטייט מיטן קאָפּ אראָפּ, טוט זיך א הוידע אױף די הענט. נאָר ער פאַרהיט דאָס גלײַכגעוויכט. אכצן שפּאַן האָט ער געמאַכט און פּילט זיך בעקויעך דורכמאַכן נאָך אזויפיל. ווער פײַפט עס? ער זעט בלויז א פּאָר ווײַסע שיכעלעך אױף הויכע קנאַפּל, וואָס שטייען באַם ראַנד פון וועג. זאָלן זיי שטיין. אָט וועט ער אָפּרײַסן די רעכטע האַנט פון דער ערד און זי לייגט אוועקשטעלן פאָרויס. ער טוט א דריי מיטן קאָפּ — באָרעך-האַבאָ. צוויי שווערע יוכטאָווע שטיוול. אויב אזא שטיוול וועט דיר געבן א טשמעל, וועסטו שוין דערנאָך אפילע אױף די פיס ניט גיין. אויסגעלאָזט האָט זיך, אז דאָווידל האָט זיך אומזיסט דערשראָקן. דאָס איז ניט דער סטראַזשניק. נאָר גיי זײַ א כאָכעם. אפילע ניט יעדער פּאָנעם זאָגט דיר עפּעס. הײַנט אז דו זעסט נאָך אלץ קאַפּויר און האָסט צו טאָן בלויז מיט פיס? דאָס האָט געפײַפט א הויכער סאָלדאַט אין אן אָפּגעבליאַקעוועטער גימנאַסטיאָרקע.

— זע, — ווײַזט דער סאָלדאַט אױף דער שטויביקער ערד, וואָס איז באַדעקט מיט בלוט-פּלעקן, — אנו, באַווײַז נאָר דײַנע הענט. — ער קוקט מיט אזוינע אויגן, אז עס דאַכט זיך: נאָך א רעגע, און ער וועט א בלאָז טאָן אױף די וווּנדן און זאָגן, ווי אמאָל די מאמע: „דאָווידקע, אויס וואַווע".

— עס טוט וויי, ברודערקע? — טוט א פרעג דער סאָלדאַט.

— עט!

— ווי רופט מען דיך?

— דאָווידקע.

— דאָווידקאָ! מײַן ייִנגל רופט מען סאַשקאָ. ער איז אין דאָרף. ווײַט-ווײַט פונדאַנען.

— פאַרוואָס זשע, פעטער, פאָרט איר ניט אהיים?

— פאַרוואָס? — האָט דער סאָלדאַט א זיפץ געטאָן. — זעסט א פּאַסיקל אױפן פּאָגאָן? דאָס באַטײַט: דרײַ יאָר אָפּגעדינט בא ניקאָלײַען פאַר א סאָלדאַט און דין ווײַטער. וווּהין זאָל איך פאָרן? אױף א שטיקל ערד, וואָס דו, דאָווידקאָ, קאָנסט עס דורכגיין אױף די הענט, זײַנען מיר פיר ברידער. וווּהין זשע זאָל איך פאָרן?

— מײַן טאַטע איז אויך געווען א סאָלדאַט. איך דעק זיך נאָך ביז איצט צו מיט זײַן שינעל. דער קעלער איז בא אונדז א נאַסער, און די שינעל וואַרעמט נאָך א ביסל.

— זעסטו, דאָווידקאָ, ווײַזט אויס, אז די גאַנצע וועלט גייט מיטן קאָפּ אראָפּ. ווו ארבעט דײַן טאַטע?

— אין א ווארשטאט. ער איז א טאָקער. אַט דאָס פּושקעלע האָט ער געמאַכט.

— פֿײַן געמאַכט!

דער יעפּרייטאָר האָט א קוק געטאָן אף דער פארגייענדיקער זון און מיט ברייטע טריט אוועק מעסטן דעם שליאַך, וואָס פירט צו די קאַזאַרמעס.

## די גאַנצע וועלט שפילט טעאַטער



א
ין צירק האָבן אַלע געוווּסט, אַז אויב אין דער קאַסע פארקויפן זיך שלעכט די בילעטן, איז בעסער זיך ניט ווײַזן דעם באַלעבאָס פאַר די אויגן.

הײַנט איז אפילע אויסגעקומען אָפּשאַפן די אוּנטיקע פאַרשטע־לונג. וואַלאַשין, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין פערד־שטאַל, איז געזעסן א מידער און א צעבראָכענער אף אן איבערגעקערט פּוסט קעסטל, אונטערגעשפּאַרט מיט ביידע הענט דעם קאָפּ. דער אַרײַנגעקומענער פּרימאַדאָנע אַנטואַנעטע קיס האָט ער אפילע ניט געענטפערט אף דעם „גוט־מאָרגן". דאָס האָט איר אָבער ניט געשטערט זיך ווענדן צו אים:

— הער וואַלאַשין, טוט נאָר א קוק אף דעם יינגל, וואָס איך האָב אײַך האָב געבראַכט. איך האָב קיינמאָל ניט געזען אַזעלכע בייגעוודיקע גלידער.

— אַנטואַנעטע, לאָזט מיך צורו, — האָט וואַלאַשין געענטפערט מיט א קאָל, פול מיט גאַל.

— הער וואַלאַשין, איך בעט אײַך...

— אומזיסט אײַער טירכע. איך קען זיי שוין, די וווּנדערקינדער. דערווײַל, ווי איר זעט, האָב איך ניט קיין ארבעט פאַר אײַערע דרײַ...

יעדער אקטיאָר פון זײַן טרופּע וואָלט עס אים פאַרשוויגן. אָבער ניט אַנטואַנעטע. וואַלאַשינען איז גאַרניט אַזוי לײַכט אָנגעקומען שליסן דעם קאָנטראַקט מיט די קיסעליאַוס. דעם סטאַנדאַרטן אָפּמאַך מיט די באַוווּסטע פּופּצן פּאַראַגראַפן, וואָס גיבן אַלע רעכט דעם באַלעבאָס פון צירק און קיין שום רעכט ניט דעם ארטיסט, האָבן זיי טאַקע אונטערגעשריבן, נאָר די קיסעליאַוס האָבן זיך דערשלאָגן אן אויסנאַם: זיי איז דערלויבט פאַרלאָזן דעם צירק, ווען זיי וועלן עס האַלטן פאַר נייטיק. אַט פאַרוואָס אַנטואַנעטע האָט אים געקאָנט ענטפערן:

— אויב איר דערלייגט צו מײַנע קינדער, קאָנען מיר זיך אן אייצע געבן.

— איך בעט בא אײַך קיין אייצעס ניט. נו, צוליב וואָס, פרעג איך אײַך, האָט איר געבראַכט אהער אַט דאָס דאַרע ציגײַנערל?

דאָווידל האָט זיך א ריס געטאָן צו דער טיר, נאָר אַנטואַנעטע האָט אים פאַרהאַלטן. זי האָט אים א שויבער געטאָן מיט דער האַנט די געקרײַזלטע האָר און אָן ווערטער, נאָר מיט א שאָקל פון קאָפּ, געגעבן א צייכן: באַווײַז, וואָס דו קענסט.

דורכגיין צווויי מאָל אף די הענט די שטאַל, טראַכט דאָווידל, איז קיין קונץ ניט. נאָר ווי דרייט מען זיך אויס אף צוריק? מילא, ער וועט זיך סטאַרען. אַלציינס וויל מען אים ניט נעמען, וועט ער כאָטש באַווײַזן, וואָס ער קען.

ניט אַנדערש, ווי א גוטער מאַלעך האָט אים געהאָלפן: אַזוי איז ער נאָך קיינמאָל אף די הענט ניט געגאַנגען. אָפּגעשטעלט זיך, צעשפרייט די פיס אין דער ברייט, זיך ווידער אויסגע־גלײַכט, דערנאָך שנעל אָפּגעריסן די הענט פון דעם דיל און, דורכמאַכנדיק א האַלבן קרײַז אינדערלופטן, געבליבן שטיין.

— קום צו נעענטער, — האָט וואַלאַשין אים צוגערופן. — פאַרוואָס באַהאַלטסטו עפּעס די הענט? צעבלוטיקט? דו קענסט נאָכאַמאָל דורכגיין אַזוי? וויפל שפּאַן דו וועסט מאַכן, אַזויפיל קאָפּעקעס באַקומסטו.

— אַוודע קען איך. אויב איך זאָל זיך נאָר א ביסל אָפּרוען, קאָן איך פון דרויסן ארומגיין דעם גאַנצן צירק. איך וועל עס טאָן אומזיסט.

— וואַרט א ווײַלע. — אַנטואַנעטע איז ערגעץ ארויסגעלאָפן און זיך גלײַך אומגעקערט. זי האָט געבראַכט א פלעשעלע מיט א טונקל־ברוינער פליסיקײַט, וואָס האָט געשמעקט מיט בראַנפן און מיט פרישע מעטאַלענע סטרוזשקעס. אָנגעוויקלט אף א שוועבעלע א שטיקל וואַטע, האָט זי עס אײַנגעטונקען אין פלעשעלע און באַשמירט דאָווידלען די צעראַצטע הענט.

— עס ברעט?

— א ביסל.

— זאָלסט עטלעכע טעג זיך ניט דערוועגן גיין אַף די הענט. דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר? און איצט קום, וועל איך דיך באַקענען מיט מײַנע קינדער. מיר וועלן אָפּעסן מיטיק, וועסטו גיין אהיים.

— אנטואנעטע! — האָט זי וואָלאָשין א רוף געטאָן. — אײַער ציגײַנערל וועט מען דאַרפן פונדאַסנײַ לערנען, ער גייט שלעכט.

— פריִער דאַרף מען זיך דורכריידן מיט זײַנע עלטערן.

— ער איז מיסטאַם דער זיבעטער...

צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צײַט האָט אויך דאַווידל אַרײַנגעשטעלט א וואָרט:

— ניין, פעטער, דער צוועלפטער.

— איז נעמט אים צו אין צירק, — האָט וואָלאָשין לײַכט א ביס געטאָן די איבערגעטריקנטע דינע ליפּן און דערבײַ ניט אויסבאַהאַלטן זײַן שמייכל.

דאַווידל שפּאַנט איבער דער אַליי פון דעם אַלעקסאַנדער־פּאַרק, און פון גרויס פרייד פילט ער ניט די ערד אונטער די פיס. פון די אַפּישן, וואָס זײַנען צעהאַנגען אַף יעדן ראָג, קוקן אַף אים די שמייכלענדיקע פּנעמער פון אַלעקסן און אַנטואַנעטע קיס — דאָס זעלבע פּאַרפּאַלק, וואָס גייט איצט באַנאַנד מיט אים.

א שאָד, וואָס קיינער פון זײַנע באַקאַנטע קומט ניט אָן אַנטקעגן. אײַ, וואָלטן זיי אים מעקאַנע געווען! ווער עס נעמט פון אים יאָ קיין אויג ניט אַראָפּ, דאָס איז די זון. זי איז שוין נידעריק, נידעריק, נאָר ווײַל, ווײַזט אויס, ניט פאַרגיין, ביז ער וועט ניט אָנזאָגן דער מאַמען די גוטע בסורה. א דינער שטראַל פאַרהאַלט זיך אַף זײַן פּנים, און דאַווידל טוט א ווונק צו אים: „ווער־ווער, נאָר מיר פאַרשטייען איינער דעם צווייטן".

אויב זיי וועלן גיין אַזוי פּאַמעלעך, וועט די זון זיך טאַקע ניט דערוואַרטן. מיט איין האַלב איז זי שוין אַף „יענער־וועלט".

קימאַט בײַ דעם סאַמע טויער שטעלן זיי זיך אָפּ. אַלעקס האָט גאָר כּיישעק פאַרקערעווען אַף צוריק. ער בעט זיך מאַמעש בײַ זײַן פרוי:

— אַניע, ווער האָט אונדז געגעבן דאָס רעכט? באַטראַכט זיך, ביז עס איז נאָך ניט שפּעט.

אַנטואַנעטע — אַניע האַלט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, מיט דער ווײַסער טופליע אַפּן הויכן אָפּצאַס שאַרט זי דעם זאַמד אַף דער ערד. וואָס כמורעט זי די ברעמען, וואָס טראַכט זי אַזוי לאַנג? וואָלאָשינען האָט זי דאָך געוווּסט ווי אָפּצוענטפערן. אויב אַזוי, וועט ער, דאַווידל, אַליין זײַן שטעטל באַשטיין. ער גייט צו צו איר און, אַרײַנקוקנדיק איר אין די גרויסע פיאָלעט־בלויע אויגן, זאָגט ער:

— א גרויסן דאַנק אײַך. אויב די מאַמע וועט מיך ניט אָפּלאָזן, וועל איך אַנטלויפן פון שטוב.

געזאָגט און זיך געלאָזט גיין. ווען ער איז שוין געווען פון יענער זײַט פאַרטקע, האָט ער דערהערט אַנטואַנעטעס קאָל:

— קום, סאַשע!

דאַווידל גייט און הערט, ווי הינטער אים קלאַפּן אין די שטיינער אַניעס אָפּצאַסן — צאַק־צאַק. אַלעקס, א דאַרער, הויט און ביין, שפּאַנט אַזוי לײַכט, אַז מע הערט ניט זײַנע טריט.

די מאַמע איז שטאַרק פאַרכידעשט, נאָר זי רײַסט ניט אַף די הענט פון פּאַנעם. הײַנט איז פרײַטיק, בענטשט זי ליכט. מאָטל האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין „זאַל" און אָנגעוויזן די געסט אַף דער באַנק. אַניע און סאַשע זײַנען צוגעגאַנגען אַף די שפּיץ פינגער און זיך שטיל אוועקגעזעצט.

— א גוט־שאַבעס אײַך! — האָט די מאַמע אויסגעדרייט צו זיי דעם קאָפּ. — איר דאַרפט אוודאי מײַן מאַן? ער וועט באַלד קומען.

— א גוטן־אָוונט! — האָבן זיי איר געענטפערט אַף רוסיש.

— מאַמע, — האָט דאַווידל זיך אַרײַנגעמישט, — דאָס זײַנען אַרטיסטן, זיי פאַרשטייען ניט קיין ייִדיש.

— אַרטיסטן? — האָט די מאַמע איבערגעפרעגט און גענומען ריידן אַף א מאָדנעם לשון, אין וועלכן עס האָבן זיך צונויפגעמישט רוסישע, אוקראַיִנישע און ייִדישע ווערטער. — איר זוכט מיסטאַם א צימער? בײַ אונדז אין הויף איז ניטאָ, נאָר אונדזער שכיינע דאַרף וויסן, ווער עס וויל פאַרדינגען.

בײַ אַלעקסן, וואָס פילט זיך אַזוי פרײַ אַף דער באַלויכטענער אַרענע, האָט אָפּגענומען דאָס לשון. אַנטואַנעטע איז עטוואָס רויט געוואָרן. זי האָט זיך אַפילע אופגעהויבן פון דער באַנק און זיך פאַרנייגט פאַר דער מאַמען.

— א דאנק, מיר זוכן ניט קיין צימער, מיר זײַנען אײַך געקומען דערציילן, אז אײַער יינגל איז זייער א פײַקער.

— זייער אָנגענעם צו הערן. נאָר פונוואנען ווייסט איר עס?

— ער האָט הײַנט אויסגעהאַלטן בא אונדז אין צירק א מין עקזאמען. וואָלאָשין, אונדזער דירעקטאָר, איז א גוטער מיוון, און אויב ער איז אים גרייט נעמען צו זיך, הייסט עס, אז אײַער זון איז עס ווערט.

באסשעוון האָט א שטאָך געטאָן אין הארצן. עפּעס פּאַטויפּען זיך ניט אין איר מויעך די ווערטער, וואָס זי האָט נאָרוואָס אויסגעהערט. נאָר פארשטאנען האָט זי — א געפּאר דראָעט איר מיזיניק, דאָווידלען. און ווי אפצולאָכעס איז נאָסן־עליע ניטאָ. אין שטוב איז נאָר איין מאָטל, וואָס ווייסט פון גארניט און וויל פון גאָרנישט ניט וויסן, אויסער זײַנע ספאָרים. די שיינע ארטיסטקע זעט אויס צו זײַן אן איידעלע פרוי. בא איר איז א טרוקענע ברוסט, נאָר דער שמייכל איז ווי בא א מאמע. איז וואָס וויל זי האָבן פון באסשעוועס פינצטער לעבן? ווייניק צאָרעס, איז נא דיר נאָך אזא אָנשיקעניש. עפּשער, טראכט באסשעווע, איז גאָר בעסער, וואָס נאָסן־עליע איז ניטאָ. ער איז דאָך א קאַעסניק, און קאס ברענגט קיינמאָל ניט צו קיין גוטס. ביז וואָס־ווען דארף מען ערגעץ מעשאַלייעך זײַן דאָווידלען. וווהין שיקט מען אים?

— דאָווידל, גיי גלײַך אין שול און זאָג דעם טאטן, אז ער זאָל באלד נאָכן דאוונען קומען אהיים.

— שפּעטער א ביסל. עס איז נאָך פרי. מיר זײַנען דיר, מאמע, געקומען זאָגן, אז מע נעמט מיך אין צירק.

— זײַ ניט קיין אזעס־פּאָנעם! געהערט? פארגעס אין די קינדערשע פּוסטע זאבאוועס. דו ביסט שוין, דאָוויד, ניט קיין קליינינקער, און דאָרט, אין צירק, האָט ניט וואָס צו טאָן א מענטש, וואָס דארף לערנען טוירע. אייניקע, — האָט זי פון אונטער די ברעמען א קוק געטאָן אפן פאָר־פּאָלק, — האָבן ליב טרײַבן לעצאָנעס פון אָרעמע לײַט, איז אף זיי די זינד. און דו גיי, דאָווידל, גיי און פארגעס ניט זאָגן דעם טאטן, וואָס איך האָב דיר געהייסן.

— מאמע, איך האָב געוווסט, אז דו וועסט מיר ניט גלייבן. ס'עמעס. פרעג בא זיי, ווילסט, וועל איך דיר באווײַזן, ווי איך גיי אף די הענט. דאָרט וועט מען מיך לערנען, און איך וועל זײַן אן עמעסער ארטיסט.

א קינד בלײַבט א קינד. איז וואָס זאָל זי טאָן — נעמען גוואלדעווען, שרײַען? צי עפּשער גאָר באווײַזן די געסט, ווו די טיר עפנט זיך? נײן, זי וועט גרייטן צום טיש, און זיי, ווי זיי ווילט זיך...

נאָסן־עליע איז ארײַנגעקומען מיט א ברייטן גוט־שאבעס. ניט וויסנדיק נאָך, ווער די פרעמדע מענטשן זײַנען און צוליב וואָס זיי זײַנען געקומען צו אים, האָט ער זיי גלײַך פארבעטן צו דער וועטשערע און, ווי ער זאָל זײַן אין עפּעס שולדיק, זיך פארענטפערט, וואָס די פיש זײַנען ניט קיין געפילטע און וואָס די קוילעטשן זײַנען ניט פון שטארק ווײַסער מעל.

— דערפאר, — האָט ער געזאָגט, — וועט די באלעבאָסטע אונדז באלד דערלאנגען געבראָ־טענע קארטאָפל מיט זויערמילך. מיר וועלן אויסטרינקען לעכאַים, — און גלײַך אפן אָרט האָט ער דערקלערט די געסט, אז „לעכאַים“ באטײַט צום לעבן, צום געזונט.

מיט נאָסן־עליען האָט זיך אלעקס גלײַך דערפילט היימיש. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט מיט זײַן פולן נאָמען:

— מיך רופט מען אלעקסאנדער אלעקסאנדראָוויטש קיסעליאָוו. און דאָס איז מײַן פרוי אניע, אנא איוואנאָוונא. — און ווי דאָס וואָלט געווען א סאָד בלויז פארן באלעבאָס פון שטוב, האָט ער שטילערהייט צוגעגעבן: — מיר האָבן דרײַ קינדער, וואָס מײנען מיסטאָם, אז טאטע־מאמע האָבן זיי אוועקגעוואָרפן. אונדזער קליינינקער זשאָרע קלײַבט זיך שוין געוויס רײַטנדיק אף א בעזעם אונדז דעריאָגן און שטראָפן.

צי ווײַל נאָסן־עליע איז געקומען אין א גוטער שטימונג, צי דאָס פאָרפּאָלק איז אים געפעלן געוואָרן, נאָר ער האָט מיט א שמייכל געענטפערט:

— דרײַ איז קיין קונץ ניט. אָט פרוווט, ווי מיר, האָדעווען צוועלף פיקערס.

— בא אונדז פארדינען זיי אליין אף ברויט און אפילע צום ברויט, — האָט זיך ארײַנגעמישט אין געשפּרעך אנא איוואנאָוונא.

— טאקע רײַטנדיק אף בעזעמער? — האָט זיך א ווײַל געטאָן נאָסן־עליע.

— מיר זײַנען צירק־ארטיסטן. — אלעקסאנדער אלעקסאנדראָוויטש האָט, ווײַזט אויס, אליין געוואָלט פאָרזעצן דעם שמועס.

רויקער פון אלעמען האָט זיך דעם אָוונט געפירט גראָד נאָסן־עליע. מער פון אלעמען האָט זיך געהיצט מאָטל. מיט א טאָן, וואָס דערלאָזט ניט קיין דערווידערונגען, האָט ער געמאָלדן:

— אונדז, ייִדן, איז ניט נאָר פאַרבאָטן צו זײַן וויצן־זאָגער, קוויזעק־מאַכער, בויך־רעדנער, אונדז איז אַפילע שטרענג פאַרבאָטן באַזוכן טעאַטער, צירק.

— פאַרוואָס? — האָט קיסעליִאָוו זיך צוגערוקט נעענטער צו מאָטלען. — איר מוזט וויסן, אַז נאָך מײַן עלטערזיידע איז געווען אַ וואַנדער־אַקטיאָר און עס זײַנען מיר באַקאַנט אײַערע פּורים־שפּילער, די ייִדישע קאַפּעליעס און אַקטיאָרן־טרופּעס. איך ווייס, אַז אַפילע אײַערע דייע־זאָגער האָבן ניט געהאַט קעגן די דאַזיקע מאַסקאַראַדן. עמעס, זיי האָבן, דאַכט זיך, פאַרוואָרט די מאַנצ־בלען זיך איבערטאָן אין פרויען־קליידער. איך האָב אויך געלייענט וועגן דעם באַוווּסטן צירק־אַרטיסט סימאָן לאַקיש, וואָס איז דערנאָך געוואָרן באַ אײַך אַן אָנגעזעענער געלערנטער. איך מיין, אַז איר האָט געוויס געהערט וועגן דעם פּרעכטיקן צירק און קאָלאָסאַלן היפּאָדראָם, וואָס שלוימע־האַמעלעך האָט אויסגעבויט אין יערושאָלאַיִם באַ זײַן פּאַלאַץ...

מאָטל האָט פאַריכט די יאַרמלקע, אַ גלעט געטאָן די לאַנגע געקרײַזלטע פּייעס און, העלפנדיק זיך מיט די הענט, גענומען דערקלערן:

— שוין דערפאַר אַליין, וואָס אין צירק פלעגן אַרויסגעשטעלט ווערן געצן...

קיסעליִאָוו האָט געפּרוּווט אים אָפּשטעלן, נאָר אומזיסט די טירכע. מאָטל איז טאַקע בעטעווע אַ שווײַגער, נאָר קוים צערעדט ער זיך, איז אים שוין שווער אָפּצושטעלן. ער ווייסט אַפּריִער, אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו הערן, ער ווייסט, וואָס יענער האָט אים צו זאָגן.

— איר ווילט דערווידערן, אַז דאָס זײַנען געווען ניט קיין געצן, נאָר טראָפּייען? איר ווייסט, אַז דאָס איז איינס און דאָס זעלבע. נאָר פאַר אײַך איז עס דאָך מיסטאָם ווייניק, איז ווי קוקט איר אָף דעם, וואָס וועספּאַסיאַן און טיטוס פלעגן אײַנאָרדענען אין צירק מאַסן־מאָרדן? איר ווייסט כאָטש, אַז אונדז, ייִדן, פלעגט מען שלעפּן אין צירק און וואַרפן אין די שטײַגן? די ווילדע כײַעס פלעגן אונדז רײַסן אָף שטיקער, און די ווילדע ברוֹיִם, וואָס האָבן געטראָגן דעם נאָמען מענטש, האָבן געקליבן נאַכעס, געהאַט האַנאָע. איצט פאַרשטייט איר, אַז בלויז אַפּיקאָרסים, אויסגעלאַ־סענע לײַט קאָנען פאַרגעסן דעם פאַרבאָט און אַריבערטרעטן די שוועל פון צירק?

אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט אים געהערט מיט אינטערעס. עס איז אָבער געווען קאָנטיק, אַז ער קלײַבט זיך ניט אונטערגעבן. דערווײַל האָט אים אינטערעסירט אָט וואָס:

— זאָגט מיר, כ'בעט אײַך, ווער און ווען האָט עס אײַך פאַרבאָטן? ניט לאַנג צוריק האָב איך אין איינעם פון די בעסטע צירקן, באַ קרוטיקאָוון אין „היפּאָ־פּאַלאַס", געזען אַרויסטרעטן דעם קיִעווער באָכער מוישע סלוצקי. פאַכלײַט זאָגן, אַז דאָס וועט מיט דער צײַט זײַן אַן אַרטיסט מיט אַ וועלט־נאָמען. עפּעס איז דער סלוצקי ניט ענלעך אָף קיין אויסגעלאַסענעם יונג, און ס'איז ניט געווען צו מערקן, אַז אים זאָל קימערן עמעצנס אַ פאַרבאָט.

— ווער, פרעגט איר? אונדזערע גײַסטיקע פירער, די כאַכאָמים. — מאָטל איז אַוועק אין צווייטן צימער און אַפגיך זיך אומגעקערט מיט אַ דיקן סייפער. — אָט דאָ וואָלט איר געקאָנט איבערלייענען די טפילע, ווו דער טאַנע דאַנקט גאָט דערפאַר, וואָס ער האָט אים באַשטימט זײַן אָרט אין בייס־האַמעדרעש צווישן די לאָמדיי־טוירע און נישט אין די טעאַטערס און צירקן. מאַכמעס די טוירע־לערנער וועלן באַקומען דעם סכאַר אין גאַניידן. דאַגעגן די טעאַטער־באַזוכער אַרבעטן פאַר זייער אייגענעם אונטערגאַנג.

— פון דעם איז געדרונגען, — האָט אים קיסעליִאָוו קימאַט אין דעם זעלבן טאָן געענט־פערט, — אַז שוין אין יענע צײַטן זײַנען געווען ניט ווייניק ייִדן, וואָס האָבן מיט פאַרגעניגן „געאַרבעט פאַר זייער אייגענעם אונטערגאַנג". נאָר אויב איר זײַט שוין יאָ אַזאַ באַהאַוונטער מענטש, איז דאַרף אײַך זײַן באַוווּסט, אַז אין די שטײַגן צו די כײַעס האָט מען געוואָרפן ניט נאָר ייִדן, נאָר אויך קריסטן. און אַז צוליב די געצן האָבן אַמאָל אויך די קריסטן פײַנט געהאַט דעם צירק. נאָר וואָס דאַרפן מיר ריידן וועגן דעם, וואָס אַמאָל־אַמאָל איז געווען? די ענגלישע פּוריטאַנער פון שעקספּירס צײַטן האָבן זיך דען צו אונדז, אַקטיאָרן, באַצויגן בעסער? און דאָך האָט זיך ניט זיי, ניט די גאַלאָכים און ראַבאָנים ניט אײַנגעגעבן צו דערשטיקן די צירק־קונסט. אין דער זעלבער צײַט, ווען די פּוריטאַנער האָבן געוואָלט אונדז פאַרשטיינערן, האָט מען אָפן פאַסאַד פונעם לאָנדאָנער „גלאָב־טעאַטער" אַרויסגעשטעלט די סקולפּטור פון הערקולעסן, וואָס האָט אָף זײַנע ברייטע אַקסלען געטראָגן ניט מער און ניט ווייניקער ווי דעם ערד־קוגל, אָף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן בוילעט: „די גאַנצע וועלט שפּילט טעאַטער".

ווי אַן אָפּגעבריטער, האָט מאָטל צוגעכאַפּט דעם סייפער און איז מיט פײַנלעך־צוגעזשמורעטע אויגן אָפּגעשפּרונגען פונעם אַרטיסט.

— איז וואָס ווילט איר, אַז מיר זאָלן פאַרגעסן אין די מאַסן־מאָרדן? אונדזערע ברידער האָט מען דאָרט געקוילעט, און מיר זאָלן גיין אַהין זיך לוסטיק מאַכן?

מאָטלען האָט אָפּגעענטפערט נאָסן־עליע:

— ס'איז, — האָט ער געזאָגט, — זון מײַנער, קיין מאָשל ניט. דו געדענקסט, ווי מיט קנאַפּע

צוויי יאָר צוריק, נאָכן מעלדן דעם מאַניפֿעסט, איז געווען בא אונדז אין שטאָט א פּאָגראָם? נו, איז וואָס איז פון דעם געדרונגען? אויב פאָלגן דיך, דאַרפֿן מיר, די זיבעצן מיט א האַלבן טויזנט יידן, וואָס וווינען אין כערסאָן, פֿאַרשעלטן אָט די שטאָט און אַנטלויפֿן פֿוגדאַנען... דיר ווילט זיך ניט, אַז אונדזער דאַווידל זאָל זיין אַן אַרטיסט. איז פֿרעג איך בא דיר: און מיינע אָוועס זיינען דען געווען טאָקערס? דאַווידלען, — האָט ער פֿאַרענדיקט, — איז שוין גענוג אַרומצולויפֿן פּוסט־און־פּאַס.

מיט אַלעמען וואָלט מאָטל געקאָנט פֿירן א וויכוּעך, נאָר ניט מיטן טאַטן. ער האָט זיך גענומען פֿאַרענטפֿערן:

— איך זאָג עס דען? ניט וועגן דעם גייט דאָך א רייד.

אין דעם אוונט האָט מען נאָך געשמועסט זייער א סאַך. באַסשעווע האָט געוויינט און געטייַנעט צו זיך אַליין: „א קלאָג צו מיינע ביינער, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן בא יידן?״ דאַווידלען זיינען אויך געשטאַנען טרערן אין די אויגן. אַז קיינער זאָל ניט הערן, האָט ער א זאָג געטאָן צום טאַטן: „אויב מע וועט מיך ניט אָפּלאָזן, וועל איך אַנטלויפֿן״. די קיסעליאָוווס האָבן טעלעגראַמע מאָל איבערגעכאַזערט: „אייַער יינגל וועט זיין זאַט, אָנגעטאָן, לערנען וועט מען אים אומזיסט, און אין א יאָר אַרום וועט ער שוין עפּשער קאָנען אויך אייַך מיט עפּעס העלפֿן״.

דער סאָף איז געווען, אַז נאָסן־עליע האָט געגעבן די האַסקאָמע. עמעס, מיט א טנייַ, אַז דערווייַל גייט ער אָפּ דאַווידלען נאָר אויף די צוויי כאַדאָשים, וואָס דער צירק וועט זיין אין כערסאָן. נעכטיקן וועט דאַווידל קומען אַלע טאָג אַהיים. פון קיין שום וואַלאַשינען וויל ער ניט וויסן. ער פֿאַרלאָזט זיך נאָר אויף די קיסעליאָוווס, וואָס, ווי אים דאַכט זיך, זיינען אָנשטענדיקע, אָרנטלעכע מענטשן.

דער טאַטע האָט קיין טאָעס ניט געהאַט. די קיסעליאָוווס האָבן צו דאַווידלען זיך באַצויגן ווי צו זייערע אייגענע קינדער, ער האָט מיט זיי צוזאַמען געגעסן, צוזאַמען גערוט. אין די פֿרייַע מינוטן פֿלעגט אַנאַ איוואַנאָוונאַ צונויפֿנעמען די גאַנצע מישפּאָכע און מיט היספּייַלעס לייענען פֿאַר די קינדער דעם דיסעלדאָרפֿער זשורנאַל „דער אַרטיסט״. דאַווידל פֿלעגט זיצן פֿאַרגאַפֿט, מאַמעש שלינגען די ווערטער.

די לימודים פֿלעגן זיך אָנהייבן נאָך פֿאַר פֿרישטיק. מיט דאַווידלען (אים האָט מען גלייַך געקרוינט מיטן נאָמען טאַדיע) האָט געלערנט אַלעקס. בלויז די ערשטע איבונגען זיינען געווען לייַכטע. דערנאָך האָט שוין דער לערער ניט געשאַנעוועט ניט זיך, ניט דעם שילער. גלייַך אין די ערשטע טעג האָט ער בייז א זאָג געטאָן:

— טאַדיע, קוק ניט אָפּן קונצנמאַכער, וואָס ציט די סטענגעס פֿונעם אַרבל. געדענק, אַז אַפֿילע די, וואָס באַזוכן אונדזערע רעפּעטיציעס, ווייסן ניט, וויפֿל מי עס פֿאָדערט זיך, קעדיי די צושויער זאָל זיך אויסדאַכטן, אַז עס האָט קיין שום ווערט ניט אויסצופֿילן די שווערע קאַסקאַדן (דאָס וואָרט „קאַסקאַדן״, ווי פֿיל אַנדערע נייַע ווערטער, האָט שוין טאַדיען ניט אויסגעזען ווילד־פֿרעמד). אַן אַרטיסט מוז האָבן שטייַפֿע מוסקולן, ער דאַרף פֿינקטלעך אויסרעכענען די מינדסטע באַוועגונג. פֿאַרן פּובליקום דאַרפֿן מיר, פֿאַרטער־אַקראָבאַטן, שטענדיק זיך באַווייַזן מיט א פֿריילעכן שמייכל אויף די ליפּן, כאָטש דאָס האַרץ, טאַדיע, וועט נאָס זיין פון שוויס...

דערפֿאַר אָבער אין א פּאָר וואָכן אַרום, ווען עמעצער פון די אַקטיאָרן האָט א זאָג געטאָן, אַז באַם יינגל זיינען ניט גענוג אָפּגעשליפֿן די באַוועגונגען און אַז עס פֿעלט אים ריטם און ווירטואָזקייַט, האָט אַלעקס מיט קאַס געענטפֿערט:

— קיין נאָר ווייַזט מען ניט קיין האַלבע אַרבעט.

וואַלאַשין האָט ניט געוואָלט לאַנג וואַרטן. שוין נאָך דער ערשטער וואָך האָט ער געפֿאָדערט, אַז אויף די אַפֿישן זאָל זיין אָנגעשריבן „פֿאַרטער־אַקראָבאַטן קיס־זעקס״. אָבער אַנטואַנעטע האָט איינגעבעטן דעם דירעקטאָר, ער זאָל דערלויבן טאַדיען רעפּעטירן נאָך א טעג צען.

ווען א קינד קומט אויס צום ערשטן מאָל אין לעבן אַרויסלויפֿן אויף דעם העל־באַלויכטענעם מאַנעזש, איז אים א סאַך לייַכטער, איידער א דערוואַקסענעם. טאַדיע האָט ניט געפֿילט קיין שרעק פֿאַר דעם גרויסן עולעם. אים האָט זיך נאָר שטאַרק געוואָלט, אַז אַלעקס און אַנטואַנעטע זאָלן זיין פון אים צופֿרידן.

וואַרטנדיק אינעם שמאָלן דורכגאַנג אויפֿן סיגנאַל, זיינען די קיס־זעקס ניט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט, געהאַלטן אין איין אונטערשפּרינגען. אַנטואַנעטע, וועלכע האָט אין דעם נומער קיין אָנטייל ניט גענומען, האָט אַלע מאָל פֿאַריכט טאַדיען דעם קאָסטיום, וואָס האָט ביזן סאַמע האַלדז פֿעסט אַרומגעצויגן זיין דאַר באַוועגלעך קערפּערל. אַלעקסן האָבן מער געקימערט טאַדיעס הויכע ווייכע שיך.

ענדלעך האָט וואָלאָשין געגעבן א צייכן. גלײַך פון אָרט האָבן די אַרטיסטן זיך צעשאָטן איבערן מאַנעזש. פון פאָרנט די קלאָונערע, און פון הינטן די עלטערע קיסעליאָווס — אַלעקס און זײַן ברודער. די דערוואַקסענע האָבן צוערשט נאָכגעשפּירט, ווי דאָס יונגוואַרג האָט אויסגעפּילט עטלעכע עקוויליבריסטישע טריוקן, דערנאָך איז מען צוגעטראָטן צו דעם הויפּט־נומער — צו די פּיראַמידן. פאַרגאַפטע האָבן די צושויער געקוקט, ווי די קיסעליאָווס שפּרינגען און מאַכן סאַלטאָס אינדערלופטן, זיי האָט פאַרכאַפּט דער אומופהערלעכער פּולסירנדיקער ריטם. עמעצער, וואָס איז געזעסן אין דער ערשטער ריי, האָט א שעפּטשע געטאָן צו זײַן שאָכן:

— מאַמעש לעבעדיקע אַראַבעסקן...

אַליין אַלעקס האָט ניט געמאַכט קיין איין אַקראָבאַטישן שפּרונג, און דאָך איז קלאָר געווען, אַז ער איז די נעשאָמע פון אָט דעם פּרעכטיקן אַנסאַמבל, ער רעגולירט דאָס גלײַכגעוויכט פון דער גאַנצער קאָלאָנע.

ווען דער נומער האָט זיך פאַרענדיקט און די אַקראָבאַטן האָבן זיך געלאָזט לויפן פון מאַ־נעזש, האָט וואָלאָשין זיי פאַרשטעלט דעם וועג. דער זאַל האָט שטאַרק אַפּלאָדירט, געשריגן ביס. אַלעקס האָט גענומען טאַדיען פאַר דער האַנט און אים צוגעפירט קימאַט צום סאַמע באַריער.

טאַדיע וואָלט געמעגט שווערן, אַז ער האָט געהערט, ווי עמעצער אויף דער גאַליאָרקע האָט אויסגעשריִען:

— זע נאָר, זע, דאָס איז דאָך דאָווידל נאָסן־עליעס.

הינטער די קוליסן האָט דער קלאָון מיטן הויקער א זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין:

— ס'איז זיי ווייניק די אייגענע, האָבן זיי געבראַכט פון דער גאַס נאָך א שלעפּער...

עפּשער טאַקע דערפאַר האָט אַנאַ איוואַנאָוונאַ צוגעדריקט טאַדיען צו זיך און אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט אים, ווי זײַנס א גלײַכן, א נעם געטאָן בײַ די שמאָלע אַקסלען און צום ערשטן מאָל א לויב געטאָן:

— פײַן! ערשט איצט וועלן מיר זיך מיט דיר נעמען פאַר דער אַרבעט.

די טעג זײַנען געגאַנגען גיך. אָט האָט טאַדיע זיך געלייגט שלאָפן זומער און איז אופגע־שטאַנען האַרבסט. א גאַנצע נאַכט האָט פון דניעפּער געבלאָזן א קאַלטער ווינט און געהוידעט דאָס ציצענע פאַרהענגל אויפן פענצטער. דאַכט זיך, ערשט ניט לאַנג האָבן די בלעטער אויף דיביימער גענומען בײַטן דעם קאָליר, אין דער לופט איז געפלויגן שפּינוועבס, און אָט ליגט שוין אויפן שאָכנס דאַך דער ערשטער טוי־געפריר.

די סאַנדאַליקלעך בײַ טאַדיען האָבן זיך אײַנגאַנצן צעריסן, פון דעם אָנצוגל איז ער פּאַשעט אַרויסגעוואַקסן.

די קיסעליאָווס האָבן זיך לאַנג געצייצעט, צוערשט צווישן זיך און דערנאָך מיט אַנדערע אַר־טיסטן. צו וואָלאָשינען האָבן זיי, ווײַזט אויס, ניט געוואָגט זיך ווענדן. עס איז ניט געווען קיין האָפענונג, אַז דער קאַסיר זאָל הײַנט אויספּאַרקויפן די בילעטן.

באַטאָג, ווען עס איז געוואָרן א ביסל וואַרעמער, זײַנען אַלע קיסעליאָווס אוועק אין סאַמע בעסטן קליידער־מאַגאַזין. דער מיוון איז געווען אַלעקס, נאָר געדונגען האָט זיך אַנטואַנעטע. טאַדיע איז פון דאָרט אַרויס ניט צו דערקענען: אין א נײַעם קאָסטיום, אין א נײַעם מאַנטל, אין א קאָלירט העמדל, אין שוואַרצע שיך און טונקל־גרויע שקאַרפּעטן. אונטער דער האַנט האָט ער געהאַלטן פאַרוויקלט אין א פּאַפּיר זײַנע אַלטע בגאָדים. פון דאָרט זײַנען זיי אַוועק קויפן א היטל מיט א גלאַנציקן דאַשעק.

טאַדיע האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים. די קיסעליאָווס זײַנען געבליבן שטיין אויפן ראָג און אים לאַנג נאָכגעקוקט.

— פּאַניטש, — האָט בײַ טאַדיען א פרעג געטאָן אַלינאָוועס דוואָרניק[1], — צו וועמען דאַרפט איר?

— ווײ איז צו מיר, — האָט אים די מאַמע באַגעגנט אויף דער שוועל, — ווו האָסטו דאָס אַלץ גענומען?

דער טאַטע איז אַוועק צו די קיסעליאָווס זיך נאָכפרעגן, צי האָט כאָלילע זײַן יינגל בײַ קיינעם גאָרנישט צוגעגאַנוועט.

טאַדיע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס פרייט זיך קיינער ניט בײַ זיי אין שטוב. איצט וועט ער דאָך שוין אויף געוויס זײַן אַן אַרטיסט. די מאַמע האָט אַפילו קיין שמייכל ניט געטאָן. זי האָט זײַן נײַ העמדל באַנעצט מיט א וואַרעמער טרער און בלויז א שעפּטשע געטאָן:

— צערײַס עס, דאָווידל, געזונטערהייט.

---

[1] הויז־וועכטער.



ון די פריש אויסגעקלעפּטע אַפישן האָט נאָך געשמעקט מיט פאַרב. די גרויסע קוואַדראַטע אויסיעס האָבן ווי געוווּנקען און גערופן. ניט ווילנדיק האָט יעדער דורכגייער געמוזט אויסדרייען דעם קאָפּ און לייענען: „מאַלטשיקי־שאַריקי[1] — ווילי, זשאַרא אי טאַדיאַ קיס״.

איבער די גאַסן און געסלעך זײַנען אַרומגעלאָפן ספּעציעל גע־דונגענע „שרײַער״ און ביז הייזעריק צו ווערן אָנגעזאָגט דעם עולם וועגן די ווונדער, וואָס דערוואַרטן זיי, אויב זיי וועלן באַזוכן די לעצטע גאַסטראָלן פון די באַ־רוסטע צירק־אַרטיסטן קיס. איבער די מערק און לעבן די אײַנפאָר־הײַזער זײַנען ייִנגלעך אַרומגעגאַנגען אויף הויכע שטאָלצן, געשאָסן אין דער לופט פון פּיסטוילן און פון בלעכענע „הויכ־רײַדער״ געפּרוּווט איבערשרײַען דעם טומלדיקן עולם. אייניקע מענטשן האָבן טאַקע אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן אין זייערע דײַגעס און אַ טראַכט געטאָן, אַז אין צירק איז דאָך דער אָרעמאַן פּונקט אַזאַ יאַכסן, ווי דער גוויר. איז עפּשער טאַקע קעדײַ צו פּאַטערן אַ גילדן, אַבי געניסן אַ קאַפּעלע פרייד.

דער אײנציקער, וועמען די נײַעס, אַז דאָס זײַנען די לעצטע גאַסטראָלן פון די קיסעליאָווס, האָט ניט דערפרייט, נאָר דערשיטערט, איז געווען טאַדיע. דאָס לעבן אין קעלער אויף דוואָריאַנסקע האָט אים איצט אויסגעוויזן ווי אַ שטייענדיק וואַסער. די עמעסע היים זײַנע איז געוואָרן בלויז אין צירק — באַ די קיסעליאָווס. האָט זיך אָבער אומגעריכט אָנגערוקט איבער טאַדיעס קאָפּ אַ שוואַרצע כמאַרע.

קיסעליאָווס ייִנגלעך ווילי און זשאַרע האָבן זיך ערגעץ אָנגעשטעקט מיט דיפטעריט. גע־קרענקט האָבן זיי שווער, און אין מעשעך פון צוויי וואָכן זײַנען די עלטערן קימאַט ניט אָפּגע־טראָטן פון די קינדער. אַלעקס און אַנטואַנעטע האָבן זיך געווענדט צו וואָלאָשינען מיט אַ באַ־קאָשע, אַז ער זאָל זיי דערלויבן קומען צו דער צווייטער אָפּטיילונג, אין וועלכער זיי טרעטן אַרויס, קעדיי גלײַך נאָך דעם זאָלן זיי קאָנען גיין אַהיים.

וואָלאָשינס דינע ליפּן זײַנען געוואָרן נאָך דינער. אים האָט שוין פון לאַנג פאַרדראָסן, וואָס ניט ער, נאָר די קיסעליאָווס האָבן זיך גענומען אַרויסרוקן אויפן ערשטן אָרט. אויף צו באַרוישן דאָס פּובליקום און פאַרדינען געלט זײַנען בא אים פאַראַן גענוג קונצנמאַכער כוץ זיי. די קיסעליאָווס האָט ער אײַנגעלאַדן, ווײַל ער האָט געוואָלט מיטגיין מיט דער מאָדע. וועט ער מיטגיין, ביז עס לוינט אים. אַזוי האָט ער זיי טאַקע געענטפערט:

— איר פאַרגעסט, אַז איך בין אַ דירעקטאָר און ניט קיין מעצענאַט. זײַט אַזוי גוט און לייענט איבער דעם קאָנטראַקט, וואָס איר האָט אונטערגעשריבן. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז איר זײַט מעכוייעוו זיך יאַווען, אויב אַפילע איר נעמט ניט קיין אָנטייל אין דער פּראָגראַם. וויִאַזוי זשע קומט איר עס צו מיר מיט אַזאַ ביטע?

די קיסעליאָווס האָבן אויף דעם גאָרניט געענטפערט דעם באַלעבאָס, נאָר יעדן אָוונט פלעגן זיי דאָך קומען צו דער צווייטער אָפּטיילונג, אויספילן זייערע נומערן און אַוועקגיין אַהיים. פאַר די צוויי וואָכן, וואָס די קינדער האָבן געקרענקט, האָט זיי וואָלאָשין אַפילע קיין קאָפּעקע ניט באַצאָלט. אַלעקס האָט אײַנגעגעבן אין געריכט.

דער געריכט־זאַל איז געווען פול געפּאַקט. עס איז געקומען די גאַנצע טרופּע. פיל ליבהאָבער פון צירק האָבן אײדעס געזאָגט, אַז אין יענע טעג האָבן זיי געזען די קיסעליאָווס אויפן מאַנעזש. אַליין וואָלאָשין איז ניט געקומען. זײַן אינִיען האָט פאַרטיידיקט דער אַדוואָקאַט וואַרשאַווסקי. ווען דער דאָקטער האָט גענומען דערציילן, ווי שווער עס האָבן געקרענקט קיסעליאָווס קינדער, האָט וואַרשאַווסקי אים איבערגעשלאָגן:

— דאָס האָט ניט קיין שײַכעס צו דעם איניען.

עמעצער האָט אויסגעשריִען פון זאַל:

— און דאָך האָבן זיי געאַרבעט!

דער אַדוואָקאַט האָט גלײַך געפאָדערט, אַז מע זאָל דעם „שרײַער״ אַרויספירן פון זאַל. עס איז געוואָרן אַ טומל. דער ריכטער איז אויפגעשטאַנען, גענומען קלינגען מיטן גלעקל, און דאָ איז צו וואַרשאַווסקין צוגעלאָפן טאַדיע און הויך אויף אַ קאָל אַ געשריי געטאָן:

— איר זײַט נאָך ערגער פון עלעק דעם ליגנער. מע וואָלט אײַך אויך געדאַרפט אָנבייקערן די ביינער!

[1] ייִנגעלעך־פּילקעלעך.

דער קלאָון אין צירק וואָלט זיך געשעצט גליקלעך, ווען דער עולם זאָל אזוי לאַכן פון זײַנע כאָכמעס, ווי מע האָט געלאַכט דאָ, אין געריכט־זאַל.

— מאַלאַדיעץ! — האָבן זיך דערהערט אויסגעשרייען. — זאָג אים אַרײַן!

א זשאַנדאַרם האָט אָנגעכאַפּט טאַדיען פאַרן אויער און, ווי א הינטל, ארויסגעוואָרפן פון יענער זײַט טיר.

אוודע האָט דער געריכט זיך אָנגענומען וואַלאַשינס קריוודע! באַם ארויסגאַנג האָט וואַרשאַווסקי דערזען, ווי טאַדיע שטייט און רײַבט דעם אויער. ער האָט זיך געשמאַק צעלאַכט:

— נו, „אדוואָקאַט“, וועמען האָט מען אָנגעבייקערט די ביינער?

טאַדיע האָט זיך אָנגעבויגן און גענומען זוכן א שטיין, נאָר אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר א האַנט און א צי געטאָן צו זיך:

— קום, נאַרעלע...

דאָס יינגל האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און נאָכגעשריִען וואַרשאַווסקין:

— ווען איך זאָל זײַן אן אדוואָקאַט, וואָלט איך געזאָגט דעם עמעס!

די קיסעליאָווס וואָלטן נאָך עפּשער ניט אזוי גיך זיך צעשיידט מיט וואַלאַשינס צירק. נאָר גראָד דעמלט האָבן זיי אומגעריכט באַקומען א היפּשן פּאַקעט מיט עטלעכע טריוואַקס־שטעמפּלען. אָנגעקומען איז ער אזש פון עסטרײַך, און געווען איז דאָרט אן אײַנלאַדונג און א קאָנטראַקט, וואָס דער ווינער צירק האָט זיי פאַרגעלייגט אונטערשרײַבן.

געוויס האָט וואַלאַשין געמאַכט נאָר אן אָנשטעל, ווען ער האָט געפּרוווט אָפּרײדן די קיסעליאָווס פון פאָרן אין דער פרעמד. מיטאמאָל האָט ער זיך דערמאָנט וועגן גוטן שעם פון די קיסעליאָווס, באַדויערט, וואָס זיי וועלן זײַן ווײַט פון דער היים. ער האָט זיך גענומען קלאָגן אף דער קאָנקורענץ, וואָס אים קומט אויס אויסצושטיין, און האָט זיי געייצעט גוט באַקלערן דעם איניען. אינדערעמעסן אָבער האָט דער דירעקטאָר באַדאַרפט אויסשפּילן צײַט אף אונטערזוכן אקטיאָרן.

מע איז זיך צונויפגעגאַנגען אף דעם, אז די קיסעליאָווס וועלן זיך אף א שטיקל צײַט פאַרהאַלטן, און דערפאַר וועלן זיי האָבן זייערן א בענעפיס.

— און וואָס וועט זײַן מיט טאַדיען? — האָט אַנאַ איוואַנאָוונאַ א פאַרזאָרגטע שוין דאָס וויפלטע מאָל געפרעגט באַ איר מאַן.

טאַדיע אַליין איז די לעצטע צײַט ארומגעגאַנגען ווי א פאַריאָסעמטער. „צי דען, — האָט ער געטראַכט, — וועלן זיי מיך דאָ איבערלאָזן און אַליין אוועקפאָרן?“

— טאַדיע, — האָט איינמאָל באַם אָוונט־ברויט געפרעגט אַלעקס, — דו ווילסט פאָרן מיט אונדז קיין ווין?

דאָווידל האָט נאָר א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף יאָ.

— אויב אזוי, דאַרף מען גיין צו דײַנע עלטערן זיך דורכריידן.

שפּאַנען זיי ווידער אינדרײַען איבער דער לאַנגער דוואָריאַנסקע.

ווער האָט עס געקאָנט אונטערזאָגן פוגען, אז באַלד וועט קומען אזא אָנגעלייגטער גאַסט? אָט לויפט פוגע מיט אן ארויסגעשטעקטער צונג. מיטאמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. גענומען דרייען מיטן עק, געמאַכט א פּאָר ניט זיכערע שפּאַן און ווידער זיך אָפּגעשטעלט. זײַן פּרײַנט און באַלעבאָס האָט זיך עפּעס שטאַרק געענדערט. ער ווערט ערגעץ אף גאַנצע כאָדאָשים פאַרפאַלן. עמעס, אז ער קומט, איז ער אים גוט מעכאַבעד. גלעט אים און צערטלט אים. נאָר דאָך איז עס ניט ווי אמאָל, ווען זיי האָבן זיך אזוי גוט פאַרשטאַנען אפן ווונק. פונדעסטוועגן וואָלט פוגע אים אַלץ מויכל געווען, ווען ניט די נײַע פרעמדע רייכעס. עס טראָגט פון אים מיט שטאָל, פּריער האָט פון אים דאָך שטענדיק געשמעקט מיט טײַך און מיט ווינט, און ווי א וויכער פלעגט פוגעס באַלעבאָס ארײַנפליִען אין הויף און גלײַך זיך לאָזן צו דער בודקע. איצט גייט ער אזוי סטאַטעטשנע. אָנגעטאָן איז ער אזוי, אז דו ווועסט שוין ניט קיין שפּרונג טאָן מיט די שטויביקע לאַפּעס אף זײַן ברוסט. אף די פּיס טראָגט ער עפּעס אזוינס, וואָס סקריפּעט. און טוסטו עס א לעק, ווערט דיר קאַלט און טערפּקע, ווי דאָס וואָלט געווען אן אויסגעטריקנטע פעל אין בויניע.

— פוגע! קום אהער!

דאָס איז דאָך דאָווידלס שטים! פוגע טוט א קאַניוטשע און נעמט פויזען פון פרייד אפן בויך, ווי אמאָל, ווען נאָר זיי ביידע און מער קיינער ניט איז אף דער וועלט ניט געווען.

די ערשטע נאָך פוגען האָט זייער קומען באַמערקט ראָכעלע. זי זיצט באַם אָפענעם פענצטער און שטריקט פאַר זיך קאַלירטע הענטשקעלעך. מיסטאַם איז זי איצט, ווי שטענדיק, אָנגעטאָן אין די הויכע שיך, פאַרשנורעוועטע ביז ארויף. טאַדיע כאַפּט אף איר א קוק. „נישקאָשע, ער וואַקסט באַ איר, דער גווידער“. ער כאַפּט אויך א קוק אין עק פון הויף. די בערוועגעס און ברעטער זײַנען טינקעלער געוואָרן, נאָר זיי ליגן אפן זעלבן אָרט. דאָס שטיבל, ווו כאַים־בער וווינט, איז פאַר־

שלאָסן אַף אַ שלאָס אוןביידע לאָדנס זײַנען פאַרהאַקט. טאַקע דאָ ניט ווײַט וואַלגערן זיך די רעשטלעך פון כאַים־בערס וואָגן — צוויי צעטראַסקעטע רעדער, אַ פאַרזשאַווערטע אַקס. ער ווייסט נאָך ניט, טאָדיע, אַז דער באַלעגאָלע איז אינגאַנצן געליימט געוואָרן און די באַלעבאַטים פון שטאָט האָבן אים אָפּגעפירט אין מוישעוו־זקיינים. דאָרט, אין העקדעש, האָט מען אים באַרויִקט, ווערט ער ניט האָבן וועמען מעקאַנע צו זײַן.

כאָטש די מאַמע שטייט מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און קנעט ערשט אין דער באַקדייזשע דאָס געדיכטע טייג, דאָך ווײַזט זיך דאַווידלען אויס, אַז אין קעלער שמעקט שוין מיט פריש־געבאַקן ברויט. עס ווילט זיך אים אַ געשריי טאָן: „גיב מיר, מאַמע, אַ פרישן פּידפּאַלעק מיט מילך!"

דער מאַמעס מידע אויגן שמייכלען:

— סאַראַ אַנגעלייגטע געסט!

זי ווייסט ניט, וווהין זאָל זי אַהינטאָן די הענט, וואָס זײַנען ביז די סאַמע עלנבויגנס אין טייג. זי ציט אויס דאָס פּאָנעם, און איר מיזיניק לויפט צו צו איר, טוט זי אַ קוש אין באַק, דאָרט, ווו ס'וואַקסט בא איר אַ קליין בראָדעווקעלע מיט צוויי קורצע דינע הערעלעך. די מאַמע איז ווי פאַרשעמט. זי זוכט מיט די אויגן אַ ריין אָרט, ווו די געסט זאָלן זיך קאָנען צוזעצן. אין שטוב איז ניט אויפגעראַמט.

טאָדיע כאַפּט אַ קוק אַף די שטשערבאַטע ווענט, וואָס זײַנען אין די ווינקלען באַדעקט מיט אַ געדיכטער נעץ דינע, גרויע פּעדעמלעך שימל. די מאַמע פאַרענטפערט זיך:

— לייווי איז שוין לאַנג אָן אַרבעט. אים איז שוין געווען זייער גוט. ער האָט זיך געקויפט אַ פּאָר נײַע שיך, מיר אַ מולטן קלייד. ער האָט זיך אַפילע געהאַט צונויפגערעדט, אַז מע זאָל אַרומשאַליעווען די נאַסע ווענט, אויסקלעפּן זיי מיט טאַפּעטן. האָט זיך אים אָבער מיטאַמאָל פאַרוואָלט, אַז דער באַלעבאָס זאָל אים העכערן די סכירעס.

טאָדיע פאַרשטייט שוין, אַז די מאַמע האָט אַ גרויסן פאַרדראָס, און אַנאַ איוואַנאָוונאַ, וואָס איז, דאַכט זיך, ניט קיין נאַר, צעבלאָזט נאָך דאָס פײַער:

— פאַרוואָס טאַקע ניט?

— פאַרוואָס ניט? — פרעגט איבער די מאַמע, און איר פּאָנעם פאַרקרימט זיך, ווי פון עפּעס שטאַרק זויערס. — דערפאַר, ווײַל צו גוטס און שלעכטס איז קיין שיר ניטאָ. „לייווי, — האָב איך זיך בא אים געבעטן, — ס'איז פאַר אונדז נאָך ניט געקומען די צײַט. צען מאָל זאָלסטו אָפּמעסטן און איין מאָל אָפּשנײַדן". פאָלגן זיי דען, די קינדער? — די מאַמע האָט דערווײַל פון אַ זײַט אַ קוק געטאָן אַף דאַווידלען. — ווען לייווי האָט זיך אין דעם פינצטערן טאָג אומגעקערט פאַר דער צײַט אַהיים, האָב איך נאָך פונדערווײַטן דערזען, אַז די „גוטע" בסורע שפּאַנט אַף אַ מײַל פאַר אים.

— מאַמע, ווו איז ער, לייווי?

— ווו זאָל ער, קינד מײַנס, זײַן? ער זוכט אַרבעט.

ווען דער טאַטע איז געקומען און די קיסעליאָווס האָבן אים געזאָגט, אַז זיי זײַנען מאַסקים נעמען מיט זיך טאָדיען קיין ווין, האָט ניט באַסשעווע, נאָר נאָסן־עליע גלײַך געמאָלדן, אַז וועגן דעם קאָן אַפילע קיין רייד ניט זײַן. און נאָך האָט ער געזאָגט:

— פאַר אײַער גוטסקײַט קומט אײַך אַוואַדע אַ דאַנק, נאָר פון צירק וועל איך אים מיט דער צײַט צונעמען. איך וויל ניט, אַז מע זאָל אַף מיר טײַטלען מיט די פינגער...

די מאַמע איז צוגעגאַנגען צו אַנאַ איוואַנאָוונאַ, זי אַרומגענומען, און, אויב גלייבן ראַכעלען, האָבן זיי זיך אַפילע צעקושט.

— נישקאַשע, — האָט איר דערנאָך די מאַמע געזאָגט, — זיי זײַנען מיר טײַער, ווי נאָענטע פרײַנט. — און ווען די שכיינע האָט פאַרשנורעוועט דאָס מויל און אַ צוק געטאָן מיט די אַקסל, האָט באַסשעווע צוגעגעבן: — זאָג מיר, כ'בעט דיך, וואָס קומט מיר אַרויס דערפון, וואָס די מאַדאַם אַלינאָווע איז אַ יידישע?..

נאָך איידער די קיסעליאָווס זײַנען אַוועקגעפאָרן, איז פון אָדעס געקומען אַ נײַע אַרטיסטקע. לויזע די פרײלעכע האָט מען זי גערופן. לויזע האָט די גאַנצע צײַט געהאַלטן אין איין קײַען, און מעגלעך דערפאַר האָט זיך טאָדיען אויסגעוויזן, אַז איר פּאָנעם זעט אויס וואַכעדיק־פראַסט. מיט אַנטואַנעטען האָט זי זיך באַגעגנט, ווי אַלטע גוטעפרײַנט. אַלעקס האָט געקוקט אַף לויזען פון אונטער די געדיכטע ברעמען. אים זײַנען אַפילע ניט געפעלן געוואָרן אירע לאַנגע קאַשטאַנעווע האָר, דער גרויסער פוקסן־קאַלנער אַפּן הויכן האַלדז, איר שיינע, קלינגעוודיקע שטים.

לויזע האָט געזוכט פאַר זיך אַ געהילף — אַ רירעוודיק, דאַר ייִנגל, וואָס זאָל האָבן „אַ קאָפּ אַף די פּלייצעס".

— ווייסט, — האָט אנא איוואנאָוונא זיך געווענדט צו איר מאן, — לויִזע איז א גוטע פרוי און האָט ליב קינדער.

— עמעס, — איז ער קלוימערשט מאסקים געווען און גלײַך צוגעגעבן: — זי האָט זיי ליב צוליב זיך. און עפּשער אויך דערפאר, ווײַל זיי דערמאָנען איר די אייגענע פארלוירענע קינדהײַט.

— אויב אפילע אזוי, איז וואָס? דו ביסט איצט אין א שלעכטער שטימונג, ווילסטו ניט פארשטיין, אז קיין אנדער ברייַרע האָט דערווײַל טאָדיע ניט. דיר געפעלן ניט קיין איליוזיאָניסטן, קונצנמאכער, און איך האלט, אז זיי האָבן מער רעכט ארויסטרעטן אין צירק, ווי די סאלאָן־טאנגיסטן, שפּאנישע טענצערנס, פרויען־קאפּעלעס, טיראָלער כאָרן. פאר די עסטראדניקעס איז דאָס אָרט אין שאנטאן און אין ווארייעטע.

וואָס האָט ער איר געקאָנט ענטפערן? אנא איוואנאָוונא איז דאָך געווען גערעכט...

ארויסבאגלייטן די קיסעליאָווס האָט זיך צונויפגעזאמלט דער גאנצער צירק. ווען די טשעמאָדאנעס זײַנען געווען צונויפגעלייגט אפן וואָגן און דער פורמאן האָט אָנגעצויגן די לייצעס, האָט זיך באוויזן וואָלאָשין. ווי שטענדיק, זײַנען בא אים דער קאָלנער, די מאנזשעטן און די מאנישקע געווען שניי־ווײַס. די האָר האָבן געגלאנצט פון בריליאנטין. באנאנד מיט אים איז געגאנגען א הויכער, דארער מאנצבל מיט אײַנגעפאלענע באקן.

— זע, — האָט אנא איוואנאָוונא אָנגעכאפּט דעם מאן בא דער האנט, — דאָקטער קוק!

ניט ווילנדיק האָט אויך טאָדיע אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגעשטרענגט זיך אײַנגעקוקט — א מענטש, ווי אלע מענטשן, עמעס, בא אים איז געווען אן אויסגעצויגענער שארבן, מוטנע בלויע אויגן. אין די לאנגע דינע פינגער האָט ער געהאלטן א לײַכט שטעקעלע.

די פערד האָבן זיך א ריס געטאָן פון אָרט, און דאָווידל האָט דערהערט אנא איוואנאָוונאס וואָרענונג:

— טאָדיע, היט זיך פאר אים, הערסט? היט זיך!

לויִזעס ארויסטרעטונגען זײַנען ניט געווען פארבונדן מיט קיין ריזיקע. זי האָט זיך אויך ניט באנוצט, ווי אנדערע איליוזיאָניסטן, מיט די לעצטע דערגרייכונגען פון אָפּטיק, אקוסטיק, מעכאניק, כימיע — און דעריבער זיך באגאנגען אָן קאָמפּליצירטער אפּאראטור, אָן אסיסטענטן.

לויִזע האָט ארײַנגעפירט טאָדיען אין פוסטן גרימיר־צימער, באטראכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. דערנאָך ארויסגענומען פון איר רידיקיול א צעראטענעם סאנטימעטער און געמאָסטן טאָדיען — זײַן הייך, די ברייט פון די פּלייצעס. דאכט זיך, אז אלץ איז איר געפעלן. נאָר ווען זי האָט ארומגעוויקלט מיטן סאנטימעטער זײַן קאָפּ, האָט זי זיך פארקרימט און אומצופרידן א זאָג געטאָן:

— ניט גוט. פאר א ספינקס איז בא דיר צו א גרויסער קאָפּ.

— פאר א וואָס? — האָט טאָדיע איבערגעפרעגט.

— פאר א ספינקס. דו האָסט אמאָל געזען בא א מויער אויסגעהאקט פון שטיין א לייב מיט א קאָפּ פון א מענטשן? אָט דאָס הייסט א ספינקס.

טאָדיע האָט פארכידעשט א קוק געטאָן אף זיך אין דעם גרויסן שפּיגל. לויִזע האָט אופּגעעפנט די טיר און געבעטן דעם אוניפאָרמיסט ארײַנטראָגן איר קעסטל און דאָס טישל. דאָס איז געווען ניט קיין געוויינלעך טישל און ניט קיין געוויינלעך קעסטל.

— זעסט, — האָט לויִזע צערוקט דאָס דעקל פון דעם טישל. — אָט דאָ וועסטו זיצן, און קיינער וועט דיך ניט זען...

— אפילע ווען עמעצער פון די צושויער וועט עפענען דאָס דעקל?

— מע זאָל אפילע צען מאָל עפענען. די פיסלעך פונעם טיש זײַנען אויסגעהוילט, און דײַנע פיס וועלן דאָרטן זײַן פארבאהאלטן. איך ווייס נאָר ניט, וואָס טוט מען מיט דײַן קאָפּ. ער דארף זײַן פארוקט אין קעסטל, איז ער אָבער צו גרויס און וועט ניט ארײַן אהין. וואָס זשע טוט מען מיט דיר?

טאָדיע האָט פײַנט, ווען מע קאָמאנדעוועט מיט אים, נאָר קוים האלט מען זיך מיט אים אן אייצע, איז אדעראבע, ביפראט נאָך, אז דאָ איז ניטאָ וואָס צו קלערן.

— מיט מײַן קאָפּ וועט איר שוין גאָרנישט ניט מאכן. נאָר עפּשער קאָן דער סטאָליער עפּעס טאָן מיטן קעסטל?

לויִזע האָט מאמעש אָנגעקוועלט פון נאכעס. זי האָט ארײַנגעכאפּט אין מויל צוויי קאָנפעטן און אומגעריכט א קוש געטאָן טאָדיען אין באק.

— ניט אומזיסט האָסטו אזא גרויסן קאָפּ. א קאָפּ, ווי בא א מיניסטער. דו וועסט נאָך ווערן בא מיר אן עמעסער ספינקס, ניט קיין שטיינערנער. א ספינקס, וואָס ענטפערט אף אלע פראגן פונעם געערטן פובליקום.

טאָדיע האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס לויִזע מיינט. זי וויל, אז פון זײַן באהעלטעניש זאָל ער, טאָדיע, דער „ספינקס", ענטפערן אף די פראגן, וואָס די צושויער וועלן שטעלן, און וואָס צו ענטפערן וועט ער שוין וויסן לויט אירע פראגן. אָבער וויִאזוי וועט עס פּאָרקומען?

און פּאָרגעקומען איז עס אזוי:

נאָך דעם, ווי דער שפּרעכשטאָלמייסטער האָט געמאָלדן, אז באלד וועט די וועלט־בארימטע לויִזע יאקאָ אויספילן איר פרימא־נומער, וואָס פאָדערט אבסאָליוטע שטילקײַט, איז אין זאָל געוואָרן נאָך טומלדיקער.

לויִזע האָט זיך ניט געײַלט. זאָלן זיי טומלען.

אָנגעטאָן איז זי אין א לאנגן שווארצן קלייד, וואָס איז פארשפיליעט ביזן האלדז. אפן מאנעזש ווערט איר אויסגעצויגן, שמאָל פּאָנעם זייער ערנסט. פרעגט בא איר איצט, וועט זי אײַך אף אן עמעס שווערן, אז זי איז בעקויעך צווינגען דעם עגיפּטישן ספינקס ענטפערן אף אירע פראגן. זי האָט נאָך דערווײַל דאָס מויל ניט געעפנט, און דער עוילעם אפּלאָדירט שוין. ניט אומזיסט האָט דער שפּרעכשטאָלמייסטער זי הײַנט אָנגערופן „וועלט־בארימטע".

אין דער מינוט, ווען אלע פּראָזשעקטאָרן זײַנען געווענדט אף לויִזען, טראָגט דער אוניפאָר־מיסט ארויס דאָס טישל מיטן ספינקס. לויִזעס פינגער רירן קוים אָן דאָס טישל, זי בלאָזט פון דעם אראָפּ א שטויבעלע און בעט זיך בא דעם מאמעש:

— ספינקס, זײַ אזוי גוט און זאָג מיר, ווער עס זיצט אפן צוואנציקסטן אָרט אין דער פופצעטער ריי און וואָס איז דער מענטש אָנגעטאָן?

טאָדיע האָט גוט אײַנגעכאַזערט דעם „שליסל" און ווייסט, אז אין דער פראגע איז שוין דאָ דער ענטפער — אין דער פופצעטער ריי זיצט א מאנצבל אין א ברוינעם אָנצוג.

אויב טאָדיע כאפּט ניט גלײַך אוף, וואָס לויִזע מיינט, כאַזערט זי איבער די פראגע א צווייט מאָל און א דריט מאָל. די צושויער דערקלערט זי, אז אײַנבעטן זיך באם „ספינקס", ער זאָל איר ענטפערן, איז גאָרניט אזוי לײַכט.

דער סעאנס איז פארענדיקט. דער אוניפאָרמיסט טראָגט אוועק דאָס טישל. טאָדיע, וואָס איז געזעסן אין געהאקטע ווענדן, קריכט אפגיך ארויס. עס גייט אוועק א היפּשע צײַט, ביז עס גלײַכן זיך אויס זײַנע פארגליווערטע אייוורים.

— בראוואָ! ביס!

די, וואָס זשאלעווען זייערע הענט, קלאפּן מיט די פיס אין דיל, פײַפן.

לויִזע באַווײַזט זיך ווידער אפן מאנעזש. דאָס מאָל ברענגט זי אליין דאָס טישל מיטן קעסטל. זי פארבעט עטלעכע צושויער צו זיך און לייגט זיי פאָר א קוק טאָן אין קעסטל, אין טישל. די נײַגעריקע באשטעטיקן, אז אויסער א ביסל אש איז דאָרט גאָרנישט ניטאָ.

— פרײַנט מײַנע! מיר איז אליין א שאָד, נאָר הײַנט וועל איך זיך שוין פון דעם ספינקס גאָרנישט ניט דערשלאָגן. ער איז פארברענט געוואָרן...

## אלץ איז ביז א צײַט



אָדיע האָט אָנגעהויבן אריבערגיין פון איין ארטיסט צום צווייטן. אָט דעמלט האָט ער ערשט דערפילט, ווי גוט ס'איז אים געווען בא די קיסעליאָווס. מיט א צופעליקער טרופּע אקראָבאטן און זשאָנגליאָרן פלעגט ער ארויסטרעטן אין די מארק־באלאגאנען אזוי לאנג, ביז די ארטיסטן פלעגן זיך נעמען קלײַבן איבערגיין די גרענעץ פון רוסלאנד. ער האָט ניט פארשטאנען פארוואָס, נאָר אלע פלעגן זיי שטרעבן קיין רומעניע. אים אָבער האָט דער טאטע זײַנער שטרענג פארבאָטן אפילע טראכטן וועגן אריבער־טרעטן די גרענעץ.

דער קלאָון קאָסאָפּאַרדי האָט געזוכט א ייִנגל פאר אן אסיסטענט. עמעצער האָט אים אָנגע־וויזן אף טאָדיען. גאָלדענע בערג האָט אים דער קלאָון צוגעזאָגט. אין צירק האָט נאָך דערווײַל טאָדיען קיינער ניט אָפּגענאַרט. האָט דאָווידל אים געגלייבט און צוזאמען מיטן קלאָון זיך געלאָזט איבער די נאָענטע שטעט און שטעטלעך.

קאַסאָפּאַרדי פֿלעגט בעקיוון אונטערשטרײַכן זײַן אויסלענדישן אקצענט. זײַנע וויצן און קאַטאָוועסלעך פֿלעגט ער דערציילן ווי א סאָד, אָבער אזוי, אז אַלע זאָלן הערן. ער האָט ליב געהאַט פאַרדרייטע צווידײַטיקע ווערטער, ניבל־פּע, ניט קיין אָנשטענדיקע באַוועגונגען און טנועס. פֿון זײַנע ארויסטרעטונגען האָט מען עפּשער געקאָנט לאַכן, נאָר ניט פֿריילעך ווערן.

אפֿן מאַנעזש פֿלעגט ער זיך באַווײַזן מיט א הויקער אפֿן רוקן. דאָס פּאָנעם איז בא אים געווען טויט־בלאַס און די האָר פֿלאַם־רויט. מיט דעם פּאַריק האָט קאַסאָפּאַרדי געגעבן אָנצוהערן, אז ער איז דער שאַליעך פֿון גענעם.

דאָס אַלץ האָט טאַדיע פֿאַרשטאַנען ערשט שפּעטער. פֿיל מער האָט אים געאַרט, וואָס ווי נאָר עפּעס, כאַפּט זיך קאַסאָפּאַרדי פֿאַר זײַן באַמבוק־שטעקן. איינמאָל האָט שוין טאַדיע אומזיסט און אומנישט פֿון אים אַרײַנגעכאַפּט און האָט באַשטימט, אויב יענער וועט אים נאָכאַמאָל אָנרירן, וועט ער...

דאָס איז געשען אין ניקאָלײַעוו.

קיין שום זאַך האָט קאַסאָפּאַרדי אזוי ניט אָפּגעהיט, ווי זײַן שוואַרצן קאַפּעליוש, וואָס האָט אויסגעזען ווי א היטל צוקער. ווען ער פֿלעגט זײַן בעגילופֿין, פֿלעגט ער האַלטן אין איין מעסטן דעם הוט, אים גלעטן, רייניקן און פּוצן, ריידן צו אים צאַרטע ווערטער, ווי דאָס וואָלט געווען ניט קיין הוט, נאָר זײַנס א קינד. אזוי האָט טאַדיע געדויערט, ביז ער פֿלעגט אײַנשלאָפֿן. דאַרף זיך טרעפֿן, אז עמעצער איז אַרײַנגעקומען אין טואַלעט־צימער, וווּ קאַסאָפּאַרדי האָט געוווינט, און זיך אוועקגעזעצט אף זײַן הוט...

טאַדיע איז געשטאַנען אין הויף און זיך געוואַרעמט אף דער זון, ווען קאַסאָפּאַרדי איז אין זײַן לאַנגן צעכראַסטעטן כאַלאַט צוגעלאָפֿן און אים אָנגעכאַפּט פֿאַרן האַלדז מאַמעש אף צו דער־שטיקן. דאָס ייִנגל האָט זיך אײַנגעביסן מיט די ציין אין דעם קלאָונס האַנט. קאַסאָפּאַרדי האָט ארויסגעלאָזט א קוויטש און איז אָפּגעשפּרונגען אין א זײַט.

— אזוי גאָר? — האָט ער זיך אין א ווײַלע ארום ווידער א וואָרף געטאָן צו אים.

— אזוי! — האָט טאַדיע געענטפֿערט. אין דער האַנט האָט ער שוין געהאַלטן א היפּשן סוקעוואַטן דראָנג.

טאַדיע האָט אפֿגיך אופֿגעקלייבן זײַנע זאַכן אין דעם קליינעם רענצל און זיך געלאָזט צום ארויסגאַנג.

— מיין ניט, אז עס וועט דיר אזוי אָפּגיין, איך וועל זיך נאָך מיט דיר צערעכענען, — האָט קאַסאָפּאַרדי אים נאָכגעשריגן.

טאַדיע האָט אפֿילו דעם קאָפּ צו אים ניט אויסגעדרייט.

אהיים קיין כערסאָן איז ער געקומען א מידער, א הונגעריקער.

— ווי איז מיר, פֿון וועלכן קוימען ביסטו עס ארויסגעקראָכן? — האָט די מאַמע אים באַ־געגנט מיט א געשריי און גלײַך געשטעלט וואַרעמען דעם טשוהון מיט וואַסער. זי איז ארויס־געלאָפֿן בא עמעצן אנטלײַען א שטיקל טרייפֿע זייף און פֿאַריינוועגס אַרײַנעמען פֿון דער קאַמער די גרויסע באַליע.

דאָס מאָל האָט מען פֿון דאַווידלען ניט געדאַרפֿט ציִען קיין ווערטער. ער האָט אַליין דער־ציילט אַלץ, ווי עס איז געווען. בא דעם טאַטן האָבן זיך אזש אָנגעגאָסן די שוואַרע פֿויסטן. ער האָט אזא קריץ געטאָן מיט די ציין, אז די קינבאַקן האָבן זיך פֿאַרשטשעמעט. ווען אין דעם טאַטן „צעקאָכט זיך דער סאָלדאַט", האָט די מאַמע מוירע אים צו טשעפּען, און דאָך האָט זי זיך אײַנגעשטעלט:

— נאָסן־עליע, וואָס טוט זיך עס מיט דיר? מע קאָן מיינען, אז אָט לויפֿסטו זיך שלאָגן מיט אים.

— וואָס דען, איך וועל שווײַגן דעם רעצייעך? — איז ער שוין אין קאַס געוואָרן אף דער מאַמען. — דו ווילסט, אז מע זאָל מײַן קינד מיימעסן און איך זאָל שטיין און קוקן? ס'איז העפקער א וועלט? שיין וואָלטן מיר, אַרבעטער, אויסגעזען, ווען מיר זאָלן לאָזן יעדן איינעם אונדז כאַפּן פֿאַרן גאָרגל.

אזוינס האָט שוין אפֿילו די מאַמע ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן.

— איך וויל? וואָס ביסטו, כאָליע, כאָסערדייע, צי וואָס?.. „מיר, אַרבעטער"! מע קאָן מיינען, אז ווייניק פּאַרט מען אף אײַך רײַטנדיק...

דער טאַטע האָט א גרויסע מײַלע — ער גייט גיך אָפּ. אויך דאָס מאָל האָט ער גלײַך באַ־האַלטן די הענט אונטערן טיש און מיט אָפּשײַ, ווי ער רעדט געוויינלעך מיט דער מאַמען, א זאָג געטאָן:

— נאָך א מין פאָרן! מע ציט ארויס די קליי פון די ביינער, און טאָרסט נאָך דערבײַ קיין פּיפּס ניט טאָן. נאָר פארגעדענק, באסשעווע, מײַנע ווערטער: אלץ איז ביז א צײַט, לאנג קאָן עס אזוי ניט זײַן.

אזעלכע ווערטער האָט טאָדיע פון זײַן טאטן נאָך קיינמאָל ניט געהערט. קוקט ער אף אים מיט פארכידעשטע אויגן. נאָסן־עליע טוט בייסמײַסע א טראכט: זײַן מיזיניק איז אויסגעוואקסן. אויב עס האָט אים געקלעקט קויעך און סייכל א כאפּ טאָן א דראָנג, וועט ער שוין געוויס אויך ווײַטער ניט פארפאלן ווערן. דערווײַל איז אָבער שלעכט. ווו נעמט מען אף דער הויצאָע? לייווי האָט זיך קוים אײַנגעבעטן אף ארבעט צו נאפּטאָלע דעם צוקערניק, איז אָט האָסטו דיר! נאָך איין לעפל צו דער שיסל. עס פארדריסט אים אָבער גלײַך אף דעם פּאסקודנעם געדאנק. ניט אומזיסט זאָגט מען, אז נויט ברעכט אײַזן. ס׳איז דאָך זײַן בלוט און פלייש. צו קנאפּע אכט יאָר האָט ער אים אָפּגעלאָזט נאקעט און באָרוועס פון שטוב. דאָס האָט געהייסן: גיי פארדין זיך אף א שטיקל ברויט. ער האָט דען ניט געוווסט, אז קיין האָניק וועט דאָס ייִנגל ניט לעקן? די אנדערע קינדער האָבן כאָטש געלערנט אין כיידער. און דעם האָט נאָך דער דארדעקע־מעלאמעד ניט געוויזן קיין אלעף. מע וועט דארפן א קלער טאָן... דערווײַל האָט ער פאר דאָווידלען א גוטע נײַס.

— דו ווייסט, דאָווידל, — זאָגט ער צו אים, — ווער עס ארבעט בא אונדז? דײַן ניקיפאָר. איך לערן אים צוביסלעך טאָקערײַ. א שארפער קאָפּ בא דעם מענטשן.

אין טאָדיעס אויגן האָט זיך באוויזן א פײַערל:

— ניקיפאָר? ער איז דאָך געווען א מאטראָס!

— נו, איז וואָס, אז א מאטראָס? מיסטאם דארף מען אזוי.

— איז וועל איך טאקע גלײַך גיין צו אים!

— גלײַך! וואָס מיינסטו, ער זיצט אין שטוב און קוקט ארויס אף דיר? ער האָט זיך זײַן ארבעט. נאָר אויב דיר ווילט זיך אזוי, וועל איך אים מאָרגן א פרעג טאָן.

און אָט שפּאנט ער, טאָדיע, צו דעם בײַשטאָטישן דאָרף, ווו עס וווינט ניקיפאָר. דערווײַל זעט ער בלויז די ווינטמיל. עס דאכט: די פליגל פון דער מיל האָבן זיך אײַנגעשניטן אין די וואָלקנס. פון פעלד טרײַבט מען שוין די טשערעדע. בא די בעהיימעס באָמבלען זיך די פולע אײַטערס. לעבן ברונעם שטייט א יונגע פויערטע אין נײַע פּאָסטעלעס און אין א ווײַס אויסגענייט העמד מיט א בונטער בײַטש קארעלן אפן האלדז. מיט דער קראָמיסלע פארטשעפּעט זי אזוי קונציק די צוויי פולע עמער, אז דאָס וואסער טוט זיך אפילע קיין הוידע ניט. אף די פלויטן טריקענען זיך בײַכיקע מאקרעטעס. קינדער באָרבלען זיך אפן שטויביקן וועג.

— קום ארײַן, לאָמיר נאָר, דאווידקאָ, אף דיר א קוק טאָן! מאָלאָדיעץ, א גאנצער פּארובאָק געוואָרן! עס פעלט דיר נאָר א פּאָר וואָנצעס, און דעמלט וואָלסטו שוין אויסגעזען ווי אן עמעסער מאנצבל. נו, דערצייל, ווי לעבן עס די צירקאטשעס.

א מאָדנע זאך, פארן אייגענעם טאטן שעמט זיך דאָווידקע, און מיט ניקיפאָרן פילט ער זיך קימאט ווי מיט זײַנס א גלײַכן.

בא ניקיפאָרן אין כאטע איז פריש אויסגעשמירט דער ערדענער דיל. אף די פענצטער שטייען וואזאָנעס. דער גרויסער טיש איז פארדעקט מיט א גראָבן ריינעם טישטעך. מיסטאם האָט אים אויסגעשטריקט ניקיפאָרס מאמע אָדער זײַן ווײַב קסעניע.

— דאווידקאָ, שטעל נאָר אוועק דעם רעכטן עלנבויגן אפן טיש, און לאָמיר זיך א באָרע טאָן. אָט אזוי־אָ! מיט אזעלכע מוסקולן וועסטו בא זיי אין צירק ווײַט פארפאָרן...

— פּעטער ניקיפאָר, איך בין שוין טאקע אזוי ווײַט פארפאָרן, אז איך האָב זיך קוים אומגעקערט אהיים.

— אזוינס טרעפט אויך. נאָר איך זע, אז בא דיר איז ניט שלעכט געפּיקט די צונג. פאר דעם דארפסטו אויך דאנקען דײַן קיסעליאָוון?

— איר קענט אים דען? די קיסעליאָווס האָבן מיך קיין שלעכטס ניט געלערנט.

— איך זאָג עס ניט. מע האָט מיר וועגן זיי א סאך דערציילט. דו ווייסט, דײַן טאטע האָט גאָלדענע הענט. לאָז אים נאָר, וואָלט ער ווײַט אוועק. אפילע איצט קאָן ער פארשטעקן אין גארטל דעם מעכאניק.

— דער מעכאניק איז בא אײַך א בייזער?

— ניק, ער איז דאפקע ניט קיין שלעכטער, — ניקיפאָר האָט ארומגענומען דאָווידלען בא די אקסל און פאָרגעזעצט: — קום, וועל איך דיר באווײַזן מײַן טאטנס סאָד. ער לאָזט אים קיינעם ניט רייניקן, ווער רעדט שוין פון אונטערשערן אָדער אויסקאלכן דיביימער!

שלאָפן האָבן זיי זיך פארקליבן אין קלוניע אפן היי. די לופט איז געווען פריש און קיל, און זיי האָבן זיך אײַנגעדעקט מיט א גרויסן ראָמאנאָווער פעלץ. אף א קורצער צײַט האָט זיך אײַנ־

מיטן הימל באוויזן די לעוואָנע, וואָס האָט אויסגעלייגט א זילבערנע סטעזשקע און באַלויכטן דעם ארום. דערנאָך האָט זי זיך ווידער באַהאַלטן. די האַרבסטיקע נאַכט האָט געאָטעמט מיט פײַכטקייט און מיט קעלט. ערגעץ אין עק דאָרף האָבן זיך פּלוצעם צעבילט די הינט.

טאָדיע איז געלעגן און געטראַכט: וואָס האָט עס דער פעטער ניקיפאָר געמיינט, ווען ער האָט, גייענדיק איבערן סאָד, א זאָג געטאָן: „פון א דעמב פאַלן דעמלט אַראָפּ די בלעטער, ווען עס הייבן זיך אָן דורכשלאָגן נײַע". געווערדט האָבן זיי גאָר וועגן וואָלאַשינען, וועגן דעם אַדוואָקאַט וואַרשאַווסקי, וועגן דעם באַלעבאָס, בא וועמען זײַן טאַטע און ניקיפאָר אַרבעטן. און מיטאַמאָל...

אין לעבן, פונקט ווי אין צירק, ריידן אָפּט די דערוואַקסענע אַזוי, אַז מע קאָן קוים-קוים פאַרשטיין, וואָס זיי מיינען. עפּשער איז עס דערפאַר, ווײַל מע האַלט אים, דאָווידקען, נאָך אַלץ פאַר א קליינינקן. ער וואָלט זיך ניט געשעמט און איבערגעפרעגט בא ניקיפאָרן, נאָר לויט דעם, ווי יענער עטעמט, פאַרשטייט דאָווידקע, אַז ער שלאָפט שוין.

בא טאָדיען אַליין האָבן זיך שוין אויך צוגעמאַכט די אויגן. פון דער קלוניע טראָגט עס אים אוועק ווײַט אין וואַלד, ווו ער קלײַבט צונויף גלאַנציק-ברוינע דעמבענע ניסלעך. די מאַמע וועט פון זיי מאַכן געשמאַקע קאַווע. איז פאַרוואָס רופט מען זיי כאָזער-ניסלעך? עמעס איז, אַז אויך ווינטער הענגען אָף די גראָבע, אויסגעקרימטע דעמבענע צווײַגן א סאַך פאַרדאַרטע, פאַרטריקנטע בלעטער... דער דעמב איז זייער א פעסטער בוים, האָט עפּשער ניקיפאָר דאָס טאַקע געהאַט אין זינען?

ס'איז דורכגעגאַנגען א ווינטער, און ווען עס איז גוט וואַרעם געוואָרן, איז קיין כערסאָן ווידער געקומען וואָלאַשין מיט זײַן צירק. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד איז טאָדיע אַרומגעגאַנגען, ווי אין א כאַלעם. די מאַמע האָט שוין א קלער געטאָן, אַז מע וועט מוזן צוגיין מיטן ייִנגל צו דעם רופֿע גינזבורג.

וואָלאַשין האָט באַגעגנט טאָדיען, ווי ער וואָלט זיך מיט אים ערשט נעכטן צעשיידט. אײַלנדיק ערגעץ, האָט ער אים א נעם געטאָן בא דעם אַקסל און מיט א טאָן, וואָס דערלאָזט ניט קיין דערווידערונג, א זאָג געטאָן:

— איך נעם דיך צו זיך פאַר א שילער.

טאָדיע האָט פאַרשטאַנען: „א שילער" באַטײַט, אַז קיין אָפּמאַך וועט מיט אים קיינער ניט שליסן און פאַר דער אַרבעט וועט ער קיין געלט ניט באַקומען. נאָר אָף קיין בעסערס האָט ער זיך ניט געריכט. צוערשט וועט אים וואָלאַשין מינאַסטאַם לערנען וואָלטיזשירן. מיט אָט דעם ביט זייער שווערן, נאָר ביז גאָר שיינעם נומער הייבן זיך געוויינלעך אָן און עס פאַרענדיקן זיך די פאַרשטעלונגען אין צירק. אפילע מיט אָפענע אויגן האָט טאָדיע זיך פאַרגעשטעלט, וויאַזוי ער וועט בײַיטן די פאָזעס אפן לויפנדיקן פערד, שפּרינגען איבער די באַריערן אַזוי, אַז באַם אוילעם זאָל פאַרכאַפּן דעם אָטעם. יאָ, ער וועט ווערן אַן עמעסער זשאָקיי.

טאָדיע זעט זיך שוין אין א זײַדענער זשאָקיי-קורטקע, ווײַסע גאַליפע-הויזן, לאַקירטע שטיוועלעך אָן אָפּצאַסן. זײַנע שוואַרצע האָר זײַנען פאַרוקט אונטער א פאַרביקער קעפּי. ער כאַפּט א קוק אין שפּיגל און זעט זיך אַזאַ, ווי אים ווילט זיך. דעמלט טוט ער א פיר מיט דער האַנט איבער דער לופט — דאָס גלעט ער זײַן פערד. אפן מאַנעזש פאָרט ער אַרויס, זיצנדיק אָף א לײַכטן בונטן זאַטל. די פיס — אין די סטרעמענעס. די ווישקעס — אין די הענט. ווען דאָס פערד פליט שוין אין גאַלאָפּ, שטעלט ער זיך אוף אפן זאַטל און באַווײַזט ערשט, וואָס ער קען...

אין זאַפּאָראָזשיע האָבן זיך די גאַסטראָלן פאַרצויגן ביז שפּעט אין האַרבסט אַרײַן. בא די ברעגן פון טײַך האָט זיך שוין באַוויזן דאָס ערשטע אײַז. דער פײַכטער ווינט האָט ניט געלאָזט צורו די נאַקעטעביימער.

אין איינעם א קאַלטן אָוונט האָט וואָלאַשין זיך אומגעקערט פון צענטער שטאָט מיט עפּעס אַן אונטערהינקענדיקן פיטש-נאַסן מענטשן.

— זאָל מען דעם מענטשן גוט אָנהאָדעווען און לאָזן איבערנעכטיקן, — האָט וואָלאַשין באַפוילן דעם וועכטער און אַליין, אָן א „זײַ-געזונט", אוועק צו זיך אין טואַלעט-צימער.

דאָס, וואָס דער באַלעבאָס האָט געבראַכט אַהער אין דעם גרויסן גרימיר-צימער א ווילדפרעמדן און ניט פאַרגעסן, אַז א הונגעריקן דאַרף מען געבן עסן, האָט אַלעמען פאַרכידעשט. דער גאַסט האָט זיך צוגעזעצט באַם עק טיש, אויסגעווישט מיט די פינגער די גלעזלעך פון די ברילן, זיך אַרומגעקוקט און, ווי עמעצער זאָל דאָס בא אים פאָדערן, זיך פאָרגעשטעלט:

— אַלבערט כייפעץ. געוועזענער מאַטעמאַטיק-פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט.

דער האָרבאַטער קלאָון, וואָס איז דאָ בײַגעווען, האָט ניט אויסבאַהאַלטן זײַן שמייכל:

— ציילן, הייסט עס, איז שוין דאָ ווער, איצט דארף מען נאָך, אז עס זאָל זײַן, ווער עס זאָל גוט צאָלן...

יאָ, ציילן האָט אלבערט כייפעץ געקענט. טאָדיע האָט ניט איין מאָל נאָכגעשפּירט, ווי פאר א פּאָר סעקונדעס האָט כייפעצעס זיקאָרן זיך ספּראַוועט מיט די סאמע קאָמפּליצירטע כעזשבוינעס. זײַנע ארויסטרעטונגען אין צירק האָבן טאקע ארײַנגעבראכט וואָלאָשינען א היפּשע פּויטעקע.

פארוואָס מע האָט כייפעצן דורכגעטריבן פון אוניווערסיטעט, זײַנען ארומגעגאנגען פארשיידענע קלאנגען. אליין האָט ער וועגן דעם קיינמאָל ניט דערציילט. אלע האָבן געוווּסט, אז די לעצטע עטלעכע טעג רופט מען אים ערגעץ ארויס. ער קערט זיך אום אָן אופגערודערטער, א דערשלאָגענער. מעגלעך, אז וואָלאָשין האָט יאָ געוווּסט, אז מיטן פּראָפעסאָר אינטערעסירט מען זיך אין פּאָליציי־באצירק, דאָך האָט ער אים איינמאָל אָפּגעשטעלט און א פרעג געטאָן:

— אויב ס'איז ניט קיין סאָד, זאָגט מיר, כייפעץ, וווּהין לויפט איר עס אלע טאָג?

— Pro domo sua, — האָט יענער אים אָפּגעענטפערט, ווי ער וואָלט זיך געריכט אף דער דאָזיקער פראגע, און זיך גלײַך געכאפּט: — אנטשולדיקט, הער וואָלאָשין, איך האָב פארגעסן, אז איר פארשטייט ניט קיין לאטײַן. ווי זאָל איך עס אײַך דערקלערן. Pro domo sua באטײַט פּינקטלעך — פאר מײַן אייגענער שטוב. אויב איר ווילט וויסן גענויער, איז עס א פּערזענלעכע פּראגע. איך פארטיידיק זיך און מײַנע איניאַנים.

צו כייפעצעס לאטײַנישע ווערטלעך האָט טאָדיע זיך שוין א ביסל צוגעוווינט. נאָך דעם ערשטן טאָג, ווען דער פּראָפעסאָר האָט צונויפגענומען די ייִנגלעך און מיידלעך פון צירק און אָנגעהויבן מיט זיי לערנען, האָט כייפעץ מיט א שטיקל קרײַד אָנגעשריבן אף דער ברעט: Nulla dies sine linea און דערקלערט, אז דאָס הייסט — קיין איין טאָג אָן לערע.

וואָס מער טאָדיע האָט זיך צוגעקוקט צו דעם פּראָפעסאָר, אלץ מער האָט ער זיך געכידעשט. אָט שטייט ער איצט, דער לערער, ווי שטענדיק, א פארמאטערטער, אָן אויסגעשעפּטער. פּרווּוט אים אָבער איבערלאָזן אליין מיט זײַנע שילער, וועט איר אים ניט דערקענען. די דערוואקסענע גלייבן ניט, אז אלבערט כייפעצעס דינע ליפּן, זײַנע קורצזיכטיקע פארטרערטע אויגן קאָנען אזוי שמייכלען. ווען זיי זאָלן כאָטש איין מאָל הערן, ווי ער לערנט מיט די קינדער, ווי ער דערציילט וועגן די לענדער, אין וועלכע ער איז געווען, ווען זיי זאָלן הערן, ווי עס וויינט און לאכט זײַן פידל, וואָלטן זיי געוויס ניט געשפּעט פון זײַנע טיפע קאלאָשן, פון זײַן טעווע צו ריידן מיט זיך אליין, און, ווי די קינדער, וואָלטן זיי אים גערופן „פּראָפעסאָר" אָדער „מאעסטראָ" און ניט „אלבערט דער צעשטרייטער".

## א מענטש — א שפּין



יט קיינעם פון די קינדער אין צירק איז טאָדיע ניט געווען אזוי באַפרײַנדעט, ווי מיט ליאָניע סמיגעלסקי. ליאָניע און זײַן טאטע יוזעף זײַנען געווען לופט־גימנאסטן, זייער ארויסטרעטונג פלעגט דויערן ניט מער ווי צען־צוועלף מינוט. נאָר טאָדיע וואָלט געקאָנט שאָענווײַז שטיין מיט א פארריסענעם קאָפּ און מיט היספּײַלעס נאָכשפּירן, ווי קימאט אונטערן סאמע קופּאָל פליט ליאָניע פון איין טראפּעציע צו דער צווייטער.

ער האָט שוין, דאכט זיך, אף אויסווייניק געוווּסט יעדע מינדסטע באוועגונג, וואָס זײַן כאָווער וועט מאכן, און דאָך האָט ער יעדעס מאָל באמערקט עפּעס נײַס. צום סאָף, ווען דער באראבאנען־שרויט פלעגט פלוצעם צערײַסן די טויטע שטילקײַט און ליאָניע איז, ווי א שטיין, געפאלן פון דער הייך מיטן קאָפּ אראָפּ, קעדיי א מעטער פון דער שוץ־נעץ בליץ־שנעל זיך אויסגלײַכן, פלעגט אף טאָדיען אָנפאלן א פּאכעד און ער האָט קוים געקאָנט זיך דערווארטן, אז די צוויי מעשענע טעלער זאָלן קלינגענדיק אָנזאָגן די גליקלעכע בסורע: די געפאר איז פארבײַ! אין זײַן בונטן אָנצוג האָט ליאָניע, ווי א פאנטאסטיש פילפארביק פישל, זיך געפּליעסקעט אין דער נעץ, דערנאָך ארויסגעשפּרונגען פון איר און געלאָזט זיך לויפן פון מאנעזש.

ליאָניעס קלײַענדיק פּאָנעם האָט שטענדיק געשטראלט מיט אזא זיכערקײַט, אז טאָדיען פלעגט פארדריסן אף זיך אליין, וואָס עס פעלט אים גאָר אײַן, אז מיט זײַן פרײַנט קאָן עפּעס געשען שלעכטס.

אויסער טאָדיען און ליאָניעס טאטן, פלעגט נאָך איין מענטש שטענדיק שטיין באם פאָרגאנג, ווען אפן מאנעזש פלעגט ארויסלויפן דער יונגער סמיגעלסקי. דאָס איז געווען דער וועכ־

טער פון צירק סידאָר סטעפּאַנאָוויטש, א טויבער זאָקן, בא די אכציקער, וואָס האָט נאָך געדינט בא וואָלאָשינס זיידע.

סידאָר סטעפּאַנאָוויטשן איז פאר די לעצטע דריי צענדליק יאָר קיינער פון די ארטיסטן ניט געווען געפעלן.

— עט! — פלעגט ער א מאַך טאָן מיט דער אויסגעדארטער, ציטערנדיקער האַנט. — אמאָל, ווען איך בין געווען אין אײַערע יאָרן, האָב איך געזען דעם וועלט־באַרימטן לופט־אקראָבאַט עמיל גראַוועלע. בלאָנדען האָט ער געהייסן אף די אפישן. איך האָב געזען אקראָבאַטן, וואָס פלעגן טאַנצן אף שטריק. די שטריק זײַנען געווען אָנגעצויגן צווישן הויכע הײַזער, שטאָט־טורעמס, איבער א טײַך, נאָר קיינער האָט ניט געוואָגט אָנציִען א שטריק אף אזא הייך, ווי בלאָנדען! און וואָס, מיינט איר, האָט ער אָפּגעטאָן? אים איז איינמאָל אײַנגעפאַלן אויסקלײַבן פאר אן ארענע דעם ניאַגאַרער וואַסערפאַל! די אמעריקאַנער טומל־מאַכער האָבן ספּעציעל אויסגעבויט טריבו־נעס פאר העכער פינף און צוואַנציק טויזנט מענטשן. עמיל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין דער סאַמע מיט פון דעם קאָכנדיקן וואַסערפאַל און געגומען ווײַזן, ווי מע דאַרף צוגרייטן א פרעזשעניצע... אָט דאָס הייסט צירק! און איצט? פון אלע זײַטן דריקן אף דיר די ווענט, און פון אויבן קוועטשט אף דיר דער קופּאָל. ניין, אזוי פליִען אינדערלופטן איז קיין קונץ ניט...

און דאָך האָט סידאָר סטעפּאַנאָוויטש אין איינעם א פאַרנאַכט ניט אויסגעהאַלטן און א זאָג געטאָן צו ליאָניעס טאַטן:

— ווייסט, יוזעף, פון דײַן יינגל קאָן אויסוואַקסן אן עמיל בלאָנדען. — געזאָגט און גלײַך געוואָרנט: — שאַ, שאַ! אניט וועלן בא אים נאָך מער נעמען סטאַרטשען זײַנע גרויסע אויערן.

קאָן זײַן, אז ליאָניעס אויערן האָבן זיך אלעמען געוואָרפן אין די אויגן דערפאַר, ווײַל זײַנע אלע איבעריקע אייוורים זײַנען געווען ווי אויסגעטאָקט.

אלבערט כייפעץ פלעגט אָפט ריידן מיט ליאָניען אף פּויליש. איינמאָל האָט ער אים צוגעפירט צום פענצטער און געזאָגט:

— שטיי, ליאָניע, אנטקעגן דער שײַן. איך וועל דיך פּרוּוון אָנמאָלן.

טאָדיע איז געשטאַנען פון דער זײַט און ניט אָפּגעריסן דעם בליק פון דעם מאָלבערט. דאָס געמעל איז אים ניט געפעלן. וואָס מיינט ער, דער מאַטעמאַטיקער, אז פון פּאַסיקלעך און דריידע־לעך וועט זיך באַקומען א לעבעדיקער ליאָניע? אדראַבע, זאָל אים דאָס פּאַפּיר זאָגן, מיט וואָס עס שמעקן זײַן כוואַרעס האָר. כייפעץ קאָן אים ענטפערן. אז מיט ווײַס פּאַפּיר און מיט שוואַרצן גריפּעל. נאַרישקײַטן. אַיין טאָדיע ווייסט, מיט וואָס עס שמעקן ליאָניעס האָר.

ווי נאָר יוזעף און ליאָניע סמיגעלסקי זײַנען ארויס אפן מאַנעזש, האָט א גרופּע שיקערע יאַם־אַפּיצערן, וועלכע זײַנען געזעסן אין די ערשטע רייען, גענומען טומלען און שרײַען, אז דאָס איז ניט קיין צירק, נאָר א געמיינער באַלאַגאַן, וווּ מע נאַרט דאָס פּובליקום.

אף דער ארענע האָט זיך באַוויזן וואָלאָשין. ער איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט. ווער־ווער, נאָר ער האָט דאָך גוט געוווּסט, אז דאָ האָט ער ניט וואָס מוירע צו האָבן, אז דער נומער פון די סמיגעלסקיס איז אפילע פאר די בעסטע צירקן א מעציִע. עס איז נאָר א שאָד, וואָס עס טומלט דער פּאַרטער. וואָלט דאָס געווען די גאַליאָרקע, וואָלט מען גלײַך גענומען די כאַליאַסטרע פאר די קעלנער און — מאַרש פון יענער זײַט טיר.

— הערן אָפיצערן! באַרויִקט זיך, ביטע. ווער פון אײַך עס האָט פּרעטענזיעס, קאָן נאָך דער פאָרשטעלונג אַרײַנקומען צו מיר, אָדער זאָל עמעצער פון אײַך שוין זאָגן, מיט וואָס זײַט איר ניט צופרידן.

קוים שטייענדיק אף די פיס, האָט אײנער פון די אָפיצערן אויסגעשריִען:

— וואָס איז עס פאר א קונץ, אויב אונטן הענגט א שוץ־נעץ? הײַנט וואָס איז דאָס פאר א מאַסטבוים? אפילע בא אונדז אף דער שיף איז ער העכער!

דער קריג האָט זיך פאַרצויגן. וואָלאָשין איז אין קאַס געוואָרן ניט אף קיין קאַטאָוועס.

— אויב מיר געפעלן אײַך ניט, קאָנט איר, הער אָפיצער, פאַרלאָזן דעם צירק.

אָט ווען די גאַליאָרקע האָט ניט געקאַרגט קיין אַפּלאָדיסמענטן. בא דער כאַליאַסטרע מיט די געשליפענע ציינגער האָבן זיך ערשט געעפנט די מײַלער. וואָלאָשין איז געשטאַנען אפן מאַנעזש א טויט־בלאַסער און ניט געוווּסט, וויאַזוי שאַלעם צו מאַכן צווישן ביידע צדאָדים.

אף מאָרגן האָט דער דירעקטאָר ארויסגערופן יוזעפן און אים געוואָרנט, אז אויב זיי וועלן ניט מאַכן העכער דעם מאַסטבוים און ניט צונעמען די שוץ־נעץ, וועט ער זיי צאָלן צוויי מאָל ווייניקער.

קיין נאָענטע קרויווים האָבן די סמיגעלסקיס אין ערגעץ ניט געהאַט. נאָר יעדן כוידעש פלעגט יוזעף אוועקגיין אף דער פּאָטשט און אָפּשיקן עמעצן קיין פוילן א היפּשן קײַלעך פון

זײַן פֿאַרדינסט... יוזעף האָט אָנגענומען װאָלאָשינס פֿאָדערונג. עמעס, מיט א טאַנץ, אז די שוך־נעץ װעט מען צונעמען דאַן, װען נאָר ער אײנער װעט זיך געפֿינען אונטערן קופּאָל. אין א װאָך אַרום איז ליאָניע פֿאַרבליבן א קײַלעכדיקער יאָסעם.

א היפּשע צײַט האָט ליאָניע ניט געאַרבעט. װאָלאָשין איז געװען אזוי „גוטהאַרציק", אז ער האָט אים צוערשט דערלויבט נעכטיקן אין צירק און עסן אין דער אַלגעמײנער קיך. עפּעס האָט מען געמוזט צוטראַכטן, און ליאָניע האָט װידער גענומען אַרויסטרעטן אין צירק. צוזאַמען מיט דעם איטאַליענישן אַרטיסט דזשאַני.

לאַנג האַלטן זיך אויף אײן אָרט האָט דזשאַני ניט געקאָנט. װי נאָר ער האָט אָפּגעאַרבעט א פּאָר װאָכן, פֿלעגט עס אים א ציִ טאָן צום ביטערן טראָפּן, און דעמאָלט האָט מען אים געקאָנט געפֿינען צוזאַמען מיט זײַן באַליבטער ליפּן־האַרמאָשקע, מיט װעלכער ער פֿלעגט זיך קײנמאָל ניט שײדן, ערגעץ אין א ריװ אָדער אונטער א פּאַרקן.

עס איז געװען א מאַרק־טאָג, און דער צירק איז געװען פֿול מיט פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער. דזשאַני, עטװאָס בלײכער װי געװײנלעך, האָט צוגעפּעסטיקט צו זײַן רימען די שטאַנג, און ליאָניע איז אַרויף אויף דזשאַניס קני, אויף זײַן אַקסל און דערנאָך זיך א ציִ געטאָן צום סאַמע שפּיץ פֿון דער שטאַנג. די שטאַנג האָט א ציטער געטאָן. ליאָניע האָט אָנגעשטרענגט די שטײַפֿע מוסקולן און זיך אויסגעצויגן האָריזאָנטאַל, װי א סטרונע. דער עולם איז זאַל האָט מיט שפּאַנונג נאָכגעשפּירט נאָך דעם ייִנגל. די שטאַנג האָט זיך װידער א שאָקל געטאָן. דאָס מאָל האָט דער שיכּורער דזשאַני ניט באַװיזן אײַנהאַלטן דאָס גלײַכגעװיכט...

די דאָקטוירים און די קראַנקע פֿון כערסאָנער שפּיטאָל פֿאַר אָרעמעלײַט זײַנען שוין געװוינט געװען צו דעם, װאָס בא סמיגעלסקין אויפֿן בעטל זיצט קימאַט שטענדיק זײַן כאַװער טאָדיע. צוערשט האָט דער דאָקטער פּעסקער זיך געבײזערט, געזידלט די קראַנקן־שװעסטער, פֿאַרװאָס עס דרײען זיך דאָ אַרום זײַטיקע מענטשן. איצט, װי נאָר דער דאָקטער פֿלעגט עפֿענען די טיר פֿון דער פּאַלאַטע, האָט ער שוין געזוכט מיט די קורצזיכטיקע אויגן דעם שטענדיקן גאַסט. אָפֿט פֿלעגט ער אפֿילע מיט א שמײכל אונטעררװינקען:

— װי קלערט איר, יונגעלײַט, מיר װעלן נאָך שפּילן אין צירק?

טאָדיע האָט באַמערקט, אז צו װאָלאָשינען אין צירק האָט גענומען אָפֿט אַרײַנגײן דער דאָקטער װילהעלם קוק. דעם ייִנגל האָט זיך געדאַכט, אז אַלײן װאָלאָשין האָט מורא פֿאַר קוקן, און כאָטש ער טראָגט אים שטענדיק אַנטקעגן דעם ברײטן גוט־מאָרגן, דאָך איז ער מער צופֿרידן, װען דער דאָקטער נעמט דאָס שטעקעלע אונטערן אָרעם און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג.

סידאָר סטעפּאַנאָװיטש און װילהעלם קוק האָבן זיך באַגעגנט לעבן װאָלאָשינס טואַלעט־צימער. דער דורכגאַנג איז דאָ געװען א שמאָלער, און אויסמײַדן אײנער דעם צװײטן האָבן זײ ניט געקאָנט. דער דאָקטער האָט א טוציע געטאָן מיט זײַנע דינע פֿינגער דעם צירק־װעכטער אין דער ברוסט:

— דו לעבסט נאָך, אַלטער?

— אהין, װילהעלם קאַרלאָװיטש, פֿאַרשפּעטיקט מען קײנמאָל ניט. איך װעל נאָך א ביסל צװואַרטן.

— װאַרט, װאַרט, װען דו װעסט זיך אין מיר נײטיקן, איז שעם זיך ניט און גיב צו װיסן. מיר זײַנען דאָך עפּעס אַלטע גוטעפֿרײַנט. — סידאָר סטעפּאַנאָװיטש האָט א דרײ געטאָן מיטן גרויען קאָפּ, אַרויסגענומען פֿון קעשענע די טאַבאַקערקע און, זעענדיק, אז דער דאָקטער װאַרט נאָך אַלץ אויף זײַן ענטפֿער, גענומען קלוימערשט זוכן דעם בעזעם אויף צו פֿאַרקערן דעם דיל. קוק האָט זיך דערנענטערט צו אים און, צולײגנדיק די האַנט צום מויל, אים אַרײַנגעשעריען קימאַט אין סאַמע אויער אַרײַן:

— גאָר פֿאַרגעסן, אז דו ביסט שוין פֿון לאַנג טויב. איך זאָג: מיר מיט דיר זײַנען דאָך אַלטע גוטעפֿרײַנט...

— עמעס, דאָקטער, טויב, כאָטש איך, דער אַלטער נאַר, מײן, אז אײן אויג איז אמאָל מער װערט, װי צװײ אויערן. איר געדענקט עפּשער, דאָקטער, מײַן שװאַרצן הונט, שאַריקן. װי ער איז עס מיר געװען געטרײַ! און דאָך איז ער אײן מאָל אויף מיר אין קאַס געװאָרן און א כאַפּ געטאָן מײַן האַנט צוזאַמען מיטן בײן, װאָס איך האָב אים דערלאַנגט.

— עס האָט דיר, סטעפּאַניטש, װײַזט אויס, גוט װײ געטאָן, אויב דו געדענקסט עס נאָך ביז איצט?

— „װײ געטאָן" איז ניט דאָס װאָרט. צו װײטעק זײַנען מיר געװוינט. קײן אױלע לאָזט זיך ניט פֿאַרגעסן!..

— איז וויאַזוי זשע האָסטו באַשטראָפֿט דײַן שאַריקן?

— מיט דער גרעסטער שטראָף. איך האָב אים אָפֿ שטענדיק פֿאַרטריבן פֿון מײַנע אויגן.

— נו־נו! — האָט ווילהעלם קוק מער דראָענדיק, ווי פֿאַרכידעשט, א ברום געטאָן און געלאָזט זיך צו וואָלאָשינס טיר...

דאָס צופֿעליק אונטערגעהערטע געשפּרעך צווישן קוקן מיט סידאָר סטעפּאַנאָוויטשן האָט טאָדיען דערמאָנט אין אַנטוואַנעטעס וואָרענונג „היט זיך פֿאַר אים“. אָפֿ טאָדיען איז אָנגעפֿאַלן א מוירע, ווען ער האָט איצט דורך דער גלאָזערנער טיר דערזען, ווי קוק טײַנעט עפּעס אײַן מיט דעם הויפּט־דאָקטער פֿון שפּיטאָל.

— ווייסט, טאָדיע, — האָט אים ליאָניע נאָך פֿונווײַטן אָנגעזאָגט די נײַס, — מע פֿירט מיך מאָרגן קיין אָדעס צו א פּראָפֿעסאָר.

— קיין אָדעס? דער דאָקטער פֿעסקער האָט דאָך געזאָגט, אַז ער קלײַבט זיך דיך אינגיכן אויסשרײַבן.

— דער דאָקטער פֿעסקער איז טאַקע קעגן, נאָר מיך האָט הײַנט צוויי מאָל באַזוכט דער צירק־דאָקטער קוק, און ער זאָגט, אַז דער שלאָס־ביין איז זיך שלעכט צונויפֿגעוואַקסן.

— ליאָניע, פֿאָלג מיך, פֿאָר ניט קיין אָדעס. אויב דו ווילסט, וועט נאָך דיר קומען מײַן מאַמע, וועסטו דערוווײַל וווינען בא אונדז.

— ניין, טאָדיע, דזשאָני איז דאָך מײַן אָפּעקון, און ער האָט איבערגעגעבן זײַנע רעכט דעם דאָקטער קוק. פֿאַרשטייסט, איך וויל ניט בלײַבן קיין קאַליקע. ער וועט מיך אויסהיילן.

אין פֿאַלאַטע איז אַרײַנגעקומען דער הויפּט־דאָקטער מיט קוקן, ביידע זײַנען זיי געווען אין ווײַסע כאַלאַטן. טאָדיע האָט מער גאָרנישט ניט באַוויזן צו זאָגן זײַן כאַווער.

— גיי, גיי, — האָט אים קוק אויסגעדרייט צו דער אָפֿענער טיר, — אויב דו דאַרפֿסט, קום מאָרגן צו דער שיף. דאָרט וועט איר זיך דורכשמועסן...

וואָס בעסער עס זײַנען געגאַנגען בא וואָלאָשינען די געשעפֿטן, אַלץ קאַרגער איז ער געוואָרן. מיט טאָדיען האָט ער אַלץ ניט געוואָלט שליסן קיין שריפֿטלעכן קאָנטראַקט. צאָלן פֿלעגט ער אים קאָפּעקעס.

ענדלעך האָט טאָדיע ניט אויסגעהאַלטן און איז אוועק פֿון וואָלאָשינען צו דעם ראָליק־לויפֿער, דעם ענגלענדער דזשאָן גאַסטאָן. דזשאָן האָט זיך באַצויגן צום יינגל, ווי אַמאָל קיסעליאָוו. אַפֿילע מיט זײַן אויסערלעכן אויסזען האָט ער מיט עפּעס דערמאָנט אַלעקסן.

נאָך דעם, ווי זיי זײַנען א פּאָר יאָר אַרומגעפֿאָרן איבער פֿאַרשיידענע שטעט, זײַנען זיי געקומען קיין קיִעוו אָפֿ גאַסטראָלן אין דעם צירק „קיסאָ“. דזשאָן, וואָס פֿלעגט אָפֿ זײַנע ראָליקעס זיך יאָגן איבער א הויך־אָנגעצויגענעם דראָט, האָט דערצו נאָך אַרופֿגעזעצט טאָדיען צו זיך אָפֿ די אַקסלען און אַזוי דורכגעפֿירט זײַן ריזיקאַלישן נומער.

נאָך איידער זיי זײַנען אוועקגעפֿאָרן פֿון קיִעוו, האָבן זיך אין שטאָט באַוויזן אַפֿישעס, אַז אין די נאָענטסטע טעג קומט דער וווּנדער פֿון דער נאַטור, „א מענטש — א שפּין“. אַזעלכע וווּנדער האָט שוין טאָדיע ניט איין מאָל געזען. ער האָט געוווּסט, אַז דער נומער איז געבויט אָפֿ אָפּטישע און דעקאָראַטיווע קונצן און אַז דעם פּובליקום באַווײַזט מען נאָר דעם קאָפּ פֿון דער „שפּין“. דעם גאַנצן קערפּער זעט מען ניט, ווײַל ער איז, קלוימערשט, פֿאַרהילט אין שפּינוועבס.

טאָדיע האָט אָנגעטאָן זײַן יאָמטעוודיקן אָנצוג און איז אוועק אָפֿ קרעשטשאַטיק צו דעם רײַך־איליומינירטן הויז, ווו עס איז אַרויסגעטראָטן „דער וווּנדער פֿון דער נאַטור“.

דאָס ערשטע, וואָס האָט אים פֿאַרכידעשט, איז געווען דאָס, וואָס די ווײַסע סטעליע אין זאַל איז געווען פּוסט; בלויז אין רעכטן ווינקל איז געהאַנגען א מין פֿייגל־נעסט. אַהער, צו דער נעסט, איז פֿון ערגעץ געווען אָנגעצילט א בלויער שטראַל פֿון א פּראָזשעקטאָר. אין דער מיט פֿון דער בינע איז געשטאַנען א גרויסע ביר־פֿאַס. אָפֿ דער פֿאַס — צוויי פּוסטע ביר־קופֿלען, ליסקע פֿון טאַראַנקעס, רעשטלעך פֿון וווּרשט, קעז, ברעקלעך ברויט. אין זאַל וואַרט פֿינצטער. עס הייבט אָן דער פֿידל, דערנאָך מישט זיך אַרײַן די פֿלייטע, און אָט לויפֿט אַרויס אָפֿ דער בינע א מיידעלע — א פֿליג. זי פֿאָכעט מיט די שוואַרצע גלאַנציקע פֿליגעלעך און זשומעט, זשומעט. אירע באַוועגונגען זײַנען ווייך און פּלאַסטיש. זי „פֿליט“ אַרום און אַרום דער פֿאַס, אָבער ווי נאָר זי שטעלט זיך אוועק אָפֿ דער פֿאַס, אַזוי דערהערט זיך פֿון ערגעץ א שיפּען, לאַנגזאַם צעעפֿנט זיך די פֿייגל־נעסט, און די צושויער, וואָס זיצן אין דעם שטאָק־פֿינצטערן זאַל, דערזעען, ווי איבער דער סטעליע פֿויזעט עפּעס אַזוינס, וואָס איז מער ענלעך אָפֿ א שפּין, ווי אָפֿ א מענטשן. די פֿליג „פֿליט“ אוועק פֿון דער בינע, — אַלצײַנס אינטערעסירט זי איצט קיינעם ניט. אַלע שפּירן נאָך, ווי די שפּין שטעלט זיך אָפּ. זי וויגט זיך א מינוט אינדערלופֿטן און לאָזט זיך ווײַטער פֿויזן. נאָך איר בלײַבט איבער א גאָלדענע שפּינוועבס־נעץ.

דער אוילעם איז שוין לאַנג זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, און טאַדיע שטייט נאָך אַלץ לעבן דער בינע א געפּלעפּטער. מיילע, ווי עס ווערט געמאַכט דער שפּור פונעם שפּינוועבס, וואָס בלייַבט נאָך דער שפּין, דאָס פאַרשטייט ער. געוויס איז די סטעליע באַדעקט מיט דינע דראָטעלעך, וואָס זייַנען באַשמירט מיט עפּעס, און אַז די „שפּין" רירט זיך צו צו זיי מיטן בויך, באַווייַזט זיך דער שפּינוועבס. נאָר וואָס איז דאָס פאַר א שפּין?

עמעצער רוקט א ביסל אָפּ דעם פאָרהאַנג און פרעגט:

— טאַדיע, דאָס ביסטו?

— איך, — ענטפערט ער א דערשטוינטער. — דו קענסט מיך?

— יאָ.

— ווער ביסטו?

— ליאַניע. שוין זשע דערקענסטו מיך ניט? איך בין דאָך ליאַניע סמיגעלסקי.

אָף טאַדיען איז אָנגעפאַלן א ציטערניש. ער קאָן קיין וואָרט ניט ארויסברענגען.

— שרעק זיך ניט, — זאָגט ליאַניע, — גיי ארויס פון זאַל, אונטער דער ארקע פון רעכטס איז פאַראַן א טיר. קום אריַין צו מיר.

אין טואַלעט־צימער איז ליאַניע געווען ניט אַליין. לעבן די צוויי פּידלען מיט דער פּלייטע, וואָס זייַנען געשטאַנען אין ווינקל, האָט זיך געפּאָרעט די „פליג" — א מיידעלע פון א יאָר פינף, אָנגעטאָן אין א שטאַרק אָנגעקראָכמאַליעט קליידעלע. טאַדיע האָט געוואָלט און ניט געקאָנט דערלאַנגען די האַנט ליאַניען. בא זייַן כאַוור זייַנען די הענט און די פיס געווען מעשונעדיק אויסגעדרייט. די נאָז איז געווען צוגעפּלעטשט צום פּאָנעם, בלויז די גרויסע אויערן האָבן בא אים געסטאַרטשעט, ווי אַמאָל. די אויערן... עפּשער איבער זיי טאַקע האָט זיך עס אָנגעהויבן... ווען ליאַניע האָט גענומען איבערטאָן דעם כאַלאַט, האָט טאַדיע דערזען אָף זייַן פּלייצע א גלאַנציקן שפּין־צייכעם.

— באַקען זיך, טאַדיע, דאָס איז אונדזער אַלעטשקע.

— אַלאַ ברונאָווא, — האָט זיך דאָס מיידעלע אוועקגעשטעלט אין א פּאָזע, ווי זי וואָלט געשיקט דעם זאַל „קאָמפּלימענטן".

— טאַדיע, זעץ זיך. אַלעטשקע וועט ארויסגיין אין הויף שפּאַצירן.

א היפּשע צייַט האָבן זיי ביידע געשוויגן, ביז טאַדיע האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— וואָס שווייַגסטו? דערצייל...

— וואָס זאָל איך דערציילן? זעסט אַליין!

— שוין לאַנג?..

— דו געדענקסט דאָך, טאַדיע, דעם כערסאָנער שפּיטאָל. פון דאָרט האָט מען מיך אוועק־געפירט אָף א פור. ערגעץ אין סטעפּ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט און גענומען עסן פרישטיק. דעם באַלעגאָלע און דעם אַנדערן, וואָס איז געווען מיט אונדז, האָב איך דאַן געזען צום ערשטן מאָל. מיר האָט מען געגעבן א היפּשן שטיק הערינג מיט ברויט און דערנאָך א קוואָרט קאַלטע טיי. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די טיי איז ניט נאָר זיס, נאָר אויך ביטער. ווייַטער... ווייַטער געדענק איך ניט. איך בין אַנשלאָפן געוואָרן, און אופגעכאַפּט האָב איך זיך א פאַרבאַנ־דאַזשירטער, אין גיפּס. דערנאָך האָט מען מיר דערציילט, אַז די פערד האָבן זיך פאַר עפּעס איבערגעשראָקן, א ריס געטאָן זיך אין א זייַט, און דער וואָגן האָט זיך אָף מיר איבערגעקערט.

— וואָרט, ליאַניע, ווו איז דאָס געווען?

— פּינקטלעך ווייס איך ניט. נאָר ניט שטאַרק ווייַט פון דער שטאָט. אופגעכאַפּט האָב איך זיך אין איינעם פון פּאָטעמקינס ערדשטיבלעך, וואָס געפינען זיך א ביסל נידעריקער פון קוז־נעטשנע, אין טאָל. איך האָב גלייַך דערקענט דאָס אָרט, מיר זייַנען דאָרט אַמאָל מיט דיר געווען. געדענקסט? נידעריקע ערדשטיבלעך, ווו עס וווינען די גרעסטע אָרעמעלייַט. די דעכער זייַנען דאָרט אויך פון ערד, זיי זייַנען באַוואַקסן מיט גראָז. איך בין געלעגן אָף צוויי צונויפגעשטעלטע בענק, אויסגעבעטע מיט שמאַטעס. דורכן קליינעם פענצטער האָב איך גלייַך דערזען, אַז דאָס זייַנען פּאָטעמקינס שטיבלעך.

— און ווער האָט דיך געהיילט? דאָקטער קוק?

— ער איז געקומען צו מיר א סאַך שפּעטער, נאָר מיר האָט מען געזאָגט, אַז דאָס האָב איך אים צו פאַרדאַנקען, וואָס איך בין געבליבן לעבן.

טאַדיע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. צי דען פאַרשטייט ליאַניע אויך איצט ניט, ווער און צוליב וואָס האָט פון אים געמאַכט א קאַליקע?

— וווהין, ליאַניע, פאָרט איר פונדאַנען?

— קיין אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו. דערנאָך, אין אווגוסט, קיין כערסאָן.

— אין כערסאָן וועלן מיר זיך מיט דיר ווידער טרעפן. נו, זייַ געזונט, ליאַניע...

— איך וועל אַף דיר וואַרטן, טאַדיע.

צו גאַסטאַנען איז טאַדיע ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿן. ער האָט אים אָנגעכאַפּט פֿאַר דער האַנט און געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן:

— דזשאַן, איר מוזט מיך אויסהערן, איר מוזט!

— וואָס איז עס מיט דיר אַזוינס געשען? איך הער, אַוודע הער איך...

גאַסטאַן האָט זיך אַפֿילע ניט פֿאַרכידעשט. ער האָט געענטפֿערט:

— אַף וויפֿל מיר איז באַוווּסט, איז דײַן ליאַניע דער פּערטער. פֿאַראַן שוין אַזעלכע שפּינען אין אינדיע, פֿראַנקרײַך און איטאַליע. דאָס איז אַלץ ווילהעלם קוקס אַרבעט.

— איך וועל עס אים ניט פֿאַרשווײַגן! — האָט טאַדיע אַ געשריי געטאָן.

— ביסט אַ נאַיִוו קינד, וויאַזוי וועסטו עס דערווײַזן?

— איך וועל דערווײַזן!

קיין כערסאָן איז די שיף אָנגעקומען פֿאַרטאָג. טאַדיע איז גלײַך פֿון דעם האַפֿן אַוועק אַף דער גרינער גאַניבאַלאָווער גאַס, וואָס ציט זיך ביזן טאַרגאָווע געסל.

אין יעדער טיר וואָלט טאַדיע אָנגעקלאַפּט. נאָר צורירן זיך צום ווײַסינקן קנעפּעלע פֿון אָט דעם עלעקטרישן גלעקל האָט ער ניט געוואַגט. צו מענטשן אין ווײַסע כאַלאַטן האָט ער זיך פֿון קינדווײַז אָן באַצויגן מיט אַ באַזונדערן אָפּשײַ. עטלעכע מאָל איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום דעם שפּיטאָל, ביזוואַנען עס האָט זיך באַוויזן דער הויפּט־דאָקטער, וואָס האָט רויִק געשפּאַנט אַף דער אַרבעט.

אַוודע וואָלט אים טאַדיע געקאָנט דעריאָגן, נאָר ווי לויפֿט מען עס אינמיטן גאַס נאָך אַ דאָקטער? די קראַנקן־שוועסטער האָט פֿאַרהאַקט די טיר פֿאַר טאַדיעס נאָז. זי האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ דורך דעם לופֿטשיק און בייז אַ זאָג געטאָן:

— גיי שלאָף זיך אויס. וועסט קומען שפּעטער.

טאַדיע האָט געוויס געמיינט, אַז פֿון זײַן געשפּרעך מיטן הויפּט־דאָקטער איז אָפּהענגיק ליאַניע סמיגעלסקיס גורל. מיט בײדע הענט האָט ער געגומען פּויקן אין דער דעמבענער טיר. אופֿגעהערט האָט ער ערשט דאַן, ווען ער האָט דערהערט די עטוואָס הייזעריקע שטים פֿון דעם הויפּט־דאָקטער:

— ווער קלאַפּט עס אַזוי?

— אַ יִינגל. ער זאָגט, אַז ער דאַרף אײַך עפּעס זאָגן.

— איז לאָזט אים אַרײַן.

טאַדיע איז נאָך די שוועל ניט אַריבערגעטראָטן, ווי ער האָט גלײַך אויסגעשאָסן:

— איר ווייסט, דאָקטער...

— אַוודע ווייס איך. דו זאָג מיר נאָר, ווער ליגט דאָ בא אונדז — דײַן מאַמע צי דײַן טאַטע?

— קיינער ניט. בא אײַך האָט זיך געהיילט מײַן כאַווער, איך מוז אײַך וועגן אים עפּעס דערציילן...

— איז וועלן מיר עפּשער דעם שמועס אָפּלייגן אַף אַ ביסל שפּעטער?

— ניין, דאָקטער. מע טאָר ניט!

— אַזוי? נו, איז קום צו מיר אין קאַבינעט.

טאַדיע האָט געפֿילט, אַז דער דאָקטער, כאָטש ער הערט אופֿמערקזאַם, גלייבט ניט קיין איין וואָרט זײַנס. ער האָט אים טאַקע אַזוי געזאָגט, דער דאָקטער:

— דאָס, וואָס דו דערציילסט מיר, איז אַ ציקאַווע געשיכטע, נאָר געוויס אָן אויסגעטראַכטע. איך געדענק גוט דײַן כאַווער. זאָג מיר נאָר, אין וועלכער שטאָט געפֿינט ער זיך איצט?

— דאָ, ניט ווײַט פֿון אײַך. קומט, וועל איך אים אײַך ווײַזן.

דער דאָקטער האָט אַ רוף געטאָן די זעלבע שוועסטער, וואָס האָט ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן טאַדיען אין שפּיטאָל, און איר געהייסן אַרויסנעמען פֿון אַרכיוו ליאַניע סמיגעלסקיס מעדיצין־קאַרטע. אַף די טרעפּ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעטאָן די פּענסנע און אַפֿגיך דורכגעבלעטערט די עטלעכע זײַטלעך.

אַלץ איז פֿאַרגעקומען אַזוי, ווי טאַדיע האָט פֿאַרטראַכט. בא אַ האַלבער שאָ האָט קיינער אין צירק ניט געשטערט דעם דאָקטער צו שמועסן אויג אַף אויג מיט ליאַניען. ווען טאַדיע האָט פֿונווײַטן דערזען דעם צערודערטן דאָקטער, האָט ער פֿאַרשטאַנען: איצט גלייבט ער...

ווי שטאַרק דער דאָקטער האָט זיך ניט געײַלט, האָט ער דאָך געהייסן דעם קוטשער אים פּריִער אָפּפֿירן אהיים. ער האָט זיך אַפֿגיך איבערגעטאָן אין אַ שוואַרצן אָנצוג און אין לאַקירטע טופֿליעס. צו דעם פּאָטיאָמקין־בולוואַר, ווו אַנטקעגן דעם שטאָט־טעאַטער האָט זיך געפֿונען דעם

גובערנאַטאָרס הויז, האָבן זיי זיך גיך דערקליבן. דערפאַר אָבער איז זיי אויסגעקומען לאַנג זיצן אין אופנאַם־צימער, ביז מע האָט זיי אַרײַנגעלאָזט צום גובערנאַטאָר.

טאָדיע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און באַטראַכט דעם גובערנאַטאָר, וואָס האָט געשפּאַנט איבער דעם גרויסן קאַבינעט. אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט באַם שוואַרצן שרײַבטיש און אויף אַ שטיקל פּאַפּיר אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער. די האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דעם בלײַער, האָט ער אויפגעהויבן אין דער הייך און נאָך אַ לענגערער פּויזע געמאָלדן:

— די שולדיקע וועלן באַשטראָפט ווערן. שטרענג באַשטראָפט ווערן. קומט צו מיר אַרײַן אין דרײַ טעג אַרום.

טאָדיע איז גרייט געווען אַ געשריי טאָן אַזוי, אַז גאַסטאָן זאָל עס דערהערן אַזש אין אָדעס, ווו ער געפינט זיך: „נו, דזשאָן, איך האָב דערוויזן?"

ווען טאָדיע מיטן דאָקטער זײַנען אין דרײַ טעג אַרום נאָכאַמאָל געקומען צום גובערנאַטאָר, האָט מען זיי אין קאַבינעט ניט פאַרבעטן. דער טשינאָווניק מיט די ברייטע באַקנבאַרדן האָט דעם דאָקטער אַפילו ניט פאָרגעלייגט קיין שטול אויף זיך צו זעצן.

דער דאָקטער האָט שוין ניט איין מאָל אויסגעמאָסטן דעם אופנאַם־צימער אין דער ברייט און אין דער לענג. דער פּאַרקעט האָט דאָ אַזוי געגלאַנצט, אַז אין אים האָט זיך, ווי אין שטייענדיקן וואַסער, אָפּגעשפּיגלט דער וואַנטזייגער, דעם קייסערס פּאָרטרעט און די רײַך־באַפּוצטע סטעליע. די ווײַסע, מיט גאָלד באַאַרבעטע טיר האָט זיך צעעפנט, און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער וויצע־גובערנאַטאָר — דער קאַמערגער פון דעם קייסערלעכן הויף קרייטאָן.

דאָס געשפּרעך האָט געדויערט ניט מער ווי צוויי מינוט. דער וויצע־גובערנאַטאָר, אַן אויפגערעגטער און אַ בייזער, האָט אַ זאָג געטאָן:

— ווי קומט עס, דאָקטער, איר זאָלט גלייבן אין אַזאַ בילבול אויף אײַערן אַ קאָלעגע?

— אײַער וווילגעבורט, אַנטשולדיקט מיר, נאָר איך האָב זיך אַליין אין דעם איבערצײַגט...

— פּוסטע רייד. מיר האָבן אַלץ אויסגעקלאָרט. מיטן ייִנגל איז געשען אַן אומגליק, און ער מעג זײַן דאַנקבאַר, וואָס מע האָט אים אויסגעהיילט. ער דאַרף ניט שטיין באַם קלויסטער און בעטלען...

— פאַרוואָס האָבן זיי אים ניט אָפּגעפירט אין קיין שפּיטאָל?

— דאָס איז שוין די זאַך פון זײַן אָפּעקון. דאָקטער קוק איז אַן עכטער אינטעליגענט, און איך פאַרווער אײַך ריידן וועגן אים אַזוי...

ערשט אין הויף האָט דער דאָקטער ווידער באַקומען לאָשן. ער האָט גערעדט מיט טאָדיען, ווי מיט זײַנס אַ גלײַכן.

— פאַרשטייסט, — האָט ער אים געזאָגט, — איך וואָלט אים באַדאַרפט געווען ענטפערן, אַז ניט אַלע מענטשן, וואָס טראָגן טאָגעס און טיטלען, ניט אַלע, וואָס זײַנען געבילדעטע און קענען שפּראַכן, זײַנען אינטעליגענטן.

אויף דער גאַס האָבן זיי זיך געזעגנט. טאָדיע איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אַוועק צום האַפן און פון דאָרט, מיט אַ בילעט פון דריטן קלאַס, אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס צו דזשאָן גאַסטאָן.

## דער קיניג פון די לייצים און זשאַק אַלבראָ



ינמיטן העלן טאָג האָט זיך באַם טײַך מאָלאָטשנאַיאַ, ניט ווײַט פון מעליטאָפּאָל, דערהערט אַ האַרצרײַסנדיקער געשריי: ראַטעוועט! לענגאויס דעם ברעג האָט אַהין און צוריק זיך געטראָגן אַ כאָפּטע דערשראָקענע קינדער. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, ווען פון די נאָענטע קוסטעס איז אַרויסגעלאָפן אַ יונגער באָכער און זיך האַסטיק געלאָזט שווימען צו דער מיט טײַך, ווו עס האָט זיך געטרונקען אַ מיידעלע.

ביז דער שווימער האָט זיך אַהין דערקליבן, איז שוין דאָס מיידעלע ניט געשטאַנען. צוויי מאָל נאָכאַנאַנד האָט דער באָכער זיך אַראָפּגעלאָזט ביז דעם דעק פון טײַך און זי טאַקע אַרויסגעטאַסקעט.

דער שווימער, וואָס האָט געראַטעוועט דאָס קינד, איז געווען טאָדיע. מיט אַ צײַט צוריק איז ער צוזאַמען מיט גאַסטאָנען ווידער אָנגעקומען צו וואָלאָשינען אויף אַרבעט. קעדיי זיך נעענטער באַפרײַנדן מיט זײַן פערד, פלעגט ער עס אַליין באָדן.

ווען דער אוילעם באַם ברעג טײַך האָט זיך שוין גענומען פאַנאַנדערגיין, איז אָנגעפאָרן אַ

פאַעטאָן, אַף וועלכן ס'איז געזעסן דער „גאַראַדסקאָי גאָלאָווא". די רעדער האָבן זיך נאָך גע־דרייט, ווען ער איז אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער ערד און זיך צעשריגן:

— ווער האָט צונויפגענומען א מיטינג?

א גימנאַזיסטל אין א ווײַסן קיטעל מיט מעשענע קנעפּ האָט געמאַכט א שפּאַן פאָרויס און אָנגעוויזן אַף טאַדיען:

— אָט יענער, לעבן פערד, וואָס ציט אַף זיך ארוף דאָס העמדל...

דער שטאָט־באַלעבאָס האָט ארויסגעריסן באַם קוטשער די בײַטש און מיטן גאַנצן קויעך א שמיץ געטאָן טאַדיען איבער דער פּלייצע.

ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן א זשאַנדאַרם און זיך א וואָרף געטאָן אַף טאַדיען, ניט געלאָזט זיך אים שטעלן אַף די פיס.

ווען איינער אַן עלעגאַנט־געקליידעטער פּרוי האָט זיך סאַפּקאָלסאַף אײַנגעגעבן דערקלערן דעם שטאָט־באַלעבאָס, אין וואָס עס באַשטייט די „שולד" פון דעם באָכער, איז שוין טאַדיע געלעגן א צעמיימעסטער. די, וואָס זײַנען געשטאַנען נעענטער, האָבן געהערט, ווי ער האָט א רוף געטאָן: „לאַסטיקא"! ווען דאָס פערד איז צו אים צוגעגאַנגען, האָט ער שטיל עפּעס א מורמל געטאָן. „לאַסטיקא" האָט זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט אַף די פאָדערשטע פיס, אויסגעצויגן די לאַנגע מאָרדע אזוי, אז דעם יינגל זאָל לײַכט זײַן זיך אופזעצן אַף זײַן רוקן.

אין צירק האָט די ווילדע געשיכטע אַלעמען אופגערודערט, אפילע וואָלאָשינען האָט דאָס פאַרדראָסן. ער האָט געמאָלדן, אז כאָטש טאַדיע האָט ניט קיין שום דאָקומענטן, וועט ער עס ניט פאַרשוויַיגן. ווי נאָר עס וועלן זיך דאָ פאַרענדיקן די גאַסטראָלן, וועט ער אומבאַדינגט אָנשרײַבן אַן אָנקלאָגע.

דזשאָן גאַסטאָן האָט געבעטן וואָלאָשינען, ער זאָל זיך ניט ארײַנמישן אין דעם איניען.

— טאַדיע, — האָט ער געזאָגט, — איז מײַן געהילף, און מיט מײַן אויסלענדישן פּאַס וועל איך זיך גיכער עפּעס דערשלאָגן.

אין עטלעכע טעג ארום איז דזשאָן אוועק מיט טאַדיען אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דאָרט האָט גאַסטאָן באַוויזן זײַן וויזיט־קאַרטל, אַף וועלכן ס'איז געווען אָנגעוויזן זײַן לאָנדאָנער אדרעס. אין א פּאָר מינוט ארום האָט מען אים פאַרבעטן אין קאַבינעט.

— סער, — האָט דזשאָן רויק אָנגעהויבן, — איך בין אַן ענגלענדער, און דער באָי, מײַן גע־הילף, איז א פראַנצויז. מיר זײַנען אויסגעווען ווו די וועלט האָט אַן עק, נאָר אזא ווילקיר, ווי בא אײַך אין שטאָט, האָבן מיר נאָך אין ערגעץ ניט באַגעגנט. ניט געקוקט דערויף, וואָס אונדזערע לענדער זײַנען איצט פאַרבינדעטע אין דער מילכאָמע, וועלן מיר זײַן געצוווּנגען מיטיילן וועגן דעם אינצידענט אונדזערע געזאַנדשאַפטן אין פּעטראָגראַד.

— אנטשולדיקט, — איז דער שטאָט־באַלעבאָס אופגעשטאַנען פון זײַן שטול, — איר פאַר־שטייט דאָך אליין, אז דאָס איז ניט מער ווי א מיספאַרשטייעניש. צי לוינט אונדז טאַקע איצט, ווען אונדזערע סאָלדאַטן שלאָגן זיך צוזאַמען קעגן דעם דײַטש, פאַרנעמען זיך מיט אזעלכע קליינ־קײַטן? אײַך, אונדזערע פרײַנט, קאָן איך אויסזאָגן דעם סאָד, און איר וועט פאַרשטיין, פאַרוואָס עס איז פאָרגעקומען דער אינצידענט, וועגן וועלכן איך באַדויער. איר האָט געוויס געהערט וועגן אזעלכע רוסישע שטעט, ווי קאָסטראָמאַ, איוואַנאָוואַ־וואָזנעסענסק? דאָרט איז די לעצטע צײַט געווען אומרויק. קעדיי בא אונדז זאָל אזוינס ניט פאָרקומען, מוזן מיר שטענדיק זײַן וואַכזאַם. דערפאַר האָב איך שטרענג פאַרבאָטן פאַרזאַמלונגען, מיטינגען. און גראָד אין דעם טאָג, ווען עס איז געוואָרן א יאָר, זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, — אזא אָנגעלויף... איך מיין, אז איר האָט מיך פאַרשטאַנען.

— יאָ, סער, נאָר זשאַק אַלבראָ איז דערווײַל געוואָרן א קאַליקע. און איך ווייס ניט, ווען ער וועט זיך קאָנען אומקערן צו דער ארבעט.

— עס טרעפט. נאָר איך גלייב, אז אַלץ וועט זיך פאַרהיילן. און אַלע פאַרלוסטן קאָנען מיר קאָמפּענסירן.

— א דאַנק, סער, קיין געלט פאָדערן מיר ניט. איך וויל נאָר, אז אזוינס זאָל מער ניט גע־שען. אגעוו, בייס דעם אינצידענט האָט מען בא זשאַקן צוגעשלעפּט זײַן צײַגעניש, אז ער איז א פראַנצויזישער בירגער. אויב ער זאָל זיך ווענדן צו זײַן געזאַנדשאַפט, וועט ער זײַן געצוווּנגען מיטיילן, בא וועלכע אומשטענדן דאָס איז געשען.

דער הויפּט פון שטאָט האָט זיך צעשמייכלט:

— די פּאָליציי וועט זיך באַמיִען אופזוכן זײַן פּאַסיר־שײַן. דערווײַל וועלן מיר אים ארויס־געבן א פּאַפּיר, אז דער צירק־ארטיסט זשאַק אַלבראָ איז א פראַנצויזישער בירגער. איך קלער, אז דער דאָקומענט וועט זײַן גילטיק פאַר אַלעמען...

אזוי איז טאַדיע, דאַווידל נאַסן־עליעס מיזיניק, געוואָרן א פּראַנצויז מיטן נאָמען זשאַק אַלבראַ. דעמלט האָט ער נאָך אַליין ניט געוווּסט, ווי דאָס וועט אים צוניץ קומען אין לעבן.

זשאַק האָט שוין פון לאַנג געטרוימט ווערן א קלאָון. פון אָנהייב זײַנען אים פּאַשעט געפעלן געווען די לייצים, וואָס האָבן מיט זייערע וויצן פריילעך געמאַכט דעם עולם. נאָר ווען ער האָט דערזען אף דער אַרענע די ברידער וולאַדימיר און אַנאַטאָלי דוראָוו, האָט ער ענדגילטיק באַשלאָסן, אז זײַן באַרוף איז קלאָונאַדע.

טאַדיע האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין פאָרשטעלונג פון די דוראָווס.

וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש האָט אים אָפט געטראָפן הינטער די קוליסן. ער פלעגט גאַנץ גוטברודעריש א שפּאַס טאָן מיט דעם ציקאַווען באַכערל און אַלע מאָל זיך נאָכפרעגן אף זײַן טאַטן. טאַדיע האָט גאַרניט געוווּסט, אז נאַסן־עליע איז געווען בא וולאַדימיר דוראָוון, אים בעטן, ער זאָל אָפּריידן זײַן יינגל פון צירק. וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש האָט צוערשט גערעדט מיט אים גרויסהאַלטעריש, אָפּגעענטפערט מיט א כויזעק־ווערטל, מיט א וויץ, ווי ער וואָלט גערעדט מיט א טיפּעש, וועלכן מע קאָן פירן אין באָד אריין. נאַסן־עליען האָט עס ניט אף קאַטאָוועס פאַרדראָסן. ער איז אופגעשטאַנען פון בענקל און אָפּגעענטפערט:

— הער דוראָוו, איך בין א פּאַשעטער אַרבעטער, א טאָקער, נאָר איך וואָלט ניט געוואָלט זײַן קיין לעץ אפילע בא דעם קייסער.

— פײַן! — האָט אים דוראָוו פאַרשטעלט דעם וועג צום אַרויסגאַנג. — אויב שוין יאָ אזוי, דאַרפט איר וויסן, איך בין א קיניג בא די לייצים, נאָר ניט קיין לעץ בא די קייסאָרים. און איצט וועגן אײַער באַכערל. מײַן טאַטע האָט אויך ניט געוואָלט, אז זײַנע זין זאָלן ווערן צירקאַטשעס. פונדעסטוועגן בין איך צו פופצן יאָר צוזאַמען מיט מײַן ברודער אַנאַטאָלי אַנגעקומען צו דעם מאָסקווער באַלאַגאַנשטשיק ווײַנשטאָק. עפּשער האָט איר געהערט וועגן אים? איך וויל, איר זאָלט פאַרשטיין, דאָס איז ניט קיין פּוסטע זאַך. אויב אײַער יינגל איז ניט קיין צופעליקער גאַסט בא אונדז, איז אומזיסט אײַער טירכע. אַן עמעסער צירק־אַרטיסט פאַרלאָזט געוויינלעך דעם מאַנעזש, ווען ער ווערט א קאַליקע.

דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן. עמעצער איז אַרײַנגעקומען מיט א נײַעס, אז אין וועג איז פאַרלוירן געגאַנגען א שרויף פון די שטאַלענע טראַפּעציעס און קיינער קאָן אים ניט מאַכן.

— אויב איר ווילט, — האָט נאַסן־עליע געזאָגט, — קאָן איך א קוק טאָן.

פאַר דער צײַט, וואָס נאַסן־עליע האָט זיך געפּאָרעט, איז דוראָוו א פּאָר מאָל אַרײַנגעקומען, געשטאַנען שטילערהייט און אופמערקזאַם זיך צוגעקוקט, ווי יענער אַרבעט גיך און אַקוראַט מיט דער פײַל. ווען אַלץ איז געווען פאַרטיק, האָט דוראָוו אים פאַרבעטן צו זיך אין טואַלעט־צימער, וו אַכוץ זיי ביידן איז נאָך געווען דוראָווס אַן אַסיסטענט — א קאַרליק. וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש האָט זיך צוגעזעצט לעבן טואַלעט־טישל, גענומען באַם אַסיסטענט דעם גרים־בלײַער און, אַרײַנקוקנדיק אין שפּיגל, א זאָג געטאָן:

— מיר דוכט, אז איר אַליין זײַט אויך אַן אַרטיסט. יאָ, יאָ, שמייכלט ניט. שוין לאַנג, אז איך זוך א גוטן מײַסטער, און דאַכט זיך, אז הײַנט האָב איך אים געפונען. איך וויל אײַך בעטן, איר זאָלט מיר מאַכן לויט מײַן צייכענונג א פאָרטסיגאַר. ער דאַרף ניט זײַן קיין גאָלדענער און אפילע ניט קיין זילבערנער. זאָל ער זײַן פון ניט קיין באַארבעטן שערעכאָוואַטן מעטאַל. איר זײַט מאַסקים?

— איך וועל פּרוּוון.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש איז א קאַפּריזער קליִענט. אים זײַנען ניט געפעלן די צוויי גראַשנס, וואָס זײַנען געווען אײַנגעמאַנטירט אינווייניק אין דעקל. דוראָוו האָט פאַרלאַנגט, אז די גראַשנס זאָלן זײַן פון א באַשטימט יאָר. ווען אַלץ איז שוין געווען, ווי אים האָט זיך געוואָלט, האָט ער געבעטן, אז נאַסן־עליע זאָל צו אים ברענגען א גוטן גראַווירער.

נאַסן־עליע איז אַוועק צו סימכע ראַגאָזינען אף סוואָראָווסקע. אײַנרײדן דעם בעסטן גאָלד־שמיד פון שטאָט, ער זאָל צוליב א קלייניקײַט פאַרמאַכן דעם וואַרשטאַט און זיך לאָזן אין צירק, איז געווען גאָר ניט פון די גרינגע זאַכן. נאַסן־עליע האָט עס אָבער געפּועלט בא סימכען.

— קומט אַרײַן, — האָט זיי דוראָוו פאַרבעטן צו זיך אין צימער. פּלוצעם האָט ער אויסגעגלאָצט די אויגן אפן גאָלדשמיד: — זאָגט מיר, כ׳בעט אײַך, וואָס טוט איר, אז די וואָנצעס זאָלן זיך בא אײַך אזוי האַלטן?

— זיי געפעלן אײַך ניט?

— וואָס רעדט איר! איך טראַכט נאָר, פאַרוואָס קומט אזא שיינעם יונגנמאַן נאָך אזוינע

פײַנע װאַנצעס. איך װאָלט באַ אײַך נאָך עפּעס געפֿרעגט, נאָר מיר דוכט, אַז איר זײַט פֿון די, װאָס װײסן װאָס צו ענטפֿערן און ניט שטענדיק זאָגן זײ, װאָס זײ װײסן...

ראַגאָזין האָט פֿאַרכידעשט געקוקט אױף דוראָװן. װעגן די דוראָװס האָט ער אַ סאַך געהערט, באַזונדערס װעגן װלאַדימיר לעאָנידאָװיטשן. ער האָט געװוּסט, אַז דער לעץ האָט אַ ליכטיקן קאָפּ... נאָר פֿאַרװאָס רעדט ער מיט אים האַלב פֿאַרשטעלט?

כאַטש סימכע איז שטענדיק פֿאַרנומען מיט זײַנע שפּאַקולן, פֿינגערלעך, בריליאַנטן, זײגערס, דאָך האָט ער ליב צו טראַכטן אױך װעגן פֿאַרשײדענע װעלט־זאַכן. טראַכט ער, אַשטײגער, אַז װערטער זײַנען באַשאַפֿן געװאָרן, קעדײ זײ זאָלן טרעפֿן ניט נאָר אין מױעך, נאָר אױך אין האַרצן. װעגן דעם האָט ער טאַקע געזאָגט װלאַדימיר לעאָנידאָװיטשן. דוראָװ איז צוגעגאַנגען און אים דערלאַנגט די האַנט.

— איר זײַט גערעכט. און איך האָב ליב װערטער, װאָס טרעפֿן אין ציל, װי אַ פֿײַל. טאַקע דערפֿאַר װיל איך אײַך בעטן אַט װאָס: איר זעט דעם פּאַרטסיגאַר? איז שרײַבט אָן אַזױ, אַז מע זאָל קענען פֿונדערװײַטן איבערלײענען — אונטער אײן גראַשן! Царской совести цена[1] און אונטער דעם צװײטן: Цена царской совести[2]. אױב איר זײַט מאַסקים, איז לאָמיר זיך צוזעצן. עפּעס פֿיל איך זיך הײַנט װי אַ שװוּערער װאָגן.

ראַגאָזין האָט צו אים אַ שמײכל געטאָן:

— הער דוראָװ, אַפֿילע צופֿוס גײן איז גוט לעבן אַ שװערן װאָגן... זײַט אַזױ גוט און פֿאַרשליסט אײַער טיר.

װען אַלץ איז שױן גרײט געװען, האָט װלאַדימיר לעאָנידאָװיטש אַװעקגעשטעלט אַ פֿלאַש װײַן און אָנגעגאָסן דרײַ פּולע גלעזלעך.

דעם פּאַרטסיגאַר האָט װלאַדימיר לעאָנידאָװיטש ארומגעטראָגן שטענדיק מיט זיך. די פּאַפּיראָסן פֿלעגן באַ אים ליגן צוגעפֿלעטשט מיט אַ גומעלע צו דעם אונטערשטן דעקל. שמועסנדיק מיט עמעצן פֿון די אָנגעזעענע לײַט, פֿלעגט ער ארױסנעמען דעם פּאַרטסיגאַר, עפֿענען דאָס דעקל און, לאָזנדיק באַקענען זיך מיט דער פּרײַז פֿונעם קײסערס געװיסן, מאַמעש זיך בעטן:

— ביטע, זײַט זיך מעכאַבעד!

## װער דאַרף די מילכאָמע



פֿאַרסאָפֿעטער איז זשאַק אַלבראָ געלאָפֿן איבער די טרעפּ. ער האָט שױן געהאַט אױסגעשטרעקט די האַנט, קעדײ מיט קױעך אַ ריס טאָן די טיר פֿון װאַלאַשינס צימער, נאָר דאָ, באַ דעם רעפּערטואַר־טאָװל, איז װי פֿון אונטער דער ערד אױסגעװאַקסן דער טױבער װעכטער און אים פֿאַרשטעלט דעם װעג.

— לאָזט, סידאָר סטעפּאַנאָװיטש, איך װעל אים צװינגען, ער זאָל מיר באַצאָלן אַלץ, װאָס מיר קומט. איר הערט? מער װעט ער מיך ניט נאַרן. גענוג!

— אװאַדע װעל איך דיך לאָזן, נאָר ניט איצט. װען דו ביסט געקומען צו לױפֿן װי אַ װילדער אָקס. אים, — האָט ער אָנגעװיזן אױף װאַלאַשינס טיר, — װעט קײן שום כװאַראָבע ניט נעמען, און דיר, נאַרעלע אײנער, װעט מען װײַזן װו דער שװאַרצער פֿעפֿער װאַקסט...

— שרעקט מיך ניט. ס'איז ניט די צײַט.

— אַזױ? דו מײנסט אװאַדע, אַז אָרעם און רײַך זײַנען שױן גלײַך... איך האָב זיך אױך אַמאָל געװאָרפֿן אױף מײַן באַלעבאָס, האָט מען מיך דערפֿאַר אַזױ געמײמעסט, אַז איך בין אױף שטענדיק טױב געװאָרן. דו װײסט ניט מינאַסטאַם, אַז איך בין אױך געװען אַ לופֿט־אַקראָבאַט און אַפֿילע געטרױמט זיך פֿאַרמעסטן מיט עמיל גראַװעלע... װאָס קוקסטו אױף מיר אַזױ? גײ בעסער עפּן מײַן רענצל און נעם ארױס ברױט און װורשט.

— סידאָר סטעפּאַנאָװיטש, — האָט טאַדיע אין אַ רעגע ארום, נאָך אַלץ אָן אופֿגערעגטער, געריבן אױף בײדע באַקן און אײַנגעטײַנעט מיטן טױבן װעכטער, — די דרײַ רובל, װאָס דער קאַסיר האָט מיר געגעבן, װעל איך אומקערן װאַלאַשינען. זאָל ער זיך װאַרגן מיט זײ. מאָרגן פֿאַר איך קײן פּעטראָגראַד.

---

1 פֿון קײסערס געװיסן די פּרײַז.

2 די פּרײַז פֿון קײסערס געװיסן.

— נו, יאָ, פּאַר גרויס בושע וועט ער טאַקע גלײַך אויפֿן אָרט פּאַרבערענט ווערן. און דערווײַל גיב איך דיר אַן אייצע: פּרוּוו זיך מיט גוטן באַקומען דאָס, וואָס דיר קומט...

ווען וואַלאַשין האָט זיך דערוווּסט, נאָך וואָס טאַדיע איז צו אים געקומען, האָט ער אַרויסגענומען זײַן טאַשן־זייגער, אַ קוק געטאָן אויף די ווײַזערס און, אויפֿשטייענדיק פֿון בענקל, אַ זאָג געטאָן:

— אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, דאַרפֿסטו איצט זײַן אויף דער רעפּעטיציע, איז גיי און דריי מיר ניט קיין קאָפּ. ווען איך וועל דיך דאַרפֿן, וועל איך נאָך דיר שיקן.

— הער וואַלאַשין, מער אַרבעט איך בײַ אײַך ניט. זײַט אַזוי גוט און צערעכנט זיך מיט מיר.

דער דירעקטאָר איז צוגעגאַנגען צום טיש. ער האָט אָפּגערוקט אין אַ זײַט דעם זילבערנעם אַש־בעכער, וואָס איז געווען פֿול מיט ניט קיין דערייכערטע פּאַפּיראָסן, אויפֿגעעפֿנט דעם שופֿלאָד און אַרויסגענומען אַ רייַן שטיקל פּאַפּיר.

— איך וויל דיר דערמאָנען, אַז דו ביסט ניט דוראָוו און אַפֿילו ניט דער קלאָון לאַקינדראַש. ס'איז מילכאָמע־צײַט, עס וועט זײַן גענוג אָנשרײַבן אין פּאָליציי, אַז דו ביסט אַ פֿאַרדעכטיקער שלעפּער, אָן שום דאָקומענטן...

— שרײַבט, — האָט אים טאַדיע איבערגעשלאָגן, — נאָר פֿריִער טוט אַ קוק אויף אָט דעם דאָקומענט. איר זעט ניט פֿונדערווײַטן? וועל איך אײַך איבערלייענען. „דער צירק־אַרטיסט זשאַק אַלבראָ, דער פֿראַנצויזישער בירגער“... פֿאַראַן אַן אונטערשריפֿט, וואָס איז באַשטעטיקט מיט אַ הערב־שטעמפּל. איך זע, אַז איר זײַט ניט מסכּים, איז קלאָגט זיך אויף דעם הויכגעשטעלטן מאַן, וואָס האָט מיר אַרויסגעגעבן דעם דאָקומענט. און איצט נעמט אַרויס פֿון בוזעם־קעשענע דעם טײַסטער און באַצאָלט דעם „פֿאַרדעכטיקן שלעפּער“, וואָס האָט אַזויפֿיל יאָר אָפּגעאַרבעט בײַ אײַך אומזיסט.

זשאַק האָט גאָר ניט געוווּסט, אַז וואַלאַשין קען זיך אַזוי זידלען. אָבער דאָך האָט דער באַלעבאָס געמוזט זיך צעשיידן מיט עטלעכע נײַיִנקע אַסיגנאַציעס.

זשאַק איז געשטאַנען אויפֿן פּאַרשנייטן פּעראָן און געקוקט אויפֿן צוג, וואָס האָט געזאָלט אָט־אָט אַוועקגיין. אַ הויכער סאָלדאַט מיט אַ שראַם אויפֿן שטערן האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט איין האַנט אויף זײַן מיליצע און מיט דער אַנדערער זיך געפּרוּווט אָנכאַפּן פֿאַרן הענטל פֿון וואַגאָן־טרעפּל.

אַ צווייטער סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען אין טאַמבור, האָט בייז אַ געשריי געטאָן אויף אים: „אַנו, פֿאַרנעם זיך פֿונדאַנען!“ — און האָט מיט דער קאָלבע פֿון דער ביקס אַ שטופּ געטאָן דעם אינוואַליד אַזוי, אַז יענער איז אומגעפֿאַלן אויף דער פּלאַטפֿאָרמע.

אין איין אויגנבליק האָט זשאַק זיך אַרופֿגעכאַפּט אויפֿן וואַגאָן־טרעפּל, אָבער די טיר איז שוין געווען פֿאַרהאַקט. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַ פֿײַף געטאָן, און דער פּאַסאַזשיר־צוג האָט זיך גערירט פֿון אָרט.

— דײַן מאַזל, — האָט דער אינוואַליד געזאָגט זשאַקן, — דו וואָלסט ניט באַוויזן זיך צורירן צו אים, ווי ער וואָלט אויסגעשאָסן. אַזאַ קנעכט איז ערגער פֿון אַ באַלעבאָס. ניט אומזיסט האַלטן זיי אים דאָ און ניט אין די אָקאָפּעס. קום פֿונדאַנען.

אַ טאָג און אַ נאַכט האָבן זיי זיך געוואָלגערט אויפֿן וואָקזאַל. פֿאַר דער גאַנצער צײַט האָט דער קאַסיר קיין איין מאָל ניט געעפֿנט זײַן פֿאַרגראַטעוועט פֿענצטערל.

דער אינוואַליד האָט דערציילט, און זשאַקן האָט זיך געדוכט, אַז אָט זעט ער אים, דעם ריאַזאַנער פּויער, ווי ער שטייט אַ פֿאַרשוויצטער אין פֿעלד און פֿירט מיטן שאַרפֿשטיין איבער דעם דינעם שטאָל פֿון דער בלאַנקענדיקער קאָסע. פֿון ערגעץ לױפֿט אָן אַ ווינטל, און דער יאַם מיט זאַנגען נעמט זיך לאַנגזאַם כוואַליען. צו מיטיק איז נאָך ווײַט. וואָס זשע לױפֿט מען אַהער פֿון דאָרף? ער לייגט אַוועק די קאָסע אויף דער סטערניע, שטעלט צו די האַנט צום שטערן, און ביז ווייטעק אין די אויגן קוקט ער זיך אײַן אין דער ווײַט. דער רײַטער, וואָס האָט אַלעמען איבערגעיאָגט, פּאָכעט מיט דער בײַטש און שרײַט עפּעס. ער דערקענט אים, דאָס איז דער סטאַראָסטע.

— דו הערסט מיך? — טוט דער אינוואַליד אַ טאַרע זשאַקן באַם אַקסל. — טאַקע דאָרט אין פֿעלד האָב איך באַקומען די פּאָוועסטקע.

דער סאָלדאַט טראָגט צו צום מויל דעם פֿאַרדרייטן ציגאַר און נעמט קײַען דאָס שטיקל האַרטע פּאַפּיר מיט די ציין. דערנאָך טוט ער עס אַ שמיר מיט דער אַרויסגעשטעקטער צונג און באַטראַכט ניט געאײַלט דאָס שטיקל אַרבעט.

אַלץ הייסט הערן! צוזאַמען מיט יענעם קאַזיאָנעם פּאַפּיר, וואָס רופֿט זיך „פּאָוועסטקע“, גיט זיך זשאַקן איבער דעם סאָלדאַטס אומרו. זשאַק זעט מאַמעש, ווי עס שיטן זיך פֿון די צײַטיקע זאַנגען די טרוקענע קערנער. ווער קאָן זיך דען מיט זיי פֿאַרנעמען, אַז העכער פּופּצן מיליאָן

געזונטע מאנצבלען שלעפן זיך איבער די שטויביקע וועגן צום פראָנט און זיי באגלייט א יאָמערדיק געוויין פון פרויען און קינדער?

— דו זעסט דעם געאָרגי? — האָט דער אינוואליד ווייַטער פאָרגעזעצט. — איך האָב אים באקומען פאר ברענגען א „צונג“. ווי ער האָט זיך ניט געבריקעוועט, האָב איך אים געבראכט צו שלעפן פון יענער זייַט פראָנט. אין פוסטן אָקאָפּ האָב איך אויסגעלאָזט צו אים מייַנע צאָרעס. ווייַזט זיך אָבער ארויס, אז ער איז פונקט אזא באטראק, ווי איך. ער האָט אויך איבערגעלאָזט אין דאָרף א ווייַב מיט צוויי קליינע קינדער. זיי, די דייַטשישע סאָלדאטן, האָט דער קייַזער געזאָגט, אז דאָס רוסישע כאיל האָט זיך אומגעריכט ארייַנגעריסן צו זיי אין לאנד.

— איז ווער, — פרעגט זשאק, — דארף האָבן די מילכאָמע?

— ווער? נעם באהאלט, — האָט ער, ארומקוקנדיק זיך, דערלאנגט זשאקן א צעקנייטשטע צייַטונג, — וועסט איבערלייענען די „אָקאָפּנאיא פראווּדא“, וועסטו וויסן, ווער עס דארף האָבן די מילכאָמע.

א מענטש מיט א געלן באשליק אפן קאָפּ און אין א קורצער שווארצער טוזשורקע איז צוזאמען מיטן פראָסט ארייַן אין דעם האלב פינצטערן וואָקזאל און אָנגעזאָגט די ידיִעה, אז פון דער דעפּאָ וועט אינגיכן אָפּגיין קיין מאָסקווע א מיליטערישער צוג, צו וועלכן מע האָט צוגעטשעפּעט עטלעכע פוסטע פראכט־וואגאָנעס.

און אָט שלעפּט ער זיך, דער צוג, פון איין פּאָלוסטאנאָק צום צווייטן. זשאק מיטן סאָלדאט זיצן אפן הוילן דיל און ציטערן פון קעלט. דורך דעם אָרט אין וואנט, וווּ עס איז אויסגעבראָכן א שטיק ברעט, זעט זשאק דעם דרויסן. אָט האָסטו דיר די ווערט פון א ווינטערדיקן טאָג. זיך ניט באוויזן ארומקוקן, און די נאכט איז שוין צוגעפאלן. מע קאָן שוין ניט אונטערשיידן די נאקעטע בערעזעס פון די אָנגעפּעלצטע נאָדלביימער. דער ווינט טרייַבט לענגויס דעם צוג א פּאסמע שניי. דער צוג גייט איבער א בריק. אָט טראָגט זיך פארבייַ א סטאנציע, און שמאָלע פּאסן שייַן רייַסן זיך ארייַן אין וואגאָן, זיי כאפן ארויס פון דער פינצטערניש א שטיקל וואנט און ווערן גלייַך אויסגעלאָשן. אנטקעגן אייַלט א צוג מיט העל־באלויכטענע פּאסאזשיר־וואגאָנען. בא די טישלעך זיצן אָפיצערן און שפּילן אין קאָרטן. א פרוי שטייט, אָנגעשפּארט מיטן שטערן צום פענצטער, און קוקט זיך אייַן אין דער פינצטער...

זשאק האָט זיך געלאָזט קיין פּעטראָגראד, ווייַל ער האָט געוווּסט, אז דאָרט געפינט זיך איצט זייַן לערער דזשאָן גאסטאָן. ער איז געווען זיכער, אז יענער וועט אים העלפן זיך אייַנאָרדענען אין הויפּטשטאָטישן צירק. אויסגעלאָזט האָט זיך, אז גאסטאָן אליין נייטיקט זיך אין הילף. געטראָפן האָט ער גאסטאָנען ליגן מיט א צעקאליעטשעטן פוס אין א פייַכטן, קאלטן צימער, וווּ פון יעדן ווינקעלע האָט ארויסגעקוקט דער וואָכעדיקער אומעט. דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געקאָנט טאָן פאר זשאקן, איז אָפּטרעטן אים אן אָרט אף דער צעריסענער קאנאפּע.

— וואָס קוקסטו אף מיר אזוי? — האָט דזשאָן מיט א צוגעקילטער הייזעריקער שטים געפרעגט. — דו ווייסט דען ניט, אז צאָרעס לייגן זיך צוערשט אפן פּאָנעם?

— דזשאָן, — האָט זשאק געזאָגט, — פריִער פאר אלץ דארף איך זיך אויסשלאָפן, דערנאָך וועלן מיר שוין זען. איך וועל אָנקומען אין צירק. נישקאָשע, מיר וועלן ניט פארפאלן ווערן.

אָבער אייַנשלאָפן האָט זיך זשאקן ניט אייַנגעגעבן. צו דזשאָנען איז ארייַנגעקומען זייַן שאָכן, לעאָניד לאגוטין, א שלאָסער פון פּוטילאָווער זאוואָד.

— נו, וואָס פאר א נייַעס האָט איר אונדז געבראכט? — האָט דזשאָן געפרעגט.

— גוטע נייַעס. אין שטאָט שטרייַקן הייַנט צוויי הונדערט טויזנט מענטשן.

דזשאָן האָט גלייַכגילטיק געפרעגט:

— איר האָט זיי אליין איבערגעציילט?

לאגוטין האָט אף אים א קוק געטאָן, ווי אף א צעבאלעוועט קינד. ער האָט גענומען א טאבורעט און זיך צוגעזעצט נעענטער צו דער קאנאפּע.

— דזשאָן, צוריק מיט א וואָך האָב איך אייַך דערציילט, אז בא אונדז אפן זאוואָד האָבן די ארבעטער געמאָלדן א שטרייַק און אז דער דירעקטאָר דראָעט אוועקשיקן די בונטאָווּשטשיקעס אפן פראָנט. איר זייַט געווען זיכער, אז די ארבעטער וועלן מוזן זיך אונטערגעבן. איצט זעט איר, אז איר האָט א טאָעס געהאט?

— פארוואָס זשע, מענטש איינער, האָב איך א טאָעס געהאט? — האָט דזשאָן זיך אונטערגעהויבן אפן געלעגער און זיך אָנגעשפּארט אפן עלנבויגן. — דער דירעקטאָר האָט דאָך טאקע פארמאכט דעם זאוואָד און אייַך אלעמען דורכגעטריבן.

— דערפאר זייַנען מיר, דרייַסיק טויזנט פּוטילאָווצעס, ארויס אף א דעמאָנסטראציע. און וואָס האָט די ווערט דאָס, וואָס סאָף טאָג האָבן שוין אף פופציק פּעטראָגראדער אונטערנעמונגען

געשטרייַקט נייַנציק טויזנט ארבעטער? טוט א קלער: נעכטן — נייַנציק טויזנט, הייַנט צוויי הונדערט טויזנט. עס שמעקט מיט אן אופשטאנד, און איר טייַנעט אלץ, אז מיר האָבן א טאָעס אין כעזשבן...

דזשאָן האָט אָנגעכאַפּט לאַגוטינס האַנט:

— איר האָט געהערט וועגן דעם ענגלענדער טאָמאַס מאָר? עפּעס? א שאָד. דער דאָזיקער מענטש האָט נאָך מיט פיר הונדערט יאָר צוריק אין זייַן פאַנטאַסטישן ראָמאַן באַשריבן דאָס גליקלעכע אינדזל אוטאָפּיע. די טייַטש פון דעם וואָרט „אוטאָפּיע" איז — אן אָרט, וואָס איז ניטאָ אף דער וועלט. איז מיילע, טאָמאַס מאָר האָט אונדז דערציילט א שיינעם כאָלעם. נאָר ווי קומט עס, אז איר, לאַגוטין, זאָלט זיך פאַרנעמען מיט פּוסטע טרוימען? די ביקסן זייַנען דאָך דערווייַל ניט בא אייַך. עפּשער איז ווייניק דאָס בלוט, וואָס גיסט זיך אף די פראָנטן? אייַך פעלן נאָך אומזיסטיקע קאָרבאָנעס? איך גלייב ניט, אז אנדערע שטעט זאָלן אייַך נאָכגיין. איך רייד שוין ניט פון דעם פויער, אים וועט איר דאָך מיט קיין פּראָקלאַמאַציעס פון זייַן שטיקל ערד ניט רירן?

לאַגוטין האָט זיך אופגעהויבן:

— וואָס פאַר אן ערד, ווו האָט דער פויער ערד? און נאָך, טייַערער דזשאָן, האָט איר פאַרגעסן, אז ווען אייַער טאָמאַס מאָר האָט געלעבט, זייַנען נאָך ניט געווען קיין פּוטילאָוו־זאַוואָדן... איר ווייסט, גאַסטאָן, איר זייַט א ציקאַווער מענטש. אין צירק ריזיקירט איר אפילע מער, ווי מע דאַרף. און דאָ האָט איר פאַר אלץ מוירע...

זשאַק האָט צוגערוקט דאָס בענקל, אף וועלכן ס'איז געלעגן זייַן אָנטאָן, און ארויסגעשלעפּט פון דער בוזעם־קעשענע די „אָקאָפּנאַיאַ פּראַוודאַ".

— דזשאָן, — האָט ער שטיל געזאָגט, — אָט די צייַטונג האָט מיר צוריק מיט א פּאָר טעג געגעבן א ריאַזאַנער פויער, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דער מילכאָמע א קאַליקע. ער וועט שוין מיט זייַן פּאָרעץ בעשאָלעם ניט לעבן... מייַנע צוויי ברידער, וועלכע געפינען זיך דאָס דריטע יאָר אפן פראָנט, וועלן אין אזעלכע, ווי מייַן טאַטע, ניט שיסן... זיי וועלן ניט צעטרייַבן די פרויען, וואָס מאָנען ברויט פאַר זייערע קינדער... דזשאָן, איר מיינט, איך האָב פאַרגעסן מייַן כאַווער ליאָניע סמיגעלסקי? דעם כערסאָנער גובערנאַטאָר, דעם מעליטאָפּאָלער שטאָט־באַלעבאָס? און מיט אייַך איז מען זיך באַגאַנגען בעסער, איידער מיט די פּוטילאָווצעס?

לאַגוטין האָט א ווונק געטאָן צו זשאַקן:

— מאָלאָדיעץ! א שאָד, נאָר איך מוז אוועקגיין, איך וועל נאָך צו אייַך אריַינקומען...

## אין פּעטראָגראַד



מידער און א הונגעריקער האָט זשאַק זיך אומגעקערט פון שטאָט און געוואָלט וואָס גיכער זיך דערקלייַבן צו דער קאַנאַפּע. נאָר עמעצער האָט שטאַרק גענומען קלאַפּן אין דער טיר.

דזשאָן האָט זיך דערפרייט:

— אזוי טומלען קאָן בלויז דער קלאָון לאַקינדראָש. עפן די טיר, אניט וועלן באַלד אלע שכיינים זיך צונויפלויפן, ווי אף א סריפע.

שוין פון דער שוועל האָט לאַקינדראָש גענומען פילדערן:

— וואָס האָט איר אויסגעגלאָצט אף מיר די אויגן? אז די נאָז איז בא מיר א בלאָווע און א שפּיצעכיקע, ווייסט איר דאָך, און אויב איר ווילט נאָך זען דעם פליך אף מייַן קאָפּ, וועט אייַך אויסקומען צוווארטן, ביז איך וועל אראָפּנעמען דעם גרויסאַרטיקן צילינדער. נאַט, נעמט בא מיר בעסער צו די פּעקלעך, נאָר פאָרזיכטיק: אינעם קעסטל ליגן אייער. און צו דער פלאַש פאַרוואָס איך אייַך זיך צורירן אפילע...

— לאַק, — האָט גאַסטאָן געזאָגט קלוימערשט מיט קאַס, — אן אָנשטענדיקער מענטש קלאַפּט אָן איין מאָל אין טיר, און דערנאָך שטייט ער שטיל און וואַרט, ביז מע עפנט אים.

— אזוי?.. אניט ווייסטו ניט, אז וואָס איין קלאַפּ איז ניט בעקויעך צו מאַכן, קאָן אופטאָן א צווייטער.

— לאַק, זייַ באַקאַנט. דאָס איז זשאַק אלבראָ. איך האָב דיר וועגן אים דערציילט. אים קאָנסטו פאַרבינדן די הענט און די פיס, און פונדעסטוועגן וועט זיך בא אים די טיר עפענען.

— פון אינווייניק, פאַרשטייט זיך.

— ניין, לאַק, פון דרויסן.

— אויב אזוי, — האָט לאַקינדראָש א ווונק געטאָן מיט זייַנע שעלמיש־לאַכנדיקע אויגן, — נעם איך די פלאַש צוריק אין קעשענע. אזוי וועט זייַן זיכערער. איר, זשאַק, ווי אלע פאַקירן,

זיַיט מיסטאַם אַ גאַנצן טאָג געזעסן אַף הייסע קוילן און געשלונגען צעגליטע צוועקעס, און איצט ברענט איַיך אַפּן האַרצן און מיַין פלעשל וועט איַיך קלעקן נאָר אַף אַ לעק צו טאָן. איך האָב ליב אַזוינע מענטשן, וואָס שעפּן וויַין מיט אַ גאָפּל, און אויב עס נעמט זיך צופּיל אָן, טוען זיי נאָך דעם גאָפּל אַ גוטן טרייסל...

— זשאַק, גיכער וועט לאַגוטין אַראָפּוואַרפן דעם קייסער, איידער עס וועט נעמען אַ סאָף צו לאַקינדראַשס רייד. זאָל ער זיך האַלטן מיט זיַין פלאַש. מיר מיט דיר זעצן זיך עסן.

עמעצער אַף זשאַקס אָרט וואָלט זיכער דערפילט, אַז פון לאַקינדראַשן שמעקט מיט בילִיקן אַדעקאָלאָן. ער אָבער האָט צוערשט דערשפּירט דעם רייעך פון גרים. אין דער רגע איז זשאַק גרייט געווען אַרופציַען אַף זיך אַפילע דעם אָנצוג פון אַן אוניפאָרמיסט, אַבי שטיין אַפן מאַנעזש, הערן דעם געררויש פון צירק, קוקן אַף דעם פאַרגאַפטן עולעם.

ווען עמעצער זאָל איצט פרעגן באַ זשאַקן, צי געפעלט אים לאַקינדראַש, וואָלט ער מיסטאַם ניט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. דערוויַיל זעט לאַקינדראַש אים אויס עפּעס מאָדנע. צוליב וואָס, פרעגט זיך, האָט ער אַ צי געטאָן דעם געפּעס־האַנטעך און מיט די לאַנגע דינע פינגער גע־נומען פונדאַסניַי אויסווישן די ריינע גלאָז? לאַקינדראַש עסט און טרינקט געשמאַק, לאַכט גע־שמאַק. נאָר אַלץ אַף זיַין אייגענעם אופן. אַפילע די פלאַש וויַין האָט ער אופגעעפנט ניט ווי געוויינלעך. ער האָט זי איבערגעקערט מיטן העלדזל אַראָפּ און מיט אַן אומבאַמערקטער באַוועג־גונג אַזוי אַרויסגעצויגן דעם קאָרעק, אַז אַפילע קיין טראָפּן האָט זיך ניט אויסגעגאָסן.

דזשאָן איז שוין, וויַיזט אויס, געוווינט צו לאַקינדראַשן. ער מישט מיטן לעפעלע די הייסע טיי און דרייט אַפילע ניט אויס דעם קאָפּ צו אים.

לאַקינדראַש האָט אָפּגערוקט פון זיך די פוסטע פלאַש און זיך אַ נעם געטאָן צו זשאַקן.

— אַז אַ מענטש טוט גאָרנישט, הייבט ער אָן צו זשאַווערן, ווי אַ לעמעך אונטער אַ רעגן. איך פאַרשטיי, אַז קינדער טרוימען ווערן צירק־אַרטיסטן. נאָר איר זיַיט דאָך שוין אַ כאַסנבאָכער, איז מיַין אייצע — קערט זיך אום אין שטעטל, זוכט זיך אָפּ אַ קאַלע מיט לאַנגע שוואַרצע צעפּ און ווערט אַן איידעם אַף קעסט...

גאַסטאָן איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע און, ליגנדיק שוין מיטן פּאָנעם צו דער וואַנט, באַפוילן:

— זשאַק, פאַרלעש די שיַין און לייג זיך שלאָפן.

אין צימער איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי שטיל, אַז זשאַק האָט דערהערט, ווי עס שלאָגט באַם שאָכן דער וואַנטזייגער. מאָדנע, נאָר דעם קלאָונס ווערטער האָבן אים גאָר ניט אַזוי שטאַרק באַליידיקט. אָט האָט ער דאָך ערשט הייַנט אַליין אַ קלער געטאָן, אַז זייַנע פּלענער ווערן צע־קראָכן, ווי שפּינוועבס. וואָס קאָן ער איצט טאָן אין צירק? דעם אויבנאָן פאַרנעמען דאָרט איצט די סאַטירע־קאָמיקער, אַזעלכע, ווי לאַקינדראַש. ער, דערציילט מען, פאַרמאָגט אַ וועלט מיט האַמצאָעס. זיַינע מאָנאָלאָגן זייַנען ניט קיין אויסגעטראַכטע, די העלדן — קאָפּירט פון לעבעדיקע מענטשן. דער צושויער דערקענט זיי. איז ניטאָ זיך וואָס צו כידעשן, וואָס זייַנע ווערטער האָבן אויך איצט געטראָפן אין פינטל אַריַין. נאָך דערציילט מען, אַז זייער אָפט פירט מען לאַקינדראַשן פון מאַנעזש גלייַך אין פּאָליציי־באַצירק. דאָרט קאָן מען זיך פון אים קיין וואָרט ניט דערשלאָגן...

די טאַבורעטקע האָט אַ סקריפּע געטאָן, און ווי פון ערגעץ זייער וויַיט האָט זיך דערהערט לאַקינדראַשס קאָל:

— דזשאָן, דו מיינסט טאַקע, אַז איך האָב געהאַט אין זינען שלעכטס?

און צו זשאַקן:

— זשאַק, דו האָסט כאָטש פאַרשטאַנען, אַז כ׳האָב קיין שלעכטס ניט געמיינט?

זשאַק האָט אים געענטפערט:

— פאַרשטאַנען. איך ווייס, אַז איר זיַיט מיר ניט קיין סוינע...

לאַקינדראַש זאָל זיך ניט פוילן, וואָלט ער געמעגט פאַר אַזאַ ענטפער זיך אַראָפּלאָזן אין קלייט נאָך אַ פלעשל וויַין. יאָ, ער וועט טאַקע אַזוי טאָן. נאָר אַהער וועט ער קומען מאָרגן, און אויב נאָר דער באָכער האָט אין זיך אַ פונק, אויב ער וויל ווערן אַ קלאָון, וועט שוין לאַקינדראַש ווי־ניט־איז אים העלפן זיך אומקערן אַפן מאַנעזש. טאַקע ער אַליין, לאַקינדראַש, וועט זיַין דער רעזשיסער פון זשאַקס ערשטער קלאָון־פּראָגראַם אין פּעטראָגראַד.

דער צירק איז געפּאַקט. דער פּאַרטער איז, ווי שטענדיק, פול מיט רייַך־געקליידטע דאַמען און הערן. אַף דער גאַליאָרקע — אַרבעטער, סאָלדאַטן, מאַטראָסן.

די אוניפאָרמיסטן האָבן נאָך ניט באַוויזן אויסגלייַכן דעם טעפּיך, ווי אַפן מאַנעזש איז אַרויסגעלאָפן דער קלאָון זשאַק אַלבראַ. זיַין ברייט מויל איז ניט צעצויגן אין דעם געווינטן



שמייכל. ער איז ערנסט. אין דער לינקער האנט האלט ער א שאכטל קאָנסערוון. עס באווײַזט זיך דער שפּרעכשטאלמייסטער.

— זאָג מיר נאָר, טײַערער, — ווענדט זיך צו אים זשאק, — מיט וואָס שיידט זיך אונטער די צײַטווײַליקע רעגירונג פון אָט די קאָנסערוון?

דער שפּרעכשטאלמייסטער איז געפּלעפט. ער ציט ארײַן דעם קאָפּ אין די אקסלען, צע־שפּרייט די הענט און פרעגט פארכידעשט דעם קלאָון:

— ווי קאָן מען פארגלײַכן א רעגירונג מיט סארדינען?

זשאק נעמט ארויס פון דער טיפער קעשענע א שליסעלע אַף עפענען די קאָנסערוון און הייבט אָן מיט דעם דרייען, ווי ער זאָל אָנציִען א זייגער. און אָט איז דאָס בלעכענע דעקל אופגעעפנט.

— איר זעט? די סארדינען זײַנען אָן קעפּ, נאָר זיי ליגן אין אָרדענונג. די לײַט פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג האָבן דאפקע קעפּ, נאָר קיין אָרדענונג איז ניטאָ...

די גאליאָרקע קײַכט פון געלעכטער. עס דערהערט זיך א געשריי:

— וואָן פון צירק, באָלשעוויסטישער אגענט!

דאָס שרײַט עמעצער פון די ערשטע רייען. באם זײַטיקן ארויסגאנג, לעבן דעם פּײַערלעשער מיטן מעשענעם העלם אפן קאָפּ, שטייט א סטודענט און פאָכעט אינדערלופטן מיט זײַן בלוי היטל. ער פאָדערט, אז דער קלאָון זאָל נעמען צוריק זײַנע ווערטער און בעטן אנטשולדיקונג.

די גאליאָרקע שטורעמט.

— שטילער! — בעט זיך זשאק בא דעם עולם. — איך מוז זיך טאקע אנטשולדיקן, ווײַל ס'איז פאראן נאָך איין כילעק צווישן די סארדינען און דער צײַטווײַליקער רעגירונג... — ער טראָגט אונטער די פּושקע צו זײַן לאנגער גומאָזע־נאָז. — אַך, ווי גוט עס שמעקן די סארדינען...

לויט דעם, ווי זײַנע קאָלעגן האָבן זיך געזעגנט מיט אים, האָט ער פארשטאנען, אז מער האָט ער זיך ניט וואָס אומצוקערן אהער.

אין פּעטראָגראד זײַנען געווען נאָך צוויי צירקן און עטלעכע באלאגאנען. די נומערן, וועלכע זשאק האָט באוויזן, האָבן אויסגענומען בא די אימפּרעסאריער. אָבער ווי נאָר די באלעבאטים האָבן זיך דערוווּסט, אז ער האָט ניט קיין קלאָון־אָנצוג, פלעגט מען אים ענטפערן:

— א קלאָון אָן אייגענעם רעקוויזיט איז קיין קלאָון ניט.

שפּאַנט ער, זשאַק, איבער די טומלדיקע גאַסן, צום הויז, ווו עס געפינט זיך דער פּעטראָ־גראַדער סאָוועט. ער וועט זיך דערשלאָגן צום פאָרזיצער טשכעידזע[1] און אלץ אים דערציילן...

אין דעם גערוימען קאַבינעט האָט זשאַק זיך אַריינגערוקט אַזוי שטיל, אַז טשכעידזע האָט עס ניט באַמערקט. אף דעם גרויסן טיש מיט די געטאָקטע פיס זיינען געלעגן א סאַך פּאַפּירן. דער פאָרזיצער איז געווען פאַרטיפט אין לייענען א צייטונג. זשאַק האָט נאָכאַמאָל אופגעעפנט און מיט א קלאַפּ צוגעמאַכט די טיר. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז טשכעידזע האָט אפילע א ציטער געטאָן און מיט די אויגן אים באַפוילן בלייבן שטיין באַם אַריינגאַנג.

— ווער האָט אייַך אַריינגעלאָזט צו מיר?!

— אַנטשולדיקט, איך האָב געוואָלט בא אייַך פרעגן, ווי באַציט זיך די רעוואָליוציע צו אונדז, צירק־אַרטיסטן?

— וואָ־אָס? — האָט טשכעידזע זיך עטוואָס אופגעהויבן פון דעם שטול און, אַרומקוקנדיק זיך, ווי ער וואָלט וועלן פרעגן בא עמעצן אַן אייצע, צי זאָל ער גלייַך דורכטרייַבן דעם מאָדנעם פאַרשוין, אָדער אים אפריער גוט אויסזידלען, האָט ער פאַרגעזעצט:

— ווי די ציגייַנער, האָט איר, צירקאַטשעס, זיך שטענדיק אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט. איר זייַט פרייַ, ווי די פייגל. איז וואָס נאָך פעלט אייַך?

נאָך אַזא ענטפער האָט זשאַק אף קיין גוטס ניט געוואַרט. איצט האָט ער שוין געקוקט ניט אף טשכעידזעס פּאָנעם, וואָס איז אַרומגעזוימט מיט א שוואַרצער באַרד, נאָר אף זייַן האַנט. וועלכע איז געבליבן הענגען אינדערלופטן.

— מע נעמט מיך ניט אף קיין אַרבעט בלויז דערפאַר, ווייַל איך האָב ניט קיין אייגענעם קלאָון־אַנצוג. איז וואָס איז עס פאַר א פרייַהייט?

— אַזוי? — האָט ווידער אין טשכעידזעס אויגן זיך באַוויזן א בייז פייַערל. — און דו ווילסט מינאַסטאַם, אַז די מעלוכע זאָל דיר גלייַך אונטערטראָגן א נייַינקן אַנצוג? דו פאַרשרייַב זיך בעסער פרייַוויליק אפן פראָנט, און ווען מיר וועלן זיגן, וועלן מיר דאַן אונטערעכענען, וויפל באַלאַגאַנשטשיקעס מיר פאַרמאָגן און צי דאַרפן מיר האָבן נאָך לייצים...

— אין דער צייטונג, — האָט זשאַק אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע די „אָקאָפּנאַיאַ פּראַוו־דאַ“, — שרייַבט מען: „נידער מיט דער מילכאָמע! די אַרבעטנדיקע פון רוסלאַנד און דייַטש־לאַנד זייַנען ברידער און דאַרפן ניט הארגענען איינער דעם צווייטן“. איז אף וואָס פאַר א פראָנט שיקט איר מיך?

אַזוינס צו הערן דאָ, אין קאַבינעט, האָט טשכעידזע זיך ניט געריכט. ביז ער האָט באַוויזן אויסמעסטן די לענג פון זייַן אַרבעטס־צימער, איז זשאַק שוין געווען פון יענער זייַט טיר.

זשאַק האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע און מיטביידע פויסטן גענומען רייַבן די פאַרשלאָפענע אויגן. גאַסטאָן, א פריש־אויסגעראַזירטער, אין א ווייַס, שטאַרק אָנגעקראָכמאָלעט העמד, איז געשטאַנען באַם אָפענעם פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן.

— דזשאָן, וואָס האָט איר עס גאַנצפרי צעעפנט די פענצטער? עס בלאָזט דאָך.

— נאַרעלע, אפילע די נעווא אָטעמט שוין מיט פרילינג. גיי וואַש זיך אָרום, וועסטו מיט מיר צוגיין אין איינעם אַן אָרט.

— וווהין? — האָט זשאַק ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איז עס פאַר דער נאַכט פאָרגעקומען מיט גאַסטאָנען.

— צו א באַקאַנטן סויכער, ער וווינט ניט ווייַט פונדאַנען. דעם ווינטערדיקן מאַנטל דאַרף איך שוין ניט, און מע קאָן באַקומען פאַר אים עטלעכע רובל. פאַראַן בא מיר נאָך זאַכן, אָן וועלכע איך וועל זיך באַגיין. און מיר מיט דיר דאַרפן איצט האָבן געלט. וואָס קוקסטו אף מיר אַזוי? אוועקפאָרן פונדאַנען קלייַב איך זיך ניט. איך וויל זען, מיט וואָס וועט זיך ענדיקן לאָ־גוטינס שפּיל...

— דזשאָן, אויב די מעניע איז נאָר אין דעם, לוינט ניט צו פאַרהאַלטן זיך.

— דו מיינסט אַזוי?

— ווי דען? ווו איר זאָלט ניט זייַן — אין ענגלאַנד, צי ערגעץ אַנדערש — וועט איר זיך שוין דערוויסן.

— און אויב איך וויל אַליין אונטערשטעלן א פּלייצע?.. פונדערווייַטן, פאַרשטייסטו, וועט עס זייַן שווערער צו טאָן... נעם דעם טשעמאָדאַן און קום.

---

[1] נ. ס. טשכעידזע — לידער פון דער דומע־פראַקציע פון די מענשעוויקעס. פון פעוראַל ביז אויגוסט 1917 געווען פאָרזיצער פון פּעטראָגראַדער סאָוועט. אָן אָנהענגער פון א קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע.

זשאַק גייט און טראַכט, אַז ווען די מאַמע זאָל דאָ זײַן, וואָלט זי מיסטאָמע געזאָגט: „אַ וועלט מיט וועלטעלעך"... כאָטש ניין, איצט, ווען זי מיטן טאַטן זײַנען דאָרט פֿאַרבליבן אַליין, ווען מאָטל און לייווי ליגן אין די אָקאָפּעס, וואָלט זי זיך עפּשער ניט געכידעשט און מאַסקים געווען מיטן טאַטן, אַז „אַפֿילע אַ קנויל האָט אויך אַן עק". און נאָך האָט זשאַק אַ טראַכט געטאָן: אוי, מוז זיי דאָרטן זײַן ביטער. וואָלט ער כאָטש ניט געווען אַזאַ שלימאַזל, וואָס לעבט אַף פּרעמדע קעסט... זאָל ער נאָר באַקומען דאָס ערשטע געלט, וועט ער עס צעטיילן אַף דרײַ גלײַכע כאַלאָקים: דער מאַמען, דזשאָנען און זיך.

לאָזט זיך אויס, אַז עפּעס פֿאַרקויפֿן איז גאָרניט אַזוי גרינג. עמעס, פֿאַר דעם גאָלדענעם זייגער האָט גאַסטאָן גלײַך באַקומען מעזומען געלט. נאָר דעם גרויען ווינטערדיקן מאַנטל, דעם קימאַט נײַעם וואָלענעם סוויטער האָט דער הענדלער גענומען אין די הענט מיט אַזאַ אויסדרוק אַפֿן פּאָנעם, ווי דאָס זאָלן זײַן שמאַטעס, וועלכע מע מעג אַרויסוואַרפֿן אין מיסטקאַסטן.

— הײַנט, — זאָגט ער, — איז שוין דער דריטער אַפּרעל. איז ווער קויפֿט איצט אַזעלכע זאַכן? גראָשנס האָבן זיי די ווערט. נאָר אײַך, הער גאַסטאָן, וועל איך דאָך עפּעס פֿאַר זיי באַצאָלן.

זשאַק איז גרייט געווען אַרויסרײַסן די זאַכן פֿון דעם סויכערס הענט. נאָר דזשאָן האָט אַפֿילע זיך ניט געדונגען. דאָס געלט האָט ער אַרײַנגעלייגט אין טײַסטער און באַם אַוועקגיין נאָך געווונטשן דעם קרעמער האַצלאָכע.

אַף די טראָטוואַרן קלעקט שוין ניט קיין אָרט פֿאַר די דורכגייער. פֿון די ברייטע פּראָספּעקטן דערטראָגן זיך אַהער קלאַנגען פֿון מאַרסעליעזע. דער קרעמער, וואָס האָט באַגלייט דעם הער גאַסטאָן צום אַרויסגאַנג, האָט זיך אַרומגעקוקט, אַן איבערגעשראָקענער זיך געלאָזט צוריק אין שטוב אַרײַן און פֿאַרהאַקט די לאָדן.

דזשאָנען האָט פֿאַרדראָסן, וואָס גראָד הײַנט, ווען אין צימער איז אויפֿגערוימט און וואַרעם, ווען אַפֿן אײַזערנעם איוועלע קאָכט זיך אַ געשמאַקע וועטשערע און צוגאַסט דאַרף קומען לאַקינדראָש מיט נאָך אַ פּאָר כאַווייִרים, קלײַבט זיך זשאַק אַוועקגיין.

— דאָס, וואָס איך קאָן לאַגוטינען ניט כאַפּן, פֿאַרשטיי איך נאָך: הײַנט, זאָגט מען, קומט קיין פּעטראָגראַד לענין. נאָר וווּהין אײַלסטו זיך? ווערסט זיך דאָך אַהין ניט דורכשלאָגן.

— איך וועל פּרווון...

ס'איז געווען אַ וואַרעמער אָפּדערנאַכט. דעם טאָג האָט קיינער ניט געאַרבעט, די צײַטונגען זײַנען ניט דערשינען, און דאָך האָבן שוין אַלע אין דער הויפּטשטאָט געוווּסט, אַז לענין קומט צו פֿאָרן.

מיט זײַטיקע געסלעך האָט זשאַק זיך דערקליבן צו קשעסינסקעס פּאַלאַץ, ווו עס זײַנען געשטאַנען אַף דער וואַך די סאָלדאַטן פֿון דעם באַוווּסטן פּאַנצער-דיוויזיאָן, וואָס האָט נאָך אין פֿעוראַל פֿאַרכאַפּט דאָס דאָזיקע הויז און עס איבערגעגעבן די באָלשעוויקעס. וואָס נענטער צום פֿינלענדישן וואָקזאַל, אַלץ געדיכטער איז געוואָרן דער עולעם. זשאַק האָט אַ פֿאַרכידעשטער געקוקט אַף דער קאָלאָנע, ווו צוזאַמען מיט די אַרבעטער פֿון פּעטראָגראַדער ראַיאָן האָט מאַרשירט דער גוואַרדייִשער גרענאַדיאָרן-פּאָלק; אין אַ צווייטער קאָלאָנע האָט דער געוועזענער מאָסקווער לייב-גוואַרדיע-פּאָלק געשפּאַנט צוזאַמען מיט די פּאָרשטייער פֿון וויבאָרגער ראַיאָן, די דאָזיקע קאָלאָנע האָט פֿאַרנומען דאָס צענטראַלע אָרט אַפֿן וואָקזאַל-פּלאַץ.

זשאַק האָט זיך אָפּגעשטעלט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, נאָר אַ נײַע מענטשן-כוואַליע האָט אים אונטערגעכאַפּט ווי אַ שפּענדל און אָפּגעטראָגן צום פּעראָן. איצט איז ער געשטאַנען צווישן די סעסטראָרעצקער אַרבעטער, וועלכע זײַנען געקומען אַהער פֿון אַן אַנדער עק שטאָט. זיי איז אויסגעפֿאַלן דער קאָוועד די ערשטע צו באַגעגענען לענינען.

„גאַסטאָן איז געווען גערעכט, — האָט זשאַק אַ טראַכט געטאָן. — אויסער קעפּ און פּלייצעס, וועל איך דאָ גאָרנישט ניט זען". זײַן בליק איז געפֿאַלן אַפֿן טעלעגראַף-סלופּ, לעבן וועלכן ער איז געשטאַנען, און אין איין אויגנבליק האָט ער זיך אַף אים אַרופֿגעדראַפּעט.

— היי, פּאָלונדראַ! — האָט צו אים אַ געשריי געטאָן אַ מאַטראָס. — קריך אַרויף העכער און זאָג, וואָס דו זעסט.

— איך זע מענטשן, פּאָנען, לאָזונגען...

— איז לייען, וואָס איז דאָרט אָנגעשריבן.

— וואַרט אַ ווײַלע. איך וועל נאָר דערוואַרעמען די הענט. עס איז אָנגעשריבן: „זאָל לעבן לענין!", „זאָל לעבן די רעוואָליוציע!", „די ערד די פּויערים!", „נידער מיט דער מילכאָמע!"

— אָט דאָס דאַרפֿן מיר טאַקע. נו, און פֿון דײַן פֿייגל-נעסט זעט מען נאָך ניט דעם צוג?

— ניין, איך זע צוויי בראָנעוויקעס.

— היי, דו, אקראַבאַט, פּאַרוואָס זאָלסטו ניט געבן קיין צייכן דעם מאַשיניסט, אַז ער זאָל ניט זשאַלעווען די רעדער און וואָס גיכער ברענגען לענינען?

— שוין פון לאַנג געגעבן, נאָר עפּעס פאָלגט ער מיך ניט...

דער זייגער אפן וואָקזאַל האָט באַוויזן האַלב צוועלף. באַ זשאַקן זײַנען די הענט און די פיס אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן, אַז ער האָט מוירע געהאַט: אָט־אָט פאַלט ער אַראָפּ. און מיטאַמאָל... ניין, דאָס איז ניט געווען קיין געוויינלעכער קורצער אָפּגעהאַקטער פּיף. דאָס מאָל האָט די לאָקאָמאָטיוו־סירענע הויך און דורכדרינגלעך געמאָלדן: לענין קומט!

אַרום איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מע האָט דערהערט, ווי עס קלאַפּן די רעדער איבער די רעלסן. ווען דער צוג איז שטיין געבליבן, האָט די שײַן פונעם פּראָזשעקטאָר זיך אַ קער געטאָן צום טאַמבור, ווו עס איז געשטאַנען לענין. אַ דינער שטראַל האָט באַלויכטן לענינס שמייכלענדיק פּאָנעם, זיך איבערגעוואָרפן אף זײַן ווײַסן קעלנערל, אַ גלעט געטאָן זײַן טונקעלע פּאַלטאָ און זיך אָנגעהויבן שפּיגלען אין די ריין־אויסגעפּוצטע שטיבלעטן.

אַ פּאַרגאַפטער האָט זשאַק זיך אײַנגעהערט אין דער רעדע, וואָס לענין האָט געהאַלטן, שטייענדיק אין דער וואַגאָן־טיר.

עטלעכע סעסטראָרעצקער אַרבעטער האָבן אופגעהויבן לענינען אף די הענט און אים דערטראָגן ביז דעם געוועזענעם קייסערלעכן פּאַווילאָן, ווו עס האָט אף אים געוואַרט אַ דעלעגאַציע פון פּעטראָגראַדער סאָוועט.

צו לענינען איז זשאַקן איצט געווען מאַמעש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אָט שטייט לענין לעבן דער דעלעגאַציע, דאָרט געפינט זיך אויך טשכעידזע, נאָר לענין דרייט אויס דעם קאָפּ צום עולעם.

פּײַל־אײַזן־בויגן לאָזט זיך זשאַק אַראָפּ פון דעם טעלעגראַף־סלופּ. די צוויי שפּאַן, וואָס טיילן אים אָפּ פון לענינען, גיט זיך אים טאַקע ניט אײַן צו מאַכן. דערפאַר שרײַט ער אויס אף אַ קאָל:

— וולאַדימיר איליטש! דערלויבט אײַך פרעגן.

— פרעגט, — האָט לענין פרײַנטלעך אַ קוק געטאָן איבער די קעפּ אף דעם יונגן באָכער.

— איך בעט אײַך, איר זאָלט דערקלערן, וואָס האָט די רעוואָלוציע געגעבן אונדז, צירק־אַרטיסטן? נאָך לאַנג וועלן די באַלעבאַטים זיך איזדעקעווען איבער אונדז?

— וועגן דעם וואָלט איר זיך באַדאַרפט ווענדן צום פאָרזיצער פון שטאָט־סאָוועט, — האָט לענין אָנגעוויזן אף טשכעידזען.

— איך האָב שוין געפּרוווט, נאָר טשכעידזע האָט מיך דורכגעטריבן פון זײַן קאַבינעט.

לענין האָט אַ בייזן קוק געטאָן אף טשכעידזען און באַלד געפרעגט באַ זשאַקן:

— ווו אַרבעט איר?

דער עולעם האָט זיך אַ רודער געטאָן, און זשאַקן האָט זיך אײַנגעגעבן דערנעענטערן צו לענינען.

— איך בין פון די וואַנדער־אַרטיסטן.

— טײַערער מײַנער, — האָט לענין אַרופגעלייגט די האַנט זשאַקן אפן אַקסל. — דאָס פאָלק האָט אײַך ליב און נייטיקט זיך אין אײַך. איך בין אויך פון קינדווײַז פאַרליבט אין צירק. וולאַדימיר דוראָוון קענט איר? — זשאַק האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף יאָ. — איז באַמיט זיך אים אָפּזוכן. איך מיין, אַז ער וועט אײַך העלפן.

...עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. זשאַק האָט געבלאָנקעט איבער די גאַסן און פּראָספּעקטן, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פילט נאָך אַלץ די וואַרעמקײַט פון לענינס האַנט.

פאַרזיכטיק האָט ער אופגעשלאָסן און אופגעעפנט די טיר פון צימער, זיך שטיל אויסגעטאָן. צו דער קאַנאַפּע איז ער צוגעגאַנגען אף די שפּיץ פינגער און פּלוצעם הויך אף אַ קאָל אַ געשריי געטאָן:

— דזשאָן! איך האָב גערעדט מיט לענינען!

## זוך דעם ווינט אין פעלד



ער זעלבער לאַקינדראַש, וואָס האָט אַנומלטן געצייצעט זשאַקן ווערן אַן אײדעם אף קעסט, האָט איצט אַן אופגערעגטער געשפּאַנט איבערן צימער און געהאַלטן אין איין אײַנטײַנען, אַז זשאַקס אָרט איז אפן מאַנעזש.

— פאַרשטייסט, — האָט ער אַ רײַב געטאָן דעם געקנייטשטן האַלדז זײַנעם, — איך האָב פײַנט, ווען מע באַווײַזט מיר פליגן און מע וויל מיך אײַנריידן, אַז דאָס זײַנען צירק־עקוויליבריסטן. איך האָב ליב עקסטראַ־קלאַס. גאַסטאָנען האָב איך ליב, ווײַל ער איז פּינקטלעך, ווי אַ זייגער, געדולדיק, ווי אַ ביין־שניצער,

אָבער אויך ער האָט א כיסאָרן — אים פעלט די פּאָרזיכטיקייט פון א כירורג. דזשאָן, געדענקסט, איך האָב עס דיר נאָך מיט צען יאָר צוריק געזאָגט.

— עמעס, האָסט א גוטן זיקאָרן.

— ווען ניט דער זיקאָרן, וואָלטן מיר ניט אזוי גיך אַלט געוואָרן. איז אָט, זשאַק, מײַלעס האָסטו געגוג, דו דאַרפסט כאָטש אף א צײַט ארײַנפאַלן אין רעכטע הענט. אפילע בא טשיניזעלין אין צירק איז איצט ניטאָ אזא מענטש, וועלכער זאָל דיך אויסמושטרירן.

— וואָס לייגסטו פאָר? — האָט אים דזשאָן איבערגעשלאָגן.

— איך לייג פאָר, אז זשאַק זאָל זיך ניט קלײַבן, ווי אף א יאַריד. געלט אף א בילעט האָבן מיר, איז זאָל ער גלײַך פאָרן. דוראָוו, זאָגט מען, איז איצט אין קרים.

— גוט, — האָט זשאַק געענטפערט, — מאָרגן ווערט איר פון מיר פּאָטער.

— דזשאָן, דו האָסט כאָטש געהערט? ניט אומזיסט זאָגט מען: וואַרף א הונט א ביין, וועט ער דיך נאָך א ביס טאָן. א שאָד, וואָס מיר האָבן ניט קיין סאַרדינען אף צו פארבײַסן. איר זעט דעם בראַנפּן? שטאַרק, ווי ספּירט, און ריין, ווי קוואַל־וואַסער.

דרײַ גלעזער האָבן זיך באַגעגנט מיט א שטילן קלונג. דרײַ פרײַנט האָבן זיך געווונטשן גליק.

אין וועלכער שטאָט צי שטעטל פון דער רוסלענדישער אימפּעריע זײַנען ניט געווען קיין שמאָלע, קרומע געסלעך? נאָר אזעלכע, ווי אין יעוופּאַטאָריע... אין א געסעלע, גרויס ווי א גענעץ, איז פון הויף צו הויף ארומגעגאַנגען א קוטשעראַוו יינגעלע פון א יאָר זיבן און געפירט פאַר דער האַנט א בלינדן קאַטערינשטשיק. זשאַק איז געשטאַנען אין א זײַט און צוגעקוקט, ווי דער בלינדער דרייט די קאַטערינקע. פונקט אזוי, ווי אמאָל ער, דאַווידל, איז דאָס קוטשעראַווע יינגעלע געגאַנגען אף די הענט און דערבײַ געהאַלטן אין די ציין א קאַרטוז — עפּשער וועט עמעצער ארײַנוואַרפן אין היטל א פּאָר גראָשן, א שטיקל ברויט אָדער א קאַרטאָפל.

פון איבער דער שכיינעסדיקער נידעריקער וואַנט האָט זיך באַוויזן א מיידלשער קאָפּ אין א פאַטשיילע, פון וועלכער עס האָט ארויסגעקוקט א פּאָנעם, באַזוימט מיט בלאָנדע האָר, און א פּאָר אויגן, ווי צײַטיקע קאַרשן.

— כאַנע, וואָס שטייסטו? — האָט דאָס מיידל אויסגעשריגן. — עפּעס א סאָלדאַט וויל שלאָגן דײַן טאַטן.

כאַנע, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער קאַטערינקע, האָט אפּגיך אראָפּגענומען פון זיך דעם פאַרשמאָלצעוועטן פאַרטעך, ארופגעכאַפּט אף די באָרוועסע פיס א פּאָר מאַנצבלשע סאַנדאַלן, פאַרוואָרפן אפן ברייטן אקסל די קראָמיסלע און א געשריי געטאָן:

— קום, פּראָסיע!

אויסגעלאָזט האָט זיך, אז אין עק געסל האָבן זיך צעבוצקעט יוינע דעם וואַסערפירערס בורע קליאַטשע מיט א שוואַרצן אָגער, וואָס איז געווען אײַנגעשפּאַנט אין א לײַכטן פאַעטאָן.

— לאָז דורך! — האָט דער קוטשער פון פאַעטאָן געשריגן.

דער וואַסערפירער האָט אוועקגעשטעלט אף דער ערד די צוויי גרויסע פּוסטע עמער און, ווי ניט אים מיינט מען, זיך אָנגעשפּאַרט אין דער פּאַס און גענומען פאַרדרייען א ציגאַר פון מאַכאָרקע.

— היי דו, בינדיוזשניק, — האָט זיך געהיצט דער אָפיצער, וואָס איז געזעסן אין פאַעטאָן, — פאַרקערעווע דײַן קאָלימאַגע אין א הויף און לאָז דורכפאָרן!

— ראַשיד, — האָט דער וואַסערפירער א רוף געטאָן א געזונטן גען באַכער, — ווי געפעלן דיר די פּריצים? זיי מיינען, אז זיי זײַנען נאָך אַלץ אין פּעטראָגראַד. נאָך גוט, וואָס מענטשן הערן, איז דאָ ווער עס זאָל לאַכן. פּרווו אַליין פאַרקערעווען. די רעדער פאַרטשעפּען אזוי אויך די ווענט. סאָלדאַט! — האָט יוינע זיך שוין געווענדט צום קוטשער, — האָדיע פּאַטערן צײַט אומזיסט. נעם אף צוריק, און לאָמיר זיך צעפאָרן.

דער סאָלדאַט, ווי עמעצער וואָלט אים אין טאַטן געשאָלטן, איז צוגעלאָפן און פאַרהויבן די געפלאָכטענע בײַטש אפן וואַסערפירער.

— נו, נו, פּעטערקע, שטילער, — האָט ראַשיד ארויסגעריסן די בײַטש באַם סאָלדאַט און זי פאַרוואָרפן אף א דאַך.

ווען כאַנע, פּראָסיע און זשאַק זײַנען געקומען צו לויפן, האָט ראַשיד געהאַלטן דעם אָפיצער בא די לאַצן און אים געטרייסלט. דער וואַסערפירער האָט זיך געראַנגלט מיטן סאָלדאַט.

— טאַטע, שלאָג אים ניט! — האָט כאַנע א געשריי געטאָן.

— זעסט דאָך, אז איך נעם אפילע ניט דעם עמער אין דער האַנט. אדראַבע, זאָג אים, ער זאָל זיך אָפּטשעפּען פון מיר...

אין דער רעגע האָט דער סאָלדאַט א כאַפּ געטאָן דעם עמער, נאָר ווען ער האָט זיך געוואָלט אויסגלײַכן, האָט אים זשאַק קונציק אונטערגעשטעלט א פּיסק.

— הייבט זיך אויף און קריכט מער ניט.

זשאַק האָט אים געהאָלפן אופשטיין. כאָטש דער סאָלדאַט האָט זיך נאָך אַלץ געזידלט, דאָך האָבן זיי צוזאַמען אָפּגעפירט דעם פּאַציענט אַף צוריק ביז צום ראָג, און ערשט דאַן האָט ראַשיד אָפּגעלאָזט דעם אָפיצער.

— ראַשיד, — האָט כאַנע א שמייכל געטאָן, — דער אָפיצער האָט דאָך געקאָנט דיך שיסן.

— זאָרג זיך ניט, פון אָנהייב האָב איך אים אָט אַזוי א גלעט געטאָן און באַלד פאַרשטאַנען, אַז, אַכוץ א פליק אַפן קאָפּ, שפּאַקולן און א נאָז־טיכעלע, האָט ער גאָרנישט.

— פּראָסיע, זאָג אים, דעם גענג, אַז ער זאָל האַלטן די הענט אין די קעשענעס און גלעטן זאָל ער אָפיצערן.

— זאָג אים אַליין, — האָט פּראָסיע אָפּגעענטפערט כאַנען און א קוק געטאָן אַף זשאַקן. — איר האָט זיך דאָך שוין איבערגעבעטן.

יוינגע דער וואַסערפירער, כאַנעס טאַטע, איז שוין געווען מיט די פולע עמער ערגעץ אין א הויף. פון דאָרט האָט זיך געהערט זײַן שטים:

— כאַנע, גיי אַהיים און שטעל אַוועק אַפן אָרט די קראָמיסלע. און איר, כעוורע, טראָגט זיך וואָס גיכער אָפּ פון דאַנען.

זשאַקן האָט זיך ניט געוואָלט אַוועקגיין, נאָר גיי טו עפּעס, אַז מע פײַפט שוין. ראַשיד האָט מאַמזעריש פאַרזשמורעט דאָס רעכטע אויג, געשמאַק א שפּײַ געטאָן דורך די ציין און, לײַכט אָנרירנדיק זײַן נײַעם באַקאַנטן, מיט א באַסאָווער שטים א זאָג געטאָן:

— זאָלן זיי זוכן דעם ווינט אין פעלד. קום!

ערשט אינמיטן זומער, ווען זשאַק האָט שוין פאַרלוירן די האָפענונג טרעפן זיך מיט דוראָוון, איז וואָלאָדימיר לעאָנידאָוויטש געקומען קיין יעווּפּאַטאָריע.

— שקעט, — האָט דוראָוו אים א דראָע געטאָן מיטן פינגער, — זאָג נאָר, וואָס האָסטו געטאָן אין פּעטראָגראַד?

— איר ווייסט דאָך שוין, וואָלאָדימיר לעאָנידאָוויטש.

— אוואַדע ווייס איך. און וואָס טוסטו דאָ?

— א פּאָר כאָדאָשים בין איך אַרויסגעטראָטן פאַרן אָנהייב פון די סעאַנסן אין קינאָ־טעאַטער. איצט האָט וואָלאָשין מיט מיר געשלאָסן א קאָנטראַקט...

— איז דאָך ווידער גוט. און אַף ווײַטער וועלן מיר מיט דיר עפּעס צוקלערן.

באַם אַרויסגאַנג פון צירק האָט זשאַק דערזען ראַשידן. יענער האָט געהאַלטן אין דער האַנט א שווער הילצערן קעסטל, אָן אַרומגעקלאַפּטס מיט בלעך.

— זשאַק, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן.

— איז וועג לאָזט דיך ניט?

— איך האָב איינעם א מענטשן דערציילט וועגן דיר...

— פּראָסיען?

— פּראָסיע איז ניט אַזאַ שלאַק, ווי כאַנע, און מיט איר קאָנסטו אַליין ריידן. הער, דער דאָזיקער מענטש ווערט, מעגלעך, אינגיכן קומען צו דיר. איז פאַרגעדענק: ער איז א מיטלוווקסי־קער, מיט א געל בערדל. אויב ער וועט דיך עפּעס בעטן, זאָלסטו אַלץ טאָן, וואָס דו וועסט נאָר קענען.

— ווי רופט מען אים?

— קאַרײַעוו.

— ער איז אויך א טרעגער? צי עפּשער דײַנער א לאַנדסמאַן פון קאַזאַן?

— דאַוויד קאַרײַעוון קען מען דאָ. ער איז א באָלשעוויק. אַליין איז ער א באַברויסקער. א מאַליער. אַהער איז ער געקומען פון באַטומי. איך האָב שוין דיר אַמאָל דערציילט, אַז איך בין געווען אין דזשאַנקאָי א פאַסטעך, און קאַרײַעוו מיט זײַן ווײַב האָבן דאָרט געפאַרבט די צימערן בא די רײַכע דײַטשישע קאָלאָניסטן. דערנאָך איז ער געווען א שטיינהעקער, א גערטנער, געבויט די אײַזנבאַן־ליניע יעווּפּאַטאָריע—סאַראַבוז. דאָס האָט ער מיך אויסגעלערנט לייענען און גע־שענקט גאָרקיס בוך „די מוטער“. איצט ווייסטו שוין, וואָס פאַר א מענטש דאָס איז?

— קלאָר!

— קאַרײַעוו האָט דיך געבעטן באַהאַלטן אָט דאָס קעסטל.

— גוט.

זשאק איז געשטאַנען און געקוקט, ווי ראַשיד שפּאַנט מיט ברייטע טריט צום מאַרק. אָט דער גערעאָטענער באָכער מיט דעם קופּער־ברוינעם פּאָנעם איז אים געפעלן פון דער ערשטער מינוט. נאָר צעקײַט האָט ער אים ערשט איצט. אַז ראַשיד נעמט לײַכט אָף דער פּלייצע צוויי פּולע זעק מעל, דאָס האָט זשאַק געוווּסט, נאָר אַז ער איז באַפרײַנדעט מיט אַזאַ מענטשן, ווי קאַרײַעוו, דאָס איז פאַר אים געווען אַן אומדערוואַרטע נײַס.

נאָך מער איז אים געפעלן, וואָס דער כאַוואַר זײַנער האָט אים קיינמאָל ניט דערציילט וועגן דעם. אָט איז ער, זשאַק, שוין עטלעכע מאָל געווען צוגאַסט בײַ ראַשידן אָפן בוידעם. אַפילע געגעכטיקט בײַ אים. נאָר ביז איצט ווייסט ער ניט זײַן פאַמיליע. ראַשיד רופט ער אים, ווי אַלע.

אין צוויי טעג אַרום איז צו זשאַקן אין צירק צוגעגאַנגען אַ מענטש און אים שטיל אַ זאָג געטאָן: קאַרײַעוו.

— קומט, — האָט אים זשאַק אָפּגעפירט אין אַ זײַט.

— אין שטאָט איז אַן אָבלאַווע. מעגלעך, אַז דעם צירק וועט מען אויך אַרומרינגלען. וווהין האָט איר אַהינגעטאָן דאָס קעסטל?

— אונטער מײַן בעטל.

— איר ווייסט, אַז דאָרטן ליגן פּיסטאָלעטן? און מיך קענט איר דאָ אָף אַ פּאָר שאָ באַהאַלטן?

— צווישן די צושויער.

— שלעכט, אין זאַל וועלן זיי געוויס נישטערן.

— אויב אַזוי, קומט מיט מיר.

וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש איז געזעסן אין זײַן אַרטיסטישן צימער און געבלעטערט אַן אילוסטרירטן זשורנאַל. זשאַקן האָט ער ניט געלאָזט לאַנג ריידן. ער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— דו, שקעט, גיב מיר ניט קיין אייצעס. אַמאָל איז די רעפּוע ערגער פון דער קרענק. קיין אײַנצלהײַטן אינטערעסירן מיך ניט. דו גיי דיר דײַן וועג, און איר, — האָט ער זיך געווענדט צו קאַרײַעוון, — קום זײַט איר מײַן גאַסט, איז ווייסט, אַז צו דוראָוון קומט מען ניט מיט קיין אונטערזוכונגען. נעמט בעסער דעם זשורנאַל, וועט איר זען, סאַראַ שיינע פרויען עס זײַנען פאַראַן אָף דער וועלט, און איך וועל גיין זאָגן מײַן אַסיסטענט, אַז ער זאָל באַוואָרענען אײַער קעסטל.

קאַרײַעוו איז געווען גערעכט. העכער אַ שאָ צײַט האָט מען בײַ די צושויער פון צירק קאָנטראָלירט די דאָקומענטן. עטלעכע מענטשן האָט מען פאַרהאַלטן און צווישן זיי איינעם דערפאַר, ווײַל ער האָט געהאַלטן מיט זיך אַ באַרשט און זײַן רעקל איז געווען פאַרשמירט מיט פאַרב.

ווען עס איז שוין גוט טונקל געוואָרן און זשאַק האָט זיך איבערצײַגט, אַז לעבן צירק דרייען זיך ניט אַרום קיין פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, איז ער אַוועק צו דוראָוון. וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש איז געשטאַנען אינמיטן צימער און אויפמערקזאַם געהערט קאַרײַעוון:

— ...אַהער, קיין קרים, זײַנען זיי געקומען פון די צענטראַלע געגנטן. אייניקע האָפן דאָ בלויז איבערוואַרטן די שווערע צײַטן, אַנדערע זוכן אַ וועג, ווי אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, נאָר דער גרעסטער טייל נישטערט איבערן האַלב־אינדזל, ווי וועלף. זיי וואַרטן אָף אַ מאָמענט, ווען מע וועט קאָנען איבערהריזן דעם האַלדז די באָלשעוויקעס. צו זיי ציִען זיך די אָרטיקע מענשעוויקעס און די עסערן...

וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש איז צוגעגאַנגען צו זשאַקן:

— און ווי מיינסטו, קאָנספּיראַטאָר? ווען אַלע זאָלן ציִען אין איין זײַט, וואָס וואָלט געוואָרן מיט דער וועלט? זי וואָלט זיך געמוזט איבערקערן...

זשאַק האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: דוראָוו בלײַבט דוראָוו.

פון צירק איז זשאַק אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט קאַרײַעוון. אין גאַס האָט געטריפט אַ וואַרעם רעגנדל און ס'האָט געשמעקט מיט יאַם און מיט סטעפּ. אַ שאַרפער בליץ האָט צעשניטן דעם הימל און אָף אַן אויגנבליק באַלויכטן די בוכטע און דעם פּאָרט. ניט ווײַט פון בולוואַר האָט קאַרײַעוו זיך געזעגנט מיט זשאַקן.

וואָלאָשין, וואָס פלעגט פריִער זעלטן־ווען פאַרלאָזן דעם צירק, האָט די לעצטע צײַט אָנגעהויבן פאַרפאַלן ווערן. ער האָט זיך איבערגעקליבן אין האָטעל. אָפן מאַנעזש פלעגט ער זיך באַווײַזן נאָר דאַן, ווען אין פאַרטער זײַנען געזעסן כאָשעווע געסט. נאָך איינער אַ פאָרשטעלונג האָט ער צונויפגערופן די טרופּע און געמאָלדן, אַז מאָרגן דאַרפן אַלע אומבאַדינגט אָנטיילנעמען אין דער דעמאָנסטראַציע, וועלכע ווערט אָרגאַניזירט דורך די אָרטיקע מענשעוויקעס.

קיינער האָט אים ניט דערווידערט, נאָר קיינער האָט אויך ניט געגעבן די האַסקאָמע אָנטייל־צונעמען אין דער דעמאָנסטראַציע. בלויז דער פּאַרטער־אַקראָבאַט באַנסי האָט זיך אָפּגערופן:

— איך מיין, אז אויב דער הער דירעקטאָר וועט אונדז באַצאָלן, ווי פאַר א פאַרשטעלונג, וועט זיך קיינער ניט אָפּזאָגן.

עמעצער האָט א לאַנגן פײַף געטאָן. זשאַק האָט אויסגעשריגן:

— ווער האָט אײַך געגעבן די רעכט ריידן אין אַלעמענס נאָמען?

— שווײַג! — האָט וואַלאַשין אופגעהויבן זײַן שאַמבאַריער. — באַנסי איז אַן אויסלענדער, איז אים פרעמד דער געפיל פון פאַטריאָטיזם צו רוסלאַנד. און דו מיין ניט, אז מיר וועלן דיך לאָזן פירן באַלשעוויסטישע אגיטאַציע. זע בעסער, אז זאָלסט דערנאָך קיין כאַראַטע ניט האָבן.

— הער וואַלאַשין, שרעקט מיך ניט. איך בין שוין ניט קיין קליין יינגעלע, און וואָס איז שייַעך פאַטריאָטיזם, האָבן מיר שוין עפּעס לאַנג ניט געזען בא אײַך דעם דאָקטער קוק... מיר האָבן געהערט זאָגן, אז ווילהעלם קאַרלאָוויטש קוק איז ארעסטירט. כוץ אַלע איבעריקע מײַלעס, איז ער נאָך געווען א דײַטשישער שפּיאָן.

— זשאַק, ווער אנשוויגן. אָדער איך וועל דיך נאָך הײַנט דורכטרײַבן פון צירק. דו ווייסט דאָך גוט, אז קוק פלעגט אריַינגיין צו סידאָר סטעפּאַנאָוויטשן און ניט צו מיר. נאָר ניט וועגן דעם ריידן מיר. אויב מיר וועלן בלײַבן אין א זײַט, וועט אונדז די אינטעליגענץ פּאַשעט באַיקאָטירן. הײַנט האָב איך אליין אָנטיילגענומען אין דער צירק־פּראָגראַם, און דאָך איז דער פּאַרטער געווען האַלב־פּוסט. אז איר ווילט מיך ניט פאָלגן, וועט אײַך זאָגן וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש...

וואַלאַשין איז טאַקע גלײַך אוועק צו דוראָוון. נאָר וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש האָט אים בייז אָפּגעענטפערט:

— מיט מיר זאָלט איר וועגן אזעלכע זאַכן ניט ריידן.

זשאַק, ראַשיד, פּראַסיע, כאַנע און נאָך עטלעכע כעווריע פונעם פאַרבאַנד פון ארבעטער־יוגנט זײַנען געשטאַנען אפן טראָטואַר און געקוקט אף דער דעמאָנסטראַציע, וואָס האָט געשפּאַנט איבער דער צענטראַלער גאַס. פאָרויס איז געגאַנגען דער מיליטערישער אָרקעסטער, נאָכן אָרקעסטער — צו פיר אין א ריי די באַלעבאַטים פון שטאָט. קימאַט אַלע זײַנען זיי געווען אָנגעטאָן אין פראַקן מיט רויטע באַנטן אף די לאַצן. ווײַטער — די אייגנטימער פון אונטערנעמונגען, מאַגאַזינען, רעסטאָראַנען, און אויך אָנגעשטעלטע. אף די לאָזונגען און פּלאַקאַטן איז מיט גרויסע בוכשטאַבן געווען אָנגעשריבן: „קריג ביז צום זיג!“

אין סאַמע עק פון קאָלאָנע האָט זיך געשטויסן דער פּאַשעטער אוילעם. אומגעריכט פאַר אַלעמען האָט זיך איבער דער לעצטער ריי באַוויזן א רויטע שטיק לײַוונט, אף וועלכער עס איז מיט קרײַד געווען אָנגעשריבן: „דו הונגער, אז זיי זאָלן זיך פרייען!“

עטלעכע אָפּיצערן האָבן זיך א וואָרף געטאָן צו די כוצפּעניקעס און ארויסגעריסן פון זייערע הענט דעם לאָזונג. אף א ווײַלע האָט זיך די דעמאָנסטראַציע פאַרקלינעט. בא איין ראָג האָט דער אָרקעסטער געשפּילט א בראַוון מאַרש, און באַם צווייטן איז שיר ניט דערגאַנגען צו קיין געשלעג. די דייזאַגער האָבן פאַרשטאַנען, אז עס פּאַסט ניט אין אזא פײַערלעכן מאָמענט דערלאָזן צו א סקאַנדאַל, און גענומען אײַנריידן די אָפּיצערן, זיי זאָלן זיך „ניט לאָזן פּראָוואָצירן“.

פּראַסיע מיט כאַנען זײַנען טייקעף נעלעם געוואָרן. די קאָלאָנע האָבן די צווי מיידלעך דעריאָגט ערשט אין א האַלבער שאָ ארום. זיי האָבן געבראַכט א דיקן בויגן פּאַפּיר, אף וועלכן ס׳איז מיט שוואַרצן קויל געווען אָנגעשריבן דער זעלבער לאָזונג: „דו הונגער, אז זיי זאָלן זיך פרייען“.

ווען זשאַק האָט דערציילט וועגן דעם דוראָוון, האָט וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש אף א ווײַלע זיך פאַרטראַכט און א פרעג געטאָן:

— וואָס וואָלסטו געזאָגט, זשאַק, אף אזא געדאַנק? דו זאָלסט צונויפנעמען דײַנע כאַווירים פון שטאָט, און איר זאָלט פאַר עטלעכע טעג צוגרייטן אַן אנטרע־פּאַנטאָמימע, אז אפילע קאַרײַעוו זאָל זיך פאַרכידעשן.

אין עטלעכע טעג ארום, ווען וואַלאַשין מיט א טייל פון זײַן טרופּע זײַנען אוועקגעפאָרן קיין סימפעראָפּאָל, האָבן זיך אין שטאָט באַוויזן אפישן וועגן א נײַער צירק־פּאַנטאָמימע. אין דער פאָרשטעלונג, איז געמאָלדן געוואָרן, וועלן אָנטיילנעמען העכער הונדערט מענטשן. קיינער האָט זיך ניט אָנגעשטויסן, אז די אָנטיילנעמער זײַנען ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע ארטיסטן, אז דאָס זײַנען שוסטער, שנײַדער, שערער, סטאָליערס, ארבעטער פון דער אײַזנבאַן און פון פּאָרט.

זשאַקן איז אויסגעקומען גוט א האָרעווע טאָן מיט די כעוורע. פינף נעכט נאָכאַנאַנד האָבן זיי רעפּעטירט די פאָרשטעלונג, ביז דוראָוו, וואָס האָט זיך באַוויזן הינטערן פאָרהאַנג, האָט מיט א שאָקל פון קאָפּ געגעבן צו פאַרשטיין, אז ער איז צופרידן.

אין זאַל איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק פינצטער. דערנאָך האָט דער פּראָזשעקטאָר געוואָרפן א דינעם פּאַס שײַן און באַלויכטן זשאַקן, וואָס איז געווען דאָס מאָל אַנגעטאָן אין א קאָמבינעזאָן פון אַן ארבעטער. זשאַק האָט געמאָלדן, אַז די פּראָגראַם, וואָס זיי וועלן באַלד באַווײַזן, הייסט „דו הונגער, אַז זיי זאָלן זיך פרייען".

ווען די שײַן האָט זיך אָנגעצונדן, האָבן די צושויער דערזען אין דער לינקער זײַט פון דער ארענע סאָלדאַטן אין אָקאַפּעס, פון רעכטס זײַנען געשטאַנען ארבעטער בא ווארשטאַטן. די מיט פון דער ארענע האָט פאַרגעשטעלט א גרויסאַרטיקן זאַל, ווו עס האָבן געהוליעט און געטאַנצט רײַכע לײַט, אַפּיצערן.

פון דער ארענע האָט זיך קיין איינציקער קלאַנג ניט דערטראָגן, בלויז לויט די באַוועגונגען איז קאָנטיק געווען, אַז אָט־אָט וועט עפּעס געשען. די זשאַנדאַרמען האָבן זיך מיט ווילדער רעציכע א וואָרף געטאָן אף די מענטשן, וועלכע האָבן מיט צאָרן עפּעס דערקלערט די ארבעטער און סאָלדאַטן. עס האָט זיך אָנגעהויבן א געשלעג. ראַשיד, וואָס האָט אויסגעפּילט די ראָל פון א ווזכערניק, האָט פון זיך אראָפּגעוואָרפן דעם ענגן פראַק, דעם הויכן צילינדער און פאַרהויבן א פויסט. שיר־שיר וואָלט ער אף אַן עמעס פאַרפאָרן זײַן שאָכן דעם „פאַבריקאַנט" אין פּאַרצעף אַרײַן.

ווען עס האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון דער מאַרסעליעזע און אפן מאַנעזש האָט זיך באַוויזן א רויטע פאָן, איז דער אוילעם אין זאַל אופגעשפּרונגען פון די ערטער און מיט אַפּלאָדיס־מענטן באַגלייט די ארטיסטן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט פון דער ארענע צום צענטראַלן ארויסגאַנג.

די פּראָגראַם האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט, ווען אין צירק איז געקומען א פאָרשטייער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

— ווער איז דאָס זשאַק אלבראַ? — האָט ער געפרעגט בא דעם פּאַרטער־אַקראָבאַט באַנסי.

— לויט די דאָקומענטן א פראַנצויז.

אפן צווייטן טאָג האָט זשאַק באַקומען א פאַראָרדענונג זיך מעלדן אין פּאָליציי־באַצירק.

וולאַדימיר לעאָנידאָוויטש האָט אים געייצעט זיך ניט אײַלן.

— זאָל וואָלאָשין זיך מאַטריעך זײַן און אליין גיין, — האָט ער אים געזאָגט, — אויב ס'וועלן אים ניט העלפן קיין ציבעלע־טרערן, וועט אים העלפן דער טײַסטער.

און דאָך איז זשאַקן אויסגעקומען זיך צעשיידן מיט דעם יעוופּאַטאָריער צירק.

פאַרנאַכט איז זשאַק געשטאַנען באַם וואָקזאַל און געוואַרט אף זײַנע כאַווירים. ער האָט ניט באַמערקט, ווי לעבן אים זײַנען אויסגעוואַקסן צוויי מיליטערלײַט. איינער פון זיי, מיט א ברייטן שראַם אפן האַלדז, ווײַזט אויס, דער עלטערער לויטן ראַנג, האָט געהייסן, אַז זשאַק זאָל אים באַווײַזן זײַנע דאָקומענטן.

— ביטע, — האָט זשאַק דערלאַנגט זײַן מעליטאָפּאָלער צײַגעניש.

— זשאַק אלבראַ, — האָט דער אָפיצער איבערגעלייענט דעם פּאַפּיר און אים גלײַך אַרײַנ־געלייגט צו זיך אין קעשענע. — דיך טאַקע דאַרפן מיר. דו היט אים ווי געהעריק, — האָט ער זיך געווענדט צום סאָלדאַט, וואָס איז געווען מיט אים, — און איך וועל זיך אף א ווײַלע אַרײַנ־כאַפּן אָנקלינגען אין דער קאָמענדאַטור.

זשאַק איז געשטאַנען און געטראַכט: „מיט איינעם וואָלט איך זיך ספּראַוועט, נאָר ווער ווייסט, וויפל סאָלדאַטן עס קאָנען זיך א שאָט טאָן אהער פון וואָקזאַל... אָט ווען ראַשיד זאָל דאָ זײַן..."

ווען דער אָפיצער האָט זיך אומגעקערט, האָט זיך זשאַקן אויסגעדאַכט, אַז לעבן וואָקזאַל האָט זיך באַוויזן ראַשיד. נאָר אין דעם זעלבן אויגנבליק איז יענער ניט געוואָרן. דער אָפיצער האָט מיט קויעך א שטופּ געטאָן זשאַקן אין דער פּלייצע:

— גיי, גיי!

וויאַזוי זײַנע כאַווירים זײַנען זיי פאַרלאָפן דעם וועג, האָט זשאַק ניט פאַרשטאַנען. נאָר שוין ניט ווײַט פון די ערשטע שטאָטישע הײַזער זײַנען זיי אים געקומען אנטקעגן.

די ביקס באַם סאָלדאַט האָט ראַשיד אָנגעכאַפּט אזוי אומגעריכט, אַז יענער האָט אפילע ניט באַוויזן זיך קעגנשטעלן.

— אויב איר ווילט לעבן, זאָלן מיר פון אײַך קיין פּיפּס ניט הערן! — האָט ער געוואָרנט דעם פּאַטרול נאָך דעם, ווי מע האָט זיי ביידע געבונדענע אוועקגעלייגט אף דער ערד. — בעסער וועט זײַן פאַר אײַך, איר זאָלט ליגן שטיל און זיך אופהייבן ניט פריער, ווי אין א שאָ ארום.

אין א פאַרוואָרפן געסל האָבן זיי אינדרײַען זיך אָפּגעשטעלט: קיין שום פאַרדעכטיקע קלאַנגען.

ווען זיי האָבן זיך דערקליבן צו קאַרײַעוון, האָט ער זיי געייצעט פאַרבאַהאַלטן דאָס געווער און זיך צײַטוויַיליק איבערקלײַבן צו זײַנעם א באַקאַנטן אין עק שטאָט.

— דאוויד לוואָוויטש, וואָס איז דאָ פאַר זיי מוירע צו האָבן? — האָט ראַשיד דערווי־דערט. — זאָלן זיי איצט זוכן דעם ווינט אין פעלד.

קאַריַיעוו האָט געענטפערט שטרענג:

— ביזוואַנען איך וועל אײַך ניט רופן, זאָלט איר זיך ניט דערוועגן באַווײַזן אין שטאָט. קלאָר?

צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט געגאָסן אַ רעגן. אין די קאַנאַוועס האָבן זיך געהוידעט פּאַפּירענע שיפעלעך. ערשט ווען עס איז גוט טונקל געוואָרן, האָט אַ צאַפּנדיקער ווינט צעטראָגן די כמאַרעס און אַפן אויסגעלײַטערטן הימל האָבן זיך באַוויזן שטערן.

ראַשיד, זשאַק און יוינע זײַנען געגאַנגען צו דער מוינאַקער אָזערע, ווו עס האָט אַף זיי געוואַרט קאַרײַעוו. זיי האָבן געקנאָטן די גערדיכטע בלאָטע. פּאַרויס איז געגאַנגען ראַשיד. פון מאָל צו מאָל האָט זשאַק אופגעהויבן די אויגן און געזען פאַר זיך ראַשידס ברייטע פלייצע, זײַן אַפּגעבליאַקעוועטע טיובעטייקע, מיט וועלכער ער האָט זיך ניט געוואָלט שיידן אַפילע איצט, ווען אין דרויסן שמעקט שוין מיט פאַרוועלקטע גראָזן און מיט שניי.

הינטער זשאַקן איז געגאַנגען יוינע דער וואַסערפירער. זשאַק האָט גאָר ניט געוווּסט, אַז כאַנעס טאַטע איז באַריידעווודיק ווי אַ יידענע. לאָז אים נאָר, וועט ער אַפּילע איצט, ווען מע דאַרף זײַן שאַ־שטיל, דערציילן טויזנט מײַסעס.

יוינע קען די שטאָט, ווי זײַנע פינף פינגער, נאָר בלינד איז ער, ווי אַ פלעדערמויז, און אים דאַכט זיך אַלץ, אַז אין דער פינצטער קאָנען זיי פאַרבלאָנדזען. האַלט ער אין איין פרעגן בא ראַשידן:

— מיר האָבן זיך ניט אראָפּגעשלאָגן פונעם וועג?

— ער האָט אײַך שוין געענטפערט, — זאָגט זשאַק מיט פאַרדראָס.

כליופּ, כליופּ... דאָס האָט יוינע פּלוצעם פאַרקערעוועט אין אַ זײַט און איז אַרײַן מיט ביידע פיס אין אַ קאַליוזשע. די וואַסער איז ביז די קאַליעוועס, נאָר דאָס שטערט אים ניט פאַרזעצן דעם געשפרעך:

— בעסער צוויי מאָל פרעגן, איידער איין מאָל בלאָנדזען.

בא אַ שטיבל, ניט ווײַט פון דער אָזערע, האָט זיי באַגעגנט קאַרײַעוו. ער האָט אָפּגעפירט יוינען אין אַ זײַט און שטיל בא אים עפּעס געפרעגט. ערשט אין אַ וואָכן צוויי אַרום האָט זשאַק זיך דערוווּסט, וועגן וואָס זיי האָבן זיך דאָרט געסוידעט: לאָזט זיך אויס, אַז יוינע, וואָס פלעגט באַזאָרגן מיט וואַסער די „עסקאַדראָנצעס“ פון דעם קרימער קאַוואַלעריע־פּאָלק, האָט געהאַט וואָס צו דערציילן קאַרײַעוון.

אין דער פּוסטער שטוב, ווו זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט, איז געווען אַזוי אָנגערייכערט, אַז דער לאָמפּ האָט זיך מאַמעש געלאָשן. בא זשאַקן זײַנען די פיס פּיטש־נאַס. מע וואָלט געדאַרפט אַראָפּציִען די שטיוול און אויסדרייען די אָנעטשעס, נאָר גיי טו עפּעס, אַז עס איז אַזוי ענג, פון אָרט זיך ניט צו רירן.

עס רעדט קאַרײַעוו. זשאַק קוקט אַף אים, ווי ער וואָלט אים געזען דאָס ערשטע מאָל. מע זאָגט, אַז נאָך סעוואַסטאָפּאָל איז די יעווּפּאַטאָריער באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע די גרעסטע אין קרים. זי ציילט העכער צוויי הונדערט מיטגלידער, און פון אַלעמען פון זיי האָט מען אים איינעם, קאַרײַעוון, דעלעגירט אַף דער ערשטער פאַרטיי־קאָנפערענץ פון טאַווריער גובערניע.

זשאַק וואָלט אַ באַלן געוווּען וויסן, ווער פון די, וואָס זײַנען געקומען אהער אַפן פּראָפּאַריין־אַקטיוו, זײַנען באָלשעוויקעס. ער מיינט, אַז זאַכאַר זאַרובין, דער מאַשיניסט, וועמען מע האָט אָפּגעטראָגן דאָס אָרט באַם טיש, איז געוויס אַ באָלשעוויק. נו, און יוינע? דער וואַסערפירער, וואָס קראַצט איצט מיט דער האַנט די פּאַטיליצע און האַלט אין מויל אַ שטרויעלע, איז מיסטאַם בלויז אַ מיטפילנדיקער, נאָר לויט זײַן פּאָנעם איז צו זען — זאָל אים נאָר קאַרײַעוו הייסן, וועט ער גיין אין פײַער און אין וואַסער.

יוינע האָט צוגעלייגט די האַנט צום אויער און הערט זיך אײַן, ווי קאַרײַעוו דערציילט:

— איצט ווייסן שוין אַלע, אַז פון דעם, וואָס אַפן אָרט פונעם גובערנאַטאָר דעם מאָנאַרכיסט האָט מען אוועקגעזעצט אַ קאָמיסאַר פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג — אַ קאַדעט, האָט זיך וויניק־וואָס געענדערט...

אוואַדע איז יוינע מאַסקים מיטן רעדנער. ער אַליין האָט וועגן דעם אַנומלטן געזאָגט צו זײַן טאָכטער: „כאַנע, דאָס איז די זעלבע יענטע, נאָר אַנדערש געשלייערט“. יאָ, איז וואָס זאָגט ער, קאַרײַעוו?

— אין סימפערעפּאָל האָבן די פאַבריקאַנטן און פריצים געשאַפן אַ „ראַט פון פאָלקס־פאַרשטייער“, נאָר אין דעם דאָזיקן ראַט וועט איר ניט געפינען קיין איין אַרבעטער, קיין איין פּויער. ווער זשע, קאָנט איר פרעגן, האַלט אונטער דעם ראַט? אים האַלט אונטער דער „פאַרייניקטער

קרימער שטאַב" מיט זײַנע זעקס טויזנט קאַוואַלעריסטן־עסקאַדראָנצעס און די מיליטער־טײלן, וואָס באַשטייען פון אײנע אָפיצערן. צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס און עסערן שיקן זיי זייערע שעליכים קיין קובאַן, אַפן דאָן, ווו עס באַלעבאַטעווען די רײַכע קאָזאַקן.

אלײן יוינע כידעשט זיך: הער א מײַסע, מע רעדט וועגן אַזאַ אײדעלער מאַטעריע, וועגן פּאָליטיק — און אַלץ איז אים קלאָר און פאַרשטענדלעך. ער איז אויך מאַסקים מיט קאַרײַעוון, אַז מע דאַרף שאַפן באַוואָפנטע אַרבעטער־דרוזשינעס. אַוואַדע איז ער גערעכט. ער, יוינע, האָט אויך פאַרבאַהאַלטן אַן אָברעז. מיט קיין האָלאָבליעס וועסטו גאָרנישט ניט מאַכן מיט די עסקאַדראָנצעס...

אײנס פאַרשטייט ניט דער וואַסערפירער. אין סעוואַסטאָפּאָל איז שוין די וולאַסט בא די באָלשעוויקעס. ער אלײן האָט געזען, ווי פון דאָרט איז אָנגעקומען די מיליטערישע שיף „פידאָניס", נאָר אָנשטאָט דעם, אַז זי זאָל אָנצילן די האַרמאַטן אַף די בורזשויען, האָט מען גאָר פאַרפירט א געשפּרעך מיטן גראַף טאַטישטשעוו, און דער גראַף האָט זיי טאַקע אָפּגענאַרט. דעם זעלבן טאָג האָט „פידאָניס" אופגעהויבן דעם אַנקער און זיך געלאָזט צוריק אַהיים קיין סעוואַסטאָפּאָל...

ניט נאָר יוינע, קאַרײַעוו אלײן האָט עס ניט געקאָנט באַנעמען. ער האָט געהאַט א פאַרדאַכט, אַז אין דער קאָמאַנדשאַפט פון דעם שוואַרציאַמישן צענטראָפלאָט האָבן זיך דורכגעשמוגלט עסערן. עפּשער טאַקע דערפאַר האָט ער איצט וועגן דעם דערציילט מיט א האַלב מויל.

צעגאַנגען איז מען זיך שפּעט באַנאַכט. לאָזט זיך אויס, אַז צווישן די, וואָס האָבן פון דער גאַס געהיט די פאַרזאַמלונג, זײַנען אויך געווען כאַנע און פראָסיע. כאַנע איז אַפילע ניט צוגעגאַנגען צום טאַטן. זי האָט געשפּאַנט באַנאַנד מיט ראַשידן. זאָל זי נאָר קומען אַהיים, וועט יוינע איר שוין אַזוי אַרײַנזאָגן, אַז איר וועט זיך מער ניט גלוסטן נאָכגיין אָט דעם ראַשידן, ווי א שאָטן.

סערגיי איוואַנאָוויטש קוליקאָוו איז געקומען קיין יעווּפּאַטאָריע מיט א ספּעציעלער שליכעס פון דער סעוואַסטאָפּאָלער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע, און אָט זיצן זיי ביידע, קוליקאָוו מיט קאַרײַעוון, בא אַראָפּגעלאָזטע פאָרהענגלעך אינמיטן העלן טאָג. „גוט, — טראַכט קאַרײַעוו, — וואָס מע האָט אַהער געשיקט קוליקאָוון און ניט קיין אַנדערן. זיי זײַנען אַלטע גוטע פרײַנט און פאַרשטייען זיך אַפן וווּנק".

אַף דער נײַס, וואָס סערגיי האָט אים געבראַכט, אַז סעוואַסטאָפּאָל שיקט אַהער קיין יעווּפּאַטאָריע א רויטן דעסאַנט, האָט קאַרײַעוו שוין פון לאַנג געוואַרט. איצט שטעלן זיי צונויף דעם פּלאַן פון דער שלאַכט־אָפּעראַציע. די מינדסטע קלײניקײַט מוז מען אָפּוועגן און אָפּמעסטן. דערווײַל ענטפערט קאַרײַעוו אַף קוליקאָווס פראַגן. ער באַשטעטיקט:

— די יעווּפּאַטאָריער ברעג־באַטאַרייעס וועלן די עסקאַדרע ניט באַגעגענען מיט קיין פײַער. פאַרקערט, די אַרטילעריסטן וועלן קעמפן פאַר דער סאָוועטנמאַכט. אויך אין אַנדערע טײלן פון דעם גאַרניזאָן זײַנען פאַראַן רעוואָליוציאָנער געשטימטע סאָלדאַטן און מאַטראָסן. די אַרבעטער־דרוזשינעס האָבן אָבער ווינציק געווער.

ערשט ווען קוליקאָוו איז אַוועק, האָט קאַרײַעוו זיך געכאַפּט: סערגיי איז געוויס הונגעריק. ווי איז אים ניט אײַנגעפאַלן אים אָנהאָדעווען.

זשאַק און ראַשיד האָבן באַמערקט, אַז מיט קאַרײַעוון קומט עפּעס פאָר. ער גייט אַרום א בלאַסער און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען. זיי ווייסן ניט, אַז די עסקאַדרע פון סעוואַסטאָפּאָל האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט זײַן דאָ און איז נאָך אַלץ ניטאָ. וואָלט דער יאַם געשטורעמט, וואָלט מען עס געקאָנט פאַרשטיין, איז נײַן! די כוואַליעס הוידען זיך שטיל און רויִק.

און דעם צוועלפטן יאַנוואַר איז געשען אָט וואָס. אַן אָפיצערן־באַטאַליאָן צוזאַמען מיט אַן עסקאַדראָן קאַוואַלעריסטן און אַן אָטריאַד באַוואָפנטע גימנאַזיסטן האָט אומגעריכט אַרומגערינגלט די ברעג־באַטאַרייע. אָנגעפירט מיט דער אָפּעראַציע האָט דער גראַף טאַטישטשעוו און דער קאַפּיטאַן נאָוויצקי.

צוהילף די אַרטילעריסטן האָט זיך געלאָזט קאַרײַעוו מיט א פאָר צענדליק דרוזשיניקעס. נאָר וואָס האָט געקאָנט אופטאָן א הײַפעלע שוואַך באַוואָפנטע מענטשן קעגן אַזאַ קויעך? קאַרײַעוו, דער אָנפירער פון די יעווּפּאַטאָריער באָלשעוויקעס, איז אַרײַנגעפאַלן צום סוינע אין די הענט.

שפּעטער איז באַוווּסט געוואָרן, מיט וואָס פאַראַ אַכזאָריעס נאָוויצקי און טאַטישטשעוו האָבן זיך איזדעקעוועט איבער קאַרײַעוון. א טאָג מיט א נאַכט האָט מען אים געשלאָגן, געבראָכן די הענט. קיין אײן וואָרט האָבן זיי פון אים ניט אַרויסבאַקומען. פאַרטאָג, נאָך אײדער עס איז ליכטיק געוואָרן, האָט מען אַוועקגעשלעפּט קאַרײַעוון צום יאַם און ניט ווײַט פון דעם קייסערס דאַטשע אים נאָך א לעבעדיקן באַגראָבן.

אין צווי טעג ארום האָבן די סעוואסטאָפּאָלער מאַטראָסן און די יעוופּאַטאָריער ארבעטער באפרײַט די שטאָט. צווישן די פינף הונדערט אָפיצערן און עסקאַדראָנצעס, וואָס זײַנען ארײַנגעפאלן אין געפאַנגענשאפט, האָבן זיך אויך געפונען קאַרײַעווס הענקער.

קיינמאָל האָט נאָך די שטאָט ניט געזען אזא דעמאָנסטראַציע, ווי די, וואָס איז פאָרגעקומען דעם אכצעטן יאנואר 1918 יאָר. די צענטראַלע גאַס, וואָס האָט שוין געטראָגן קאַרײַעווס נאָמען, איז געווען פארפלייצט מיט מענטשן. דאָס האָבן די יעוופּאַטאָריער פּראָלעטאַריער באגלייט אין לעצטן וועג זייער העלדישן כאַווער.

## גאָלדענע עפּאָלעטן



ער ווינטער איז געווען א קאַפּריזער. דער פראָסט פלעגט ניט באַוויַזן אויסמאָלן זײַנע געמעלן אף די שויבן, ווי די אײַז־פּאַלמעס פלעגן שוין אָנהייבן גיסן טרערן. אין דער דאָזיקער נאַכט האָט פון יאַם געבלאָזן אן עסעריקער ווינט. די טעלעגראַף־דראָטן האָבן געהודעט. זשאַק איז איצט געווען דער עלטסטער פון א פּאַטרול: ראשיד, פּיר דרוזשיניקעס און צווי מאַטראָסן — רויטגוואַרדייער. דורך א שמאָל פּינצטער געסל האָבן זיי זיך געלאָזט צו זאַליגינס אײַנפאָר־הויז. אין אַלע פענצטער פון זאַליגינס שטוב איז געווען פינצטער, בלויז דורך איין פארמאַכטן לאָדן האָט זיך דורכגעריסן א שמאָל פּאַסיקל שײַן. לאַנג איז זיי אויסגעקומען צו קלאַפּן, ביז דער באַלעבאָס האָט געעפנט די טיר.

— אומזיסט אײַער טירכע, — האָט זאַליגין זיי געוואָרנט, — די, וואָס דאַרפן פאַר אײַך מוירע האָבן, זײַנען שוין פון לאַנג אַנטלאָפן. וואָס שלאָפט איר ניט? א גוטער באַלעבאָס וואָלט אין אזא וועטער ניט ארויסגעלאָזט זײַן הונט אף דער גאַס.

— גענוג צו וואָרטשען, — האָט איינער פון די מאַטראָסן אים אָפּגערוקט פון וועג, — מיר וועלן זיך ווי־עס־איז באַגיין אָן דײַן ראַכמאָנעס.

— איר וועט זיך באַגיין, נאָר איבער אײַך וויל צו מיר קיינער ניט פארפאָרן. איך בין דאָך ניט קיין בורזשוי, איז פון וואָס וועל איך לעבן?..

אַלע בעטלעך אין הויז זײַנען געווען פוסט, נאָר אין איין גרויסן צימער זײַנען געזעסן עטלעכע באַיאָרטע מאַנצבילען און עפּעס געכעזשבנט. באַם עק טיש, אין שאָטן, האָט א לײַביקער פּאַרשוין מיט א פּאָר גראָווע וואָנצעס פארטיפט ארײַנגעקוקט אין א דיקן קאָנטאָר־בוך.

— ווער זײַט איר? — האָט זשאַק געפרעגט.

— מיר זײַנען ווײַנהענדלער, קאָמערסאַנטן פון סימפעראָפּאָל, — האָט איינער געענטפערט. — כאָטש די צײַט איז אָן אומרויקע, נאָר צו אונדז, ווי איר זעט, האָט עס ניט קיין שײַכעס. מיט קיין פּאָליטיק פארנעמען מיר זיך ניט. אונדז אינטערעסירט בלויז דעבעט און קרעדיט. מיר זײַנען געקומען שליסן נײַע קאָנטראַקטן און זיך צערעכענען מיט די היגע ווײַנשענקער, מיט די פּרוכט־הענדלער.

— מיט וועמען האָט איר זיך דאָ באַגעגנט?

— ביטע, — האָט געענטפערט דער זעלבער, — טוט א קוק אין אונדזערע כעזשבן־ביכער, וועט איר וויסן, מיט וועמען מיר האָבן דאָ צו טאָן.

ראשיד האָט זיך ניט געפוילט און א בלעטער געטאָן די פּאַפּירן. ער האָט געשוויגן, נאָר ער וואָלט געקאָנט באַשטעטיקן, אז די מענטשן, וואָס זײַנען פארשריבן בא זיי אין די ביכער, האַנדלען טאַקע מיט ווײַן און מיט פּרוכטן. די דאָקומענטן זײַנען אויך געווען בא אַלעמען אין אָרדענונג.

שוין בא דער שוועל האָט זיך זשאַק, וואָס האָט די גאַנצע צײַט עפּעס מאָדנע געצויגן מיט דער נאָז, אָפּגעשטעלט.

— עפּשער וועלן מיר גיין ווײַטער? — האָט ראשיד געזאָגט.

— איך וואָלט געוואָלט וויסן, מיט וואָס שמעקט עס דאָ בא אײַך?

— מיט טאַבאַק. מיט ווײַן. מיט וואָס נאָך קאָן שמעקן דאָרט, ווו עס קומען זיך צונויף מאַנצבילען? אויב איר ווילט, קאָנען מיר אײַך מעכאַבעד זײַן.

באַם ראָג האָט זשאַק זיך ווידער אָפּגעשטעלט:

— כעווירע, זיי האָבן אונדז אָפּגענאַרט. ניט נאָר מיט טאַבאַק און מיט ווײַן שמעקט דאָרט בא זיי.

— מיט וואָס דען?

— איך ווייס נאָך ניט, נאָר מיר איז דער רייעך עפּעס זייער א קענטלעכער. לאָמיר זיך אומקערן.

— אויב דו ווייסט ניט, — האָט איינער פון די מאַטראָסן אים בייז געענטפערט, — איז ניטאָ וואָס זיך אומצוקערן. זאָג בעסער, אז דיר איז קאַלט און עס ווילט זיך דיר צוריק אין דער וואַרעם.

דאָס האָבן די דרוזשיניקעס ניט געקאָנט פארשוויַיגן. עס איז שיִר ניט דערגאַנגען צו א קריג. נאָר זשאַק האָט זיך אַרײַנגעמישט:

— כעוורע, איך פארשטיי ניט, וויאַזוי איך האָב זיך גלײַך ניט געכאַפּט, אז עס שמעקט מיט גרים. אָט וועט איר זען, אז די וואָנצעס באַם גראָבן „קאָמערסאַנט" זײַנען צוגעקלעפּטע. אויב ס'איז טאַקע אזוי, הייסט עס, אז מיר האָבן אָנגעטראָפן אף א מאַלינע. קומט גיכער!

דער באַלעבאָס פון אײַנפאָר־הויז איז דאָס מאָל, דאַכט זיך, ניט אף קיין קאַטאָוועס אין קאַס געוואָרן, ער האָט אפילע געדראָעט, אז גאַנצפרי וועט ער אליין גיין דערציילן, ווי מע האָט עס אים א גאַנצע נאַכט ניט געלאָזן שלאָפן. עמעצער האָט אים אָפּגעענטפערט:

— איר אליין האָט דאָך געזאָגט, אז אין אזא וועטער לאָזט מען ניט אַרויס קיין הונט אף דער גאַס. און בא אײַך איז וואַרעם, עס שמעקט מיט ווײַן. קומט מיט אונדז!

— די הענט אין דער הייך! — האָט זשאַק באַפוילן. — אָט אזוי. געווער האָט איר? א ווײַלע איז געווען שטיל.

— יאָ, די צײַט איז אַן אומרויִקע, — האָט געזאָגט איינער פון די קאָמערסאַנטן, — און מיר פירן מיט זיך געלט, א סאַך געלט.

דערבײַ האָט ער געוואָלט אַראָפּלאָזן די רעכטע האַנט, נאָר דער מאַטראָס, וואָס איז גע־שטאַנען דערנעבן, האָט אָנגעצילט דעם נאַגאַן.

— מיר זײַנען שוין אָנגעלערנטע, מאַך ניט קיין פוילע שטיק!

ווען די קעשענעס בא די „קאָמערסאַנטן" זײַנען שוין געווען אויסגעליידיקט, האָט זשאַק זיי באַפוילן זיך שטעלן אין ווינקל לעבן דער שאַפע. דעם דיקן „קאָמערסאַנט" האָט ער צוגעפירט נעענטער צו דער שײַן און לײַכט א ריס געטאָן די גראָווע וואָנצעס. זיי זײַנען פארבליבן בא זשאַקן אין דער האַנט.

— איצט, מיין איך, וועט איר אונדז דערציילן, ווער זײַט איר און וואָס זײַט איר אַהער געקומען.

— מיר האָבן אײַך שוין דערציילט...

לאַנג איז אויסגעקומען צו נישטערן אין די טשעמאָדאַנעס. געפונען האָט מען א טאָפּאָגראַ־פישע קאַרטע און עטלעכע דאָקומענטן ווײַט ניט קיין קאָמערציִעלע. אין א שאַפע פונעם שכײַ־נעסדיקן צימער זײַנען געלעגן אקוראַט צונויפגעלייגט עטלעכע אָפיצערישע אָנצוגן, צווישן זיי א קיטעל מיט עפּאָלעטן פון א גענעראַל. זשאַק האָט אַראָפּגענומען די עפּאָלעטן און זיי אַרײַנ־געלייגט צו זיך אין קעשענע. דער „קאָמערסאַנט", בא וועלכן זשאַק האָט אַראָפּגעריסן די וואָנ־צעס, האָט זיך האַסטיק א ריס געטאָן פון אָרט:

— איך בעט אײַך, נעמט, וואָס איר ווילט, נאָר די עפּאָלעטן גיט מיר אָפּ. זיי זײַנען מײַנע. איר זעט, איך האָב זיך מיט זיי ניט צעשיידט, כאָטש איר האָט שוין פארכאַפּט די שטאָט.

— דאָס ניט, אײַער וווילגעבוירט, מיר וועלן אײַער גוטס צוזאַמען מיט אײַך איבערגעבן אין אונדזער שטאַב, און דאָרט וועט מען זיך שוין פאַנאַנדערקלײַבן.

אין שטאַב האָט זשאַק פאָרזיכטיק צעטרענט די עפּאָלעטן. אין איינעם פון זיי האָט ער גע־פונען א צונויפגעלייגט בייגעלע פּאַפּיר, אף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן:

מיכאיִל עד!
באַקומען אײַער ראַפּאָרט, האָב איך זיך זייער דערפרייט, וואָס די איניאָנים האָבן אָנגענומען אזא ווענדונג. איך בעט האַנדלען אומ־אָפּנייגלעך.
איך דאַנק אײַך
נ י ק אָ ל ײַ[1]

[1] מיר ברענגען דאָ די איבערזעצונג פון ניקאָלײַ דעם צווייטנס בריוו, וואָס זשאַק האָט אַרויסבאַקומען פונעם עפּאָלעט באַם גענעראַל מיכאיִל עד. אין העכער פערציק יאָר אַרום נאָך די דאָזיקע געשעענישן האָט ער דעם בריוו איבערגעגעבן אין צענטראַלן היסטאָרישן מעלוכע־אַרכיוו פון פּסר, וועלכער האָט באַשטעטיקט, אז דער דאָקו־מענט איז אַן עכטער, אַן אווטאָגראַף פונעם רוסישן צאַר.

— ני־קאָ־לײַ?

דער שעף פון שטאַב סערגײ װאַסיוטין האָט נאָכאַמאָל איבערגעלײענט דעם נאָמען „ני־קאָ־לײַ", אַרױסרײדנדיק בױלעט אַלע טראָפּן.

— װער האָט געשריבן דעם בריװ?

באַם גענעראַל האָבן אַ ציטער געטאָן די בלױע ליפּן:

— איך װײס ניט. יעדנפאַלס איז דער בריװ געשריבן ניט צו מיר.

— איר װײסט ניט? אויב אַזױ, װעל איך אײַך מוזן אָפּשיקן קײן סעװאַסטאָפּאָל, און דאָרט װעט מען אײַך אָפּפרישן דעם זיקאָרן.

אין דער רעגע האָט אַ קלונג געטאָן דער טעלעפאָן. דער דעזשורנע האָט איבערגעגעבן דאָס טרײַבל װאַסיוטינען:

— האַלאָ! איך הער. אין דזשאַנקאָי, זאָגט איר?.. קלאָר! װאַרט אַף אַ גרופּע פון צען מענטשן... נײן, מער קאָן איך ניט... גוט, ראַשיד װעט קומען מיט דער גרופּע... ער קען דאָרט אַלעמען.

— שיקט מיך מיט ראַשידן, — האָט זשאַק זיך געװענדט צום שעף.

— נײן, — האָט װאַסיוטין געענטפערט, — איך מוז אײַך צעשײדן מיט ראַשידן. איך האָב איצט ניט קײן צײַט צו שרײַבן פּראָטאָקאָלן... דו, זשאַק, װעסט אָפּפירן די דאָקומענטן מיט די אַרעסטירטע און אַלץ אַלײן געניי דערצײלן. אָט װעל איך נאָר אָנשרײַבן אַ קורץ צעטעלע מײַן כאַװער אין רעװקאָם, ער זאָל װיסן, װעמען איך שיק צו אים. — פון פעלדטאַש האָט ער אַרױסגענומען אַ צעקנײטשט שטיקל פּאַפּיר, אַ בלײַער. די ערשטע עטלעכע װערטער האָט ער אָנגעשריבן זײער גיך, דערנאָך האָט ער זיך פאַרטראַכט...

— זשאַק, פונװאַנען ביסטו צו אונדז געקומען?

— פונװאַנען? — האָט ער אַ קנײטש געטאָן מיט די פּלײצעס. — פון צירק.

ראַשיד האָט אונטערגעזאָגט:

— פון פּעטראָגראַד. זשאַק האָט אַלײן גערעדט מיט לענינען.

— קלאָר, אַזױ װעל איך טאַקע אָנשרײַבן. און איצט געזעגנט זיך, און הײַדאַ אין װעג.

מיט ראַשידן האָט זשאַק זיך שױן מער קײנמאָל ניט באַגעגנט. אין אַ יאָר אַרום איז זײַן כאַװער ראַשיד אומגעקומען אַפן פראָנט.

עטלעכע טעג זײַנען אַדורך, ביז מע האָט פעסטגעשטעלט, װער עס זײַנען די אַרעסטירטע װײַסגװאַרדײיִשע אָפיצערן. אין אַ װאָך אַרום האָט יעװגעני פּאַװלאָװיטש סעניק, דער מיטגליד פון סעװאַסטאָפּאָלער רעװקאָם, אַרױסגערופן זשאַקן און אים געזאָגט:

— דעם בריװ, װאָס איר האָט געפונען, האָט געשריבן דער קײסער ניקאָלײַ דער צװײטער. דער „קאָמערסאַנט" מיט די צוגעקלעפּטע װאָנצעס איז דער גענעראַל מיכאַיִל עד. װעגן זײַן מיסיע האָבן אפילו ניט געװוּסט די אָפיצערן, װאָס זײַנען געװען צוזאַמען מיט אים. אונדז װאָלט זיך געװאָלט אײַך אָפּדאַנקען, איז עפשער װעט איר אַלײן זאָגן, מיט װאָס?

— יאָ, יאָ, — האָט זשאַק שטאַרק אױפגעהױבן דעם קאָפּ, — שיקט מיך אין אַ רױטגװאַרדײיִשן אָטריאַד.

— װיפל זײַט איר אַלט?

— אַכצן.

— אין אײן עלטער מיט מײַן זון. ער איז אױך אַ הױכער, אַ דאַרער. צוריק מיט אַ כודעש האָט מען אים שװער פאַרװוּנדעט. איצט ליגט ער אין לאַזאַרעט... נאַ, — האָט ער אַרױסגענומען פון סײף די עפּאָלעטן מיט דעם בריװ און זײ דערלאַנגט זשאַקן, — װען דו װעסט שױן זײַן אַ טאַטע אָדער גאָר אַ זײדע, װעסטו האָבן װעגן װאָס צו דערצײלן די קינדער און די אײניקלעך. און איצט קום, װעל איך דיך באַקאַנען מיט אײנעם אַ כאַװער. עמעס, ער איז זײער אַ שטרענגער, נאָר עפשער װעסטו אים געפעלן.

אין עק פונעם קאָרידאָר, אין אַ װינקל באַ דער טיר, איז זשאַק געשטאַנען און געהערט, װי יעװגעני פּאַװלאָװיטש רעדט מיט עמעצן װעגן אים. אײגנטלעך, האָט ער געהערט נאָר דעם ענטפער: „װײסט דאָך, סעניק, אַז קײן מענטשן פון דער גאַס נעם איך ניט". נאָך די דאָזיקע װערטער װאָלט זשאַק שױן געמעגט אַװעקגײן, נאָר װי גײט מען עס אַװעק אָן אַ זײַ־געזונט?

באַ דער װאַנט איז געשטאַנען אַ פּאָטערשטול, פון װעלכן עס האָבן געסטאַרטשעט גע־פּלאַצטע פּרוזשינעס. זשאַק האָט זיך צוגעזעצט און אַרײַנגעצױגן דעם קאָפּ אין אױפגעהױבענעם קאָלנער. װען ער װאָלט געקאָנט אָנשקראָבען אין די קעשענעס אַ ביסל מאַכאָרקע אַף אַ ציגאַר, װאָלטן די אױגן זיך עפשער אַזױ ניט געקלעפּט און ס'װאָלט אַזױ ניט געגנאַגט אונטערן לעפעלע. ער געדענקט ניט, װען האָט ער דאָס לעצטע מאָל צוזאַט געגעסן. אַהאַ, זיך דערמאָנט, באַ כאַנען אין שטוב איז עס געװען. זי האָט זײ דאַן דערלאַנגט צװײ פולע טעלער מיט הירזשענער קאַשע,

אים און ראשידן. און דערנאָך צוגעטראָגן הייסע טיי. פאַרשטייט זיך, אָז ניט קיין צוקער, ניט קיין האָניק האָט כאַנע ניט געהאַט. דערפאַר האָט יוינע זיי עטלעכע מאָל דערמאָנט:

— קאַלויצעט, קינדער, קאַלויצעט. אָט וועט איר זען, ווי די טיי וועט ווערן זיס.

ראשיד האָט זיך פון דער קאַשע אָפּגעזאָגט, און זשאַקן האָט נאָכדעם באַנק געטאָן, וואָס ער האָט צו פרי געזאָגט א דאַנק. עטלעכע מאָל האָט ער געוואָרפן א בליק אף ראשידס טעלער, אין וועלכן די קאַשע האָט זיך פאַרצויגן מיט א דין הייַטעלע און נאָך מער רייצנדיק געשמעקט.

און נאָך קומט אָפּן זינען!

קאַריַיעוו פלעגט אמאָל אינמיטן־דרינען אָנכאַפּן ראשידן פאַר דער האַנט און, לייַכט פאַר־זשמורענדיק דאָס רעכטע אויג, א זאָג טאָן: „מייַן ליזע האָט מיך שוין ניט איין מאָל געפרעגט: וואָס עסטו? ווו נעכטיקסטו?“ אין דעם טאָג, ווען ער, זשאַק, און ראשיד האָבן דאָס לעצטע מאָל זיך געזען מיט קאַריַיעוון, האָט יענער זיך ווידער דערמאָנט, אַז ליזע וויל וויסן, פאַרוואָס זעט מען ניט ראשידן, פאַרוואָס קומט ער ניט עפּעס אָפּעסן.

ראשיד האָט אָפּגעטאָקט א ליגן:

— דאַוויד לוואָוויטש, זאָגט איַיער פרוי, אַז איך מיט זשאַקן עסן אַלע טאָג א הירזשענע קאַשע און טרינקען טיי מיט סאַכאַרין.

באַ זשאַקן, אַז ער דערמאָנט זיך וועגן יעווּפּאַטאָריע, קומט אים אָפּן געדאַנק פּראָסיע. א שיין מיידל... און וואָס האָט די ווערט דאָס כיין־פינטל אף דער אייבערשטער ליפּ. די געטאָקטע ציין. פאַר זייַן אַוועקפאָרן זייַנען זיי ביידע — ער מיט פּראָסיען — געזעסן באַ איר אין שטוב אָפּן גרויסן קאַסטן. ווען מע האָט אָנגעצונדן דעם קאַנעץ, האָבן זיך איבערן דיל און איבערן קאַסטן געוומען הוידען מעשונעדיקע שאָטנס. איצט דאַכט זיך אים, אַז ער זעט ווידער, ווי די שאָטנס הוידען זיך, הוידען זיך...

א זייַטיקן האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דער באָכער, וואָס האָט זיך אייַנגעמאָסטעט אף דעם פּאָטערשטול באַ דער וואַנט, איז אַנשלאָפן געוואָרן. נאָר זשאַק האָט דורכן דרעמל נאָך אַלץ גע־הערט די שטים פון דעם מענטשן, וואָס האָט אים ניט געוואָלט נעמען צו זיך אין אָטריאַד. ווו האָט ער געהערט די דאָזיקע שטים? זי איז אים אַזוי באַקאַנט... יאָ, יאָ, פאַר די פאַרמאַכטע אויגן שווימט אוף א ווייַטער זומער־פרימאָרגן. איבערן דניעפּער איז געהאַנגען א ווייכער מילך־ווייַ־סער נעפּל. דאָס שיפל האָט זיך געוויגט... און מיטאַמאָל — ווער טאָרעט עס אים, ווער רופט עס אים באַ זייַן ייִנגלשן נאָמען — דאַווידקאָ!

מיט פאַרמאַכטע אויגן רוקט זשאַק אָפּ עמעצנס האַנט.

— דאַווידקאָ! צירקאַטש! דערקענסט מיך ניט?

זשאַק האָט זיך א ריס געטאָן פון אָרט:

— פּעטער ניקיפאָר, איר?

— וואָס דען מיינסטו, עס כאָלעמט זיך דיר?

יעווגעני פּאַוולאָוויטש, וואָס שטייט אין א זייַט, טוט א זאָג מיט א שמייכל:

— אָט האָסטו דיר א מענטש פון דער גאַס.

ניקיפאָר האָט מיט דער רעכטער האַנט ארומגעכאַפּט זשאַקן און אים לאַנג ניט אָפּגעלאָזט פון זיך.

— דו שווייַג בעסער, — זאָגט ער צו סעניִנען, — די עפּאָלעטן האָסטו געמעגט ארויסוואַרפן אין מיסטקאַסטן. צום אַלעמערשטן האָסטו אים געדאַרפט אָנהאָדעווען.

— ביסט גערעכט, ניקיפאָר. קומט צו מיר. עפּעס וועלן מיר צוקלערן...

זיצן זיי איצט אָפּן ברייטן דיוואַן, און עס גלייבט זיך ניט, אַז זיי האָבן זיך אף אַן עמעס באַ־געגנט. ניקיפאָר, לאָזט זיך אויס, איז געקומען אַהער אף געציילטע טעג, קעדיי פאָרמירן א קאָ־מאַנדע פאַר א פּאַנצער־צוג. ער איז געווען אין כערסאָן און ווייסט, אַז דאַווידקעס טאַטע, נאָסן־עליע, איז געשטאָרבן. ניקיפאָר דערמאָנט זיך אין עפּעס און פרעגט:

— דו מיינסט, אַז איך האָב זיך באַקאַנט מיט דייַן טאַטן, ווען איך בין צו אים אָנגעקומען אַלס שילער? ניין, דאַווידקאָ, מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט א סאַך יאָרן פריִער. איך בין נאָך דאַן געווען א יונגער באָכער. אײנמאָל פאַרטאָג גיי איך מיט א קעסטל, פול מיט פלוגבלעטלעך. איך האָב קוים באַוויזן צוקלעפּן דאָס ערשטע בלעטל צו א וואַנט, ווי מיך האָט אָנגעיאָגט א מענטש און שטיל געזאָגט: „מע שפּירט איַיך נאָך. מייַן פאַמיליע איז גאָלדפאַרב. איך בין א טאָקער, ארבעט דאָ ניט ווייַט אין א וואַרשטאַט. ווי נאָר מיר וועלן פאַרקערעווען אין געסל, קאָנען מיר זיך בייַטן מיט די קעסטלעך“. אַוואַדע האָט מען מיך באַם ראָג אָפּגעשטעלט און אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־באַצירק. דער שפּיק, וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען, האָט געריבן די הענט פון פאַרגעניגן. „איך ווייס ניט, זאָגט ער, וויפל פלוגבלעטלעך עס ליגן דאָ באַ אים, נאָר איך האָב אַליין געזען, ווי ער

האָט אַרײַנגעשטעלט אין קעסטל אַ באַנקע מיט קליי און אַ בערשטל". דער זשאַנדאַרם האָט שוין אַפילע צוגעגרייט פּאַפּיר אַף צונויפשטעלן אַ פּראָטאָקאָל.

— אַנו, עפן נאָר דאָס קעסטל. באַווײַז דײַן סכוירע.

און איך שטיי מיר רויִק.

— עפנט, — זאָג איך, — אויב איר דאַרפט. איך ווייס אַזוי אויך, וואָס דאָרט ליגט.

לאַנג האָבן זיי זיך געפּאָרעט מיטן שלאָס, ביז מע האָט אים אָראָפּגעריסן. וואָס אין קעסטל איז געלעגן, געדענק איך, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען. אַ פּאָר אינסטרומענטן, צווישן צוויי ריפּטלעך ברויט — אַ שטיקל הערינג, אַ ציבעלע, און אין אַ פּעקעלע פון שוועבעלעך — אַ ביסל זאַלץ.

דער זשאַנדאַרם איז אַזוי אופגעבראַכט געוואָרן, אַז זײַנע רויטע אויגן זײַנען נאָך רויטער געוואָרן. מיטן שטיוול האָט ער אַזאַ זעץ געטאָן אין קעסטל, אַז מיר איז דערנאָך אויסגעקומען לאַנג פּויזען איבערן דיל, ביז איך האָב צונויפגענומען דײַן טאַטנס גוטס.

אָפּדערנאָכט האָב איך זיך געלאָזט אָפּזוכן מײַן רעטער. נאָר ער איז ווי אין וואַסער אַרײַן. דאַן בין איך אַוועק צו אונדזערן אַ כאַווער, וואָס האָט געאַרבעט אין איין וואַרשטאַט מיט דײַן טאַטן. „אָפּן טאָקער גאָלדפּאַרב קאָן מען זיך פאַרלאָזן?" — פרעג איך.

— פאַרלאָזן זיך אַף אים וואָלט מען געקאָנט, נאָר ער איז פון די, וואָס אויסער דער אַרבעט ווילן זיי פון גאָרנישט ניט וויסן. ער וועט קיינמאָל ניט ריזיקירן.

— האָסט אַ גרויסן טאָעס, — האָב איך געענטפערט מײַן כאַווער. — ער ריזיקירט שוין דאַפקע יאָ.

איך האָב אײַנגעבעטן מײַן כאַווער, אַז ער זאָל געפינען עפּעס אַ טערעץ און אַרויסרופן פון שטוב נאָסן־עליען.

— איר זעט, — זאָג איך דײַן טאַטן, — דער זשאַנדאַרם האָט צעבראָכן דעם שלאָס פון אײַער קעסטל. „מיילע, — ענטפערט ער מיר, — באַ מיר האָט עס ניט קיין ווערט".

זשאַק האָט געהערט, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער זעט איצט זײַן טאַטן, אָבער ניט אַזאַ, ווי ער האָט אים פאַרגעדענקט, נאָר גאָר אַן אַנדערן...

נאָך האָט ער זיך דערוווּסט פון ניקיפאָרן, אַז דער עלטערער ברודער זײַנער, לייווי, איז אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט און געפינט זיך איצט אין עסטרײַך, און אַז מאָטל, וואָס פלעגט טאָג און נאַכט זיצן איבער אַ סייפער, האָט זיך אומגעקערט פון פראָנט אַ הייסער באָלשעוויק.

פון דעם טאָג אָן איז שוין זשאַק מיט ניקיפאָרן געווען צוזאַמען אַף דעם פּאַנצער־צוג „גראָזני". ניקיפאָר האָט דאָ קאָמאַנדעוועט, זשאַק האָט געדינט אַלס אויסשפּירער.

## מיט ניקיפאָרן



אַף דער סטאַנציע דזשאַנקאָי זײַנען זיי לאַנג געשטאַנען. דאָ האָט מען באַדאַרפט פאַרגרייטן הייצונג פאַרן לאָקאָמאָטיוו. דער וואָקזאַל איז געווען פּוסט, נאָר אין איין ווינקל איז אָפּן הוילן דיל געשלאָפן אַ יונג מיידל.

אַ מאַטראָס, באַ וועלכן דער בושלאַט איז געווען אונטערגע־גאַרטלט מיט אַ קויל־נוואָרפער־לענטע, האָט צו איר אַ געשריי געטאָן:

— שטיי אוף! זע, סאַראַ כאַסאַנים עס זײַנען אַהער געקומען. זיך אויסגעשלאָפן? און איצט באַווײַז דײַנע דאָקומענטן. מע האָט זיי, זאַגסטו, באַ דיר צוגעגאַנוועט? דאָס איז שוין ערגער. אָט קוק איך אַף דיר און טראַכט, אַז אַזאַ שיינהײַט וואָלט געדאַרפט שלאָפן אַף אַ ווייכער איבערבעט און דו וואַלגערסט זיך ווי אַ היימלאָזע. ווער ביסטו?

— אַן אַרטיסטקע. איך בין געקומען מיטן אַגיטצוג פון סימפּעראָפּאָל.

— אַן אַרטיסטקע? אָט וועל איך אַ רוף טאָן אַהער אַן עמעסן אַרטיסט, וועלן מיר זען, ווער דו ביסט.

— אָקסאַנע! — האָט זשאַק אויסגעשריגן, ער האָט נאָך פונווײַטנס זי דערקענט. — וואָס פאַר אַ ווינט האָט עס דיך אַהער פאַרטראָגן? אָן דאָקומענטן, אָן וואַרעמע בגאָדים וועסטו פאַר־פאַלן ווערן. קום צו אונדזער קאָמאַנדיר.

לאַנג איז אים אויסגעקומען אײַנבעטן ניקיפאָרן, אַז ער זאָל דערלויבן נעמען אָקסאַנען אָפּן פּאַנצער־צוג. דאָס, וואָסביידע זײַנען זיי אַקטיאָרן, איז פאַרן קאָמאַנדיר געווען אַ קליינער באַווײַז. סאָפּקאָלסאָף איז ניקיפאָר אײַנגעגאַנגען.

דער זעלבער מאטראָס, וואָס האָט געצווייפלט, צי איז אָקסאנע טאקע אַן ארטיסטקע, האָט דערנאָך ניט איין מאָל געשפּילט אַף זיַין הארמאָניק, ווען אָקסאנע האָט געזונגען.

און מיטאמאָל אַן אַליארעם!

דאָס איז געווען לעבן אלעקסאנדראָווסק. די קאָמאנדע פון פאנצער־צוג האָט געפירט א שלאכט מיט א ווייַסגווארדייישער באנדע. ווען „גראָזני" האָט זיך געלאָזט וויַיטער אין וועג, האָט זיך שוין קיינער צו דער הארמאָשקע ניט צוגערירט. איר באלעבאָס, דער מאטראָס, האָט זי צוזאמען מיט זיַין קוילן־לענטע איבערגעגעבן זיַין כאווער. אליין איז ער געלעגן שווער פאר־ווונדעט און שטיל געקרעכצט.

אַף דער סטאנציע סינעלניקאָווא האָט אָקסאנע פּעטרוסענקאָ דעריאָגט איר אגיטצוג און זיך געזעגנט מיט אירע נייַע פריַינט.

ס'איז געווען א הייסער זומער־טאָג. אַפן הימל האָט מען ניט געקאָנט געפינען קיין שפּרענ־קעלע. אין גרינעם וויַיץ, ניט וויַיט פון דער סטאנציע טשערסקאיא, איז געלעגן זשאַק. דעם באוווסטזיַין האָט ער ניט פארלאָרן, נאָר די ערד מיטן הימל, האָט זיך אים געדאכט, זיַינען פאר־צויגן מיט איין מוטנעם נעפּל.

זשאַק האָט געהערט דעם אָפּהילך פון די סנאַריאַדן, וואָס האָבן זיך געשאָטן אַפן פאנצער־צוג „גראָזני", וועלכער האָט זיך ארויסגעריסן פון קלעם און זיך איצט געטראָגן צו צאריצין. ער האָט דאָס געוווסט, און דאָך האָט ער געמורמלט: „ניקיפאָר, ניקיפאָר"...

און ווי ער וואָלט דערהערט ניקיפאָרס באפעל, האָט ער מיט די לעצטע קויכעס זיך אָנגע־שפּארט אַפן עלנבויגן, ארויסגענומען פון קעשענע דאָס מעסערל, צעשניטן די כאָליעווע פון שטיוול, שטיַיף איבערגעבונדן די וווּנד און געפּרווווט זיך אופשטעלן... וואָס וויַיטער איז געווען, געדענקט ער ניט, נאָר עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער גייט איבערן ערשטן דינעם אַיַיז, וואָס האָט פארצויגן דעם דניעפּער, און ניט דאָס אַיַיז, נאָר ער אליין ברעכט זיך אַיַין און גייט צום גרונט. עס דוכט זיך אים, אז ער וויל זיך פאר עפּעס אָנכאַפּן, נאָר א שארפער ווייטעק האָט אים אָפּגעמינטערט. א ווארעמער ווינט האָט דערטראָגן אהער קלאנגען פון א הארמאָניק און דעם ביטערן גערוך פון רויך. קיין פיַיער האָט ער ניט געזען, נאָר, וויַיזט אויס, ערגעץ האָט גע־ברענט א שטוב.

לאנג האָט געדויערט, ביז ער האָט זיך דערקליבן צו דער אַיַיזנבאן־בודקע. דער באלעבאָס האָט זיך ניט דערשראָקן, זיך אפילע ניט פארכידעשט. ער האָט אַף אים אָנגעשטעלט זיַין לאמ־טערן און געפרעגט:

— נו, וואָס וועלן מיר וויַיטער טאָן?

גיי ענטפער אַף אזא פראגע. דערוויַיל וואָלט ער געבעטן א קוואָרט וואסער. אָט איז אים פון דעם קאלטן טרונק, דאכט זיך, א ביסל לייַכטער געוואָרן. איצט, אז די שיַין פון לאמטערן שנייַדט אים ניט די אויגן, זעט ער, אז דאָ איז נאָך עמעצער פאראן. דער פעלץ אַף דער באנק האָט זיך א ריר געטאָן, און פון אונטער אים האָבן זיך ארויסגערוקט א פּאָר ייִנגלשע באָרוועסע פיס. זשאַק האָט נאָך אלץ ניט געוווסט, וויאזוי אָנהייבן דעם געשפּרעך. נאָר דער אַיַיזנבאן־וועכ־טער, קענטיק, א מענטש, וואָס רעדט געוויינלעך זעלטן און קארג, האָט אים שטרענג געפרעגט:

— קלייַבסט זיך דאָ נאָך לאנג זיצן?

— אויב מע טאָר ניט, קאָן איך אוועקגיין.

— אוודע טאָר מען ניט. נאָר ווער וועט דיר לייַען א פוס? פעדיא, שטיי אוף און פיר אים אַף צום פעלדשער, — האָט דער אלטער אויך שטרענג געזאָגט צו דעם ייִנגל מיט די באָר־וועסע פיס.

— צום פעלדשער? — האָט זשאַק איבערגעפרעגט. — אהין טאָר איך ניט.

— טאָרסט ניט? דאן וועט דיר אויסקומען גיין נאָך וויַיטער. באם גאלעך יעוולאמפּי אין שטוב נעכטיקט דער שטאבס־ראָטמיסטער, קלאַפּ אָן אין פענצטער און זאָג אזוי און אזוי. איר האָט מיך געזוכט, איז אָט בין איך אליין געקומען. פעדיא, גיין זאָלסטו מיט דער סטעזשקע לעבן דער קלוניע. און גיכער, די נאכט שטייט ניט.

אויב גלייבן דעם דריַיצניאָריקן פעדיען, קאָן מען זיך אַף דעם טויבן פעלדשער פארלאָזן. ווער עס קאָן זיך פארלאָזן, האָט פעדיע ניט געזאָגט. נאָר קיין אנדער אויסוועג האָט זשאַק ניט געהאַט.

אָנשטאָט אויסבאהאלטן זשאַקן ערגעץ אין א קעלער אָדער אַף א בוידעם האָט דער פעלדשער אים אריַינגעפירט צו זיך אין שלאָפצימער און געזאָגט:

— זיַי רויִק, אהער וועט קיינער, אויסער מיר און מיַין שוועסטער, ניט אריַינקומען. דעם

שפּליטער וועל איך ארויסשלעפּן. ווי נאָר עס וועט מעגלעך זײַן, וועל איך דיך אריבערפּעקלען קיין צאַריצין אין שפּיטאָל.

דער פעלדשער כריסטאָפאָר מיכײַלאָוויטש האָט געהאַלטן וואָרט. ערגער איז געווען, וואָס גאַנץ אָפּט פלעגט צו אים אַרײַנקומען דער גאַלעך יעוולאַמפּי. יאָוען פלעגט ער זיך גאַנצפרי, ווען די ערשטע שטראַלן פלעגן זיך א שפּיגל טאָן אין די טראַפּנס טוי אף די שפּיץ ביימער. ווי שטאַרק די ווייטעקן זײַנען ניט געווען, פלעגט זשאַק ליגן אומבאַוועגלעך און ניט וואָגן אפילע א פּיפּס טאָן. ניט איין מאָל האָט ער געהערט, ווי דער גאַלעך זאָגט צום פעלדשער:

— וואָס שמעקט עס בא דיר אזוי מיט לאַזאַרעט?

— מיט וואָס דען זאָל שמעקן? — פלעגט אים כריסטאָפאָר מיכײַלאָוויטש ענטפערן. — איך האָב דאָך ניט צו טאָן מיט קיין הייליקער וואַסער.

— דו זינדיקסט, כריסטאָפאָר.

— עמעס, — איז דער פעלדשער מאַסקים מיטן גאַלעך, — אזויפיל קראַנקע, צעקאַליע־טשעטע, און מיט וואָס העלף איך זיי?

שטיל. אין דער רעגע האָט מיסטאָם דער פאָטער יעוולאַמפּי אײַנגעטונקען דאָס ציגעלע צוקער אין דער הייסער טיי. אָפּגעביסן א שטיקל און צוגעטראָגן די גלאָז צום מויל. נאָך א פּאָר שלונג האָט ער פאָרגעזעצט:

— איך האָב, כריסטאָפאָר, א כשאַד, אז דו וואָלסט געהיילט אפילע אזעלכע, וועלכע מע טאָר ניט היילן.

— ווער־ווער, נאָר איר דאַרפט וויסן: ניטאָ קיין לעבעדיקע באַשעפעניש, ווען א דאָקטער מעג אָפּזאָגן קומען צוהילף.

— נו, און די אַנטיכריסטן, די באָלשעוויקעס?

— די באָלשעוויקעס? — כידעשט זיך דער פעלדשער, ווי ער זאָל צום ערשטן מאָל אין לעבן הערן אזא וואָרט. — זיי, זאָגט מען, נעמט ניט קיין קויל, ניט קיין קרענק. נאָך זאָגט מען, אז אפילע שטאַרבן שטאַרבן זיי שטייענדיקערהייט.

— כריסטאָפאָר! — האָט דער גאַלעך מיט א קלאַפּ אוועקגעשטעלט די גלאָז אפן טיש. — דו זינדיקסט.

ניט אַנדערש, אז כריסטאָפאָר מיכײַלאָוויטש האָט געוווסט עפּעס וועגן דעם פאָטער יעוו־לאַמפּי אזוינס, אז עס איז גענוג געווען, ער זאָל אים בלויז געבן וועגן דעם אָנצוהערן, דער גאַלעך זאָל גלײַך אַנשוויגן ווערן.

— איך זינדיק מיט דער צונג, און איר מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע, — האָט דער פעלד־שער שטיל געזאָגט. און דאָס איז געווען גענוג.

באַנאַכט האָט זשאַק דערהערט, אז עמעצער גייט אַרום לעבן דער שטוב. כריסטאָפאָר מיכײַ־לאָוויטש האָט אף זיך אַרופגעוואָרפן דעם מאַנטל, אַרײַנגעקראָכן אין די שטעקשיך און אַרויס־געגאַנגען אין דרויסן. אין הויף איז קיינער ניט געווען. נאָר לעבן טויער איז געלעגן א שטיקל טליִענדיקער ציגאַר.

אין א שאָ אַרום האָט פעדיע אַרויסגעפירט זשאַקן פון דעם פעלדשערס הויז און באַגלייט קיין וואָראָפּאַנאָוואָ צום אָרטיקן דאָקטער. בא א נויט האָט זשאַק געהאַט א צעטל, אז ער איז אן אײַזנבאַן־אַרבעטער און האָט זיך צעקאַליעטשעט א פוס בייסן אויסלאָדן א וואַגאָן. דער וואָראָ־פּאַנאָווער דאָקטער האָט אים געהאָלפן דערקלײַבן זיך קיין צאַריצין.

דער בירגערקריג האָט זיך שוין פון לאַנג פאַרענדיקט. און זשאַק מאַטערט זיך נאָך אַלץ מיט דעם פאַרוווּנדעטן פוס. דאָס פינפטע מאָל פירט מען אים צום אָפּעראַציע־טיש. ער הערט, ווי די דאָקטוירים אַמפּערן זיך — אַמפּוטירן דעם פוס צי נײַן? איינעם פון די דאָקטוירים, גראָד דעם, וועלכער האָט געזייצעט נאָך צוואָרטן, האָט זשאַק אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט. און, ווי יענער זאָל זײַן אין אַלץ שולדיק, האָט זשאַק געשריגן אף אים:

— איר זאָלט ניט וואָגן! איך בין אן אַרטיסט! ווער וועט מיך דאַרפן אין צירק מיט א קוליע?!

עס קאָן אפילע זײַן, אז דאָס האָט געהאָלפן. מע האָט אים געדלובעט דעם ביין, און א מע־דיצין־שוועסטער האָט מיט א פײַכט שטיקל מאַרליע באַנעצט זײַנע איבערגעטריקנטע ליפּן.

אַלע צען שכיינים, וואָס ליגן מיט זשאַקן אין איין פּאַלאַטע, הערן, ווי דער דאָקטער סאָלאָ־וויאָוו, דער שעף פון לאַזאַרעט, וואָס האָט אים געבראַכט א פּעקל ביכער, זאָגט:

— אין צירק וועסטו שוין ניט אַרויסטרעטן... לייען...

אין אָוונט צינדט מען ניט אָן קיין שײַן. מע ליגט אין דער פינצטער, און עס שפּינט זיך א געשפּרעך.

דער געוועזענער קאוואַלעריסט, זשאַקס שאַכן, דימע, וואָס האָט אין שלאַכט פאַרלאָרן ביידע הענט, איז אַזוי יונג, אַז זײַנע ליפּן זײַנען נאָך קינדעריש פּוכקע. דימע טוט אַ טיפן קרעכץ און פאַרציט שטיל אַ ליד:

א ווײַב וועט זיך א מאַן געפינען,
א זון — א מאַמע קיינמאָל ניט...

— דימע, — בעט זיך בא אים זשאַק, — זינג בעסער א פריילעכע ליד.

דימע לאָזט זיך לאַנג ניט בעטן. ביפראַט נאָך, אַז די ליד, וואָס ער קלײַבט זיך אויסזינגען, געפעלט אַלעמען, אפילו דער דאָקטער סאָלאָוויאָוו ברומט אַפּט אונטער די ווערטער פון דער „רויטער קאַוואַלעריע“.

די קראַנקן־שוועסטער נאַדיע ברענגט דימען א גלאָז וואַסער, שטעלט זיך אַנידער בא דער שוועל, גרייט צו הערן.

זאָל שאַלן ברייט אין ראַטנלאַנד
דער רויטער לויב!

כאַטש זשאַקן טוט ווײ דער פוס, דאָך כאַפּט ער אונטער מיט אַלעמען צוזאַמען:

מיר זײַנען העלדן מוטיקע,
און אונדזער לעבן איז איין גרויסער קאַמף.

אין פּאַלאַטע ווערט שטיל. בא דער שוועל שטייט די מעדיצין־שוועסטער ווי א צוגעשמידטע, און ס׳דאַכט זיך איר, אַז אינדערלופטן קלינגט נאָך די ליד.

זשאַקן וואָלט מען אַזוי גיך ניט אויסגעשריבן פון לאַזאַרעט, ער האָט אָבער באַקומען א ידיעה, אַז די מאַמע איז געפערלעך קראַנק, אַז זי בעט זיך ראַכמים, ער זאָל קומען כאָטש אויף א טאָג.

דער באַלעגאָלע, וואָס איז געשטאַנען לעבן זײַן בריטשקע באַם כערסאָנער וואָקזאַל, האָט געהריזשעט א שטיק מאַקוכע. דאָס פערד האָט געקוקט אויף אים מיט הונגעריקע אויגן. זשאַקן האָט זיך געוואָלט א געשריי טאָן: „זײַ א מענטש און גיב כאָטש א שטיקל מאַקוכע דעם באַ־לעכיי!“ אויף דער פראַגע, צי וועט דער באַלעגאָלע אים אָפּפירן אויף דוואַריאַנסקע, האָט יענער ניט געענטפערט. אין דער מינוט האָט דער באַלעגאָלע געקוקט אַפן רוקזאַק, וואָס איז געהאַנגען אויף זשאַקס פּלייצע. ער האָט אפילו א פּאָר מאָל א שמאַרע געטאָן מיט דער נאָז, ווי ער וואָלט גע־פּרוווט לויטן רייעך זיך אָנשטויסן, וואָס ליגט דאָרט אינעם רוקזאַק. זשאַק האָט אים א צי געטאָן פאַרן אַרבל.

— רעב ייִד, איך בין דאָך ניט קיין קאַליע און איר זײַט ניט קיין כאַסן, וואָס איר קוקט אויף מיר אַזוי. נעמט די ווישקעס אין די הענט און לאָמיר פאָרן...

ווען זשאַק איז שוין געזעסן אויף דער בריטשקע, האָט דער באַלעגאָלע זיך אויסגעדרייט צו אים און געוואָרנט:

— פאַר קיין געלט פיר איך ניט.

— פאַר וואָס דען פירט איר?

— פאַר וואָס עס זאָל ניט זײַן. קיין האָבער פאַר מײַן שקאַפע, פאַרשטיי איך, איז בא אײַך ניטאָ. אויב איר קאָנט מיר געבן א שטיקל ברויט, וועל איך אײַך זאָגן א דאַנק. איז צו וועמען פאָרט איר?

זשאַק האָט אַרויסגענומען פון רוקזאַק א לעבל ברויט. ער האָט עס צעשניטן אויף צוויי גלײַכע כאַלאַקים און איין העלפט דערלאַנגט דעם אַלטן.

— איך פאָר צו דער מאַמען. באַסשעווע נאַסן־עליעס, וואָס וווינט אין אַלינאָוועס הויז, קענט איר?

— א פראַגע, צי איך קען זי! א שטילע טויב, נאָר זי צאַנקט, נעבעך. נאַ, נעם צוריק דײַן ברויט. נעם, און מיר לאָז בעסער איבער א פּאָר צי פון דעם ציגאַר. דו ביסט מיסטאַמע דער, וואָס פלעגט שפּילן אין צירק. ווער האָט עס דיך אַזוי צעמאַזיקט? ס׳הייסט, וואָס פרעג איך, ווער? מײַנע באָנים האָבן זיך אינגאַנצן ניט אומגעקערט. וויאָ, וויאָ! קוים וואָס זי רירט זיך, די שקאַפע. נעם, באָכער, אַליין די ווישקעס אין די הענט, און איך וועל צולויפן צו דײַן מאַמען און איר אָנזאָגן די גוטע בסורע. לאָמיך כאָטש פאַרדינען א מיצווע.

ווי זשאַק האָט ניט געיאָגט די שקאַפע, האָט דער באַלעגאָלע אים פאָרט אַריבערגעיאָגט.

מיט א פאַרקלעמט האַרץ איז זשאַק געבליבן שטיין אויף דער שוועל מיט די קוליעס אונטער די פּאַכוועס. ער האָט בלויז געקאָנט אויסריידן:

— מאַמע!

באסשעווע האָט געפּרוּווט אים ענטפערן מיט א שמייכל:

— זעסט, מײַן זון, איך האָב זיך דערוואַרט אַף דיר.

— מאַמע!

— שרעק זיך ניט, דאַווידל, — האָט זי אים א גלעט געטאָן מיט די אויסגעדאַרטע פינגער, וואָס האָבן זי שוין ווייניק געפּאָלגט, — קאָן זײַן, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַן אײַנרעדעניש. לייג אַוועק אין א זײַט די מיליצעס און זיץ א ביסל לעבן מיר. דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, האָט ביז דער לעצטער מינוט דיך דערמאָנט. איך האָב מער מאַזל פון אים. — לאַנג ריידן האָט זי ניט געקענט. זי האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און פאַרגעזעצט: — קינדער, דאַווידל איז דאָך פון א ווײַטן וועג, גיט אים עפּעס עסן...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען באַסשעווען געבראַכט צו קווורע.

זשאַק האָט זיך פאַרהאַלטן אין כערסאָן. דער דאָקטער סאָלאָוויאָוו האָט אים געשריבן, אַז דימע איז שוין איצט אין כאַרקאָוו. ער וועט זיך לערנען אין א ספּעציעלער שול פאַר מילכאָמע־אינוואַלידן. ער האָט אויך מודיע געווען, אַז אים, זשאַקן, וועט דער פאָלקאַמביליד אײַנגיכן שיקן זיך לערנען.

גאַנצפרי איז זשאַק אַוועק צום מאַרק־פּלאַץ, וווּ מיט העכער פופצן יאָר צוריק איז ער צום ערשטן מאָל אין לעבן אַריבערגעטראָטן די שוועל פון צירק. פון דאָרט איז ער אַוועק צום שפּי־טאָל, וווּ ס׳איז אַמאָל געלעגן ליאָניע סמיגעלסקי. אים האָט זיך אַפילע געגלוסט אַרײַנקוקן אין דער פּאַלאַטע, וווּ זײַן כאַווער איז געלעגן, נאָר דאָס האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן. אַלע שויבן זײַנען געווען פאַרקלאַפּט מיט פאַניער.

ווען דער פּוס זאָל אים אַזוי ניט ווי טאָן, וואָלט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צום דניעפּער און פון דאָרט זיך דערקליבן צום אָלעשקאָווער וואַלד. וויאַזוי האָט עס אים אַמאָל געזאָגט ניקיפאָר? „פון א דעמב פאַלן דעמלט אַראָפּ די בלעטער, ווען עס הייבן זיך אָן דורכשלאָגן נײַע״.

ניטאָ ניקיפאָר. אין סטעפּ, ניט ווײַט פון דער וואָלגע האָט זיך צו א קורגאַן צוגעמאָסטעט א קליין בערגעלע, וווּ ס׳רוט דער רויטער קאָמאַנדיר — דער געוועזענער מאַטראָס ניקיפאָר.

דאָרט, וווּ עס איז געשטאַנען כאַים־בערס שטיבל, וווּ עס זײַנען געלעגן דער באַלעבאָסטעס בערוועניעס און ברעטער, איז צעגראָבן די ערד. דער טויבנשלאַק איז פּוסט. נאָר אָט שטייט א יינגל, און, ווי דאַווידל אַמאָל, האַלט ער אין דער האַנט א קאַשקעט מיט א צעבראָכענעם דאַשעק. אַף א נאַקעטן בוים שאַרפט א קראָ דעם שנאָבל אין א צווײַג. דאָס יינגל פאָכעט מיטן היטל און שרײַט: „הולי! הולי!״

עס איז די צײַט, ווען פייגל פאַרלאָזן די אײַנגעזעסענע ערטער און לאָזן זיך אַף דאָרעם — אַהין, וווּ עס איז וואַרעם, וווּ ס׳איז פאַראַן שפּײַז פאַר זיי. זיי פליִען אין אײַנגעשטעלטן סיידער: די גראַקן — סטײַעסווײַז, די בושלען, ווילדע גענדז — קאָסיאַקעסווײַז. שלעכט דאַרף זײַן די פייגל, וואָס פליִען אונטער די ווײַסע וואָלקנס אײנציקווײַז...

— זעסט, — באַווײַזט זשאַק דעם יינגעלע, — זיי פליִען באַטאָג, ווען עס שײַנט די זון, באַנאַכט — באַ דער שײַן פון די שטערן און אַפילע דאַן, ווען אַלץ איז אײַנגעוויקלט אין א געדיכטן נעפּל...

דאָס יינגל פאַרטראַכט זיך אַף א ווײַלע, דערנאָך פרעגט ער:

— וויאַזוי געפינען זיי דעם וועג? — ער כאַפּט א קוק אַף זשאַקס בודיאָנאָווקע. — איך האָב אויך א שטערנדל...

פון די פּריש־אויסגעקלעפּטע אַפישן האָט זשאַק זיך דערוווּסט, אַז אָקסאַנע פּעטרוסענקאָ שפּילט אין כערסאָנער טעאַטער. דעם זעלבן אָוונט האָט אָקסאַנע מיט אירע כאַווערטעס באַגלייט זשאַקן צום באַן. דאָס איז געווען אָנהייב ווינטער.

דער גרויער הימל איז געהאַנגען נידעריק, אָבער ווי נאָר עס איז אויסגעפאַלן א שניי, איז גלײַך ליכטיק געוואָרן. די שנייעלעך האָבן זיך געדרייט אין דער לופט און מיד זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די פּלויטן, אַף די גאַסן. די, וואָס האָבן ניט באַוויזן צוטוליען זיך צו עפּעס, האָט דער ווינט פונדאַסנײַ פאַרדרייט אין א קאַראַהאָד.

דער צוג האָט זיך א ריר געטאָן פון אָרט. און צוזאַמען מיט זשאַקן האָבן אַנדערע פּאַסאַ־זשירן אונטערגעכאַפּט די לעצטע ווערטער פון דער ליד, וואָס אָקסאַנע מיט אירע כאַווערטעס האָבן פאַרצויגן:

זאָל דונערן און בליצן,
זאָלן סרייפעס הוליען,
מיר זײַנען העלדן מוטיקע,
און אונדזער לעבן איז איין גרויסער קאַמף.

# לעבן

דאָס לעבן איך בענטש,
דעם טויט איך שעלט;
נאָר כ'בין דאָך אַ מענטש
און וועל אויך אַמאָל שטאַרבן,
בלײַבט מײַן גאָרטן דען הויל? —
אַנדערע וועלן פֿייגעלעך
זינגען דאָ הערן,
פֿלאַנצן דעם עפּלבוים,
מיד אָף אַ שטיין אָנשלאָפֿן ווערן,
דעריאָגן דאָס מיאַטשיקל
פֿון זוניקן טרוים.
טאָר מען ניט טראַכטן
וועגן די רעגעס גרויל.
מיר, אַז די בייזע שאָ וועט,
כאָלילע, אַ קלאַפּ טאָן
מיט אַ פֿוס אין דער טיר,
ניט שרעקן זיך איך וועל
פֿאַרן שטאַרבן —
אַ שמייכל טאָן וועל איך
צו דער וועלט
מיט פֿולן מויל,
עס אויסווישן מיטן אַרבל,
ווי נאָך אַ גוטן פֿולן
קופֿל ביר.

# זון

איך בין אַ שײַטער צי אַ ברונעם?
אויב אַ שײַטער, מוז ער ברענען,
קומט פֿון וואַלד די זון צו גיין
און וואַרפֿט אונטער שפּענער.

און אויב אַ ברונעם, קומט מײַן ליבע
און צוויי פֿולע עמער ציט,
טריפֿן טראָפּנדלעך דעריבער,
ווי די טרערן פֿון אַ ליבע־ליד.

ס'האָט די זון זיי אויסגעלײַטערט,
און זיי לויכטן, ווי בורשטינען!
איך בין אַ ברונעם צי אַ שײַטער,
וואָס דו צינדסט אין פֿעלד באַגינען —

ער זאָל לויכטן און זאָל ברענען,
מאַכן לויטער מײַן געמיט.
ס'וואַרפֿט די זון מיר אונטער שפּענער,
און מײַן ליבע וואַסער ציט.

# דער אופֿגאַנג פֿון דער לעוואָנע

שווער אַרײַנטרײַבן די געדאַנקען
וועגן אונדזער צײַט אין אַ שטאָל
און פֿאַרוקן מיט אײַזן דעם טויער,
שווער קנעטן ליים פֿאַר קיילים
אָף אײַנזײַערן פֿאַר דווירעס
טעפּ, אָנגעשטאָפּטע מיט טרויער.
בעסער לייגן אַ בריק פֿון שטיין,
ער זאָל צום גאָלדענעם ברעג דערלאַנגען.
כ'בין הײַנט אַליין,
ווי די לעוואָנע, הויך און ריין
צו דער צײַט אופֿגעגאַנגען!

# פֿילאָסאָפֿיע

שטאַרבן איז אויך אַ זאַך,
נאָר סע ווענדט זיך ווען?
איצט — ניט;

דער מאַנדלבוים בליט
און די שטערנדיקע נאַכט
פֿילט אָן דאָס האַרץ
מיט אַזויפֿיל גליק,
אַז איך טו אַ טראַכט:
ווען צום טויט
וואָלט געווען אַפֿילע אַ גאָלדענער בריק,
אײַל איך זיך ניט קיין האָר!
ס'איז מײַן זאַך.

# מײַן שטוב

מײַן שטוב אויסגעשטאַט איז מאָדערן —
נידעריק מעבל
און א סאך גלאָז;
אין פענצטער אָבער
ברענען די אַלטמאָדישע שטערן,
אזא פארדראָס!
נאָך א טאָג ארבעט א שווערן
אין וואַלד
פון מײַנע לידער
שרײַט מײַן ראַדיאָלע:
פארגאָסן מיט בלוט און מיט טרערן
אנגאָלע,
אין אפריקע
די קאָלירטע שוואַטים
מע קעפּט,
אין מילכאָמע די צווייטע פאר די הענט שלעפּט.
קיפּלינג
מיט זײַנע באַלאַדעס
ווארגט מיך ווידער:
„מאוגלי" דאָ לעבט?
מיר מאָזלען מיט ענגלענדער,
מיט קינדער־הענדלער
פון ניו־יאָרק און בריסעל:
עפּשער קען מען דיך, אפריקע,
הענגען?
מיטן אַלטן „ווינטשעסטער"
דײַנע מוטיקע זין
און טעכטער
פון „גאָלדענעם ברעג" צעשיסן?
סע ברענען
און זיך לעשן אין הימל
די אַלטמאָדישע שטערן,
מיט הייסן מידבער איך אָטעם,
אין זאַמדיקן דזשאָנגל
אָפּגעדרוקט איז מײַן טראָט.
הײַנט וועל איך ביז טאָג
שוין אנשלאָפן ניט ווערן,
עס באַשיסט מײַן ראַדיאָלע
דער זעקסטער
אמעריקאנער פלאָט.
אָ, טײַערע, ווײַטע אנגאָלע,
אָ, גאָט, מײַן גאָט!

# הײַנט איז ניט נעכטן

שאָקלט זיך מײַן הארץ, ווי א ביימעלע,
ווען די פרעסט נעמען עס שטעכן, —
גלײַך איך זיך אויס און זאָג צום ביימעלע:
לאָמיר מיט דיר זיך ניט ברעכן;
הײַנט איז ניט נעכטן,
ווען צינדן און שעכטן
געווען איז א לוסטיקע שפּיל.
בייגט זיך מײַן הארץ, ווי א ביימעלע,
זאָגט אין דער שטיל:
— מענטש איינער, הײַנט איז ניט נעכטן,
נאָר, פול מיט געפארן, לויערט
באַם פענצטער די נאכט,
רוק נעענטער צו דײַן קינדס וויגל,
מיט טויזנט אויגן — די רו באוואַך!
דײַן קינד און דײַן גאָרטן
זאָלן פריש זײַן און וואקסן,
פון שאָלעם דאָס גאָלדענע קריגל
אף דײַנע זוניקע אקסל
זאָל אייביק זיך ניט צעברעכן!
הײַנט איז ניט נעכטן.
בייגט זיך מײַן הארץ, ווי א ביימעלע,
זינגט אין דער שטיל.

# מײַן קליינע ליבע

אף די שויבן טראָפּנס רעגן,
קומסט און טוסט א קלאַפּ אין טיר,
לויף איך דיר ארויס אנטקעגן, —
מע זאָל קענען, מע זאָל מעגן,
כ'שלינג אראָפּ דיך מיטן רעגן,
קאטשע זיך אין שניי מיט דיר.
קומסט און טוסט א קלאַפּ אין טיר,
הייבט די גאנצע וועלט אָן שטראַלן,
אלץ, וואָס כ'האַלט ניט אין די הענט,
צו דער ערד סע נעמט גלײַך פאלן...

# כ׳בין אַזאַ מענטש

איך רוק זיך אָן דעם הימל
איבער די אויגן,
קער איבער דרײַ מאָל אין טאָג דאָס הארץ
אַף דער לינקער זײַט,
פּלי העכער פון יעדער פויגל,
לויף נאָך יעדער שטערן
אין דער אומענדלעכער ווײַט.
כ׳ברענג עפּל־צוויט דער לעוואָנע,
ווען איר גוירל איך טראַכט:
איך האָב אַ קאַוואָנע
אָפּטשעפּען,
ווי אַ ליידיקן וואַגאָן,
די פינצטערע נאַכט.
איך קען מיט די אויגן
אויסטרינקען דעם יאַם.
שרײַבן ליבע־לידער מיט קויל
אַף אַ צעריסענעם שטיוול,
האַלטן, ווי די שאָלעם־טויב,
אַ גרין בלעטל אין מויל,
ברענגען פון מאָסקווע
דער ווענערע אַ בריוול.
כ׳קען אַרײַנלאָזן
אַ מעסער אין הארץ
דעם טײַערן אַלטן גראַם.
איך קען אָפּבינדן די זון,
ווי אַ קעלבל פון אַ פּלויט,
און אַהיים זי קײַקלען —
אונטערשטעלן,
ווי אַמאָל אַפן שלאַכטפעלד,
אַ פּיסל דעם טויט
און פריילעך מיט די שטעקעלעך
פון שטאַרקן בוים
קלאַפּן אין פּײַקל.
שטיי׳ן שטאָלץ, ווען דער ווינט
רייצט אָן אַף מיר די בלעטער
פון אַלע האַרבסטיקע סקווערן,
שטילן מײַן דאָרשט
פון אַ ליימענעם קריגל
און מיט ליכט
פון אַ נאָרוואָס אַנטפּלעקטן
ניט פאַרצווייפלטן שטערן.
שטראָפט מיך דערפאַר ניט,
איך בעט!
איך בין אַזאַ מענטש —
ניכטערקײַט
איז ניט מײַן פאַרמעגן;
אָפּט לעבט
נאַריש און קרום אַ פּאָעט
און פאַלט קאָסע צו דער ערד,
אַזוי ווי אַ רעגן.

# אַלעקסאַנדער גובניצקי

# די „יידישע שטוב״



## ערשטער טייל

הערכער דרײַסיק יאָר, אַז דו ביסט אַ שאָפער און אַ שרײַבער: וואַנדערסט איבער שטעט און דערפער, טראַגסט אויך ערלעך און שווערלעך דעם שרײַבער־צײַלעם, זוכסט, אַמאָל אין זיקאָרן און אַמאָל באַ דעם פאָרן, אַ פּאַשעטע אויסיעלע, אַ גאָלדן וואָרט. אָפט איז דיר שווער זיך צו דערמאָנען, — טו זשע אַ פרעג, זײַ מוחל, באַם שאָכן דײַנעם, וואָס מע רופט אים בינעם „וואָלף״. יִיצכאָק־לייבוש פּערעצן קנאַקט ער אַפילע אָף אויסווייניק:

— „...און אַ הײליק פײַער האָט זיך אָנגעצונדן אין דער קאַץ, דאָס פײַער פון פינכאַס בען עלאָזאַר בען אַרן האַקויהען... און זי איז אַראָפּגעשפּרונגען אַפּן טיש, ווו די שטײַג מיטן זינג־פייגעלע איז געשטאַנען, און — עס פליִען שוין פעדערן אין צימער...

דער סאָד איז, אַז מע טאָר ניט טײַטן! אַז מע דאַרף ליב האָבן, מויכל זײַן... אַז ניט מיט אַרבע מיסעס בעסדן[1] פאַרבעסערט מען די זינדיקע וועלט!

מע דאַרף מאַכזיר־לעמוטעוו זײַן[2], מוסער זאָגן, צום האַרצן רײדן! אַ קאַנאַריק אַ באַלטשוווע קאָן קומען צו אַזאַ מאַדרייגע, צו וועלכער די פּרימסטע קאַץ וועט נישט דערגרייכן!..

מע האָט די קאַץ געשמיסן״...

איך האָב אַמאָל אָנגענומען די שמיץ פאַר ליב, בין איך מיר אַצינד אויך אַ האָן און בריקעווע אין קאָשעק... ווער עס פאַלט אָף אַ געדאַנק, ווער אָף דער נאָז, נאָר מיך האָט באַפאַלן אַזאַ מעשו־גאַס: באַשרײַבן די „יִדישע שטוב״, אין וועלכער איך לעב נעפּעש־אַכעס מיט די מענטשן. מעכע־טייסע, איך לעב ניט פון מיצוועס און מײַסים־טויווים. שטאָק־נאַכט זע איך די זינדיקע לעוואָנע, ווי זי ווערט געבוירן אין כוידעש סיוון. נעם איך אַרויס, ווי דער זיידע, פון קעשענע אַ ביסל מינץ, צו באַווײַזן איר, דער מאַלקע, אַ סימען — געלט זאָל זיך מערן...

דאָ ניט ווײַט, קעגן דער וואַנט פונעם דאָזיקן הויכן מויער, איז געשטאַנען אַמאָל מײַן קליין כורוועלע, ווו מיר האָבן געלעבט, שטודירט ביכער, געזונגען לידער.

מיר איז דעמלט געווען ראַפּטאָם איין און צוואַנציק, און געענדיקט האָט זיך עס אין דעם יון־טאָג, ווען איך בין מיט אַלע מענטשן אַוועק אין פײַער שלאָגן קאַפּאָרעס מיט היטלערן.

די מילכאָמע איז אַריבערגעלאָפן, ווי אַ זאַווערוכע. אַלע מײַנע אייגענע זײַנען דאָרט פאַר־פאַלן געגאַנגען, און די איינציקע באַ מיר זײַנען פאַרבליבן — שכיינים.

פון שטענדיק אָן פאָר איך מיר צו צו דער „יִדישער שטוב״ אַזוי ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס, כעוורעלײַט קלעפּן אַרום מײַן נײַעם „זיל״, און איך טו אַ פרעג גלאַט אַזוי זיך באַ דער בוידע־כעס איינִיקל:

— וואָס האָט איר הײַנט געלערנט, גרישעניו?

— אָף שפּיצבערגען האָט מען געפונען לאַרבער־בלעטער.

— איז עס אַ סימען, אַז דער קלימאַט, ווי אַ האַרץ, גייט אָפּ.

איך פלעג דעם באַכערעץ אַרײַנעמען אין קאַבינע און דורכפאָרן זיך מיט אים אַ ביסל — פאָרט מײַן כאַווערס קאַדעש.

---

[1] אַרבע מיסעס בעסדן — פיר מינים טויט, צו וועלכע מע פלעגט, לויטן ייִדישן רעליגיעזן געזעץ, צו־מישפּעטן פאַר שווערע פאַרברעכנס.

[2] מאַכזיר־לעמוטעוו זײַן (אַ זינדיקן) — אומקערן אַפּן גוטן וועג.

אָפּגעשטעלט די מאַשין, אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר, האָב איך געעפֿנט דאָס טירל, געוונען אים, גרישען, אַף מײַנע הענט, צוגעלייגט אים צום הארצן, ווײַל דער פֿאָטער זײַנער, ראָמאַן גריגאָריעוויטש כייפעץ, וועט זײַן באַכער שוין ניט נעמען אין די אָרעמס, אומגעקומען איז ער, ערגעץ אונטער נאַראָפֿאָמינסק, די מוטער — געשטאָרבן, דאָס קינד איז אַ יאָסעם.

נאָר די באָבע זײַנע, וואָס אַלע שכיינים רופֿן זי די בוידעכע, האָט געפֿירט אים ריין, ער איז, כאָלילע, ניט געווען הונגעריק, ניט ארומגעגאַנגען מיט צעריסענע שיך. און דאָך...

— ווער ווייסט, וואָס פֿונעם דאָזיקן פּיצווייניק וועט ארויס, — האָט פֿאַרייכערט דער „וואָלף" זײַן פּיפּקע, געטשאַדעט אזוי, אז מע האָט באַדאַרפֿט אַפּילע אין הימל עפֿענען אַ פֿאָרטקע, — זיי וואַקסן, די מאַזיקים, ווי קראָפּעווע.

אַ קינד דרייט זיך ארום, און ס׳נעמען זיך פֿון אים שיטן שפּיצלעך: ער וואַרפֿט אַ שטיינדל אין פֿענצטער, שרײַבט מיִעסע זאַכן אַף די ווענט, שלעפּט ארויס בא פֿרעמדע אַ לײדיק פֿלעשל פֿונעם קאַשעק, דערהאַרגעט דעם געשטופּלטן פּראָפֿעסאָרס ווײַס־טשובאַטע הינטל און וואַרפֿט עס ארײַן צו מיר אין קוואַו — פּיר, הייסט עס, שאָפֿער, דעם פּיגער...

און ווען עמעצן איז אײַנגעגאַנגען דעם ווײַסכעוורעניק צו באַשטראָפֿן, פֿלעגט קומען די באָבע צו לויפֿן מיט אירע געשרייען:

— וואָס הייסט, גרישע איז אַ יאָסעם!

פֿון יענעם טאָג אָן, ווען גרישע איז מיט מיר געוואָרן יאַד־אַכעס, פֿלעגט ער שטילערהייט צוגיין צו מײַן מאַשין, קוקן, ווי איך קעכל זי און רייניק.

— ס׳איז עמעס, — טוט ער בא מיר איינמאָל אַ פֿרעג, — איר זײַט געווען גוטע פֿרײַנט מיטן טאַטן?

יאָ, ס׳איז לויטער עמעס.

גרישעס פֿאָטער, ראָמאַן גריגאָריעוויטש כייפעץ, איז געווען אַ פּראָפֿעסאָר טאַקע דאָ, אין דעם הויף, וווּ איך וווין.

דעם טאַטנס צוואָע, פֿאַרשטייט מען, איז אַ קלאָרע: פֿאַר געוויס האָט ער געוואָלט, אז גרישע זאָל זײַן אַ מענטש. נאָר אָט ווײַזט זיך גאָר ארויס, אז דאָס איז ניט אזאַ גרינגע זאַך. די עמעסע בעזהאָלאָוויע האָט זיך אָנגעהויבן ערשט דעמלט, ווען דער בוידעכעס נאַכעס האָבן אָנ־געהויבן שפּראָצן וואַנצעלעך, ער גאָלט זיך שוין, טראָגט באַקענבאַרדן, לויפֿט אין קינאָ, דרייט גאַנצע טעג פּלאַסטינקעס, שפּילט אין קאָרטן...

די באָבע בלאָזט אָבער נאָך אַלץ אַף איר טאַכשיט. ווען עס דאַכט זיך איר אויס, אז אָט וועט ער לויפֿן אַף דער צעלינאַ, ברעכט זי אירע אַלטע אויסגעהאָרעוועטע הענט:

— סיביר? ווער ווייסט, צי איז דאָרט דאָס וואַסער געשמאַק? אין דער פֿרעמד, ווער וועט אים אויסוואַשן אַ העמד, צונייען אַ קנעפּל, צורעכט מאַכן אַ שוך.

— ברויט וועט ער זייען, דער יאָסעם, — צעכליפּעט זיך די בוידעכע, — גרישע האָט אַף זײַן לעבן אַ בײַוועלע ניט ארײַנגעגעסילעט, דעם קאַראַנדאַש אַליין ניט פֿאַרשניצט.

אין טאַשקענט לעבן איז פֿאַר גרישען צו הייס, דאָס וואַסער זידט אין דייזשקע פֿון דער היץ. אין סיביר ברעכן זיך די צווייַגן פֿונעם פֿראָסט, אין דער אַנטאַרקטידע — צו ווײַט...

— אין דער היים, — זאָגט די באָבע, — רוען אַפּ סײַ די הענט, סײַ די פֿיס. צו וואָס דאַרף גרישעניו לויפֿן אין דער פֿרעמד?

די בוידעכע איז געווען אַ טאָכטער פֿון אַ דאָרפֿס־ייִד, ביז הײַנטיקן טאָג גייט זי ארום מיטן אָפּגעריסענעם פֿינגער, — אַ סימען, וואָס דאָס קעלבל האָט איר איבערגעלאָזט.

אין דאָרף האָט די בוידעכע קיינמאָל קיין באַרמינען ניט געזען. מע פֿלעגט שטאַרבן שטיל, אָן קלעזמער. און ארויסגערופֿן האָט עס פֿונקט אזעלכע רייד, ווי באַם אָפּהאַקן בא אַ האָן דאָס קעפּל, באַם אָפּסמאַליען אים און דערנאָך באַם ארופֿנעמען פֿונעם קעלער אַ קריגל מילך — צו פֿאַרטרינקען.

מע האָט ניט געטרונקען די שוואַרצע ציקאָריע, ניט געזופּט שאַבעס נאָכן שלאָף די טשאָלנט־יויך, קאַלטבלוטיק האָט מען געלעבט, קאַלטערהייט געשטאָרבן.

באַצאָלט עטלעכע קאָפּעקעס דעם שאַמעס, טראָגט ער דעם מעס אוועק, אָן אַ קרעכץ — אזש ביזן גאַלעכס וועלדל.

אַ מאָדנע לעבן האָט מען געלעבט — אַ לעבן צווישן טויב־שטומע, געווען איז מען פֿאַשעטע כײַ־וועקײַעמס, טווע־הענדלער, טאַנדעטניקעס, שלימאַזאָלים, שטריקלדרייער, היצעלס, גלאַט לעקישעס. כסידים, מיסנאַגדים — פֿלעגט מען זיצן אין בעסמעדרעש, ארויסקוקן פֿון אונטער די געדיכטע ברעמען, צי גייט ניט פֿאַרבײַ עפּעס אַ נײַער מענטש, צי האָט עפּעס ניט געטראָפֿן...

און דאָ האָט געלעבט די בוידעכע, און דאָ, קאָן מען מיינען, איז זי עס געוואָרן אזאַ גע־שלײַערטע אריסטאָקראַטקע.

— הער מיך אויס, — זאָגט צו איר דער אַלטער בינעם „וואָלף“, — וואָס, מישטיינסגעזאָגט, האָט דײַן אייניקלס זיידע געזעגן בא זיך אין פּאַרוואַרפענעם דערפל: איין מאָל אין טאָג פלעגט ער קאָכן א קוליִשעקל, אַראָפּלאָזן אַפן שטריקעלע דאָס שטיקעלע פעטס, — ס'וואָרט פעטער די יויך, כאַפּט ער עס אַרויס, מע זאָל, כאַליִלע, קיין איבעריק שמאַלץ-אייגל ניט אופעסן.

בינעם צעשפּיליעט זײַן זשילעט און פאַסקנט אָפּ מיט א ניגנדל:

— ווי שטייט דאָרט אין פּאָסעק געשריבן: די נעשאָמע דאַרף אומעטום זײַן און אַלץ מיט־אַנאַנדער וויסן, בוידעכע. איז לאָז אים אָפּ, דעם כייפעצל, אַפן אוראַל, וועט ער זיך אָנשמעקן מיט טאַבאַק. וואָס איז, אונדזער שאָכן מוראַשאָוו איז פון אַנדער טייג געקנאָטן?



אין דער „יִדישער שטוב“ וווינט דער מעטאַלורג איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוו. ווי בא אונדז אין הויז פירט זיך, איז איוואַן וואַסיליעוויטש אויך א מעטופל מיט קינדער. זײַנע כעווורע — אַלע רויטינקע, געזונטע, וווקסיקע. די פענעמער אָנגעשיטע מיט קלײַען. אַן אַנדערע איז די מיזינקע, אַסקע — ווי פון ריינעם שטאָל איז זי אויסגעגאָסן.

— נו, ניוסיע, — פלעגט מוראַשאָוו פרעגן בא דער אַלטער זײַנער, — אַצינד ביסטו שוין צופרידן?

יאָ, ניוסיע האָט נאָך דער מילכאָמע געכאַלעשט האָבן א מיידל. איצט גייט שוין אַסקען דאָס אכצעטע, מע געדענקט זי דאָ, אין דער „יִדישער שטוב“, אַרומגיין מיטן סאָסקעלע אַפן האַלדז, סע פלעגט זיך טעלעבענדען, אָנזאָגן יעדן באַזונדער: דאָס קינד האָט, ניט ווייסנדיק וואָס־ווען, אויסגעטרונקען א גלאָז עסיק, איז עס א שוואַכינקס, דאָס קינד.

אָנגעזויגן זיך מיט מילך, הינערשע ייַיכלעך, עפּל־זאַפט, האָט מוראַשאָווס מיזינקע אַראָפּגע־וואָרפן פונעם האַלדז דאָס שטריקעלע מיטן קישקעלע, אָנגעטאָן א רויט ציצן קליידל, פאַרצויגן מיטן ליפּטשיק די הויכע, אָנגעשוואָלענע בריסטלעך. גרישע כייפעץ האָט דער ערשטער באַ־מערקט אַסקעס שיינקײַט, די צוויי גוטע נעשאָמע־אויגן אירע. טאַקע דאָ ליגט דער סאָד פאַר־באָרגן, וואָס ער פוצט זיך אַזוי, שטייט אָפּ גאַנצע שאָען קעגן אַסקעס טיר, וואַרט, זי זאָל אַרויס אין דרויסן.

אין דער „יִדישער שטוב“ פאַרשפּאַרט מען אויסצובאַהאַלטן, ווער אין וועמען עס איז פאַר־ליבט. הערפּאַר טאַקע הערט בינעם דער „וואָלף“ ניט אויף אײַנטײַנען מיט הער בוידעכע, אַז ווען איר אומגליק, גרישעניו, פאַלט אַרײַן אין די הענט צו מוראַשאָוון, אַרבעט אָפּ מיט אים א פּאָר יאָר, כאַפּט דעם סמיק, וויאַזוי צו מאַכן שטאָלענע פּאַרמעס, — ווען סע געשעט מיט גרישען אַזא זאַך, וואָלט ער אָן סאָפּעק געוואָרן א מענטש. „אַז ער וועט זיך אָנמאָרדעווען באַם שמעלצן שטאָל, — טײַנעט דער „וואָלף“, — וועלן אים ניט קריכן אין קאָפּ אַרײַן קיין פּוסטע כאַלוימעס...“

בינעם זאָגט, אַז דער גאַראַזש, וווהין מע שאַדכנט איצט גרישען, איז ניט יענער געוווּנטשע־נער קאַנטשיק, וואָס גלײַכט אויס די ביינער. מענטשן זעען דען ניט, אַז שכיינים פּראָפעסאָרן נעמען אַראָפּ די שליאַפּע, באַגעגענענדיק איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוון. מיינט טאַקע בינעם, אַז מאַכן „האַמויצע“ איבערן באַכערל דאַרף נאָר מוראַשאָוו. מיט אים וועט גרישעניו פאַרדינען כאַסענע־געלט. שטאָל שמעלצט מען בישכיינעס מיטן אינסטיטוט־הויף. דאָרט דרייען זיך אַרום סטודענטן, די לופט אַליין טרײַבט צום לערנען זיך — גרישע דאַרף אַרבעטן און לערנען. „ביסט דאָך א קלוגע יִדענע, — זאָגט דער „וואָלף“ צו דער בוידעכע: — עסן קען ער, נאָר דעם אַלעפּ־בייס — ניט. שטומפּיק איז ער אין דער איווּרע...“

— שאָפּערײַ פאַר גרישען, — כאַזערט איבער בינעם — איז אַלציינס, ווי גראָבן א קרע־נעצע דאָרט, ווו סע איז קיין וואַסער ניטאָ.

דער אַלטער בינעם לעבט שוין לאַנג, קיינער ווייסט ניט, וויפל עס איז אים יאָר, דעם זאָקן מיטן באַוואַקסענעם פּאָנעם פון א וואָלף, מיט די אויגן, וואָס שטעלן זיך מיטאַמאָל אָפּ און קוקן אַזוי, אַז אומעגלעך איז אויסהאַלטן דעם קוק, — באַנאַכט לײַכטן אָט די אויגן, ווי דער גלי־וואָרעם...

די שכיינע מעג זיך פאַרלאָזן אָף רעב בינעמען, ער וועט מאָרגן מיט מוראַשאָוון איבעררײדן, רעבע־געלט נעמט ניט איוואַן וואַסיליעוויטש דערפאַר.

— צי ווייסט די בוידעכע, — שטייט שוין בינעם בא דער טיר, — אַז איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוו האָט אפילע דעם פלען אַרויסגעשטעלט א צונג. איינמאָל קומט צו זיי אין לאַגער — ווער מיינט די שכיינע? — א מענטש פון וולאַסאָוון, דעם טרייפענעם גענעראַל, וואָס האָט גאַנצע צוויי אַרמייען פאַרפירט אין פּסקאָווער בלאָטעס, אַראָפּגעפירט פון גלײַכן וועג יענע, ווער עס איז, ווי בלינדע קעצלעך, געגאַנגען נאָכן יאַלעם זײַנעם...

אריַין אין וואנע, לאָזט אָפּ דעם קראַן קאַלטן וואסער און שטעלט אונטער דעם צעהיצטן קאָפּ. עס ווערט אים א ביסל גרינגער, ניט צו כאַלעשן. באטראכט ער די מייַכאָלים, וואס שטייען אין אייַז־וואסער — דאשע גרייט זיך אופנעמען געסט, ניט אומזיסט ליגן פרישע אוגערקעס, פּאָמי־דאָרן, פיש.

בעשאס גרישע קערט זיך אום אין קיך מיט צעשפּרייטע הענט, מע זאָל אים געבן א האנטעך, שטייט שוין דאשע פאר אים אויסגעפּוצט אין א נייַ קלייד, צוגעקעמט די האָר, אירע פארבענקטע אויגן קוקן פארליבט אפן געזונטן סטאַלעוואר: אָט אזא ווייַבל, גרישע, הייסט עס, וואָלסטו באַ־דארפט, ניט אסקען...

דערנאָך שטעלט זי אפן קיך־טישעלע א פלעשל וויַין, צובייַסעכץ, זאָגט פארשייַט:

— נו, אָפּגעשמיסענער כאַסן, לאָמיר אויסטרינקען — דו ביסט אַן אַלמען, איך אַן אַלמאָנע... אויסגעטרונקען, פארביסן, לאָזט דאשע, גרישע זאָל זי א קוש טאָן, און באגלייט אים ארויס:

— אריַינקומען פון צייַט צו צייַט — מעכעטייסע, נאָר ניט כאַסענע האָבן, דאָס ניט.



אָפּגעזעסן א נאכט אין דער קיך אפן פערטן שטאָק, האָט גרישע פארשטאנען: דאשעס נע־שאָמע איז ניט פון קלאָטשע. און נאָך האָט ער ארויסגעטראָגן פון אָט דער קיך: טוט זי א קוש, דאשע, אין די ליפּן, ווערט אים זיס אין מויל, פון דאשען שמעקט מיט פרישע גראָזן. די זון האָט זיך איר טאָג, די לעוואָנע — איר נאכט, דעם הימלס שפּיגל איז דער יאַם, דעם מענטשנס שפּיגל — די אויגן. דאשעס אויגן, אזעלכע ליכטיקע, שלינגען אים אייַן, דעם אָפּגעשמיסענעם כאַסן. גיי דערצייל דער באָבען, אז דאשעס ווייַסע פינגער און אירע ליכטיקע אויגן פאר־שאפן גליק...

בינעם ווייסט שוין מינאסטאם, אז גרישע איז שאבעס באנאכט געווען בא דאשען אין קיך, ווייסט שוין אויך די בוידעכע, דער דאָקטער פרידמאַן, די גאנצע „יידישע שטוב".

„היילן אים, דעם באָכער, קאָן נאָר אזא מילך־פליישיק ווייַבל, ווי דאשע", — אזוי טראכט פרידמאַן, ווען ער קוקט ארויס פונעם פענצטער, הערט זיך צו, ווי דאָס צוויטשערל שפּילט שוין פאר זיך אליין דעם פארטאָגיקן ניגן, דער אלטער פּארקן איז פארוואקסן, אָנגעשטאָפּט זייַנען די שטאכעטן מיט געדיכטע בלעטער.

רעב בינעם שושקעט זיך אָפּ די טרעפּ מיט גרישעס באָבע...

נו, און וואָס טוט א שאָפער קאיאָר, ווער וועקט עס אים אוף, ווער איז גאנצפרי באַלעבאָס אין שטאָט?

מייַן זאך איז אונטערציִען די מאַטערקעס, צושרויפן דעם טראנזיטנע נומער צום סאַמאָסוואל, אריַינזעצן זיך אין קאבינע, ווייַטער פאָרן איבער שטעט און דערפער — אויסצוזוכן שטאָף. און אויב, ניט פאר אונדזער צייַט געדאכט זאָל זייַן, עס איז אָפּ דער וועלט גאָר א מאנגל אין שרייַ־בערישע געשיכטעס, איז אָט שטייט פאר מייַנע אויגן אזא געזונטער נייַנשטאָקיקער ביניען, פון וועלכן מע קאָן שלעפּן שטאָף פאר ניט איין לעבנס־ראָמאַן...

דערווייַל, פאַרנדיק, טראכט איך מיר: ציגל ברענט מען, אויך גלאָז קומט ארויס דורך א פלאַם, פייַער טרייַבט צו די שטערן קאָסמישע שיפן. אויך דו, מייַן ווייַסכעווורעניק, גרישע, וועסט זיך דורכטראָגן דורך ליבע־פלאַמען...



שכיינים היטן אסקען. מע זיצט מיט איר אָפּ דער באנק. בינעם דערציילט איר מייַסעס. קומט די בוידעכע, פארהעדט איר די ציין, זי זאָל אזוי ניט פילן די ווייטעקן.

— מע האָט מיך שוין א פּאָר מאָל פּראָסוועטשעוועט, — מאכט פריילעך די בוידעכע, — א קאָמיקער איז ער, אונדזער דאָקטער, ער הייסט מיר, זיי מויכל, אייַנציִען דעם בויך...

בינעמען שטאַרבט אָפּ אַן אייוועער, ווען ער דערזעט, אז לעבן אסקען זעצט זיך צו די בוי־דעכע. ווי נאָר ער דערהערט איר קאָל, הייבט זיך אים אָן אזש טרייסלען דער קאָפּ, כאָטש ריידן רעדט זי צו דער זאך — וועגן ווינדעלעך, וועגן שנייַדערייַ: „שטופּ איך ארייַן, אסינקע, די נאָז אין געניי, זע איך קיין מענטשן ניט..."

צו וואָס ציילט זי, די בוידעכע, אָפּ די פינגער: טאַמעז, אָוו, עלעל, טישרע, כעשוון, — איר אייסעק, ווען אסקע וועט ראָדיען און וואס נאָך דעם וועט זייַן!

קעדיי פארשלאָגן איר די רייד, געפינט בינעם, אז ס'וועט גלייַכער זייַן געבן אסיען צו וויסן, אז עס איז שוין דאָ א נייַער מעטאָד צו ראָדיען:

— מע גיט דיר אין שפּיטאָל אָן עמער וואַסער, קאָרידאָרן דאָרט גרויסע, וואַשסטו די פּאָלן אַזוי לאַנג, ביז דאָס קינד קומט אויף דער וועלט...

מיטאַמאָל ווערט אַסקען שלעכט, זי נעמט זיך וואָרפן פון וויטעק, און די גאַנצע „ייִדישע שטוב" הייבט אָן שרײַען, ווי אויף די צייך. באַלד קומט דער סאָלדאַט, נעמט אַסקען אויף די הענט, טראָגט זי אַרויף אויפן דריטן שטאָק, ווײַל איר דערלאַנגען אַ לעפעלע אײַנגעמאַכטס, נאָר די ווײַבער יאָווען זיך און, לאַכנדיק אין די קולעקעס, טרײַבט מען אים אַרויס.

פּאַרנאַכט שלאָפט דער וואַלד, עס וויקלען זיך צונויף די פרישע קוויטן, אַגרעסן ווײַסן זיך ביז אינדערפרי די בעקעלעך, — סע קומט דאָרט פּאָר אַ לעבן. און דאָ, אין דער „ייִדישער שטוב", גייט אַסיע צו קינד, — אַ מענטש ווערט געבוירן.



— נאָך איין קינד געבוירן! — פרייט זיך בינעם, אָנזאָגנדיק די בשורה יעדן שאָכן באַזונדער. אַרויסגעלאָפן פון שטוב, טוט ער פאַרייניוועגס אַ קניפּ די בוידעכע.

— ביסט אַיוווערבאַטל, בינעם, — זאָגט אים די אַלטע, — ווען וועלן דיר אופהערן קריכן אין קאָפּ אַרײַן טרייפע זאַכן...

— סע מאַכט ניט אויס, — נעמט בינעם אַרויס דאָס פלעשעלע מיטן „הירש", — קוקסט אָן אָט דעם רעצעפּט זשען־שען, טויג ער אַפילו צום רעוומאַטיזם...

— מיילע, — ווערט די בוידעכע שוין שטילער, — אַז דער דאָקטער פרידמאַן מאַכט זיך מעשוגע, שלינגט פּראָשקעס, פאַרשטייט מען נאָך דעם סייכל — צוליב זײַן יונגער ציגײַנערטע... אָבער דו, אויסגעוויקטער אָקס, אַ כוואָראַבע אויף דיר...

בינעמען פאַרדריסט ניט, לעמײַ דער דאָקטער פרידמאַן שרײַבט אויס דער בוידעכע וואָך־באַ־וואָך זיבעצן רעפּועס. מוירע האָט ער, דער „וואָלף", פאַר דער אַכצעטער...

גרישעס קאָפּ הערט זיך פון די טרעפּ, ער איז מאָלע־געדולע.

— ווײַזט אויס, אַז דאַשע האָט אים הײַנט צוגעלאָזט צו דעם געקעכטס אין איר קיך... — צעלאַכט זיך דער „וואָלף"...

נאָר גרישע כייפּעץ פאַרקערעוועט צו אַסקען, ער טראָגט דעם קינד אַ גלעקעלע. ווערט די בוידעכע מאָלע־רעציכע:

— אַ באָכער גייט ניט צו קיין קימפּעטאָרן!

נאָר בינעם קילט איר אָפּ דאָס האַרץ, ער זאָגט מיט זײַנס אַ שטעכווערטל:

— מיסטאַמע גייט דײַן אייניקל נעמען קוואַטערשאַפט...

אָפּגעזאָגט עס, טוט ער אַ קוק אויפן נײַנשטאָקיקן מויער פון דער זײַט. די „ייִדישע שטוב" בלײַבט אַ „ייִדישע שטוב", אַ מין וואָקזאַל: לעמפּ לעשן זיך ניט, מע שלאָפט באַ דער שײַן, עפּשער וועלן קומען קינדער פון דער ווײַט... גלעזערנע טירן, גלעזערנע פענצטער, מע הערט און מע זעט יעדן איינעם באַזונדער: שײַן באַ דער סטעליע, שײַן קריכט פון די ווענט, אַזויפיל באַטאַגיקע לעמפּ, מאַמעש אַ מאָסקווער וואָקזאַל.

אַזוי, צוביסלעך, קומט בינעם דער „וואָלף" אין צעך אַרײַן, קעדיי אויך אַהער ברענגען די נײַס וועגן קינד, וואָס איז ערשט־אָ געבוירן געוואָרן.

אין צעך טוט בינעמען אַ שלאָג אין פּאָנעם דער טומל. פּאָנעם־על־פּאָנעם שטייען קראַנען, עס גריגלען קייטן, מע דאַרף פאַרמאָגן געלעכערטע אויערן, קעדיי דערהערן עמעצנס אַ באַגער. די מאַכינע, וואָס ליגט דאָ אויף גרישעס פּלייצעס, קאָן, דוכט זיך, צוקוועטשן צו דער ערד אַ העלפאַנד.

— דערפאַר, — זאָגט בינעם, שטייענדיק באַ דער טיר, — לערנט די מעדיצין: אַרבעטן זאָלסטו זיצנדיק, רוען — שטייענדיק...

מיט פאַריסענע פליגל שטייען די קראַנען, בעטן זיך אין הימל אַרײַן.

דאַשע, די מאַמזערעס, זיצט זיך אויפן בוידעמל און קוקט פאַר איין מאָל אין אַלע דרײַ אויס־געשלאָגענע פענצטערלעך, ווי אומיסטן — גרישע זאָל זען אירע אַשיקע אויגן.

נאָר גרישע איז הײַנט אויף דער סמענע ניטאָ, דער אַלטער בינעם האָט אים איבערגעלאָזט אין דער „ייִדישער שטוב". אײַן זאַך איז ניט קלאָר: צי גרישע אַליין איז דער כוילע, צי אַרום אַ כוילע גייט ער אַרום? אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר אַ ביולעטען פאַר אַ קראַנקן האָט ער...

סאָף סמענע. דאַשע, גאָר ניט צו דערקענען, פונקט ווי זי וואָלט ניט געאַרבעט, אַזוי פריש און אופגעלייגט איז זי, — גייט אַרויס פון צעך און טוט דערבײַ אַ קרומען קוק אויף בינעמען. דאָס דאַרף הייסן: זאָרג זיך ניט, אַלטער, ס׳וועט זײַן ווי באַ לײַטן...

זודיקע וואַסער רינט פֿון די קראַנען, סטאַליעוואַרן וואַשן זיך אַרום. באַם סאַמע אַרויסגאַנג פֿון צעך שטייט דאָס וועגעלע מיט גרייט־אויסגעגאָסענע טשוהונענע „באַבעס“. קיינער ווייסט ניט, צי דאָס וועלן זײַן פּיסלעך צום אַעראָפּלאַן אָדער זילבערנע נעז צום ספּוטניק.



פֿאַרצויגן די גרויסע פֿאַרהאַנגען אַף די פֿענצטער, שטייט זיך די „ייִדישע שטוב“ באַשיידן קעגן דער פּאַנפּילאָוו־גאַס. די סענטיאַבער־זון טוט אַ שײַן מיט אירע לעצטע קויכעס, איז עס שוין געגנוג פֿאַרן האַרצן, — מישטיינסגעזאָגט, וואָס נאָך באַדאַרף דער אַלטער „וואָלף“, אויב ניט אַ ביסעלע שפּאַצירן?

איינער אַליין גייט בינעם צוריק צום שליאַך אין דער ברייט און שאַרט זיך אַרײַן אין וואַלד, דעם פֿרישן אָסיען־טאָג צו באַטראַכטן. אַ קליין ווינטל טוט אַן אָזוינס, וואָס זומער־צײַט וואָלט ניט געוועןבעקויעך צו אָפּטאָן אַ גרויסער שטורעם: פֿון צעצווײַגטע קרוינען פֿאַלן אָפּ די בלעטער, ווי אַרויסגעצופּטע פֿעדערן פֿון אַ גאַנדז.

אין הימל הודען אַעראָפּלאַנען, טוען זיך זייער שטיקל אַרבעט. פֿייגעלעך פּאַקוועוען זיך אין וועג אַרײַן, צײַט שוין פֿליִען אין אַנדערע מעקוימעס.

בינעם שפּאַצירט איבער די אַלייעס, ער כאַפּט זיך ניט, ער האָט נאָך צײַט, סע ברענט ניט, מע דאַרף נאָך דערלעבן מאָשיִעכס צײַטן.

די זון באַהאַלט זיך אויס הינטער די כמאַרעס, זי האָט, ווײַזט אויס, מוירע, אַז, אַן אויסגעקילטע פֿונעם האַרבסט־טאָג, זאָל זי, כאָלילע, ניט אַ פֿראַל טאָן צו דער ערד.

בינעם זעצט זיך אַף אַן אומגעוואַלגערטן שטיין. שטיל איז הײַנט אין פּאַוולאָווער וואַלד, ערגעץ נאָר ברעכט זיך אַ צווײַגל:

— האַ, — טוט דער „וואָלף“ זיך אַ זשאַכע, — ניין ניין, ניט מײַן צווײַגל, יענעמס בוים מיט דער בראָדעוועקע...

— ביימער רעדן זיך דורך, — שמייכלט בינעם צו זיך אַליין, — איז רעדט העכער, נאָראָנים, סײַווי פֿאַרשטיי איך ניט אײַער לאָשן...

אַ פֿאַרפֿאַלק שווימט אַרויס פֿון די קוסטעס פֿאַרוויטלט...

— אייסעך, — גלאַנצן בינעמס וועלפֿישע אויגן, — שעמט זיך ניט, באַ מיר זײַנען שוין אויסגעקילט אַלע אייוורים...

גאַנצע זשמוטן געלע בלעטער הענגען, ווי אַפּצולאָכעס, פֿאַר בינעמס אויגן. ניין, ער וועט בעסער גיין צו זײַנע באַליבטע רויטביימער, פֿון זיי פֿאַלן כאָטש ניט די געלע בלעטער, וואָס שפּילן אַף דעם „וואָלפֿס“ אַלטע נערוון.

שפּעטער אַ ביסעלע, צעראַשט פֿון דער בייזער פֿליג, גייט ער, בינעם, אויסטרינקען אַ גלעזל ביר און עפּשער טאַקע אַ קעלישעקל „ציגאַנדאַלי“.

און איידער ער פֿאַרלאָזט דעם וואַלד, גייט ער צו פֿאַרשײַט, ווי אַ ייִנגל, צו דער רער פֿון דער וואַסערלייטונג, וואָס סטאַרטשעט אַרויס באַ די סאַמע ערשטע ביימער, דרייט אוף דאָס קרענטל און שווענקט זיך אויס דאָס מויל, גלײַך ער וואָלט ערשט אופּגעגעסן עפּעס טרייפֿס...



פֿאַר אַ מײַל שמעקט פֿון דער „ייִדישער שטוב“ מיט כאַסענע: פֿיש קאָכן זיך, עס פֿריִעט די טשאָלנט־יויך, קאַטשקעס שלאָגן אין דער נאָז מיט געפּרעגלטס, כאָלאָדעץ איז פֿאַרפֿראַוועט מיט קנאָבל. די בוידעכע האַקט דאָס הינער־דרויב. ווער ווייסט, וואָס נאָך פֿאַר אַ מײַכל זי פֿאַרטראַכט...

בינעם גייט אַרום פֿון טיר צו טיר, זאָגט אָן די בסורע:

— דער בוידעכעס מעכוטאָנים שטאַמען פֿון אָריאָל, גאָלדענע הענט געוועזן באַם שווער, ער האָט זיך ניט פֿאַרנומען מיט מאַכן ציצעס צו טאַלעס־קאַטנס...

— בינעם, — וואָרנט אים די בוידעכע, — פֿאַרשטער מיר ניט די סימכע.

גרישע מײַסטרעוועט אַ לאַנגן טיש מיט בענק באַ די ווענט. געוואָלט האָט מען לעכאַטכילע מאַכן די כאַסענע אין רעסטאָראַן „פּעקין“, נאָר די בוידעכע האָט זיך אײַנגעאַקשנט: ניין, אַף צעןקאַפּאָרעס דאַרף זי „פּעקין“ — ניט אַהער, ניט אַהין. גלײַכער איז אַרויסטראָגן ביידע בעטן און צוגרייטן די כאַסענע אַפֿן אַלטן אויפֿן. אין דער היים קאָן מען מאַכן אַ זיסע פּעציאַ מיט אַן עסיקפֿלייש, אָנפּעפּערן די פֿיש, באַקן שטרודל, קאָרענעם לעקעך, קומישברויט, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן.

פיר וואָכן האָט מען געשאָבן די ווענט, געפּאַרבט דעם דיל מיט די טירן, געטרייסלט דאָס בעטגעוואַנט, געוואַשן און געפּרעסט. די גאַנצע „יִידישע שטוב" איז געגאַנגען כאַדאָראָם: גרישע כייפּעץ האָט כאַסענע!

גאַנצע נעכט האָט מען געכקירעט, עס זאָל זײַן קלענער דער אוילעם, גרעסער די סימכע. נאָר וויפל מע האָט ניט געמעקט, קומט אויס דער כעזשבן: העכער הונדערט מעכוטאָנים.

גרישעס בריגאַדע, קיין אײַנהאַרע, פּערציק פּיקערס, דאַשעס — פינף און צוואַנציק. הײַנט איוואַן וואַסיליעוויטש מיט זײַנע קרויווים, בינעמען מוז מען רופן, דעם דאָקטער פרידמאַן מיט זײַן ציגײַנערן, אַ צענדליק פּראָפעסאָרן פון דער „שטוב".

האַקלאַל, ס'וועט סטײַען אוילעם...

גרישע האָט פײַנט אָפּקומען. פּראַוועט ער אָפן הויכן שניט. מאַשינעס פאָרן אָפּ און אויף. אָט האָבן די שטאָלגיסער געכאַפּט פרישע פיש — אַ גאַנץ וויגל. געגנדז מיט קאַטשקעס, הינער און אייער זײַנען געקומען פון אַריאָל. קעסטלעך ווײַן, אַ פּעסעלע קוואַס — פונעם גאַסטראָנאָם, וואָס שטייט לעם דער „יִידישער שטוב".

שאַבעס איז די כאַסענע, וועט מען פרײַטיק פירן דעם כאָסן אין באָד אַרײַן. איוואַן וואַסיליעוויטש מוראַשאָוו מוז אים, גרישען, אָפּשמײַסן אַ פּלייצע, אויסטרינקען מיט אים אַ טוץ ביר נאָך איידער דער סימכע. דאָס זעלבע וויל אָבער אויך בינעם דער „וואָלף". ריידן זיך צוויי אַלטע לײַט צונויף, אַז גיין וועט מען אינדרײַען.

דער „וואָלף" לערנט הערוויַל גרישען סייכל:

— צוליב דעם זײַנען מיר געבוירן געוואָרן, מיר זאָלן ציילן די יאָרן, ווי די טרעפּ... ניט אומזיסט לייגט די מאַמע אַ שלאָף־עפּעלע צוקאָפּנס דעם קינד, זאָל עס זיך אויסשלאָפן... וואַקסט מען אויס, מוזטו, גרישע, ווי דער טאַטע דײַנער, קענען אַרײַנקלאַפּן אַ צוואַק, אַליין אויסשטעלן אַ כאַסענע, פאַרמאָגן אַ קערבל אין קעשענע, בעיאַד האָבן פאַר אַלץ צו באַצאָלן, ניטאָ הײַנט קיין פּראָצענטניק...

בינעם גייט זיך דורך שפּאַצירן, ווײַל נאָך דער באָד וועט ער אַרײַנקריכן גלײַך אין בעט אַרײַן.

אָנגעבראַקנעט זײַנען מיט נאַסקײַט די צווײַגן, שווערער געוואָרן צו טראָגן דעם אַל אָף זיך. די שטראַלן פון דער זון לייגן זיך אָפן וואַלד, מאַכן אים ליכטיק־גליקלעך, קושן זיך מיט די סאָסנעס, ניט אַנדערש, מע געזעגנט זיך אָפן גאַנצן ווינטער.

צווײַגן הענגען שוין, ווי קרומע שירעמס, בלעטער פאַרשטעלן מער ניט דיביימערס ווונדן. איצט זײַנען שוין די בלעטער אַראָפּגעשמיסענע, ס'איז אָבער צו זען, אַז געווען זײַנען זיי שיינע, לאַנגפּיסיקע, ברייטביינערדיקע.

נאָדעלעך ליגן שטומפּיק־צעטראָטענע, ערשט ניט לאַנג האָבן זיי באַשיינט דעם בוים.

די האַרבסטיקע זון, ווי אַן אַלטער בריליאַנט, מאַכט איידעלער דער סאָסנעס פּאַרסמאַליעט פּאָנעם. די וואָרצלען פונעם בוים ליגן אָפן סטעזשקעלע, ווי בלויע אָדערן אָף בינעמס פּוס.

דער הימל האַלט פּאַסאָן: די זון צעטרײַבט די כמאַרעס, פאַרפּוצט די הייך אין בלויע זומער־קאָלירן. עס הייסט — שפּיגל זיך, מענטש!

מאָרגן, מירצעשעם, וועט בינעם זײַן אַ מעכוטן. שווער איז אים אָנגעקומען כאַסענע צו מאַכן גרישע כייפּעצן...



די בוידעכע געדענקט, אַז באַ איר האָט מען געשטעלט די כופּע לעבן דער קלויז, פיר שטעקנס, צוויי קלעזמער. דער ראָוו און דער שויכעט, דער גאַבע מיטן שאַמעס. דער כאָסן שטייט אָף די שפּיץ פינגער. ס'ווינט דער קאַלעס מאַמע, ווישט מיט דער אַלטער שאַל די אויגן. סע מאַראַקעט אַ רעגן, עס קאַפּעט אין קאַלנער אַרײַן. און דאָ דאַרף מען שוין זאָגן דעם „האַריי אַט", קושן די פּרעמדע צוויי ליפּן — אינגאַנצן איין מאָל האָט די קאַלע ביז דער כאַסענע געזען דעם כאָסן...

הײַנט, שאַבעס, פאָרן גרישע און דאַשע אין „זאַגס" זיך פאַרשרײַבן.

גרישע גייט אָנגעטאָן אין שוואַרצן גאַרניטער, אָנעם היטל, האַרגע אים, וויל ער ניט נעמען די שליאַפּע, כאָטש אין דרויסן בלאָזט שוין דאָס סענטיאַבער־ווינטל.

אין איין אויטאָמאָביל זיצט כאָסנס־צאַד, אין דעם צווייטן — קאַלעס־צאַד. קווייטן, קווייטן — באַם אַרײַנגאַנג, באַם אַרויסגאַנג.

באַ איין טישל באַשטעלט איוואַן וואַסיליעוויטש שאַמפּאַניער ווײַן מיט קאָנפעטן, באַם צווייטן שרײַבט מען שוין דאָס קוויטל, אַלץ ווי באַ לײַטן.

גרישע כייפעץ, מענטשן קוקן אף דיר, ביסט שיין און געזונט, בא דאשען גלאַנצן די אויגן, זי איז גליקלעך, זי איז פאַרליבט. נאָך א מינוט, איז זי שוין דער בוידעכעס שנור, גרישע כיי־פּעצעס ווײַב — אף אייביקע יאָרן!

דאָ מאַכט מען איינס און צוויי:

— בײַט זיך מיט די פינגערלעך! צעקושט זיך...

דאַשען קומט אָן שווער אַרופצוציִען אף גרישעס גראָבן פינגער דעם רונג, דערפאַר טוט ער איר גרינג אָן איר רינגעלע. שײַנען נאָך גליקלעכער בא דאַשען די אויגן.

דערנאָך טרינקט מען צו באַקאַלן שאַמפּאַניער. איוואַן וואַסיליעוויטש זאָגט א פּאָר ווערטער, נאָר מע באַוויַיזט זיי נאָך ניט דערהערן, ווי עס שאַרט זיך צו בינעם און נעמט די ווערטער איבערזעצן אף יידיש. אף זײַן לאַשן הייסט עס איבערזעצן, נאָר זאָגן זאָגט ער גאָר עפּעס אַנדערש:

— זאָלסט וויסן זײַן, גרישעניו, אז מיט זײַן מויל רעדט אסקע... זי איז צופרידן פון דיר, האָסט געטאָן גוט...



צוביסלעך ווערט די ערד קילער, קילער, דאָס גרילכל גרילט שטילער, שטילער...

ווערט קעלטער אין דרויסן, האַלטן זיך פייגעלעך איניינעם — אין די וואַרעמע לענדער פליט דאָס פּטאַשקעלע ניט אַליין, נאָר סטײַעסווײַז.

בינעם דער „וואָלף" זיצט בא דער בוידעכע, טרינקט א גלעזל טיי, צו דערוואַרעמען די נע־שאָמע, און בעשאַס די אַלטע פלאַפלערן פּלאַפּלט עפּעס, קוקט ער אַרויס אין פענצטער און דער קוק זײַנער דערגרייכט אַזש ביז צום פּאָוואָלאָוווער וואַלד. פאַרבליבענע גרינע בלעטער אף די ביימער וואַרטן אף זייער גורל, דער האַרבסט איז פאַר זיי נאָך ערגעץ אין וועג. קומט אָבער אָן יענץ אָסיען־ווינטל, וואַלגערן זיך שוין אויך יענע בלעטער אף דער ערד.

לעם דער „יידישער שטוב" בויט מען נאָך א שטוב. שטיינער וואַרעמען זיך אָן פאַרן טאָג. באַנאַכט אָבער, ווי מענטשישע הערצער, קילן זיי זיך אויס.



מיין ניט, טײַערער לייענער, אז מיט דעם פאַרענדיקן מיר דאָס סייפערל. ניין, מיר הייבן עס ערשט אָן.

וויאַזוי לעבן דאָרטן ווײַטער די קאָמבינאַטאָרן קעגן דער „יידישער שטוב"? און צי זײַנען זיי קלאָל נאָך דאָ אף דער וועלט?

און וואָס פאַר א נײַע שטוב בויט מען דאָ? ווער וועט דאָרט לעבן? וויאַזוי וועלן זיי זיך בא־גיין איינע מיט דער צווייטער: „די יידישע" און זי, „די נײַע"?

און דאָ, אין דער „יידישער שטוב" — צי וועט אסקע ליב האָבן דאַשען, וויאַזוי וועט גרישע קוקן אף אסקעס מאַן, דעם סאָלדאַט?

און מאַלע־וואָס פאַרא פראַגעס עס קאָנען נאָך אופקומען, ווען די וועלט איז א וועלט און די ערד דרייט זיך...

געלע בלעטער שלאָגן זיך דערוויַיל מיטן אָסיען־ווינט און פאַלן, נעבעך, פאַלן, ווי אָפּגע־פּליקטע פעדערן.

זשומען זיי, די בלעטער, בא מײַן פענצטער, זאָגן אָן דעם אוילעם:

„פּאַרקאַטשעט, זײַט מויכל, די אַרבל, כאַפּט גיכער אַראָפּ פון די אַרומיקע פעלדער דאָס האָב־און־גוטס, ווײַל די זון שענקט נאָך איצט געַנוג וואַרעמקײַט".



# אַף דער עלטער

באַנאַכט, ווען מע זעט ניט קיין פונק אין די שטיבער,
ווענן זיי, ווענן די קווייטן טראַכט איך איבער.

און טויזנט מאָל צום פענצטער לויף איך צו
און געפין זיך אַף דער עלטער ניט קיין רו.

מוירע כ׳האָב, אַז עמעצער, בעקיוון,
וועט צעטרעטן זיי אין גאָרטן מיט די שטיוול.

און עפשער מיט אַ זידלוואָרט
וועט אַן אויסוואורף זיי דערשרעקן דאָרט.

וועלן זיי דאָס קוועקזילבער צעשיטן,
וועלן זיי דאָס קרייַטעכץ ניט פאַרהיטן.

דעם זיסן טאַם, די צאַרטע פאַרבן,
און, ניט פאַר אונדז געדאַכט, כאָלילע שטאַרבן.

קאָן זיך טרעפן, אַז דער טאָג, וואָס דאַרף ערשט קומען,
וועט שיקן מיר אַ קוויטעלע און מאָנען זייַנע בלומען, —

וואָס זאָל איך אים דעמלט זאָגן,
דעם קומענדיקן טאָג, דעם ליכטיקן פרימאָרגן?

כ׳האָב שלעכט געהיט? פאַרשפּילט אין קאָרטן?
פאַרשיקערט זיי, די קווייטן פונעם גאָרטן?

באַנאַכט, ווען מע זעט ניט קיין פונק אין די שטיבער,
ווענן זיי, ווענן די קווייטן, טראַכט איך איבער.

און טויזנט מאָל צום פענצטער לויף איך צו
און געפין זיך אַף דער עלטער ניט קיין רו.

# אַ לידעלע

וואָלט איך, מייַן אויצער,
געפאָרן צו דיר, —
וואַקסן אין וואַלד נאָך
די רעדער די פיר.

וואָלט איך געמאַכט זיך
אַ שיפל אַ טרוים, —
האָב איך געשווירן
ניט האַקן דעם בוים.

וואָלט איך געפלויגן
צו דיר, ווי אַ פייַל, —
האָב איך אײן־אײנציקן
פליגל דערווייַל.

נאָר פילן איך פיל שוין,
דאַכט זיך מיר, קלאָר —
עס וואַקסט אַף מייַן פּלייצע
צום פליגל די פאָר.

# מיזל־מייַזל

צי עמעס, צי ניין —
קאָן איך ניט שווערן.
נאָר מיר האָט דערציילט
אַן אַלטער לאַמטערן:

רעב מיזעלע־מייַזל
פאַרמאָגט האָט אין קעשענע
עפשער אַ דריטהאַלבן
גראָשעלעך מעשענע.

פונדעסטוועגן האָט ער
באַשטימט פאַראַכטאָגן
אפילע דעם ווײַב
און די קינדער ניט זאָגן.

פאַרזעצן די שיך
און אַ באַרוועסער לויפן

און טערקישע וואַנצעס
אין סטאַמבול זיך קויפן.

נאָר סטאַמבול, צום גליק,
איז געשטאַנען פאַרשלאָסן —
אַ טערקישער רעגן
האָט דאָרטן געגאָסן.

# מײַן זיידע דערציילט

מײַן זיידע דערציילט:
— איך פרעג בײַ דער פלוי:
זאָג מיר נאָר, כ׳בעט דיך,
וואָס טאַנצסטו אַזוי?

האָט זי געענטפערט:
— כ׳האָב זיך פאַרקילט
און האָב בײַ דעם בער
אין דער פעל זיך פאַרהילט.

און אַזוי ווי איך ליג
און איך לייען אַ פאַפּיר,
דערזע איך אַ יעגער,
וואָס צילט זיך אין מיר.

נאָר אָפּגעגליקט האָט מיר,
ווי קיינעם ביז הער —
געמיינט האָט ער מיך
און דערשאָסן דעם בער.

# פּופּיק און קישקע

דאָס הינטעלע פּופּיק
האָט איינמאָל בײַ טאָג
צו זײַנעם אַ שוואָגער,
צו קישקען, געזאָגט:

— אַפילע פאַר מײַלן
אַ גאַנעוו זאָל שטיין,
עפנט מײַן מויל זיך
און האַווקעט אַליין.

נאָר ס׳מאַכט פון מיר כוויזעק
דאָס קעלבל אין גאַס —

כ׳האָב עפעס באַקומען
אַ ביטער כאַלאַס.

כ׳ווייס ניט פאַר ווען
און כ׳ווייס ניט פאַרוואָס,
איך האַלט אין איין האַווקען
אַף מײַן באַלעבאָס.

— דו נאַר דו, — לאַכט קישקע, —
דו קענסט ניט פאַרשטיין —
ווײַל ער איז מיסטאָמע
אַ גאַנעוו אַליין.

# זעקס לידער צו מײַן פרײַנט שאַרל

## גוטמאָרגן!

איך וווין אין מאָסקווע,
דו — אין פאַריז,
דיך רופט מען שאַרל,
מיך — שיקע דריז!
לאָמיר זשע לייטערס
בײַ שכיינים אַנטלײַען
און איינער דעם צווייטן
גוטמאָרגן זיך שרײַען!

## אינדרײַען

זײַן כאַווײרים ווילן מיר,
און אינדרײַען שפּילן מיר.

פעלערינעס טראָגן מיר,
שטיוועלעך פאַרמאָגן מיר.

הונדערט קנעפּ צעבײַטן מיר
און קיין פראַנקרײַך רײַטן מיר.

דאָרט צום קאַוועל לויפן מיר,
גוטע שפּאַגעס קויפן מיר,

און אין פרײַנטשאַפט שווערן מיר —
מושקעטערן ווערן מיר.

## איך וואַרט אַף אַ קאַרטל

שאַרל, איך וואַרט
אַף אַ קאַרטל פון דיר.
מע האַלט אין איין ריידן,
אַז דו ביסט אַ גוויר.

פאַרמאָגסט אַ מאַיאַנטעק
מיט שיך אין פאַריז.

דו שמירסט זיי מיט שוואקס,
דו פוצסט זיי מיט פליס,

נאַר אנדערע טאנצן
אין זיי און שפּאצירן,
און דיך זעט מען אָפּטלעך
א באַרוועסן פרירן.

שרייַב זשע דעם עמעס
און לייַג ניט בעקיוון —
מע זאָגט, אז דו באַדסט זיך
אין שמאלץ און אין גריוון.

איילסט אַף קוראָרטן,
ווו גלייַך פון די צווייַגן
עסט מען מאראנצן,
שלינגט מען די פייַגן.
דו לויפסט מיט די פּעק
צום וואָקזאל, ווי אין פיבער,
נאַר אנדערע פאָרן
און דיך לאָזט מען איבער.

געפלאפלט האָט נעכטן
מיר איינער א ווייסער,
געזאָגט, אז דו וווינסט
אין האָטעל, ווי א קייסער.

עס שמעקט דייַן געלעגער,
ווי גראָז אין א סטעפּ,
נאַר ס'טרעפט, אז דו נעכטיקסט
אמאָל אַף די טרעפּ.

## כאַלילע

די פּעטערס, וואָס שפּילן
מיט רעוואָלווערן,
שטערן דעם שטערן
געבוירן צו ווערן,

שטערן דעם פויגל
א וויינונג זיך קלעפּן,
דעם גרעזל זיך וואשן,
דעם שטעפערל שטעפּן.

די פּעטערס, וואָס שפּילן
מיט רעוואָלווערן,
שטערן דעם בלימל
צעוויקלט צו ווערן,

קאָנען דאָס ביימל
כאַלילע דערשרעקן, —
וועט אינעם סעדל
שטעקן א שטעקן,

און ס'וועלן זיך קווייטן
אַף שלעסער פּארשליסן —
ניט וועלן אונדז קענען,
ניט וועלן אונדז וויסן.

לאָמיר זשע אלע
די פּעטערס פּארווערן,
זיי זאָלן זיך שפּילן
מיט רעוואָלווערן.

## אָרעוווּאר

פייַנע מענער,
שמאָלע הויזן,
גאַרניט אנדערש —
צוויי פראנצויזן.
לויף איך צו
און זאָג: „פּאַרדאָן!
עפּשער קענט איר
דע־שליאמאָן,
דע־ריוואָן,
דע־גערשאָן?“
שטייען די מענער
און קוקן מיך אָן,
אזוי ווי מע קוקט
אַף עפּעס א כידעש,
און זאָגן מיר: „שעם זיך —
אַף פּאַשעטן ייִדיש, —
שליאָמע, רוון, גערשן,
א פראגע א שיינע!
זיי זייַנען דאָך, נאַרעלע,
אונדזערע שכיינים“.
זאָג איך „מערסי“
די פראנצויזן דערפאר,
און העפלעך מיר שיידן זיך —
„אָרעוווּאר!“

## לאָמיר זיך שווערן

לאָמיר זיך שווערן, שאַרל!
טאָמער אזוינס וועט זיך מאכן,
אז דיר וועט זיך וועלן וויינען,
זאָל מיר זיך ניט וועלן לאכן.
לאָמיר זיך שווערן, שאַרל!
א מענטש אַף א מענטשן דארף האָפן!
אויב איינעם וועט עפּעס ווי טאָן,
זאָל דער צווייטער ניט קענען שלאָפן.

הירש רעלֿעס

# אין סאָד

דעם סאָד איך קאָן ניט פארבײַגיין
(ווי קאָן מען פארבײַגיין א היים!)...
דורך כאָלֿעם דורך גרינעם פון צווײַגן
די בלֿעטער מיך רופן געהיים.

איך גערענק זיי, די ביימער, נאָך ברעקלֿעך,
ווען ס׳האָט זיי דער טאטע געבראכט,
זיי האָבן געציטערט שרעקלֿעך
אין ערשטער, אין פראָסטיקער נאכט.

ער פלֿעגט זיי מיט שטרוי ארומבינדן
(און ס׳האָט זיי די קעלֿט ניט פארשאט),
ווי אייפעלֿעך אין די ווינדלֿען —
אזא אויסזען זיי האָבן געהאט.

אדורך איז א זומער, א צווייטער.
אף שטאמען — א רינג נאָך א רינג,
די צווײַגן — אלֿץ לֿענגער
און ברייטער,
און וואָרצלֿ מיט וואָרצלֿ זיך בינדט.

און שווערער עס ווערן די עפלֿ
פון ראָסע, פון זוניקער גנאָד...
און נאכעס דער טאטע פלֿעגט שעפן,
ווען קומען ער פלֿעגט אינעם סאָד.

אָט דאָ אין דעם יאָר אין דעם טריבן,
אין אָנהייב פון גרויזאמען קריג,
ער איז שוין אף שטענדיק פארבלֿיבן,
דורך ביימער אף אייביק פארוויגט...

# ווינטער אין פעלֿד

דאָ, באם סלופ, בא דעם בלֿעכענעם טאָוולֿ,
הילכן קלֿינגענדיק שארף מײַנע טריט.
ווי דערוואַרט מען זיך שוין דעם אווטאָבוס?
ער וועט קומען אמאָלֿ אָדער ניט?
און דער שטעכיקער שניי שיט און שיט...
ס׳ווערט שוין נאכט. אלֿע שטערן ביז איינעם
מיך באטראכטן, זיי ווילן פארשטיין,
וואָס, אשטייגער, כ׳וועלֿ טאָן איצטער איינער
אינעם פראָסטיקן פעלֿד דאָ אליין:
צי דערפרוירן כ׳וועלֿ ווערן, צי ניין?

זייער ווײַטע און קאלֿטע האזשגאָכע
איז פאר מיר אן עקזאמען אצינד.
איך האָב צווײַגן א סאך אָנגעבראָכן
און א שײַטער אין פעלֿד איך צעצינד
אונטער פײַף פונעם שטעכיקן ווינט.

ווי געשמאק ס׳האָבן פריילֿעכע „הענער“
זיך צעפלֿאקערט, צעטאנצט אפן שניי.
ווי עס קנאקן די צווײַגלֿעך, די שפענער
און ס׳ווערט ווארעם, געמיטלֿעך אזוי.
און מיך שרעקט ניט די נאכט, דער זאווײ...

זיך צעגיסט איבער גלֿידער דער כיעס.
פלֿוצעם כ׳זע — פונעם טונקעלֿן וועג
מיט פארשנייטע, פארווייעטע וויִעס
האָט א פרוי זיך באם שײַטער אנטפלֿעקט,
און די הענט צו דעם פײַער זי שטרעקט.

און זי זאָגט צו מיר: — כאווערלֿ טײַערער
(זי דערוואַרעמט די פינגער פון קעלֿט),
אוי, געבענטשט זאָלֿסט מיר זײַן מיט דײַן פײַערלֿ,
וואָס דו האָסט דאָ צעצונדן אין פעלֿד. —
זיך צעשײַנט איר געזיכט און צעקוועלֿט.

קומען נאָך פאסאזשירן אהערצו,
און זיי ציִען זיך אלֿע צום פלֿאם.
באלֿד קומט אָן דער אווטאָבוס מיסטאם.
— — — — — — — — — — — — — — — —
ס׳זאָלֿ מײַן לֿיד אזוי צוציִען הערצער! —
אָ, ווי גלֿיקלֿעך געווען וואָלֿט איך דאַן.

◇

ארן ווערגעליס

# ריַיזעס

## 1. פאַריזש

### האקדאָמע


דאָס ערשטע מאָל בין איך געקומען קיין פאַריזש אַף א ניט געוויינלעכן אויפן — איבערפליִענדיק דעם אטלאַנטישן אָקעאַן, כאָטש עס זיַינען, ווי באַוווּסט, צווישן מיַין היימשטאָט מאָסקווע און דער קרוינשטאָט פון פראַנקריַיך ניטאָ קיין אָקעאַנען; געקומען בין איך צו פליִען אין אעראָפּאָרט אָרלי, כאָטש עס קאָן ניט געמאָלט זיַין, דער פּילאָט זאָל פאַרגעסן, אז אעראָפּלאַנען פון סאָוועטנפאַרבאַנד ווערן אופגענומען אויסשליסלעך אין דעם אעראָפּאָרט בורזשע.

און געשען איז א פּאָשעטע זאַך: כ׳בין געפלויגן ניט פון דער היים, נאָר פון אַמעריקע, צוזאַמען מיט א גרופּע סאָוועטישע קולטור־טוער. די גרופּע איז טאַקע גליַיך פון אָרלי אריבערגעפאָרן קיין בורזשע, פונוואַנען זי איז אַף מאָרגן אָפּגעפלויגן אהיים. איך בין געבליבן אין פאַריזש.

שפּעטער, זיַיענדיק שוין צוריק אין מאָסקווע, האָב איך זיך, ווי געוויינלעך, אריַינגעטאָן אין גרויסע און קליינע דיַיגעס, דערצו נאָך איז מיר אויסגעקומען, ניט פאַרציִענדיק אין דער לאַנגער באַנק, זיך פאַרנעמען מיט צוגרייטן צום דרוק מיַין אַמעריקאַנער טאָגבוך, — און ס׳איז געבליבן ניט פאַרצייכנט די ערשטע ריַיזע קיין פאַריזש.

אין דריַיצן כאָדאָשים ארום בין איך ווידער געקומען צו דער סענע, און אצינד עס געטאָן אזוי, ווי אַלע מענטשן טוען: געפאָרן פון דער היים און זיך טאַקע באַגאַנגען אָן אָקעאַנען.

און וואָס איז שיַיעך דער פליכט פון א שריַיבער אָפּצוגעבן אָן עפנטלעכן באריכט די לייענער וועגן אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, געזען, געהערט, געפילט און געטראַכט בייס דער ריַיזע, וועל איך זיך נויהעג זיַין אזוי.

קודעמקאָל דאַרף איך זיך היטן ווידער צו פאַרעפנטלעכן אזא אויסגעשפּראָכן דאָקומענטאַלע זאַך, ווי א טאָגבוך. וויַיל אָט האַלט איך נאָך ביז הייַנט אין איין דורכשריַיבן זיך מיט עטלעכע לייענער, וואָס זיַינען זיכער, אז ווען זיי, ניט איך, וואָלטן געזען אַמעריקע און דאָרט, גליַיך אַפן אָרט, פאַרנאָטירט דאָס געזעענע, וואָלטן זיי עס געטאָן בעסער, איידער איך. און דאָ גליַיך, קעדיי עס דערוויַיזן, גיבן זיי מיר קאָלערליי לאָגישע אייצעס און שטעלן ארויס קאָל־האַמיגים הארבע קאַשעס. איינער א בוכהאַלטער פון אסטראַכאַן, לעמאָשל, שריַיבט מיר נאָך אַלץ בריוו וועגן אָט דעם איניען, נומערירנדיק זיי, קעדיי איך זאָל זיך ניט ארויסדרייען פון געבן אָן ענטפער. אין דעם בריוו נומ. 1 מאַכט ער א כעזשבן: „לויט די פאַרשטענדלעכע באַגריפן פונעם פינאַנץ־מיניסטעריום, נעמענדיק אין אכט, אז מע צאָלט איַיך אויס אין די טעג, וואָס איר זיַיט אין וועג, סיַי איַיער אַמטלעכן לוין, סיַי נאָכאַמאָל געלט אַף לעבן אין דער פרעמד, באַקומט זיך, אז אין מעשעך פון א טאָג עסט איר (רעכנט אונטער אליין!) ניט 3—4 מאָל, נאָר 6—8 מאָל, איר שלאָפט ניט אין איין בעט, נאָר אין צוויי, איר טראָגט צוויי פּאָרלעך גרעט, צוויי קאַפּעליושן, צוויי פּאָר ברילן... איז ווי קומט עס, פרעג איך איַיך, איר זאָלט דאָס אַלץ ארויסלאָזן פון זינען?“

איך האָב דרינגענדיק אָנגעפרעגט באַם אסטראַכאַנער, וואָס מיינט ער דערמיט. האָב איך באַקומען דעם בריוו נומ 2. „ער טראַכט, אז ער איז קליגער פון דער גאַנצער וועלט“, — הייבט זיך דער בריוו אָן אין דער דריטער פּערזאָן. וויַיטער זאָגט דער בוכהאַלטער אויס א סאָד, אז לייענענדיק מיַין טאָגבוך, האָט ער זיך ארויסגעהאָלפן מיטן אריפמאָמעטער און מיט די ביינדלעך, און ס׳האָט זיך באַקומען, אז, „מילד גערעדט, געאַרבעט האָט איר פאַר איינעם, און קאַפּעליושן, ברילן, שקאַרפּעטקעס, אזוי ווי איך האָב איַיך שוין געשריבן, האָט איר געטראָגן פאַר צווייען. יאָ, יאָ, פאַר צווייען...“

קורץ גערעדט, איך האָב באַשלאָסן בעסער שוין קיין טאָגביכער ניט פאַרעפנטלעכן.

און ס׳איז מיר איַינגעפאַלן אזא געדאַנק. קעדיי צו פאַרשפּאָרן א ניַיגעריקן בוכהאַלטער דרייען דעם אריפמאָמעטער און קלאַפּן מיט די ביינדלעך, וועל איך, ריישיס, צונויפמישן ביידע ריַיזעס קיין פאַריזש אין איין זאַק, און גיי טייל אָפּ, וואָס איך האָב געטאָן בעשאַס דער ערשטער און וואָס בעשאַס דער צווייטער; און וועהאַשיינים, וועל איך ביכלאַל געבן ניט קיין דורכויסיק בילד, נאָר באַזונדערע עפּיזאָדן, ציקאַווע איינצלהייַטן, ארויסגעכאַפּטע אָן א סיסטעם, פון ביידע ריַיזעס מיטאַמאָל.

קאָן איך זיך שוין, דאַכט זיך, נעמען פאַר דער פּען, אָבער ס׳ווילט זיך נאָך פאַרצייכענען אין דער האקדאָמע אָט וואָס. ארומפאָרנדיק אַנומלטן איבער פאַריזש מיט איינעם א דאָרטיקן גוטנפריַינט, א ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור (מע רופט אים דאָקטאָר פּאָל הירשמאַן, וועגן אים וועל איך עפּשער שפּעטער דערציילן גענויער), האָב איך זיך גענומען נאָכפרעגן, וואָס ער טראַכט, אשטייגער, וועגן אזא איניען.

— דאָקטאָר פּאָל, ווי מיינט איר, פאַרוואָס איז קימאַט ניט צו זען אין דער ייִדישער פּראָזע קיין באַשרײַבונגען פון רײַזעס איבער פרעמדע לענדער?

— אַ־לאַ־לאַ... מ׳איז דען ארומגעפאָרן, קעדיי צו באַשרײַבן?..

— איך פאַרשטיי אײַך ניט, דאָקטאָר פּאָל... בא ייִדישע שריפטשטעלער האָבן געהאַלטן אין איין ארומוואַנדערן די העלדן. און זיי אַליין, די מעכאַבּרים, זײַנען אויך ניט געזעסן אַף איין אָרט. און איר זאָגט...

— ניט דאָס זאָג איך. אַ־לאַ־לאַ! געווען וואַנדערונגען, נאָר ניט קיין רײַזעס. א ייִד (און א ייִדישער שרײַבער בעסויכעם) לאָזט זיך אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד צוליב עפּעס. ער פאָרט מיט זײַן פּעקל דײַגעס, מיט זײַנע צאָרעס, מיט אַן אייגענער שליכעס. גלאַט אַזוי, אַף ציקאַווּעס וועגן, פאָרט מען ניט. דעריבער זײַנען ניטאָ קיין רײַזבאַשרײַבונגען.

נו, און אויב אַזוי, קאָן מען זיך שוין איצט נעמען פאַר דער פּאַריזשער רײַזע־באַשרײַבונג...

## מיט וואָס שיידט זיך אונטער פּאַריזש פון ניו־יאָרק

פּאַריזש איז אַן אַלטער סאָד, וואָס איז געוואַקסן, ווי עס דוכט זיך, אָן דער הילף פונעם מענטשן און האָט אַליין אויסגעקליבן פאַר זיך באָדן און לופט. אַן אומפּאַרמײַדלעכע געזעצמעסיקײַט האָט אָנגעוויזן, וו עס זאָל זײַן פרײַע לאַנקע און וו געדיכטעניש, וו ס׳זאָלן זיך שטופּן עפּל־ און באַרן־ביימער און וו צווישן זיי זאָל אומגעריכט זיך באַווײַזן א סאַסנע צי א ווײַסע צאַפּנדיקע בערעזע...

ניו־יאָרק איז גאָר עפּעס אַנדערש. דער מענטש איז געקומען אַף א שעטעך ערד און באַוויזן, וואָס וו עס דאַרף שטיין און וואַקסן. האָט זיך עס אַלץ אַוועקגעשטעלט און וואַקסט ביזן הײַנטיקן טאָג. גרויס איז עס און הויך — א מוירע א קוק צו טאָן. שיין איז עס — בעפּיירעש. ווען פון דער מאָדע גייט אַרויס איין קאָרע אַף די ביימער און עס ווערט א מאָדע אַף א צווייטער, בײַט מען איבער אין ניו־יאָרקער סאָד די קאָרע: אָנשטאָט אַזאַ און אַזאַ דעקאָראַטיוון מירמל־שטיין באַווײַזט זיך אַן אַנדערער, איין סאָרט ניט־זשאַווערנדיקער שטאָל ווערט אַף די פאַסאַדן מיטאַמאָל פאַרביטן אַף א צווייטן...

אין ניו־יאָרק, ווען מע רעכנט אויס, אַז עס לוינט אויפצושטעלן אַפן אָרט פון א זעקס־און־פּופציקשטאָקיקן הימלקראַצער א הימלקראַצער פון זעקס און אַכציק שטאָק, טראָגט מען אַראָפּ דעם זעקס־און־פופציקשטאָקיקן...

אין פּאַריזש, ווען מע דאַרף אַראָפּטראָגן א צווײשטאָקיקן „פּאַלאַץ”, וואָס פון אַלטקײַט איז ער שוין ביזן דאַך אײַנגעזונקען אין דער ערד, קומט פאַר אַזאַ יווירונג צווישן די מענטשן אַף דער גאַס, וו דאָס כאַשעוועס הויז שטייט, אַז מע קאָן מיינען, ס׳איז ערעוו א צווייטן שטורעם פון דער באַסטיליע.

אין פּאַריזש — וויפל איר זאָלט ניט גראָבן, וועט איר זיך ניט דערגראָבן צו דעם אָרט, וו די וואָרצלען פון דער שטאָט הייבן זיך אָן; ס׳איז אויך אומעגלעך אָפּטיילן איין וואָרצל פונעם צווייטן, אַראָפּטרייסלען פון זיי די ערד. בא ניו־יאָרק זײַנען די וואָרצלען שוואַכער, דאָרט זײַנען נאָך ביז הײַנט פריש די דערמאָנונגען וועגן די עמיגראַנטישע צײַטן...

פאַראַן אינווייניק אין ניו־יאָרק א ייִדישע שטאָט ניו־יאָרק (אַפן הודזאָן וווינען מערער ייִדן, איידער אין גאַנץ ייִסראָעל), א שטאָט דורכויס פון איטאַליענער (זייער צאָל איז דאָ גרעסער, איידער אין רוים). און ווער האָט ניט געהערט וועגן דער אָפּגעזונדערטער נעגער־שטאָט האַרלעם? די הויפּטשטאָט פון אירלאַנד דובלין און די הויפּטשטאָט פון איסלאַנד רייקיאַוויק קאָנען „אַנטלײַען” אירלענדער און איסלענדער אין די אירלענדישע און איסלענדישע קוואַרטאַלן פון ניו־יאָרק. און די דאָזיקע אַלע שטעט אין דער שטאָט ניו־יאָרק לעבן מיט זייער „אַלטער היים”, מיט זייערע לאָקאַלע טראַדיציעס, מיט זייער וועלט און אונטערוועלט, מיט זייערע זשאַרגאָנען. הינטער יעדערער פון זיי פאַרשליסט זיך באַנאַכט די טיר, און פאַרטאָג גייען פון דאָרט אַרויס מאַכנעסוויַז די מענטשן, וואָס פאַרטריבן אהער אַלעמען איניינעם און אויסגעמישט האָט זיי די ביטערע מאַכט פון געלט, און דאָך זײַנען זיי אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן, יעדערער פאַר זיך. פּאַריזש לעבט אויך, פאַרשטייט זיך, לויט די געזעצן פון קאַפּיטאַליזם און דאָרט איז אויך פאַראַן א סאַך אָפּגעפרעמדטקײַט, נאָר אויב ריידן וועגן פאָלקס־כאַראַקטער, לעבן אין פּאַריזש אויסגעשפּראָכענע פּאַריזשאַנער. אַפילע אין לאַטײַנישן קוואַרטאַל, וו איר קאָנט טרעפן אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דער וועלט, איז באַשײַמפּערלעך צו זען און צו פילן א געמיינזאַמען פאַר אַלעמען פּאַריזשער כאַראַקטער.

עמעצן קאָן זיך דאַכטן, אַז איך וויל, ער זאָל ליב קריגן פּאַריזש מער, איידער ניו־יאָרק. אָבער דאָס איז ניט אַזוי. איך מיין, אַז ניו־יאָרק פּאַסט אַמבעסטן פאַר די ניו־יאָרקער און פּאַריזש — פאַר די פּאַריזשאַנער.

## א געשיכטע וועגן דעם געוועזענעם קאַזיאָנעם ראַבינער פון טשערניגאָוו שנייערסאָן און וועגן דעם געוועזענעם נאָוואָזיבקאָווער שנײַדער דראַגונסקי

לויט ייִצכאָק שנייערסאָנס אײַנלאַדונג בין איך דאָס טאַקע געקומען ס׳צווייטע מאָל קיין פּאַריזש. מיט א יאָר אָנדערהאַלבן צוריק האָט מיר וועגן אָט דעם 84־יאָריקן רײַכן פּאַריזשער אינדוסטריעלער, דעם אַמאָליקן קאַזיאָנעם ראַבינער פון דער אוקראַיִנישער שטאָט טשערניגאָוו, דערציילט א שיינע געשיכטע דער סאָוועטישער גענעראַל דאָוויד דראַגונסקי, וואָס איז דעמלט, אויך לויט שנייערסאָנס אײַנלאַדונג, געפאָרן קיין פּאַריזש אַף דער עפענונג פון דעם מעמאָריאַל פונעם ייִדישן מאַרטירער, וואָס זײַן פּרעזידענט איז ייִצכאָק שנייערסאָן.

דער צוויי מאָל העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד דראַגונסקי שטאַמט פון נאָוואָזיבקאָוו (א שטעטל לעבן טשערניגאָוו), פון אַן אָרעמער שנײַדערשער מישפּאָכע, וואָס האָט עטלעכע און דרײַסיק לעבנס אַוועקגעגעבן אין דער

מילכאַמע: ווער עס איז געפאַלן אַף די שלאַכטפעלדער, ווער עס ליגט אין די גריבער און אין די ריוון, מיט וועלכע די פאַשיסטן האָבן פאַרזייט אוקראַינע. גענעראַל דראַגונסקי, דער איינציקער פאַרבליבענער פון דער מישפּאָכע, האָט זיך אין פּאַריזש געטראָפן מיט זיין געוועזענעם לאַנדסמאַן, און יענער האָט אים גלייך דערקענט:

— האַ, פון די דראַגונסקיס... וואָדען, איך געדענק אייך ניט? געוווינט האָט איר אין סאַמע פאַרבלאָטיקטן הינטערגעסל פון נאָוואָזיבקאָוו, וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין מיין „יעפּאַרכיע". און איך... איר ווייסט, ווו מיין הויז איז געשטאַנען?

דראַגונסקי האָט ניט געוווּסט.

— מיין הויז איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן דער רעזידענץ פונעם גענעראַל־גובערנאַטאָר...

גענעראַל דראַגונסקי, דער זון פון אַ קאַפּצן אַ שניידער, האָט, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך, געענטפערט:

— ס'איז עפּשער אַ צופאַליקייט, נאָר ניט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זיין קאָמאַנדיר פונעם טשערניגאָווער מיליטערישן גאַרניזאָן, און איך האָב געוווינט... איר ווייסט, ווו איך האָב געוווינט?

שנייערסאָן האָט ניט געוווּסט.

— מיין רעזידענץ איז געווען גופא אין דעם הויז פונעם געוועזענעם גענעראַל־גובערנאַטאָר...

## אַף דער אויסשטעלונג פון יידישן ווידערשטאַנד

אַף דער שטילער גאַס זשאָפּרוא ל'אַניע שטייט דאָס הויז פון דעם יידישן דאָקומענטאַציע־צענטער. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט יצחק שנייערסאָן געגרינדעט אין 1943 אין דער ניט־אָקופּירטער זאָנע פון פראַנק־רייך (אין גרענאָבל) אַף צו זאַמלען באַווייזן וועגן דער אויסראָטונג פונעם יידישן פאָלק. שפּעטער האָט מען אין באַפרייטן פּאַריזש אויפגעבויט דעם בנין פאַרן מעמאָריאַל פונעם יידישן מאַרטירער, וווהין עס איז אַריבער דער דאָקומענטאַציע־צענטער.

מיין באַקאַנטשאַפט מיטן מעמאָריאַל האָט זיך אָנגעהויבן אין דעקאַבער 1963, ווען איך בין אַריינגעקומען באַערן דעם אָנדענק פון די זעקס מיליאָן. איצט, דאָס צווייטע מאָל, בין איך דאָ דער פאַרשטייער פונעם סאָוועטישן קאָמיטעט פון די מילכאָמע־וועטעראַנען אַף דער עפענונג פון דער אויסשטעלונג פון יידישן ווידערשטאַנד, אין וועלכער די סאָוועטישע וועטעראַנען האָבן זייער בייטראָג.

ווען מע זאָל אַף אָט דער אויסשטעלונג באַווייזן מאַרטירעריי אָן ווידערשטאַנד, וואָלט עס סיי ניט געשטימט מיט די היסטאָרישע פאַקטן, סיי געווען אַ באַליידיקונג פאַר די קדושים. יצחק שנייערסאָן, אַ מענטש מיט אַ ברייטן קוק, האָט עס פאַרשטאַנען, און דאָס האָט דערנענטערט די אידיי פונעם מעמאָריאַל צו אונדז, סאָוועטישע מענטשן. דאַך איז פאַראַן אין דער עקספּאָזיציע פון דער אויסשטעלונג אויך אַזוינס, וואָס רופט אַרויס אַ שטאַרקן ווידערגעפיל בא די אַלע, וואָס ווילן ניט פאַרשוועכן דעם אָנדענק פון די מאַרטירער און פון די העלדן מיט היינטצייטיקער פּאָליטיקאַנעריי.

פּאַשעט אומגלייבלעך איז געווען צו זען צווישן די עקספּאָנאַטן אַ בלעטל, געווידמעט זשאַבאָטינסקין — אָן עפּיטאַפיע, וואָס אַ געוויסע עקסטרעמע גרופּע האָט אָפּגעדרוקט אין געטאָ. אין דער זעלבער צייט זיינען פון דער סאָוועטישער און פון דער פּוילישער עקספּאָזיציע פאַרשווונדן די מאַטעריאַלן וועגן דעם העלדישן פּאַרטיזא־נער און אונטערערדישן טוער הערש סמאָליאַר. די אָנפירער פונעם מעמאָריאַל האָבן ניט געלייקנט, אַז זשאַבאָ־טינסקי האָט, ווייך גערעדט, קיין מינדסטע שייכעס ניט צום אַנטיפאַשיסטישן ווידערשטאַנד. הערנדיק אונדזער קריטיק, האָבן זיי אומבאַהאָלפן געשמייכלט, און איינער פון זיי האָט מיטאַמאָל גענומען דערציילן וועגן דעם גרויסן געלט־בייטראַג, וואָס אַ רייכע יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט אַריינגעלייגט אין דעם מעמאָריאַל. און, — האָט ער שולדיק געשטאַמלט, — מע מוז זיך מיט דעם רעכענען...

דער זעלבער „אַרגומענט" איז אַרויסגעשוווּמען, ווען ס'איז אַוועק אַ רייד וועגן דעם פּאַטאָ־בילד, אַף וועלכן ס'איז באַווייזן, וויאַזוי אַדענאַוער שרייבט אונטער די פאַרפליכטונג אויסצוצאָלן שילומים־געלטער. „יאָ־יאָ, — האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ די טוער פונעם מעמאָריאַל, — שילומים־געלטער איז ניט מאַרטירעריי און ניט ווידערשטאַנד. פיל מענטשן זאָגן אַפילע, אַז דאָס איז שענדלעך אויסקויף־געלט פאַרן בלוט פון די קדושים. אָבער דער מעמאָריאַל מוז זיך רעכענען..." אַאוו. אדג.

און דאַך זיינען דאָס אַלץ בלויז דעטאַלן, כאָטש זייער און זייער פאַרדריסלעכע. אין גאַנצן גענומען איז די אויסשטעלונג פון יידישן ווידערשטאַנד אַ וויכטיקע דאָקומענטן־זאַמלונג, וואָס ברענגט היינט נוץ דעם קאַמף קעגן נעאָפאַשיזם. די שטאַרקע אויפווירקונגס־קראַפט פון אָט דער אויסשטעלונג און פונעם מעמאָריאַל ביכלאַל האָב איך דערפילט אַף זיך, ווען איך האָב אַ דערשיטערטער באַקוקט דאָס געביי און זיך צוגעהערט צו אייניקע פון די הונדערט טויזנט אָריגינעלע דאָקומענטן, וועלכע זיינען דאָ צונויפגעזאַמלט.

פון סאַמע אַריינגאַנג לאָזט מען זיך אַראָפּ אַף עטלעכע טרעפּ אין אַ זאַל, ווו עס ליגט אַ שטיין אָפן סימבאָ־לישן קייווער פון די זעקס מיליאָן. זעקס זייטיקע פּראָזשעקטאָרן צעטרייבן די טונקלקייט אַרום די זעקס שפּיצן פונעם מאָגנדאָוויד־שטיין. אָן אָוואַלע עפענונג אין דער סטעליע שאַפט די אילוזיע פון אַ קרעמאַטאָרי. אַף אַ וויים־באַלויכטענער וואַנט — אָן אויפשריפט:

הביטו וראו אם יש מכאוב כמכאובי — נער וזקן, בתולותי ובחורי נפלו בחרבי.

יעדער באַזוכער קאָן אַריינטראָגן אין אַ ספּעציעלן בוך די נעמען פון יידן, פאַרשניטענע בעשאַס היטלערס הערשאַפט. דער מעמאָריאַל וויל מיט דעם פאַרהיטן פאַר דוירעס אַ זייכער פון קאָנקרעטע מענטשן — קדושים. אין איינעם פון די צימערן פונעם מעמאָריאַל האָב איך זיך אָנגעשטויסן אַף אָן עקספּאָנאַט, וואָס כאָטש ער

[1] קוקט און זעט, צי איז פאַראַן נאָך אַזאַ ווייטאָג, ווי מיין ווייטיק. יונג און אַלט, מיינע טעכטער און מיינע זין זיינען געפאַלן פון דער שווערד (פון „איכה").

האָט ניט קיין דירעקטע שײַכעס צו דעם, וואָס עס טוט זיך אין אונטערשטן זאַל, איז ער דאָך ניט צופעליק אַרויס־געשטעלט אין דעם זעלבן הויז, וווּ עס געפינען זיך דער סימבאָלישער קרעמאַטאָרי און דער סימבאָלישער קייווער פונעם ייִדישן מאַרטירער.

צי האָט דער אַוטאָר פון די נירנבערגער אַנטי־ייִדישע געזעצן אַלפרעד ראָזענבערג געקאָנט אַמאָל טראַכטן, אַז ס׳וועט קומען אַ צײַט, ווען זײַנס אַ נאָטיץ־ביכל וועט באַווײַזן ווערן אין אַ ייִדישן מוזיי? איך האָב מיט עקל און נײַגער געמישט דאָס דאָזיקע בלאָקנאָטל, אין וועלכן עס זײַנען, צווישן אַנדערן, פאַרשריבן די טעלעפאָן־נומערן פון די הויפט־אַטאַמאַנען פונעם פאַשיזם, בײַס זיי האָבן נאָך זיך געריסן די גאָרגלען אין די מינכענער ביר־שענקען. „היטלער, — איז אַף איינעם אַ זײַטל אָנגעשריבן, — הויז־טעלעפאָן 2 9031, פּאַרטײַישער 2 4781... העס — 3 3940. הימלער — Wahenst № 182, Zandshut״.

ניט איין מאָל האָבן זיי שפּעטער געביטן די נומערן פון זייערע טעלעפאָנען, די אַדרעסן פון זייערע רעזי־דענציעס. אָבער די האַנט פון גערעכטיקייט האָט זיי דערגרייכט, און אין מוזיי פון ייִדישן מאַרטירער ליגט איצט ווי אַ נויטווענדיקע אומרייניקייט אַ נאָטיץ־ביכל פון איינעם פון זיי.

## אַ שטרײַק אַפן פּאַריזשער אויפן

זינט איך לעב, האָב איך נאָך ניט געזען קיין עמעסן שטרײַק. אַ געבוירענער נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ווען האָב איך געקאָנט אַזוינס זען?

און בעשאַס איך האָב באַם אַרויסשטײַגן פון אַעראָפּלאַן געהערט זאָגן, אַז פּאַריזש שטרײַקט, זײַנען פאַר די אויגן מיר אויפגעקומען קאַדרען פון קינאָפילמען וועגן די פאַררעוואָליוציאָנערע צײַטן, און איך האָב דערוואַרט צו זען אַף די גאַסן פון פּאַריזש רײַטער־פּאָליציי, וואָס וואַרפט זיך אַרויף מיט אַרויסגעכאַפּטע שאַשקעס אַף מאַני־פעסטאַנטן. אינדערעמעסן אָבער איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש.

פּאַריזש האָט געשטרײַקט. ספּעציעלע פּלאַקאַטן פון די סינדיקאַטן האָבן מיטגעטיילט, אַז דאָס איז אַ „שטרײַק פאַר ערלעכקייט״, אַ רויִקער, אָבער אָנשוילעכער דיִאַלאָג מיט דער רעגירונג.

אָט איז דער דיִאַלאָג:

די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פונעם מעלוכע־סעקטאָר (צו דער רעגירונג): באַלעבאָס, דו מיינסט טאַקע, אַז צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט?

רעגירונג: וואָס ווילסטו פון מײַן לעבן, מוסיע אַרבעטער?

די אַרבעטער: בײַס אונדזערע מאַסן־אַרויסטרעטונגען, מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק, האָסטו צוגעזאָגט העכערן די נידעריקע לוינען אונדזערע. מיר קאָנען מער ניט וואַרטן... דער יאָקרעס איז גרויס...

רעגירונג: וועסט ווי־ניט־איז דורכקומען...

דערהערט אַזאַ ענטפער, האָבן צוויי מיליאָן אַרבעטנדיקע מענטשן אָוועקגעלייגט אַף צוויי טעג „שער־און־אײַזן״. אין פּאַריזש זײַנען לענגויס די טראָטואַרן געשטאַנען פולע קאַסטנס מיסט, — די גאַס־אויפראַמערס האָבן געשטרײַקט; אין די אַנשטאַלטן און מיניסטעריומס זײַנען געווען צוגעמאַכט די פענצטערלעך, צו וועלכע עס גייט געוויינלעך צו אַ באַזוכער. דעם 27 יאַנוואַר, פאַרנאַכט, נאָך דעם, ווי איך האָב שוין אַ טאָג צײַט אָפּגעלעבט אין פּאַריזש, האָט איינער פון די כאַווײרים שאַרפזיניק אונטערגעזאָגט, וויִאַזוי כ׳זאָל פאַרצייכענען דאָס „סאַמע צי־קאַווע״ פון אָט דעם טאָג: „פאַרשרײַב אַזוי. ס׳איז אַ טאָג, ווען אין פּאַריזש איז קיינער ניט געבוירן געוואָרן און קיינער איז ניט געשטאָרבן״, — עס איז גאָרנישט פאַרשריבן אין די ביכער. די סיבע דערפון: עס האָבן ניט געאַרבעט די ביוראָען פון ציווילער רעגיסטראַציע. די גאַז־ און עלעקטרע־אָנגעשטעלטע האָבן, שטרײַקנדיק, דאָך באַוואָרנט, אַז ניט די שטוב־באַלעבאָסטעס זאָלן זײַן די קאָרבאָנעס פונעם קאַמף. מע דערציילט, אַז עטלעכע שאָ פאַר דעם, ווי עס איז אין גאַנצן לאַנד אויסגעשלאָסן געוואָרן די עלעקטרע, האָבן די שטרײַקנדיקע באַווײַזן מאַמעש אַ טעכנישן וווּנדער: אַף וויפל די אונטערנעמונגען און די וווינונגען באַקומען שײַן פון איינע און די זעלבע קוואַלן, האָבן זיי איזאָלירט די זאַוואָדן, איבערגעלאָזט בלויז זיי אָן ענערגיע; אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי באַוואָרנט, אַז ליכטיק און וואַרעם זאָל זײַן אין די וווין־הײַזער. ווען די אָפּעראַציע האָט זיך אײַנגעגעבן, האָבן די באַלעבאַטים פון די זאַוואָדן באַקומען אַן אולטימאַטום: שטעלט אָפּ די מאַשינעס; אויב ניט, וועלן מיר אָפּשליסן די עלעקטרע און זיי וועלן אַלציינס זיך אָפּשטעלן...

און אָט וויִאַזוי דער שטרײַק האָט אויסגעזען אַפן פּאַריזשער מעטראָפּאָליטען. אין פראַנקרײַך, ווי באַוווּסט, זײַנען פאַראַן עטלעכע פּראָפאַריינישע צענטרען. קעדיי דער עפּיזאָד, וואָס איך וועל איצט באַשרײַבן, זאָל זײַן פאַרשטענדלעך, וויל איך זאָגן פאָרויס, אַז די פראַנצויזישע פּראָפאַריינען האָבן אַברעוויִאַציע־נעמען, וואָס יעדער פראַנצויז ווייסט זיי פונקט אַזוי גוט, ווי מיר אין סאָוועטנפאַרבאַנד ווייסן, וואָס אַזוינס איז אונדזער פּראָפאַריי־נישער וועצעעספּעעס.

„די עס־זשע־טע, — שיט דער פּאַריזשער אײַנוווינער מיט אַברעוויִאַציעס, — האָט צוזאַמען מיט דער עס־עף־דע־טע און עס־זשע־עס זיך געווענדט צו דער עף־גע־אַ־קאַ, ניט אויסמײַדנדיק אויך די פּע־ע־ען, מע זאָל אין קאָנטאַקט מיט פּאָרס אַוווריִער און מיט די אַווטאָנאָמע פאַרנעמען אַ געמיינזאַמע אַקציע...״

איז אָט, אין ערשטן שטרײַק־טאָג האָב איך געדאַרפט פאַרנאַכט־צו זיך דערקלײַבן פון דער גאַס זשאַפּרוא ל׳אַניע צום טעאַטער־זאַל אַלהאַמבראַ אַפן רעפּובליק־פּלאַץ. איך האָב געײַלט, מוירע האָבנדיק צו פאַרשפּעטיקן אַפן פײַערלעכן אָוונט, געווידמעט דעם 20־טן יאָרטאָג פון דער באַפרײַונג פון אָשווענטשים. מײַן באַגלייטער, אַן אָנגעשטעלטער פונעם מעמאָריִאַל פון ייִדישן מאַרטירער, האָט, זעענדיק, אַז די טאַקסי שטעלן זיך ניט אָפּ, אַרײַנ־געפירט מיך אין מעטראָ. „פאַרוואָס קויפן מיר ניט קיין בילעטן?״ — איז געווען מײַן ערשטע פראַגע. „די קאַסירן שטרײַקן, זיי געהערן צו עס־עס־דע־טע״. — „נו, און אויב מע שטרײַקט, איז פאַרוואָס גייט דער צוג?״ — „ווײַל אַהין, וווּהין מיר באַדאַרפן, וועט באַלד דורכגיין אַ צוג מיט אַ מאַשיניסט פון די אַווטאָנאָמע סינדיקאַטן.

זיי שטרייקן ניט". — „און אף יענער פּלאַטפאָרמע? פאַרוואָס איז דאָרט ניטאָ קיין אוילעם?" — „ווייל פון דאָרט גייען אָפּ צוגן מיט מאַשיניסטן פון עס־זשע־טע. זיי שטרייקן".

ווען מיר זיינען אָפּגעפאָרן צוויי סטאַנציעס, פירט מיך מיין באַגלייטער אַרויס צוריק פון מעטראָ אף דער גאַס. „אַזוי שנעל זיינען מיר געקומען?" — „ניין, די נאָענטסטע סטאַנציע שטרייקט, דער פּערסאָנאַל, וואָס געהערט צו פּאַרס אָוווריער, לאָזט ניט דורך דעם צוג". — „וואָס זשע טוט מען?" — „מירן אַ פּאָר קוואַרטאַלן גיין צופוס און זיך איבערזעצן אף דער ליניע, וווּ מע שטרייקט ניט, און דאָרט איז שוין מיט דער האַנט צו דערלאַנגען...".

אַזוי האָט געשטרייקט פּאַריזש.

## עטוואָס וועגן דאָרע טייטלבוים, הערשל מייער, שאַרל דאָבזשינסקי

וועגן אָט די דריי וווּנדערלעכע מענטשן וועט מיר זיין גרינגער צו דערציילן אין צוזאַמענהאַנג מיט איינער אַ געשעעניש.

ווען הערשל מייער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז די פראַנצויזישע שרייבער ווילן אָרגאַניזירן אין זשורנאַל „עראָפּ" אַן אופנאַם אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין קומען קיין פּאַריזש, האָב איך אים געפרעגט, וואָס דאַרף איך צוליב דעם טאָן.

— זיך אָוועקזעצן און אָנשרייבן אַ רעדע...

— אָבער קיין רעדעס שרייב איך ניט.

— וואָס דען טוסטו?

— איך רייד, און שוין... ווי פּיאָטער וועליקי האָט געהייסן...

— וואָס האָט ער דען געהייסן?

— ער האָט אַמאָל צוגעשיקט די באָיאַרן אַ שריפטלעכן באַפעל:

«Указую говорить не по писанному, дабы видна была ваша глупость»

(„איך באַפויל ריידן ניט לויט אַ פּאַפּירל, קעדיי מע זאָל זען אייער טיפּשעס").

— הער מיך אויס, — האָט מייער אָנגעהויבן צעציִען די ווערטער, און דאָס האָט באַטייט, אַז ער האָט קיין צייט ניט צו שפּאַסן, — דער אופנאַם איז פון גרויסער וויכטיקייט...

— איך פאַרשטיי...

— עס וועלן ביייזיין אַ סאַך גרויסע פראַנצויזישע שרייבער...

— איך פאַרשטיי...

— דער זשורנאַל „עראָפּ" איז זייער אַן ערנסטע ליטעראַרישע אויסגאַבע...

— איך פאַרשטיי...

— איז זעץ זיך אַוועק און שרייב אָן אַ רעדע!

מיר וואָלטן נאָך לאַנג איינער דעם צווייטן ניט פאַרשטאַנען (הערשל מייער — פאַרוואָס איך גיב זיך ניט אונטער, און איך — פאַרוואָס מע מוז פאַר גרויסע שרייבער אף אַ שמועס אין רעדאַקציע פון זייער אַן ערנסטער ליטעראַרישער אויסגאַבע האַלטן אַ געשריבענע רעדע), מיר וואָלטן ניט פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן, ווען דאָרע טייטלבוים זאָל זיך ניט אַריינמישן און מיט איר געזונטער לאָגיק פון אַ פּרוי ניט קלאָר מאַכן דעם איניען:

— מיין מאַן האָט דיר ניט געזאָגט דאָס סאַמע וועזנטלעכע: אף דער אופנאַמע וועלן פּראָסט און פּאָשעט זיין פראַנצויזן, וואָס ווייסן ניט קיין יידיש. דיין רעדע וועט איבערזעצן שאַרל דאָבזשינסקי. נאָר ער איז אויך ניט אַזאַ מייוון בעלאָשן, ער זאָל גלייך אָפּן אָרט מאַכן די איבערזעצונג. דאַרף ער עס האָבן אָנגעשריבן...

מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, אַז אַ שאָ דריי־פיר פאַר דער באַגעגעניש קום איך צו די מייערס אַהיים, דאָרט וועט שוין זיין דאָבזשינסקי, און מיר מאַכן אָפּ אַלץ, וואָס מע דאַרף.

געזאָגט און געטאָן. איך פאָר אין אַ טאַקסי, דער וועג איז ווייט, די מאַשין דאַרף דורכפאָרן אַ שטיק פּאַריזש, דערנאָך — אַ וועלדל, און ערשט אין אַ שטילער פאַרשטאָט זיך אָפּשטעלן בא דער וווינונג פונעם באַוווּסטן מאַרקסיסטישן פּובליציסט און פון זיין פרוי — איינער פון די בעסטע יידישע דיכטערנס.

דער פּלאַן אונדזערער קראַכט פון אָנהייב אָן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פּונקט אין אָט דער שאָ קערן זיך אום טויזנטער פּאַריזשער איינוווינער פון דער אַרבעט, און, אַריינגעפאַלן אין דעם שטראָם אַווטאָמאָבילן, פון וועלכן מע קאָן זיך ניט אַרויסרייסן ניט אַף לינקס, ניט אף רעכטס, רוקט מען זיך אַזוי־אָ מיט דער שנעלקייט, וואָלט איך זאָגן, פון מענדעלע מויכער־ספאָרימס קליאַטשע.

איך טו אַ קוק אָפּן זייגער, און פון קאַס מאַך איך אַ „בראָכע" אף רוסיש. דער שאָפער קערעוועט אויס צו מיר דאָס פּאָנעם און צעשמייכלט זיך: „זעמליאַק!" מע צערעדט זיך, און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיין לאַנדסמאַן איז אַ רוסישער ווייסגוואַרדייער, אַ געוועזענער אָפיצער. ער איז שוין אַלט צוויי און זעכציק יאָר און אַרבעט נאָך אַלץ אַלס שאָפער אף אַ טאַקסי.

— אף אייער אָרט, — זאָג איך אים, — וואָלט איך וועקגעוואָרפן פּאַריזש און זיך אומגעקערט אַהיים...

— אף אייער אָרט, — ענטפערט ער, — וואָלט איך דאָס, וואָס איר דאַרפט אָנשרייבן בא אייערע כאַווירים, אָנגעשריבן דאָ, אין דער מאַשין...

אָט אַן איינפאַל פון אַ ווייסגוואַרדייער! ווען ניט זיין פאַרשאָלטענע פאַרגאַנגענהייט, וואָלט איך אים אַ קוש געטאָן! איך כאַפּ אַרויס דאָס נאָטיץ־ביכל, און פּונקט ווען די מאַשין שטעלט זיך אָפּ באַם געוווּנטשענעם ציל, ענדיק איך שרייבן די רעדע. אַרויסקריכנדיק, הער איך רויִק דעם שטורמישן דועט פון די באַלעבאַטים: „ווּ ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?! מע דאַרף דאָך שוין באַלד אַרויספאָרן אין „עראָפּ"!"

אין עטלעכע מינוט אַרום זיץ איך שוין מיט שאַרל דאָבזשינסקין און לייען אים און וואָרט בא וואָרט די ערשט

אָנגעשריבענע רעדע. הערשל מײַער איז אַוועק אין הויף צוגרייטן זײַן אויטאָמאָביל. דאָרע טייטלבוים טוט זיך איבער אין אַ זײַטיקן צימער און פאַרגעסט ניט צו אונטערהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דאָבזשינסקין און מיט מיר:

— שאַרלע, זעץ איבער ריכטיק דאָס וואָרט „אכרײַעס". אין געגעבענעם קאָנטעקסט איז זײַן טײַטש... (זי זאָגט עפּעס אַף פראַנצויזיש).

— אוי, איר זײַט דאָך שוין אינגאַנצן פאַרשמאַכט! באַלד ברענג איך טיי...

זי לויפט טאַקע אַרײַן מיט צוויי גלעזער אין די הענט, גיט אונדז ביידן, לויט דער ריי, אָפּצובײַסן פון איין פּוטער־בולקע און רעדט דערבײַ: „אוי, פונקט ווי קינדער. ווי קינדער, זאָג איך אײַך..." דערנאָך איז זי ווידער ניטאָ און באַווײַזט זיך נאָכאַמאָל — איין מאָל מיט אַ וואָרט, אַ צווייט מאָל מיט עפּעס צום עסן, — און אַזוי ביזן אַוועקגיין פון שטוב.

אַף צוריקוועגס פאַלן מיר אַרײַן נאָך אין אַ גרעסערער ענגשאַפט. ס'איז דאָ צײַט צו קלערן, און איך טראַכט וועגן דעם מענטשן, וואָס פירט די מאַשין, דעם זעקס־און־דרײַסיקיאָריקן פראַנצויזישן דיכטער, מײַנעם אַ לײַבלעכן ברודער — סײַ ווײַל איין פאָלק האָט אונדז ביידן געבוירן, סײַ ווײַל מיר ריידן אַף איין פילנאַציאָנאַלן לשון — אַף דער שפּראַך פון פּאָעזיע.

איך דערמאָן זיך, אַז מיט צען יאָר צוריק האָט אַראַגאָן אין אַ פאָרעדע צו דאָבזשינסקיס בוך „אַ שטורעם פון האָפענונג" אויסגעשריגן מיט פאַרשטענדלעכן פרייד־ציטער: „אונדזער פּאָעזיע, די גרויסע פּאָעזיע, ווערט פאַרגעזעצט. איר הערט, וואָס איך זאָג? איר הערט, דאָבזשינסקיס פאָרגייער?..". עס קאָן זײַן, אַז אַראַגאָן האָט עס באַזונדערס שטאַרק דערפילט, איבערלייענענדיק אין דאָבזשינסקיס נאָכמילכאָמע־ליד „זאָרג פאַר דער צוקונפט" די שורעס „דאָס געזאַנג פון פאַרצווייפלונג איז נישט דאָס שענסטע. וועלקנדיקע הערצער זינגען פאַלש", — די שורעס, וועלכע האָבן מיט אַ נײַער העלער שײַן פון נאָכמילכאָמעדיקער ווידערופשטעלונג פונעם לעבן באַלויכטן זײַנע, אַראַגאָנס, אייגענע דערשיטערנדיקע שורעס: „דאָרט, ווו איך שטאַרב, שטייט אויף טכיִעס־האַמייסים דאָס פאָטערלאַנד"...

איך קוק אַף דאָבזשינסקין, אַף זײַן שאַרפן פּראָפיל, כאָטש ברייט, אַפילע אַ ביסל מאָנגאָליש, זײַנען באַ אים די קינבאַקן, איך קוק אַף זײַנע שמאָלע הענט, וואָס האַלטן אָבער פעסט דעם רודער, — און טראַכט זיך: ווען מע האָט אין 1942 אים, אַ דרײַצניאָריק קינד, אויסבאַהאַלטן פון די היטלעראָווצעס ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פונעם פּעטענישן פראַנקרײַך, בין איך, שוין אַ פיר־און־צוואַנציקיאָריקער, אָנגעטאָן אין שווערע סאָלדאַטישע שטיוול, געגאַנגען אים צוהילף דורך לענדער און לײַדן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַן אַלמענטשלעכע אַנטיפאַשיסטישע שלאַכט, אָבער מע דאַרף געדענקען, אַז אויך דאָס געפיל פון נאַציאָנאַלער אכרײַעס האָט מיך געפירט אַהין, ווו עס האָט געברענט די וואַרשעווער געטאָ, און ווײַטער אַהין, ווו עס איז אין טויט־געפאַר געלעגן באַהאַלטן מײַן יִינגער ברודערל, דער קומענדיקער גרויסער דיכטער פון פראַנקרײַך.

— שאַרל, — רײַס איך איבער אויך זײַנע מאַכשאָוועס, — האָסט ניט פאַרגעסן, וויִאַזוי מע דאַרף טײַטשן דאָס וואָרט „אכרײַעס"?

— אַזוינס פאַרגעסט מען דען?.. מיר פאַרשפּעטיקן אין „עראָפּ"...

דעם זשורנאַל „עראָפּ" האָט געגרינדעט ראָמען ראָלאַן מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק. איצט איז דער שעף־רעדאַקטאָר זײַנער — פּיער אַבראַהאַם, איינער פון די עלטסטע טוער פון דער פראַנצויזישער פּראָגרעסיווער קולטור און ליטעראַטור.

אָט גייט ער אונדז אַנטקעגן, אַ שמייכלענדיקער פון קאָפּ ביז די פיס, אַ שטאַרק ציקאַווער אויסערלעך: דאָס פּאָנעם פול מיט גוטמוטיקע קנייטשן, מיט בינטעלעך האָר, מיט בראָדעווקעס. ניין, מיר באַקאַנען זיך ניט, מע האָט זיך, קאָן זײַן, פּאָשעט אַ צײַט ניט געזען... און אָט איז „די צאַרטע" — ווי מע רופט דאָ היימיש מאַדלען בראַון, די געוועזענע וויצע־פּרעזידענטן פונעם פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט, הײַנט — דירעקטאָר פונעם פאַרלאַג „עדיטער רעיִני"; אָט זײַנען זיי — אַנדרע ווירמסער, וואָס איז באַ אונדז אין סאָוועטנפאַרבאַנד איינער פון די פּאָפּולערסטע פראַנצויזישע פּובליציסטן; זשאַק מאַדאָל, פּרעזידענט פונעם נאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון די פראַנצויזישע שרײַבער; די באַוווּסטע ראָמאַניסטן, עסייִסטן, דיכטער פּיער גאַמאַראַ, זשאַק גאָשעראָן, עמאַנועל ראָבלעס, קלאָדין שאַנעס, גאַסטאָן בעסעט, בערנאַר קלאָדעל, ראָזשע מאַריִאַ, פּיער ווילאַר (שעף־רעדאַקטאָר פון „דעמאָקראַטי נוּוועל"). צווישן זיי — ניט אָפּגעזונדערט, נאָר ווי אַן אָרגאַנישער טייל פון פראַנקרײַכס פּראָגרעס און פון זײַן רום — די יִידישע שרײַבער און קולטור־טוער כאַיִם סלאָוועס, מ. ווילנער, ב. אַדאַם, און צוזאַמען מיט שאַרל דאָבזשינסקין — טאַקע זיי, דאָרע טייטלבוים און הערשל מײַער, און ער אויך, מײַן אַלטער באַקאַנטער ראַלף פייגעלסאָן, דער שרײַבער, וועגן וועמען מע דערציילט, אַז פאַר זײַן העלדישקײַט אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט ער באַקומען אַזויפיל שלאַכט־אויסצייכענונגען, אַז ער מוז זיי אויפהענגען אַף עטלעכע מאַלבושים, ווײַל אַף איינעם סטײַעט קיין אָרט ניט... אָט זײַנען צוויי שרײַבער פון דער אַפריקאַנישער רעפּובליק דאַהאָמיי ל. אַגאַסי און באַקאַרע טהאָרע; אָט איז דער טערקישער מאָלער און דיכטער אַבידין. און אָט — «Здравствуйте, что слышно дома?»[1] ווי אָנגענעם עס איז צו זען דאָ די פּאַריזשער קאָרעספּאָנדענטן פון דער „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיִאַ" לעוו וואָלאָדינען און באָריס קאַטאָוון!

וועגן דעם אופנאַם גופע וועל איך זאָגן קורץ: פונקט ווי אַף אַ שיף, נאָך דעם, ווי מע האָט אַנטדעקט נײַע ערד, קומען זיך צונויף אין קאַיוט־קאָמפּאַניע די מענטשן, קעדיי אַ שמועס טאָן וועגן דעם כידעש פון אָט דער אַנטדעקונג, — אַזוי זײַנען אויך אַהער אַ סאַך פון די פאַרזאַמלטע געקומען פאַרכידעשטע און גרייטע זיך צו צעשרײַען פאַר פרייד:

— הערט נאָר הערט: „סאָוועטיש היימלאַנד"!

— יִידישע ליטעראַטור! יאָ, יאָ...

---

[1] שאָלעם־אַליײכעם! וואָס הערט זיך אין דער היים?

## שמאַד־שטיק פון דער אַנטיסאָוועטישער רעאַקציע

איך האָב געזען דעם פּראָגרעסיוון טייל פונעם ייִדישן יישעוו אין פּאַריז, געזען אים אויף מאַסן־מיטינגען און בײַם ענגע באַגעגענישן, אין דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע „אוניאָן" און אין די טראַדיציאָנעלע לאַנדסמאַנשאַפטן, אין די היימען פון נאָענטע פרײַנט און אין דער רעדאַקציע פון דער „נײַער פּרעסע". זײַנע טוער קומען אַרויס פון די טיפענישן פון פאָלק און אין פאָלק לעבן זיי. מע קאָן וועגן זיי זאָגן — רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיקער, און אײנצײַטיק איז דאָס אַ קאָהאָרטע קעמפער.

ווי אַן אָנשווילעכער קאָנטראַסט צום פּראָגרעסיוון ייִדישן פּאַריז, ליגן פאַרהריזנעט אין די זומפּן פון אַ „ריין־ייִדיש וועלטל" די ווייניק פּאָפּולערע רעאַקציאָנער־רעכטע גרופּקעס. נאַטירלעך, פאַראַן דאָרט צווישן די קלאַל־טוער ערלעכע מענטשן, וואָס זײַנען אָדער געשטרויכלט געוואָרן אין געוויסע צײַטן, אָדער עס בינדט זיי צו צו דער דאָזיקער זײַט באַריקאַדע דער אָדער יענער פּערזענלעכער מאָטיוו.

אָט איז איינער פון פיל פאַקטן, וואָס באַווײַזן, וויאַזוי די אַנטיסאָוועטישע סוויווע דעגענערירט ביז צו פּאָלי־טישער אונטערוועלט.

געווען אַ „געשיכטע מיט רויטן טינט". אויב ריידן ערנסט, האָט זי די ווערט, מע זאָל זי ארײַנשטעלן צווישן די אַנעקדאָטן פון די כעלמער כאַכאָמים. אָבער אַ „געשיכטע" איז עס דאָך, וועל איך זי דערציילן.

„דאָס וואָרט „יעוורײ" (ייִד) אין די סאָוועטישע פּאַספּאָרטן שרײַבט מען מיט רויטן טינט!" — האָבן אין איין שיינעם טאָג מיטאַמאָל זיך צעשריגן די אַנטיסאָוועטישע בלעטער. עס האָט אָנגעהויבן מאַמעש וואַרפן מיט זיי. אויף אַלע ראָגן האָט מען צעטראָגן די „איבעראַשנדיקע נײַס וועגן אַ דיסקרימינאַציע פון סאַמע געפערלעכסטן כאַ־ראַקטער, וועגן וועלכער די ייִדישע וועלט איז נאָך ביז איצט ביכלאַל ניט געווען אינפאָרמירט". אָט די ווערטער זײַנען אַרויסגענומען פון אַן אַרטיקל, וואָס עס האָט אָפּגעדרוקט דער אויטאָר פון דער „געשיכטע", איינער אַן אונטערוועלט־זשורנאַליסט לענעמאַן, ווײַט־ווײַט ניט קיין כעלמער נאַר, ווײַל עס סטײַעט אים אײַנפאַלערישקײַט צו מאַכן אַ לעבן פון באַקן ליגנס, אויסרעכענענדיק, אַז עס וועלן זיך געפינען כעלמער, וועלכע גלייבן. לענעמאַן האָט געאַרבעט אויף טיש און אויף בענק. ער האָט אײַנגערוימט די לייענער אַ סאָד, אַז די אינפאָרמאַציע וועגן „רויטן טינט" האָט מען באַקומען „אין מאָסקווע, פון זייער באַגלייבטע ייִדישע (דער קורסיוו לענעמאַנס. — א. וו.) קוועלן. וואָס פאַרא קוועלן דאָס זײַנען, מוז בלײַבן, נאַטירלעך, בעסאָד"... און ווען דער ערשטער ציל איז, דוכט זיך, דערגרייכט געוואָרן, ווען אַרום דעם פּראָפּעסיאָנעלן קאַדאָכעסניק האָבן זיך שוין געוואָרפן אויף אַן עמעסן אין קאַדאָכעס עטלעכע נערוועזע קלאַל־טוער, איז געקומען דער דראַמאַטישער רוף, מע זאָל אַרויסציִען די שווערדן: „די ייִדישע וועלט טאָר ניט מער שווײַגן. זי דאַרף אַמשאַרפסטן רעאַגירן און פּראָטעסטירן קעגן דער נײַער גזיירע, און עס מוז אַלץ געטאָן ווערן, אַז זי זאָל וואָס שנעלער ווערן אָפּגעשאַפט" (אַזוי שרײַבט ער טאַקע, לענעמאַן: אָפּגעשאַפט).

האָב איך טאַקע, בײַם מײַן ערשטן באַזוך אין פּאַריז, זיך געווענדט מיט אַ פראַגע צום אוילעם אין זאַל פון האָטעל „מאָדערן": וויאַזוי, טײַערינקע, זאָל עס ווערן אָפּגעשאַפט, אויב ס'איז נישטאָ ביכלאַל? „דערווײַז, אַז ס'איז נישטאָ!" — איז דער אוילעם געווען אײַנגעשפּאַרט. אָבער וויאַזוי דערווײַזט מען עס, אַז אַפילו מײַן אייגע־נעם פּאַס, ווי עס פירט זיך באַם אַרויספאָרן פון לאַנד, האָב איך איבערגעלאָזט אין מאָסקווע?

און ס'איז געבליבן אַזוי: ווען עמעצער פון די בײַוועזנדיקע אין זאַל וועט זײַן אין מאָסקווע, קומט ער ארײַן אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" און, ווי נאָר ער קומט ארײַן, טוט מען אַ רוף פון דער גאַס עטלעכע מענטשן, וואָס וועלן זיכער געהערן צו פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, ווײַל אין סאָוועטנפאַרבאַנד לעבן, גאָט צו דאַנקען, העכער הונדערט פעלקער, — און מע נעמט בא זיי קוקן די פּאַספּאָרטן, ניט פאַרגעסנדיק עפענען אויך די פּאַספּאָרטן פון די מיטאַרבעטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד". און דאַן...

— טײַערע געסט! איר געדענקט מײַן צוזאָג? לאָמיר עס טאַקע גלײַך דאָ, אויפן אָרט, דורכמאַכן...

— אײַ, הערט שוין אויף... ס'אַ ביזאָיען...

— נו, און צוזען, וויאַזוי די לענעמאַנס טוען זייער אַרבעט און ניט כאַפּן זיי בא דער האַנט, איז ניט קיין ביזאָיען?

דער דאָזיקער שמועס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" אין אַ פינף כאָדאָשים אַרום נאָך דעם שמועס אין פּאַריזשער האָטעל „מאָדערן". עטלעכע צענדליק ייִדישע טוריסטן פון פראַנקרײַך האָבן געמוזט ארײַנקוקן אין די צעעפנטע פּאַספּאָרטן פון סאָוועטישע מענטשן.

ס'איז קיין ספּאָפעק ניט, אַז איצט וועלן סײַ זיי, סײַ זייערע קרויווים און פרײַנט ניט גלייבן די לענעמאַנס...

## דער גאָלדפאַדען־כאָלעם

דעם ייִדישן טעאַטער כאָלעמט זיך אַ גאָלדפאַדען־כאָלעם. אַ גוטער כאָלעם. אַ כאָלעם אויף דער וואָר.

מע זעט אויף דער בינע די אָרעמע יעסוימע מירעלע און מאַרקוסן — איר געגאַרטן; אָט איז קוני־לעמל, אָט — די באָבע יאַכנע; און האָצמאַך איז דאָ...

וואָס מיינט מיט אַזאַ ספּעקטאַקל יאַנקעוו ראָטבוים, דער רעזשיסער פונעם „גאָלדפאַדען־כאָלעם" אין פּאַריזשער ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל? עפּשער וויל ער פּאָשעט אָפּפרישן אין זיקאָרן, רעסטאַווּרירן אַן אַלטע שפּיל?

איך זאָג עס ג. קעניגן, וואָס זיצט לעבן מיר אין צושויער־זאַל „אַנטרעפּאָ", — צעלאַכט ער זיך:

---

[1] שעף־רעדאַקטאָר פון דער פּאַריזשער „נײַער פּרעסע" (זײַן עמעסער נאָמען איז מײלעך גראָמבאַך).

— קוק ווײַטער, וועסטו זען...

מיט קעניגן האָב איך אַ שאָ פֿאַרן ספּעקטאַקל, פֿאַרברענגענדיק באַ אים אין דער היים אין שײנעם שטעטל סאַרסעל, וואָס לעבן פּאַריז, געשמועסט וועגן ייִדישער קולטור און, פֿאַרשטייט זיך, אויך וועגן טעאַטער. מײלעך האָט זיך געקלאָגט: ניטאָ קיין פּיעסן אָף נײַע טעמעס. שוין לײַכטער צונויפֿזאַמלען געלט אָף אונטערצוהאַלטן דעם טעאַטער מאַטעריעל, איידער בײַקומען די שוועריקײַטן מיטן רעפּערטואַר...

פּרוּוו איך געבן אַן אייצע:

— איר האָט דאָ אין פּאַריז אַזאַ דראַמאַטורג, ווי כאַים סלאָוועס. איך פֿאַרשטיי ניט, פֿאַרוואָס מע מאַכט מיטינגען בלויז וועגן וועלט־פּראָבלעמען. עפּשער וואָלט געהאַט אַ זין צונויפֿרופֿן די פּאַריזער ייִדן אָף אַ מיטינג, און זאָלן זיי אָפּשפּילן אַ סצענע סלאָוועסן: דאַיאַש אַ דראַמע וועגן הײַנטיקן לעבן, און שוין!

— כאַים סלאָוועס איז טאַקע כאַים סלאָוועס, און דו פֿונדעסטוועגן טו אַ קוק, וויאַזוי יאַנקעוו ראַטבוים נעמט אַן אַלטן, טראַדיציאָנעלן מאַטעריאַל און שלאָגט פֿון אים אויס דעם הײַנטיקן פֿונק...

...איצט קוק איך דעם ספּעקטאַקל און געפֿין אויס, אַז ווען אַפֿילע דער רעפּערטואַר פֿונעם ייִדישן טעאַטער זאָל פֿול זײַן מיט אַקטועלסטע פּריש־צאַפּלדיקע פּיעסן, וואָלט מען אַלצײנס באַדאַרפֿט, טאַקע צוליב די הײַנטיקע פּראָבלעמען, שפּילן אַזוינס, ווי דער „גאָלדפֿאַדען־כאָלעם", וואָס קלינגט ווי אָנגעשריבן הײַנט און פֿאַרן הײַנט. פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון קונסט איז עס — קאַמף פֿאַר רעאַליזם, קעגן שונד, פֿאַר געזונטע פֿאָלקס־טראַדיציעס, און אויב נעמען דאָס טאָגטעגלעכע אויסקומעניש פֿונעם פּראָסטן ייִדישן מענטשן, איז דען אין פּאַריז, וווּ מע שפּילט דעם „כאָלעם", ווייניק פּאַראַן פֿון דעם, וואָס קומט פֿאָר אָף דער בינע?

איך וועל ניט גיין דערציילן דעם אינהאַלט פֿון דער מוזיקאַלער קאָמעדיע, ווײַל ניט קיין רעצענזיע שרײַב איך דאָ. כ'וועל בלויז פֿאַרצייכענען די גרויסע מי, וואָס די פּראָגרעסיווע קולטור־טוער האָבן אַרײַנגעלייגט אין אָט דעם ספּעקטאַקל.

פּאַראַן צווישן די פּאָר צענדליק ניט פּראָפֿעסיאָנעלע אַרטיסטן פֿונעם פּאַריזער ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל ניט ווייניק מענטשן מיט אויסטערלישע ביאָגראַפֿיעס. אָט איז איינע פֿון זיי.

זשעניע פֿײַערמאַן שטאַמט פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד. איר מאַמע, אירע שוועסטער און ברידער, פּלעמעניקעס און פּלעמעניצעס, — אַלע וווינען אין מאָסקווע, זי איינע, אַ פֿאַרהייראַטע פֿאַר אַ מילכאָמע־פּאַליט, אַ געראַטעוועטן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, האָט נאָך דעם קריג זיך באַזעצט אין פּאַריז, און דאָ איז זי פֿאַרבליבן.

איצט שטעלט אײַך פֿאָר, ווי קאָמפּליצירט עס איז דאָס געשטאַלט און דער גורל פֿון אָט דער יונגער פֿרוי. די אָנשיכטונגען פֿון סוויווע און צײַטן זײַנען אין איר אַזוי אָנשוילעך, ווי די געאָלאָגישע אָנשיכטונגען אינעם קווערשניט פֿון אַ באַרג. אַ דערצויגלינג פֿון אַ מאָסקווער שול, אַ פּיאַנערקע, איז זי איצט אין די פּאַריזשער וואַריעטעס און נאַכט־קלובן אַ טיפּישע פֿראַנצויזישע זשאַנרעווע זינגערן; די אומגאַנגס־שפּראַך באַ איר איז — רוסיש (אָבער שוין מיט אַ פּאַריזשער אַקצענט) ניט ווייניקער פֿון דעם אײַנגעבירגערטן פֿראַנצויזיש. ייִדיש רעדט זשעניע ניט אָפֿן וואָלינער אופֿן, ווי אירע מאָסקווער שוועסטער, נאָר אָף אַ געמישטן פּויליש־פּאַריזשער דיאַלעקט. זי זינגט אין עטלעכע קאַבאַרעס ייִדישע לידעלעך. נאָך דעם, ווי זי האָט ביז טיף אין דער נאַכט פֿריילעך געמאַכט דעם שטענדיק לאַהעטן נאָך פֿאַרגעניגנס פּאַריזשער עולם, איז זי נאָך בעקויעך אָף מאָרגן רעפּעטירן און שפּילן אין ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל, וווּ זי באַקומט ניט, פֿאַרשטייט זיך, קיין לוין, פּונקט ווי די איבעריקע אַרטיסטן פֿונעם אַנסאַמבל — די ענטוזיאַסטן פֿון פּראָגרעסיוון ייִדישן טעאַטער.

זשעניע פֿײַערמאַן האָט שטריכן פֿון אַ טיפּישער פּאַריזשאַנקע. און איינצײַטיק, ווען דו רעדסט מיט איר, מיט אָט דעם פּראָסטן מאָסקווער מיידל, טוסטו זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ: וואָס פֿאַראַ ווינטן האָבן זי אַהער פֿאַרטראָגן?!

אין „גאָלדפֿאַדען־כאָלעם" שפּילט זשעניע מירעלען. זי שטרײַכט אונטער דעם סענטימענטאַלן ליבע־קאָנפֿליקט. צו דעם איז זי אַמערסטן צוגעפּאַסט אַלס אַקטריסע. ווען איך רוים אײַן קעניגן אין אויער די פּאָר ווערטער וועגן איר, ווײַזט ער מיר אָן אַלטן נומער פֿונעם פּאָפּולערן אין פֿראַנקרײַך „זשורנאַל די פּאַרלעמאַן", וווּ דער טעאַטער־קריטיקער קלאָד אַנרי לעקאָנט שרײַבט, אַנאַליזירנדיק דעם „גאָלדפֿאַדען־כאָלעם": „זשעניע פֿײַערמאַן איז אַ שיינע. די דאָזיקע געשולטע און פֿייַקע אַקטריסע שטעלט פֿאָר מיט זיך פּאָעזיע".

— און שוין? — שרײַ איך אויס.

— ס'איז דיר ווייניק? — שעפּטשעט דערשראָקן קעניג, קעדיי מיט דעם צו דערמאָנען, אַז מיר זיצן אין צושויער־זאַל און עס דאַרף זײַן שטיל.

אין דער זעלבער רעגע דערגייט צו מיר אויך, אַז פֿאַקטיש איז עס דאָך אַן אָפּרוף אין אַ פֿראַנצויזישער אויסגאַבע, אָנגעשריבן אין פֿראַנצויזישן סטיל, און איך זאָג שטיל, קוים צו הערן:

— אַזאַ גרינטלעכן און אַרגומענטירטן אַנאַליז פֿון דער שפּיל פֿון אַן אַקטריסע האָב איך, זינט איך לעב, ניט געלייענט...

שפּעטער שוין, הינטער די קוליסן, ווּהין מיר זײַנען געקומען צו באַגריסן און אָפּדאַנקען דעם אַנסאַמבל, קערט זיך קעניג ווידער אום צו דער פּראָבלעם פֿון רעפּערטואַר:

— נײַע פּיעסן דאַרפֿן מיר! נײַע! מיר וואַרטן אָף אײַער בײַטראָג!

איך ווײַז אים אָן אָף זשעניע פֿײַערמאַן:

— וואָדע איז דיר קאַרג אָט דער בײַטראָג... נו, און אין רעפּערטואַר וועט די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור קיין באַלכוויו אויך ניט בלײַבן...

(פֿאָרזעצונג קומט)

עליע ספיוואַק

# פּערעץ און די ייִדישע ליטעראַרישע שפּראַך

אינעם אַרכיוו פונעם אומגעקומענעם געלערנטן, דעם דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן, מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער אוקראַיִנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע עליע ספּיוואַק זײַנען פאַר־בליבן אַ ריי קאַפּיטאַלע וויסנשאַפטלעכע ווערק אין געביט פון פילאָלאָגיע, וואָס האָבן אַ שײַכעס סײַ צו לינגוויסטיק, סײַ צו דער געשיכטע פון ליטעראַרישן ייִדיש, סײַ צו געשיכטע פון ליטעראַ־טור און ליטעראַטור־וויסנשאַפט.

אַ באַזונדערן אינטערעס שטעלן פאָר ע. ספּיוואַקס פאָרשונגען וועגן די קלאַסיקער מענדעלע, שאָלעם־אַליינכעם און פּערעץ אַלס שעפער און גרונטלייגער פונעם הײַנטצײַטיקן ליטעראַרישן ייִדיש. דער געשיכטע און דער אויסבילדונג פון ייִדיש האָט ע. ספּיוואַק, אויסער די אַרבעטן וועגן די קלאַסיקער, געווידמעט אַ ספּעציעלע פאָרשונג „צו דער פראַגע וועגן פאַרייִדיזאַציע פון „ייִדיש".

ע. ספּיוואַקס אַרבעטן, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן אין דער צײַט, ווען דער געלערנטער האָט דערגרייכט די פולשטענדיקע וויסנשאַפטלעכע רײַפקײַט, צייכענען זיך אויס ניט בלויז מיט ערודירטקײַט און שאַרפע טרעפלעכע באַאָבאַכטונגען, נאָר אויך מיט אַ שטאַרקער קראַפט פון טעאָרעטישער און פּראַקטישער סינטעזירונג און פּאַראַלגעמיינערונג.

באַזונדערס דערפרייענדיק איז דער פאַקט, וואָס עליע ספּיוואַק ווײַזט אַרויס טיפן פאַרשטאַנד ניט בלויז צו ריין לינגוויסטישע פּראָבלעמען, נאָר אויך צו ספּעציפישע פראַגן פון ליטעראַטור־וויסנשאַפט און ליטעראַטור־געשיכטע.

די אַרבעט, וועלכע מיר דרוקן דאָ, ווערט פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל. מיר דריקן אויס אונדזער דאַנק ע. ספּיוואַקס פרוי, דער כאַווערטע סאָפיע דראָגאָביצקע, וועלכע האָט אונדז צוגע־שטעלט די דאָזיקע אַרבעט, און דעם לינגוויסט ר. לערנער, וועלכער האָט גענומען אַן אָנטייל אינעם צוגרייטן זי צום דרוק. די אַרבעט ווערט געגעבן מיט געוויסע קירצונגען.

די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" וועט בּאַ געהעריקע געלעגנהײַטן פון צײַט צו צײַט פּובליקירן אויך אַנדערע ניט־פאַרעפנטלעכטע מאַנוסקריפּטן פון עליע ספּיוואַק.

## פּערעצעס אופקום אין ייִדיש

דער אָנהייב פונעם קלאַסישן פּעריאָד אין דער גע־שיכטע פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור און פונעם הײַנטצײַטיקן ייִדיש ליגט אין שויס פון די 60־ער יאָרן פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. פון מענדעלען אָן ציט זיך אָט דער ליכטיקער אָנהייב, כאָטש מענדעלעס אופ־גאַנג גופא איז די רײַף־אויסגעשטאַנענע, די אויסגעלײַ־טערטע אַנטפּלעקונג פון אַ היפּשן פאָריקן אָנהייב, וואָס שימערט אַרויס נאָך פון די ערשטע יאָרצענדליקער פונעם 19־טן יאָרהונדערט, אויב ניט נאָך פריִער. דער ברעג־פּונקט פונעם הײַנטצײַטיקן קלאַסישן פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך העלט אויף אין די 80—90־ער יאָרן. שאָלעם־אַליינכעם שפּרייט דאַן אויס מיט פולן שוווּנג זײַנע קרעפטיקע פליגל. ס'גייט אויף אין יענער צײַט פּערעצעס בלענדיק־צעשטראַלטע זון.

פּערעץ האָט, ווי מענדעלע, אָנגעהויבן צו דרוקן זיך אין העברעיִש, שפּעטער אויך פאָרגעזעצט אין העברעיִש. העברעיִש איז, ווי באַוווּסט, געווען דעמלט די „ערשטע ליבע", לויט ווינטשעווסקיס אויסדרוק, בּאַ אַ ריי פאָר־שטייער פונעם ראַדיקאַלן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק. דערין אויך אַף די פאָר־עטאַפּן פון דער ייִדישער רעוואָליוציאָ־נערער באַוועגונג[1]. פּערעץ האָט דעביוטירט אין סמאָ־לענסקינס „השחר" מיט זײַן מאַסקיליש־סאַטירישן (אַנטי־גוטייִדישן) פאַבל „השותפות"[2] („האַשוטפּוס" — דאָס שוטפעס). פּערעץ גופא האָט, אַגעוו, געהאַלטן פאַר זײַן ווירקלעכן אָנהייב די סאָציאַל־אָפּטימיסטישע ליד „לי אומרים" — „מע זאָגט מיר" („אין מיזרעך־זײַט זעען זיך שוין די שטראַלן פון באַגין...")[3], אַ ווערק, וואָס דער־מאָנט אין די אַנדערע רעוואָליוציאָנערע שאַפונגען פון די ערשטע סאָציאַליסטישע אויסגאַבן.

פּערעץ האָט אײנצײַטיק געמאַכט פּרוּוון צו שרײַבן אויך אין פּויליש[4]. בּאַ אים טרעפן מיר אַזאַ שפּראַכלעך־

---

[1] ס'איז דאָ גענוג בלויז צו דערמאָנען ליבערמאַנס „האמת" (האָעמעס, 1877), ווינטשעווסקיס „אספת חכמים", (אַסייפאַס כאַכאָמים — פאַרזאַמלונג פון כאַכאָ־מים, 1877—1878).

[2] „השחר", (האַשאַכאַר — דער פרימאָרגן), תרל"ה, 1875, העפט 10, זז. 551־552.

[3] „השחר", 1876 (בײַלאַגע צו העפט 10).

[4] עס האָט זיך אופגעהיט אַ העפט פּערעצעס פּוילישע לידער. וועגן דעם זע: נ. וויינ‍יג. פּערעצעס פּוילישע לידער פון י. 1874. „ייִוואָ־בלעטער", אווגוסט—אָקטאָבער 1937 י., ב. 12, זז. 1—8.

שעפערישן יִכעס־בריוו: „אָנגעהויבן האָב איך צו שרײַבן פויליש (גאָרנישט געדרוקט, פארברענט) — אן אינטער־נאציאָנאלער מאָמענט געווען — אוועקגעוואָרפן, פרעמד געווען. אָנגעהויבן העברעיִש. געפילט — נישט לעבעדיק. אריבער צו ייִדיש...“[1].

וואָס שײַעך צו ייִדיש, גילט דאָ בא פערעצן א געוויסער „אורפּעריאָד“, נאָך אײדער ער איז ביכלאל אופגעקומען אלס מײַסטער פון ייִדישן וואָרט. צו שאפן אין ייִדיש האָט נאָך פערעץ אָנגעהויבן אין די 70־ער יאָרן, אויב ניט נאָך פריִער. ס׳איז איצט באקאנט א ריי לידער פערע־צעס, געשריבן נאָך אין זאמאָשטש, וואָס זײַנען אומגעגאנ־גען און געזונגען געוואָרן אין פאָלק[2]. פערעץ גיט אויך געוויסע אָנדײַטונגען אין „מײַנע זיכרוינעס“ וועגן „דעם שטיפערישן מאָמענט, ווען די שטיפערישע מוזע, פון וועלכער איך הייב נאָך, אייגנטלעך, ניט אָן צו וויסן, באפאלט מיך, ענטפער איך אין... גראמען“. אייניקע גראמען פון לירישן און פון אופקלערערישן כאראקטער ווערן אויך געבראכט אין „מײַנע זיכרוינעס“.

אין די 80־ער יאָרן האָט דער יונגער שאָלעם־אלייכעם זיך געקלאָגט, אז „...די זשארגאָנישע ליטעראטור איז נאָך... נאקעט און באָרוועס. מע דארף זי ערשט אָנהייבן וויקלען, אויסגלײַכן איר די יונגע ביינדעלעך... מע דארף זי נאָך באָדן אין א מולטער מיט קלײַען, אָפּוואשן, אָפּריי־ניקן, אָפּשנײַדן דעם נאָפּל...“[3]. דאָ טאקע איז אויך דער־שינען פערעצעס *ערשט* ווערק אין ייִדיש „מאָניש“. קלאָגט זיך דאָרט אויך פערעץ אף זײַן שטייגער: אז ייִדיש האָט

קיין רעכטן קלאנג, קיין רעכטן טאָן!
ס׳האָט פאר ליבע, פאר געפיל
נישט קיין פאסנד וואָרט, קיין סטיל...

ייִדיש האָט שוין, פארשטייט זיך, פארמאָגט דאן אי וואָרט, אי סטיל אויך „פאר ליבע, פאר געפיל“. און אין טאָך גענומען, האָט ניט אָט די פיל מאָל געבראכטע שטעל דעם מיין, וואָס מ׳זעט דערין געוויינלעך אײַן. ניט קיין טיראדע קעגן „זשארגאָן“ איז עס. ס׳איז א מין אייגנאר־טיקע „לירישע אָפּווענדונג“ מיט דער קעגנשטעלונג פון קנאפּקײַט נאָך פונעם *ראָמאנטיש־פּאָעטיזירטן* וואָרט אין פארגלײַך מיט דעם סאטירישן און גאל־ביטערן וואָרט אין ייִדיש:

אונדזער ייִדיש האָט נאָר וויצן,
האָט נאָר שפּיצן, בלאנקע בליצן...
ר׳איז אינגאנצן בלוט און טרערן...

גערעדט האָט דאָ דאן שוין אין פערעצן דער דראנג צו נײַע אידייען און זעונגען, דער גלוסט צו דער פּילאר־טיקער קינסטלערישער פאָרם, וואָס אָנגעלאָדן דערמיט איז פערעץ ארײַנגעקומען אין דער ליטעראטור פון זײַנע ערשטע שריט אָן.

מיקויעך דעם זעלבן „מאָניש“ שרײַבט דאן פערעץ אין זײַנער א פריִערדיקער שעפערישער ארויסזאָגונג אין א בריוו צו שאָלעם־אלייכעמען:

---

[1] פון א בריוו צו י. צינבערגן (3 דעקאבער 1911 י.).

[2] זע וועגן דעם נ. מײַזיל. פערעץ. זײַן לעבן און שאפן (ערשטע לידער אין ייִדיש). ניו־יאָרק, 1945 י., ז. 37—47.

[3] ס. ביכערפרעסער. (שאָלעם־אלייכעם.—ע. ס.) אפּן ליטערארישן מארק. „די יודישע פאָלקס־ביבליִאָטעק“, תרמ״ח (1888), קיִעוו.

„...אז „מאָניש“ איז פארעפנטלעכט געוואָרן, האָב איך באקומען פיל ליב־בריוו, אָבער די אלע, וואָס האָבן געלויבט, האָבן באמערקט, אז דאָס פאָלק פארשטייט ניט „מאָניש“. און אויב אזוי, איז וואָס זשע קומט דערפון ארויס? כ׳נעם אָבער פאר אידעס אונדזערע מאסן, אז אויב זיי *פארשטייען* נאָר לויט זייער באנעם נאָך, *פילן* זיי דאָך די שיינקײַט, דעם גײַסט, וואָס שוועבט איבער דער ליד, און דאָס איז דאָך דער צוועק פון דער ליד — ניט אויסצודריקן דורך מעליצעס דאָס באקאנטע, נאָר צו אנטפּלעקן נײַע הימלען, צו שאפן פארן פאָלק נײַע באגריפן. ארײַנצודרינגען צו אים מיט פאָרגעשרי־טענע געדאנקען און ניט איבערדערציילן דאָס אלטע און פארעלטערטע... און ווילן מיר ארײַנברענגען אין הארצן נײַע געדאנקען, אזוי מוזן מיר אויך געבן נײַע פאָרמעס, נײַע אויסדרוקן, ווײַל דער אלטער לעוווש פּאסט זיך ניט צום נײַעם. די אויסדרוקן זעען אויס לעכאטכילע פרעמד, זיי וועלן אָבער סאָפּקאָלסאָף ארײַנדרינגען, ווי וואסער, אינעם לעזער און וועלן בארײַכערן זײַן פארשטאנד. דערי־בער האָב איך זיך ניט געמיט צו צונויפּפּרעסן מײַנע געדאנקען און צו באגרענעצן זיי מיט די אויסדרוק־מיט־לען פונעם האמוין... און דער ניט געשולטער לייענער זאָל ווערן געשולט. קעדיי צו פארגרינגערן אים דאָס לער־נען, קאָן איך פארטײַטשן מיט באמערקונגען די ווערטער, וועלכע זײַנען אים נאָך פרעמד. איך קוק ניט אפּן זשאר־גאָן, ווי עפּעס אף א זאך פון „צווייטן סאָרט“ און ניט ווי אף א פאָריבערגייענדיק מיטל, איך וויל, עס זאָל ווערן א שפּראך, דעריבער דארף מען פארברייטערן און פארמערן די אויצרעס און צוגעבן יעדער ווײַלע אלץ נײַע און נײַע אויסדרוקן, אז קיין שרײַבער זאָל ניט זאָגן, ס׳איז מיר ענג דאָס אָרט...“[1]

שארפער, ווי ווען־עס־איז און בא וועמען־עס־איז פריִער אין ייִדיש, איז דאָ, דערעכאגעוו, געקומען צום אויסדרוק דער דראנג צו „נײַע הימלען“, „נײַע באגריפן“, „נײַע געדאנקען“, „נײַע פאָרמעס“, קעגנגעשטעלט צום „אלטן און פארעלטערטן“.

אף דעם זעלבן אויפן זײַנען בא פערעצן נאָך אין באגין פון זײַן שאפן אופגעקומען אויך אנדערע פאָרגעשריטענע שעפערישע ארויסזאָגונגען און קעגנשטעלונגען.

געמיינט ווערן דאָ אויסגעברייטערטע, אוניווערסאלערע, פּילארטיקערע קינסטלערישע אויסזיכטן. און באנאנד מיט רעאל־שטייגערישער וואָר זאָל עס זײַן געדיכטעטע וואָר־האפט, פילאָסאָפיש־קינסטלערישער געדאכט פאר די „נײַע הימלען“, ווו עס וועט זיך אנטפּלעקן דאָס אמיינסטן כאראקטעריסטישע פאר פערעצן, אין וועמעס ברוסט ס׳וועט זיך שטורמיש נעמען שטויסן דער רעאליסט און דער ראָמאנטיקער, און די אויבערהאנט וועט דאָ אָפטער האָבן דער ראָמאנטיקער, אפילע אין די שאפונגען פונעם רעאליסטישן שניט.

פערעץ האָט שוין דאן געפרווט אָנצייכענען אויך די גרענעץ־געביטן, די ווירקונגס־ספערן צווישן זיך און שאָ־לעם־אלייכעמען אינעם אייגנטלעכן שפּראכלעך־סטיליס־טישן זינען.

„...איך ווייס די ארבעט פון מײַן האר. זײַן באגער און זײַן צוועק איז צו שרײַבן (אף וויפל איך האָב עס גע־קאָנט פארשטיין) צוליבן אוילעם, וואָס רעדט זשארגאָן וואָס זשארגאָן הייסט, און איך... אויב איך דערמאָן זיך

---

[1] פון פערעצעס א בריוו צו שאָלעם־אלייכעמען דעם 17 מײַ 1889.

צומאָל אין דעם לייענער, איז ער פון א העכערער מאדרייגע פון דער געזעלשאפט, אזא, וואָס האָט געלייענט און געלערנט אף א לעבעדיקער שפראך"[1].

ווייסן מיר דאָך אָבער, אז אויך פערעץ האָט געשטרעבט צום ברייטערן לייענער. זיַין ייִדיש גופא איז דאָ אויך אף אן אייגנארטיקן אויפן געווען בעפיירעש „זשארגאָן וואָס זשארגאָן הייסט". קען דאָ אויסזען קאָשעדיק פערעצעס קעגנשטעלן דעם „אוילעם" ביכלאל און דעם לייענער פון דער „העכערער געזעלשאפט". דער קערן פון פערעצעס ארויסזאָגונג שטעקט, זעט אויס, ניט אזוי אין דער „העכערער" צי אין דער „נידעריקער" מאדרייגע פון דער געזעלשאפט (מעמיילע שוין ניט אזוי אין דער „העכערער" צי אין דער „נידעריקער" מאדרייגע פון דער שפראך, פונעם סטילארט), ווי אין די עצעם נייַערע שאפונג־טענדענצן ביכלאל, וואָס זאָלן שוין מעמיילע איבערברעכן אין זיך אויך די פילארטיקערע ארויסווייַזונגען פון שפראך און סטיל פאר אזוינע, וואָס האָבן שוין „געלייענט און געלערנט". אויב בא שאָלעם־אליכעמען (ווי בא מענדעלען אף זיַין שטייגער) האָט מיינסטנס געגאָלטן די ברייטערע פאָלקסמעסיקע באשרייַביקייַט, דער לענגערער שטייגעריש־אומגאנגלעכער ארט רייד „אָט ווי ער איז", האָט בא פערעצן אָפטער גענומען גילטן די קאָנצענטרירטע אויסדיכטונג, די פיליגראנישע פילאָסאָפיש־לירישע וואָרט־האפט. שאָלעם־אליכעמס שפראך־נוסעך (ווי מענדעלעס שפראך־נוסעך אף זיַין שטייגער) איז געווען מערער איינהייַטלעך. מערער פון איין גוס. ניט געקוקט אף די פארשיידנסטיליקע אנטפלעקונגען דאָ און דאָרט. פערעצעס שפראך־נוסעך איז גלייַך פון אָנהייב אָן געווען מערער זיגזאגארטיק. מערער ווידערשפרעכלעך. אָבער אויך מערער זוכעוודיק, פרווועריש, מערער פילארטיק.

פון פערעצעס אופקום האָט גלייַך א שימער געטאָן מיט נייַעם שעפערישן פארמעסט, מיט ווייַטע רייצפולע האָריזאָנטן פאר דעם נייַעם אופבלי און וווקס פון דער קלאסישער און פון דער הייַנטצייַטיקער ייִדישער ליטעראטור און שפראך.

## פערעץ און די שפראך־פראגע

צו ייִדיש איז פערעץ, ווי מענדעלע אף א פאַרשטופע פון זיַין שאפן, געקומען פון אופקלערערישע פאָזיציעס. ייִדיש איז קודעמקאָל פראקטיש נוצלעך און אָנגעמאָסטן פאר די ברייטע מאסן, פארן פראָסטן פאָלק.

„...ווער עס וויל טרעפן צו רייַכע, אינטעליגענטע אָדער באלעבאטישע הייַזער, דער קאָן אנדערע שפראכן באנוצן; ווער עס וויל טרעפן צום הארצן און מויעך פון פראָסטן, איינפאכן פאָלק, צו די, וואָס די העכערע קלאסן רופן מיט פאראכטונג „האמוין־אם", דער מוז שרייַבן זשארגאָן..."[2]

ריידנדיק וועגן זיַין אריבערגאנג צו ייִדיש, ווייַזט אויך מענדעלע צוערשט ארויס זיַין „כיישעק נוצן צו ברענגען", וואָרעם „וואָס קומט ארויס דעם שרייַבער, פון זיַין גאנצער מי און הארץ־באגער („רעיון לבו" — ראיוין לייוו), אויב ער ברענגט ניט קיין נוצן זיַין פאָלק". מענדעלעס באציִונג צו ייִדיש איז פון אָנהייב אָן געווען א גראָדע. א צוגעלאָזענע, אן אינטימע. ער האָט „זיך פארליבט אין ייִדיש און... פארקנאסט צו זיך אף אייביק..."[3]

[1] פון פערעצעס א בריוו צו שאָלעם־אליכעמען דעם 6 יול 1888.

[2] י.־ל. פערעץ. וואָס ווילן מיר. 1894.

[3] פאָרוואָרט צום זאמלבוך „ליטעראטור און לעבן". ווארשע, 1890.

עטוואָס אנדערש קאָן אויסזען פערעצעס זיגזאגארטיקע שטעלונג צו ייִדיש, אויב נעמען בא אים געוויסע פובליציסטיש־געזעלשאפטלעכע ארויסזאָגונגען (אלס קינסטלער, אלס שעפער האָט ער זיך מיט ביידע פיס גלייַך און זיכער אוועקגעשטעלט אפן באָדן פון ייִדיש). נאָכגעצויגן האָבן זיך צומאָל בא פערעצן געוויסע אופקלערערישע רעזערוואציעס באם קעגנשטעלן ייִדיש צו העברעיִש אין היסטאָרישן אספעקט און צו דער לאנדשפראך אין פערספעקטיוו. „...זשארגאָן האָט ניט קיין פרעטענזיע צו פארטרעטן די מוטער־שטעלע אין א ייִדיש הויז. דאָס פלאץ פארנעמט און דארף פארנעמען לאָשנקוידעש. זשארגאָן האָט קיין פרעטענזיע צו דער לערערשטעלע, דעם פלאץ מוז לעסאטע פארנעמען א לאנדשפראך; זשארגאָן איז נאָר א ניאנקע, זי וויל נאָר אויסלערנען גיין, זיצן, אָנהייבן רעדן... דערנאָך — מעגט איר די ניאנקע ארויסווארפן אָדער, אויס דאנקבארקייַט, איר איבערלאָזן אן אָרט באם טיש!.. נאָר ווער עס וויל דאָס פאָלק קענען, און ווער עס וויל דאָס פאָלק לערנען — דער מוז קענען און שרייַבן זשארגאָן".

דאָס איז פון „בילדונג" (1890), דאָס לייטארטיקל אינעם ערשטן באנד „ייִדישע ביבליאָטעק".

אף אן אייגנארטיקן אויפן האָט זיך דאָ אף א שפעטערדיקן עטאפ נאָכגעצויגן א פריִיקערע שטעלונג, וואָס האָט געגאָלטן אין די 60־ער יאָרן בא א טייל אופקלערער. ייִדיש איז דאַן בא זיי דערהויפט באנומען געוואָרן, ווי א נוצלעך בייַמיטל באם באקעמפן די אָפגעשטאנענע לעבנס־פאָרמען אפן וועג צו בירגערלעכער גלייַכבארעכטיקונג, צו בילדונג, צו קולטור דאן, ווען דאָס „יודענטומישע" זאָל האָבן דעריקער צו שטעקן אין די ווערטן אף העברעיִש, און דאָס „עכט־מענטשלעכע" זאָל זיַין ניט אנדערש ווי אין דער לאנד־שפראך.

און דאָך קאָן אָט די פריִיקע ארויסזאָגונג פערעצעס באטראכט ווערן ווי אן עפיזאָדישע, אויב ביכלאל ניט קיין צופעליקע, ווען מע זאָל זי נעמען באם שייַן פון גאָר אנדערע זיַינע ארויסזאָגונגען און פון זיַין גאָרן אידייִש־קינסטלערישן וועג.

אין געגעבענעם פאל שפיגלט אויך מיסטאמע אָפ אָט די ארויסזאָגונג ניט אזוי פערעצעס אייגענע נאָך וואקלדיקע שטעלונג צו ייִדיש, ווי די מיינונג פון די דעמלטיקע אסימיליאטאָרישע און האלב־אסימיליאטאָרישע טוער (דיקשטיין און אנד.). די דאָזיקע טוער האָבן זיך אקטיוו באטייליקט אינעם ארויסגעבן די „ייִדישע ביבליאָטעק", און פערעץ איז געצוווּנגען געווען צו רעכענען זיך מיט זיי, אבי צו האָבן די אויסגאבע. נ. פרילוצקי טיילט מיט:

„יאקאָוו דינעזאָן האָט מיר אמאָל דערציילט: שטעלט אייַך פאָר, אז דער ערשטער באנד פון דער „ייִדישער ביבליאָטעק" איז ארויסגעגעבן געוואָרן אף... דיקשטיינס כעזשבן... אף א זיצונג האָט פערעץ פאָרגעשטעלט דעם מאטעריִאל פאר דעם זאמלבוך און אויך פאָרגעלייענט דעם פראָגראם־ארטיקל, וועלכעס, ווי דינעזאָן האָט מיך פארזיכערט, איז געווען געשריבן פאר ייִדיש. און אָט האָט דיקשטיין דאָס דאָזיקע ארטיקל ניט אקצעפטירט און האָט אופגעגעבן אן אנדער סכעמע פארן פראָגראם־ארטיקל. לויט דער דאָזיקער סכעמע האָט פערעץ טאקע אָנגעשריבן דאָס ארטיקל „בילדונג"[1].

[1] נ. פרילוצקי. א ניט אופגעקלערטער מאָמענט. ווארשע, 1924.

די זעלבע באַהויפּטונג ברענגט אויך ה.־ד. נאָמבערג.[1]

גוט באַוווּסט איז דאָך פּערעצעס שטעלונג צו ייִדיש שוין דאַן, ווען ער האָט זיך אפילע אין ייִדיש ניט גע־דרוקט (א פּאָר יאָר פאַרן דערשייַנען פון „מאָניש״), ווי מיר טרעפן עס אין דער באַקאַנטער ווענדונג פון זייַן העברעיִשער פּאָעמע „מנגינות הזמן״ (מאַנגינויס האַזמאַן, צייַטמאָטיוון).

קלאָר און שאַרף האָט פּערעץ עטוואָס שפּעטער גע־שטעלט די זעלבע פראַגע: „אויך איז שוין צייַט, די אינטע־ליגענץ זאָל אוועקלייגן אין אַלטן אַרכיוו אַרייַן די פראַגן: צי איז זשאַרגאָן א שפּראַך? צי קאָן זייַן א שפּראַך אָן א (געדרוקטע) גראַמאַטיק? צי קען הייסן א שפּראַך א צו־זאַמענפּליקעכץ פון פאַרשיידענע שפּראַכן פון פאַרשיי־דענע צייַטן? דאָס איז אַלץ די אַלטע באַטלאָניש־פילאָזאָ־פישע מיסט, אין וועלכער עס וועלן אייביק פּיקן אונדזערע ליטעראַרישע אַקאַרעס־הינער. די עמעסע אינטעליגענץ דאַרף פאַרשטיין, אַז זשאַרגאָן איז א פאַקט...״[2]

ס׳פילט זיך שוין בא פּערעצן דער טיפער באַוווּסטזייַן פאַר דער עמעסער ווערט פון דער שפּראַך און איר ראָל פאַרן פאָלק און פאַר זייַנע שעפער. און פאַקטיש איז עס אזוי אַלע מאָל געווען בא פּערעצן. ניט געקוקט אָף גע־וויסע פּרייַקע וואַקלונגען, ווי אויך אָף זייַן אינערלעכן קאַמף באַם לייזן לעגאַבע ייִדיש די פראַגע פון פאָלקס־שפּראַך און פון נאַציאָנאַלער שפּראַך.

די פּראָבלעם פון פאָלקס־שפּראַך, פון נאַציאָנאַלער שפּראַך און פון ייִדיש אין אַזא אַספּעקט האָט פּערעצן גערעגט אין מעשעך פון זייַן ליטעראַרישער טעטיקייַט.

מע קען ניט זאָגן, אַז בא פּערעצן זאָל דאָ געווען זייַן א פולשטענדיקע באַשטימטקייַט און קלאָרקייַט באַם טעאָ־רעטישן פאָרמולירן די דאָזיקע פּראָבלעם. אינטערעסאַנט איז אָבער בא פּערעצן די שטעלונג גופע פון אָט דער פּראָבלעם, און סימפּטאָמאַטיש איז פאַר אים דער אָנ־שטרענג זי צו לייזן.

די פראַגע פון פאָלקסשפּראַך און נאַציאָנאַלער שפּראַך און פון זייער צווישנפּאַרהעלטעניש האָט איר פולע אַנט־פּלעקונג באַקומען בא פּערעצן אָף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ (1908).

פאַר דער נאַציאָנאַלער שפּראַך האָט פּערעץ דאַן גע־האַלטן די שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק האָט פון די עלטסטע צייַטן אָן פאַרמאָגט אָף זייַן לאַנגאָניקן היסטאָרישן וועג און וואָס אין איר איז אויך פאַרקערפּערט די דוירעסדיקע קולטור־שאַפונג פונעם פאָלק. און פאָלקס־שפּראַך האָט דאָ, לויט פּערעצן, געהייסן די רייד־שפּראַך, וואָס האָט געקאָנט אופקומען באַם פאָלק אָף א געוויסן עטאַפּ פון זייַן געשיכטע; און ס׳פעלט נאָך אָט דער רייד־שפּראַך די פולשטענדיקע אייַנגעגלידערטקייַט אין דער דוירעסדיקער נאַציאָנאַלער קולטור־יערושע. ניט יעטווידע נאַציאָנאַלע שפּראַך, האַלט דאָך פּערעץ, בלייַבט שוין אָף שטענדיק א נאַציאָנאַלע שפּראַך באַם פאָלק. ווידער קען אויך פאָלקס־שפּראַך ווערן מיט דער צייַט די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון פאָלק. העברעיִש איז געווען א נאַציאָנאַלע שפּראַך. ייִדיש אַלס פאָלקס־שפּראַך איז מעסוגל צו ווערן די נאַציאָנאַלע שפּראַך פונעם ייִדישן פאָלק. צוליב דעם דאַרפן אין ייִדיש איבערגעדיכטעט ווערן די קולטור־גיטער פון אונדזער גרויסער פאַרגאַנגענהייַט. און ייִדיש דאַרף אויך ווערן די אַלגעמיין־ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס דערמיט זאָל לעבן דאָס גאַנצע פאָלק, דערין אויך די אינטעלי־גענץ פון פאָלק.

אין דער האַנאָכע ווענן העברעיִש אַלס נאַציאָנאַלע שפּראַך איז בא פּערעצן יענע צייַט ניט געווען קיין גע־דאַנק צו פּראָקלאַמירן העברעיִש פאַר דער איצטיקער נאַציאָנאַלער שפּראַך פונעם ייִדישן פאָלק. „...זאָל אונדזער צוקונפט־שפּראַך זייַן העברעיִש? מעכאַניש אופלעבן א שפּראַכע קען מען נישט, אין טויטע שפּראַכן פאַר לעבע־דיקע פעלקער גלייב איך ניט: אין וויג אַרייַן צוריק קומען קען מען נישט...״[1]

אין דער באַהויפּטונג ווענן ייִדיש אַלס פאָלקס־שפּראַך איז בא פּערעצן ניט געווען קיין מיין צו אַראָפּזעצן און צו פאַרמינערן די ווערט פון ייִדיש. געווען איז דאָ דער אינערלעכער דראַנג אופצוהייבן, ווייַטער צו קולטיווירן די ייִדישע שפּראַך און צוגלייַכמאַכן זי מיט רייַכע און מיט הויך־קולטורעלע שפּראַכן. „...ווי רופט דאָס פאָלק זייַן הייַנטיקן קולטור־אינסטרומענט? ייִדיש!..״ און „אַנ־דערש רופן האָט עס דאָס פאָלק ניט געקאָנט: עס איז דאָך זייַן שפּראַך, אין וועלכער ער לעבט זיך אינגאַנצן אויס; א שפּראַך, וואָס ער האָט אַסימילירט, ענדערנדיק די פאָרמען, די סטרוקטור, און אַרייַנגיסנדיק אין איר זייַן גאַנצע נעשאָמע: זייַן צאַר און צאָרן, זייַן בענקשאַפט, האָפענונג און געבעט״... „ער האָט א פרעמדן צווייַג גענו־מען, אָבער אין זייַן אייגן האַרץ פאַרפלאַנצט, מיט אייגענע טרערן און בלוט באַגאָסן... און אויסגעשפּראָצט און אופגעבליט האָט זי אָף — „ייִדיש״...

פון פאַרשיידענע אַלטשפּראַכיקע עלעמענטן שטאַמען אָן אויסנאַם אַלע נייַע שפּראַכן, און — ייִדיש צווישן זיי. און געבליבן איז ייִדיש א „זשאַרגאָן״ נאָר פאַר די, וואָס זייַנען ווייַט פון פאָלק דערצויגן און קענען קיין ייִדיש — נישט ריידן, נישט שרייַבן...״[2]

אין דער עפענונג־רעדע אָף דער טשערנאָוויצער קאָנפע־רענץ האָט פּערעץ אויך ספּעציעל באַצייכנט די ראָל פון ייִדיש אַלס די שפּראַך פונעם ייִדישן אַרבעטער, וואָס „...שאַפט זיך זייַן אינסטרומענט פאַרן קאַמף פאַר זייַן לעבן. זייַן אַרבעטער־קולטור אָף ייִדיש... דער אַרבעטער באַנוגנט זיך נישט מיט טכינעס און טפילעס פון דער ווייַבערישער שול, און נישט מיט וווּנדער־געשיכטן פון הינטערן אויוון אין קלויז, ער וויל און מוז זיך אויס־לעבן אין ייִדיש...״[3]

אין דער עצעם פּראָבלעם־שטעלונג האָט זיך דאַן בא פּערעצן, מעגלעך אָף א געוויסן אייגנאַרטיקן אויפן, אָפּ־גערופן די אַלטע ווידערשפּרעכיקע האַנאָכע פון אונטער־שיידן צווישן עפּעס א „יוסטער״ היסטאָרישער שפּראַך און צווישן דער עמעסער שפּראַך פון פאָלק. מעג זי אפילע לויט איר פאַרמאָג און פאַרנעם נאָך ניט קומען צו אָט דער ייִכעס־שפּראַך. אזוי איז עס ניט איין מאָל פאָרגעקומען אין דער געשיכטע פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג ביכלאַל, פון שפּראַכלעכער אַנטוויקלונג ביפ־

[1] ה.־ד. נאָמבערג. דאָס בוך פעליעטאָנען. וואַרשע, 1924, ז. 177.

[2] י.־ל. פּערעץ. וואָס ווילן מיר. 1894.

[1] פון פּערעצעס ענטפער אָף אן אָנפראַגע מיקויעך דער דאָזיקער פּראָבלעם. „סאָציאַל־דעמאָקראַט״ נומ. 40. 2/10 1908, קראָקע. ציטירט לויט די מאַטעריאַלן פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. אויסגאַבע פון „ייִוואָ״, ווילנע, 1931.

[2] „ייִדישע וואָכנשריפט״ (רעדאַגירט פון י.־ל. פּערעץ). י.־ל. פּערעץ. העברעיִש און ייִדיש. ערשטעס העפט. 28/1 (10/2) 1909.

[3] דר. בירנבוים, „וואָכנבלאַט״, נ. 2, טשערנאָוויץ, 1908 י.

דאַט, ווען ס'האָט נאָך געגאָלטן אַ שאַרפע מעכיצע צווישן דער „העכערער" שריפט־שפּראַך און צווישן דער לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך, וואָס איז נאָך ניט געוואָרן די ליטעראַרישע שפּראַך פונעם גאַנצן פאָלק.

פּערעצעס באַוווסטזײַן האָט זיך דאַן געהאַט אָנגעשטרענגט צו געפינען דעם סינטעז צווישן פאָלקס־שפּראַך און נאַציאָנאַלער שפּראַך, אַלס שטופעס אין דער אַנטוויקלונג פון דער עצעם שפּראַך, פון ייִדיש, ווען אַף דער באַזע פון דער נאָך סטיכישער פאָלקס־שפּראַך קומט געשיכטלעך אויף די איינהײַטלעך־ליטעראַרישע, די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע שפּראַך. געטאָן האָט ער עס נאָך אַף אַ געוויסן אַבסטראַקטן אופן דורכן קעגנשטעלן דערשײַנונגען פון אַ פאַרשיידענעם היסטאָרישן פּלאַן, — די רײַכע העברעיִשע שפּראַך, אָבער דאָך די שפּראַך פון דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהײַט[1], מיט דער לעבעדיקער שפּראַך פון פאָלק, וואָס האָט שוין אויך ניט נאָר איר אייגענע דוירעסדיקע געשיכטע, נאָר וואָס איז שוין אויך לאַנג געוואָרן די הײַנטצײַטיקע ליטעראַרישע (אַלפאָלקישע ייִדישע) שפּראַך.

אין פּערעצעס האַנאָכע וועגן פאָלקס־שפּראַך און נאַציאָנאַלער שפּראַך האָט זיך דאַן, זעט אויס, אויך אָפּגערופן, פון איין זײַט, די „אויסערלעכע" לאַגע פון ייִדיש, וואָס האָט נאָך אין זײַן צײַט אָקאָרשט געהאַלטן אין קריגן די פולשטענדיקע אַנערקענונג, און, פון דער אַנדערער זײַט, די בעפּיירעשע נאָך ווירקעוודיקע ראָל פון העברעיִש אַלס די ליטעראַרישע שפּראַך פון געוויסע שיכטן, ווי אויך דער אַלגעמיינער פּיִעטעט פאַר דער שפּראַך פון דער ביבל מיט איר באַדײַטנדיקער הײַנטצײַטיקער ליטעראַטור, וווהין אויך פּערעץ גופע האָט זײַן פּײַנעם גאָב אַרײַנגעטראָגן.

פּערעצעס קעגנשטעלן העברעיִש מיט ייִדיש האָט דאָך אין טאָך ניט געהאַט דעם ציל צו דערהייבן איין שפּראַך און צו דערנידעריקן די צווייטע, נאָר געווען איז עס אַ מין קריטעריִ און אַ געוויסער צײַגער פאַר די טענדענצן און פּאָטענצן פון ייִדיש גופע, פאַר זײַן אַנטוויקלונג און וווקס אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך פונעם גרעסטן טייל פונעם ייִדישן פאָלק.

מיר טרעפן בא פּערעצן אייניקע וויזנטלעכע אַלגעמיין־שפּראַכלעכע אַרויסזאָגונגען. פון די דאָזיקע אַרויסזאָגונגען לײַכט אַרויס פּערעצעס טיפער באַנעם פונעם אַלגעמיינעם קולטור־פּראָצעס ביכלאַל, פונעם שפּראַך־פּראָצעס ביפּראַט.

פון די פאַרשיידענע, דערהויפּט פרײִקע פּאָרגעשריטענע אַרויסזאָגונגען פּערעצעס אַף אָט דער טעמע קאָן מען צונויפציִען אייניקע גרונט־פונקטן, וואָס צוזאַמענגענומען שאַפן זיי אַ געוויסע סיסטעם אָנשויונגען וועגן שפּראַכלעכער אַנטוויקלונג.

## א. שפּראַך איז אַ מיטל

פּערעץ באַטאָנט עס אין פאַרשיידענע ערטער. „...קיין שפּראַך איז אָן און פאַר זיך ניט הייליק... די שפּראַך איז נאָר אַ מיטל, איינער זאָל דעם אַנדערן פאַרשטיין און געבילדעטע מענטשן זאָלן אַף די אומגעבילדעטע ווירקן..."[1]

„...שפּראַך הייסט יעדעס מיטל, וואָס מענטשן באַנוצן איינער מיטן אַנדערן זיך צו פאַרשטענדיקן..."[2]

## ב. שפּראַך איז פאָרם

„די שפּראַך איז נאָר די פאָרם, דער טאָך מוז זײַן די אידיי... ווערטער זײַנען נאָר סימאָנים פון באַגריפן"...[3] אַזוי פאָרמולירט עס פּערעץ אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּראָבלעם פון העברעיִש, ווי עס שטעלן זי „שאָוויניסטן־פאַנאַטיקער". ער לאַכט דאַן אויס די העברעיִסטן, וואָס ווילן פאַרבײַטן לעבעדיקן איינהאַלט פון אַ לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך אַף הוילער פאָרם.

האָבן אַן אייגענע שפּראַך הייסט, לויט פּערעצן, פרײַער פאַר אַלץ האָבן אַן אייגענע קולטור אַף דער לעבעדיקער שפּראַך פון פאָלק. „צו וואָס האָב איך איבערגעזעצט אײַערע לידער? פאַרוואָס זעץ איך זיי ווײַטער איבער? איך וויל דערגאַנצן דאָס, וואָס איר טוט נישט, איך וויל דערלאַנגען צו וועמען איר געהערט... וואַקסט אויף און גייט אַרויס צום פאָלק... נישט די שפּראַך איז דער איקער, נאָר דער לעבעדיקער מענטש, וואָס רעדט אַף דער שפּראַך..."[4]

דערבײַ איז, פאַרשטייט זיך, קלאָר, אַז פאַר די ליטעראַרישע דענקמעלער אין העברעיִש, אַלס וויכטיקן נאַציאָנאַלן קולטור־היסטאָרישן פאַקט און פאַקטאָר, האָט פּערעץ אַלע מאָל געהאַט דעם גרעסטן אָפּשײַ.

אַגעוו. כאַראַקטעריסטיש איז פאַר פּערעצן אויך אַזאַ פּראַט לעגאַבע פאָרם. פּערעצן האָט זיך געוואָלט, אַז „אונדזער ייִדיש זאָל ווערן צווישן אַלע וועלט־שפּראַכן אַ גלײַכבאַרעכטיקטע שפּראַך", און צוליב דעם מוז ייִדיש „צוגענגלעך ווערן דער וועלט". אַף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט ער דעריבער אַרויסגערוקט אַ פּלאַן מיקויעך דער „טראַנסקריפּציאָן פון אונדזערע בעסטע קולטור־גיטער אַף לאַטײַנישע לעטערן"[5].

די געוויינשאַפט און די צוגעבונדנקייט צו דער טראַדיציאָנעלער ייִדישער גראַפיק האָט אין פּערעצן ניט געצוימט דעם הייסן דראַנג זײַנעם צו מאַכן אַף אַזאַ אופן די ייִדישע שפּראַך מיט שפּראַכן גלײַך, צו ווײַזן דער וועלט איר טאָך, איר אידיישן פאַרמאַג.

## ג. עס גייט צו איין שפּראַך

פּערעצעס באַהויפּטונגען אין דעם פּראַט זײַנען פול מיט טיפן פאַרשטאַנד פאַר דער וואַקסנדיקער אַלגעמיינער און געמיינזאַמער מענטשלעכער קולטור, דערין אויך שפּראַך־קולטור. די פּראָבלעם פון וועלט־שפּראַך שטעלט פּערעץ אַף זײַן שטייגער אין אַלגעמיין ריכטיק און טיפזיניק. ס'האַנדלט זיך בא אים ניט אין אַן אַנגעטראַכטער אַראַנזשערײַישער שפּראַך־מאַכערײַ פאַר אַ וועלט.

„מיר גלייבן ניט אין וואָלאַפּיוק, ניט אין עספּעראַנטאָ. מיר האָפן אויך אַף דער אַלגעמיינער מענטשהײַט. נאָר נישט אַף דעם וועג וועלן מיר קומען צו איר. קיין איינציקע שפּראַך גייט שוין נישט פאַרלוירן, קיין איינציק

---

[1] ע. ספּיוואַק האָט געשריבן דאָס אַרטיקל אין דער צײַט, ווען די אויספאָרמירונג פון דעם הײַנטצײַטיקן העברעיִש—איווריט — אַלס לעבעדיקע שפּראַך אין ייִסראָעל האָט נאָך ניט אָנגענומען קיין ברייטע מאַסשטאַבן.

[1] י.־ל. פּערעץ. בילדונג. 1899 י.
[2] י.־ל. פּערעץ. וואָס ווילן מיר. 1894 י.
[3] י.־ל. פּערעץ. בילדונג. 1899 י.
[4] פון פּערעצעס אַ בריוו צו ביאַליקן.
[5] לויט די אויבנגעבראַכטע מאַטעריאַלן וועגן דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ.

פאָלק דאַרף נישט פאַרניכטעט ווערן, קיין איינציקע ציווילזאציע איבערגעהאַקט, דאָס אַלגעמיינע נאָר אין די שפּראַכן, אין די פעלקער־כאַראַקטערן, אין די ציוויליזאַציעס — וואַקסט און עס וועט וואַקסן, ביז עס וועט ווערן איין ציוויליזאַציע, איין שפּראַך, איין מענטשהייט...״[1].

די דאָזיקע אַרויסזאָגונג פּערעצעס רופט זיך איבער מיט די פּאָרגעשריטנסטע הײַנטצײַטיקע האַנאָכעס וועגן דער טענדענץ פון שפּראַך־אַנטוויקלונג אין דער ווײַטער צוקונפט, ווען „דעם הייס־געהאַפּטן מאַרגן וועט די „שפּראַך״ אַזויפיל אינטערעסירן, וויפל דער ייִכעס פון עלטערזיידן אָדער די פאַרב פון מענטשלעכער הויט...״[2].

דער געדאַנק וועגן „איין שפּראַך״ בײַ „איין מענטשהײַט״ האָט פּערעצן טיף גערעגט אויך אין זײַנע קינסטלערישע זעונגען און אויסדיכטונגען וועגן „אַ נײַער, גאַנץ נײַער שפּראַך״, דער „איינציק־מענטשלעכער שטראַלן־שפּראַך״[3].

## דיאַלעקט און ליטעראַרישע שפּראַך

דעם געשטערן מענדעלע, שאָלעם־אַליכעם, פּערעץ מיט זייערע מיטגייער פון גרעסערן און פון קלענערן גראַד נעמען מיר איצט אויף ווי אַ געוויסע איינהײַט, וואָס באַצייכנט די סיסטעם, דעם נוסעך פון דער קלאַסישער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך אַלס פאַר־עטאַפּ פון דעם הײַנטצײַטיקן ליטעראַריש־שפּראַכלעכן פּעריאָד.

וואָס זשע *פאַרייניקט* דעם דאָזיקן געשטערן? וואָס מערקט אָן די *געמיינזאַמע* גרענעץ־ליניע אויפן שפּראַכלעכן שאַפונג־וועג פון מענדעלע, שאָלעם־אַליכעם, פּערעץ?

אין דער געשיכטע פון ייִדיש איז די צווייטע העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט די עפּאָכע, ווען עס האָט אָנזיכטיקער ווי ווען־עס־איז אויסגערײַפט די באַוווסטזיניקע שטעלונג צו פורעמען *די אַלגעמיינע*, די נאַציאָנאַל־ליטעראַרישע ייִדישע שפּראַך אויף דער באַזע פון דער פאָלקס־שפּראַך, דער שפּראַך פון די ברייטסטע, דערהויפּט אַרבעטנדיקע שיכטן. אין איר מער געמיינזאַמער, אין איר צווישנדיאַלעקטאַלער פאָרם. אַלגעמיינקײַט מיינט דאָ דעם שאַרפן אָנגעצילטן דראַנג צו אויפצאַמען, צו רעגולירן די סטיכיי פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, צו פאַראיינהײַטלעכן זי לויט אַ ריי באַשטימענדיקע ריכטצייכנס, מעמיילע שוין צו אַרויפהייבן זי, צו פאַרפולקומען און פאַרפײַנערן זי. אַלס יעסאָד, אַלס פּערזענלעכסטער אינגרעדיענט פאַר אָט דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער שפּראַך דינט דאָ די פאָלקס־שפּראַך מיט אירע פאַרשיידענע פלאַסטן, וואָס שאַפט ביכלאַל, אָנווענדנדיק בעלינסקיס האַנאָכע, „די „פאָלקס־פיזיאָנאָמיע״ פון דער שפּראַך, אירע אָריגינעלע מיטלען און איר אייגנטימלעכע סאַמאָראָדנע שעפע״. אויף געוויסע אופשטײַגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן קומען די באַרופענע וואָרט־פירער און וואָרט־שעפער פון פאָלק און נעמען אויף זיך די היסטאָרישע שליכעס צו אײַנשטעלן, צו אָרגאַניזירן (אין איינקלאַנג מיט די געשיכטלעכע אַנטוויקלונג־טענדענצן פון דער שפּראַך) אָט די אַלגעמיינע, אָט די איינהײַטלעכע נאַציאָנאַלע שפּראַך־סיסטעם אויפן גרונט פון דער איידל־אָפּגעשליפענער פאָלקס־שפּראַך.

אין דער נײַערער געשיכטע פון ייִדיש זײַנען אַזוינע אופשטײַגן פאָרגעקומען אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, אָנגעהויבן פון מענדעלען און פון זײַן שפּראַכלעך־סינטעזירנדיקער טעטיקײַט.

פאַרשיידן איז דער שפּראַכלעכער שאַפונג־וועג פון מענדעלען און פון שאָלעם־אַליכעמען. און אין פלוג איז שוין דורכויס פאַרשיידן דער שפּראַכלעכער שאַפונג־וועג פון מענדעלען און שאָלעם־אַליכעמען, פון איין זײַט, און פון פּערעצן — פון דער אַנדערער זײַט. ס׳לאָזן זיך אָבער אין אָט די שאַפונג־וועגן פון די קלאַסיקער צו מערקן די דײַטלעכע קרייץ־ליניעס, וואָס שנײַדן דורך איינע די אַנדערע און וואָס טרעפן זיך צונויף איינע מיט דער אַנדערער. דער צווישנפּונקט, וואָס אייניקט אָט די קרייץ־ליניעס, איז טאַקע די שלאַג־פּראָבלעם פון פורעמען די אַלגעמיינע און די איינהײַטלעכע ליטעראַרישע ייִדישע שפּראַך לויט אירע פאַרשיידענע טעריטאָריעלע און סאָציאַלע פלאַסטן און סטילן.

ווי פאַר מענדעלען, ווי פאַר שאָלעם־אַליכעמען, אַזוי איז אויך פאַר פּערעצן, אויף זײַן שטייגער, כאַראַקטעריסטיש די שטרעבונג צו פורעמען די שפּראַך אין געוויסע געזעצמעסיקע איינהײַטלעכע ליטעראַרישע ראַמען און נאָרמעס. דאָס איז, ווי געזאָגט, איינער פון די שאַרפסטע קען־צייכנס אין דער אויסרײַפונג פון הײַנטיקן ייִדיש.

די רעגולירונג און נאָרמירונג פון דער שפּראַך איז דאָ קוידעמקאָל נעגייע געווען צו דער פראַגע פון קעגנזײַטיקער ווירקונג צווישן דער שריפטלעכער און צווישן דער מינדלעכער שפּראַך, צווישן דעם געמיינזאַם־ליטעראַרישן און צווישן דעם דיאַלעקטאַלן, לאָקאַלן וואָרט־שטאָף.

אויף אַ גליקלעכן אופן זײַנען אין דער שאַפונג פון די דרײַ גרויסע קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך פאַרקערפּערט געוואָרן די דרײַ ייִדישע גרונט־דיאַלעקטן. און וויאַזוי יעדערער פון זיי זאָל ניט געווען טראָגן אין זיך זײַן אייגענעם דיאַלעקט, האָט ער נאָך שאַרפער געפילט אויף זיך די קעגנווירקונג פון דער אַלגעמיין־ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס טאַקע איר, אָט דער *צווישנדיאַלעקטאַלער*, אָט דער *אַלפאָלקישער* שפּראַך, האָבן אויף אַ צוועקמעסיקן אופן געזאָלט אויך דינען די נערהאַפטיקע רעסורסן פון זייערע מוטער־דיאַלעקטן.

די פּראָבלעם פון אַן איינהײַטלעכער, פון אַ צווישנדיאַלעקטאַלער ליטעראַרישער שפּראַך איז לגבי ייִדיש געשטאַנען אי האַרבער, אי אויך לײַכטער, איידער בײַ געוויסע אַנדערע שפּראַכן. האַרבער איז די דאָזיקע פראַגע געשטאַנען דערפאַר, ווײַל אַלס פאַרשיידנטעריטאָריעלע שפּראַך האָט ייִדיש ניט פאַרמאָגט קיין באַשטימטן שפּראַך־ריכטנדיקן פּאָליטיש־עקאָנאָמישן און קולטורעלן צענטער. לײַכטער צום לייזן האָט די דאָזיקע פּראָבלעם אויסגעזען מאַכמעס דעם, וואָס דער אונטערשייד צווישן די ייִדישע דיאַלעקטן איז דאָך ניט אַזאַ שאַרפער אין פאַרגלײַך מיט געוויסע אַנדערע שפּראַכן. ייִדיש פאַרנעמט דאָ, זעט אויס, אין אַ געוויסן זינען אַ באַזונדער אָרט. רוסיש, אַשטייגער, אָדער דײַטש — דאָס זײַנען צוערשט געווען שפּראַכן פון פריערישע פעלקער אין גרונט. די מינדלעך־דיאַלעקטאַלע אונטערשיידן זײַנען דאָ פאַר אַלעמען געווען אַ רעזולטאַט פון דער טעריטאָריעל־אָפּגעגרענעצטער דאָרפישער אײַנגעזעסנקײַט. מיר שטויסן זיך דאָ צונויף מיט דער דערשײַנונג, ווען דער אונטערשייד צווישן די דיאַלעקטן איז צומאָל געגליכן צום אונטערשייד צווישן באַזונדערע טיפּאָלאָגיש־נאָענטע שפּראַכן, ווי מיר זעען עס, אַשטיי־

[1] י.־ל. פּערעץ. בילדונג. 1890.
[2] י.־ל. פּערעץ. וואָס ווילן מיר. 1894.
[3] י.־ל. פּערעץ. דער אייביקער פרידן אין ערגעץ־לאַנד.

גער, אין דײַטש. די ייִדן זײַנען אָבער איבערהויפּט א שטעטל־שטאָטיש פאָלק, ספּעציעל נאָך אָנגעהויבן פון די יאָרהונדערטער, זינט ס'איז אופגעקומען און ס'האָט זיך אנטוויקלט די ייִדישע שפּראַך. ייִדיש איז, ווי באַוווּסט, אופגעקומען אף דער באַזע פון האַלב־דיאַלעקטאַלע ריידענישן פון דעם שטאָטיש־בירגערישן טיפּ (ריידענישן פון האַנטווערקער, הענדלער, אָנגעשטעלטע) און האָט זיך אנטוויקלט אויסער דער געוויינלעך־שאַרפער אויסגעשפּראָכענער פויערישער דיאַלעקטן־באַזע. אין די ריידענישן פון שטאָטישן טיפּ גילטן מײַנסטנס צווייטיקע דיאַלעקטאַלע דערשײַנונגען, דאַן ווען די שאַרפערע ערשטיקע פויעריש־דיאַלעקטאַלע באַזונדערקײַטן ווערן געוויינלעך פאַרווישט אין פּראָצעס פונעם ענגערן באַריר אין די שטאָטישע באַדינגונגען. הײַנט האָבן דאָך נאָך די ייִדן דורכגעמאַכט אין פאַרשיידענע צײַטן ביז גאָר אינטענסיוו דעם פּראָצעס פון אינערלעכער, ווי פון אויסערלעכער אויסוואַנדערונג מיט גוטן ווילן און נאָך מער אויס נויט. דאָס האָט אויך ניט ווייניק איבערגעמישט און פאַרגעמיינזאַמט צווישן זיך די ייִדישע דיאַלעקטן. אויב נעמען די ייִדישע דיאַלעקטן אין ברייטערן טעריטאָריעלן פאַרנעם, ווי זיי זײַנען געקומען צום אויסדרוק אין דער ליטעראַטור, ספּעציעל אין דער ליטעראַטור פון 19־טן יאָרהונדערט, וועט דאָ דער אונטערשייד ניט זײַן קיין באַזונדערס שאַרפער. מיר זאָגן „ניט קיין באַזונדערס שאַרפער", מיר מיינען אָבער בּיכלל ניט צו זאָגן, אז ס'האָבן דאָ ניט געגאָלטן קיין גאַנץ וועזנטלעכע דיאַלעקטאַלע אונטערשיידן — אויך אין דער ליטעראַטור, ספּעציעל אף אירע אָנפאַנגלעכע עטאַפּן.

אין דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור איז באַנאַנד מיט דער *רײַף־ווערנדיקער* פאַראיינהײַטלעכונג פון ייִדיש אָפּט נאָך שאַרף צו פילן דעם קאַמף צווישן דיאַלעקט און דער טענדענץ צו פאַראיינהײַטלעכונג (שפּורן דערפון ציִען זיך נאָך אינעם הײַנטצײַטיקן ייִדיש פון פאַרשיידענע טעריטאָריעלע געביטן, כאָטש דעם קאַמף האָט דאָ שוין לאַנג געוווּנען דאָס אַלגעמיין־ליטעראַרישע אין דער שפּראַך). און אָט אין דעם אַספּעקט קאָן עפּשער גיין א רייד וועגן צווייערליי גרונט־אַרטן פונעם קלאַסישן ייִדיש, וואָס בּאַ זייער גאָרער געמיינזאַמקײַט שײַנט אָפּ פון יעדערן פון זיי א געוויסער אייגנאַרטיקער דיאַלעקטאַלער פּאָן.

א) דער אוקראַיִנישער ייִדיש, פאָרגעשטעלט דורך דער גרונט־ליניע מענדעלע—שאָלעם־אַליכעם. דעם דאָזיקן ייִדיש געהער געשיכטלעך אין א היפּשער מאָס די פירנדיקע ראָל אין דער פורעמונג פונעם הײַנטצײַטיקן ייִדיש. מיטגעווירקט דערצו האָט דער פאַרנעם פון א ריי גרויסע עקאָנאָמיש־וואַקסנדיקע צענטערן מיט א קאָמפּאַקטער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכע איז אין די באַדינגונגען פון אוקראַיִנע טיפער געווען פאַרבונדן מיט ייִדיש, איידער מיט וואָסער־עס־איז אַנדער שפּראַך. דאָס זײַנען געווען די שטאָט קיִעוו, זשיטאָמיר, בערדיטשעוו, די האַפנשטעט — אָדעס, ניקאָלײַעוו. אייניקע פון די דאָזיקע שטעט זײַנען מיט דער צײַט אויך געוואָרן צענטערן פון האַסקאָלע (אָדעס, זשיטאָמיר), ספּעציעל אין אָדעס איז אופגעקומען דער ערשטער פּעריאָדישער אָרגאַן אין ייִדיש („קול מבשר"), וואָס איז אויך געוואָרן די באַזע פאַר דער וואַקסנדיקער ייִדישער ליטעראַטור. גופא די ייִדישע קלאַסישע ליטעראַטור, ווי אויך די ערשטע שפּראָצלינגען פונעם ייִדישן טעאַטער, זײַנען אין א היפּשער מאָס אופגעקומען אין דער „זאָנע" פונעם אוקראַיִנישן ייִדיש (לעווינזאָן, אַקסענפעלד, גאָטלאָבער, גאָלדפאַדען, מענדעלע, לינעצקי, שאָלעם־אַליכעם).

ב) דער פּוילישער (פּויליש־גאַליציִשער) ייִדיש, פאָרגעשטעלט דורך פּערעצן, פריִער נאָך דורך עטינגערן.

מיר רעדן דאָ וועגן *דאָמינירנדיקע* פּראָצעסן, מע דאַרף אָבער די דאָזיקע דערשײַנונג ניט פאַרפּאַכן. גראָד מענדעלע, אַשטייגער, איז דאָך געווען ניט בלויז קיין „וואָלינער". אין זײַן קלאַסישן פורעמען דעם ליטעראַרישן ייִדיש האָט ער גאָר אָפּט אָפּגעקליבן גראָד די דערשײַנונגען, וואָס זײַנען געווען געמיינזאַם פאַרן אוקראַיִנישן און פאַרן ליטוויש־ווײַסרוסישן ייִדיש.

מע באַדאַרף אויך אין זינען האָבן די געמיינזאַמע שטריכן, וואָס גילטן צווישן איין דיאַלעקט און א צווייטן, אף וויפל דיאַלעקט, ווי די שפּראַך בּיכלל, איז דאָך א געמישטע, אַן איבערגעקרייצטע דערשײַנונג. גאַנץ אופזיכטיקע געמיינזאַמע באַריר־פּונקטן זײַנען פאַראַן צווישן אוקראַיִנישן ייִדיש בּיכלל און אוקראַיִנישן ייִדיש אין מײַרעוו־אוקראַיִנע בּיפּראַט — מיטן פּוילישן ייִדיש. די דאָזיקע דערשײַנונג האָט, זעט אויס, ניט ווייניק געהאָט צו זאָגן צו דער אַלגעמיינער גרונט־טענדענץ פון פאַראיינהײַטלעכן דעם ליטעראַרישן ייִדיש. ס'איז גענוג צו דערמאָנען איינעם אַזאַ געמיינזאַמען גרונט־פּונקט — דעם מין, ס'הייסט די דרײַ מינים, וואָס גילטן אפּן גאַנצן שעטעך פונעם אוקראַיִנישן און פּוילישן ייִדיש. געמיינזאַמע שטריכן גילטן דאָ אָבער בּיכלל אין געביט פון לעקסיק, פון וואָרט־בילדונג, פון גראַמאַטישער פאָרם, פון פאָנעטיק.

פּערעץ האָט אין א בריוו צו שאָלעם־אַליכעמען אויסגעדריקט זײַן מוירע ניט צו פאַרשטאַנען ווערן בּאַ די אוקראַיִנישע לייענער, צווישן אַנדערן — אויך איבער די אייגנטימלעכקײַטן פונעם פּוילישן ייִדיש. שאָלעם־אַליכעם האָט אים דערויף געענטפערט, אַז דער אונטערשייד איז גאָר נישט קיין גרויסער (שאָלעם־אַליכעם פלעג, ווי באַוווּסט, בּיכלל גרופּירן באַנאַנד דאָס ייִדיש פון „פּוילן, וואָלין, אוקראַיִנע", קעגנגעשטעלט צום ליטוויש־ווײַסרוסישן ייִדיש). פּערעצן האָט עס געפרייט, און שוין אין אָנהייב פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט האָט ער געהאַלטן, אַז „איצט איז די סאַמע פּאַסיקע צײַט צו דערנעענטערן די הערצער און צו שאַפן א געמיינזאַם אָרט אין דער ליטעראַטור, ווו עס זאָל קומען צום אויסדרוק די ייִדיש־פּויליש און ייִדיש־רוסישע אויסשפּראַכן"[1].

פּערעץ איז צו יענער צײַט מיט צופרידנקײַט אויך אײַנגעגאַנגען „...צו ענדערן... די אויסדרוקן, וואָס זײַנען ניט פאַרשטענדלעך פאַר די, וואָס פון ליטע און רוסלאַנד..."[2].

צו דער פראַגע פון דער צווישנדיאַלעקטאַלער דערנעענטערונג צוליב מעגלעכער שפּראַכלעכער פאַראיינהײַטלעכונג האָט זיך פּערעץ דערנאָך אומגעקערט בּאַ פאַרשיידענע געלעגנהײַטן, לעמאָשל — „צי וואָלט געשאַדט, מע זאָל שרײַבן — *דאָס* קינד, נישט *דער* קינד, *דאָס*, נישט *דער* גערזינדל?.. נישט *דער*, נאָר די שטאָט? ווען דער ליטווישער זשאַרגאָן זאָל וועלן נאָכגעבן די

[1] פון פּערעצעס בריוו צו שאָלעם־אַליכעמען, זאַמאָשטש, 8/7 1888 י.

[2] פון פּערעצעס בריוו צו שאָלעם־אַליכעמען, זאַמאָשטש, 4/7 1888 י.

קלייניקייטן, אזוי ווי דער פוילישער גיט נאָך אלעמאָל מער פון זײַן זײַט, וואָלטן מיר זיך איינס מיטן צווייטן און ביידע צוזאמען מיט אַדעס בעסער פארשטאנען...״[1].

אין די 80—90־ער יאָרן האָט זיך באזונדערס קלאָר געשטעלט די פראגע וועגן א מער איינהײַטלעכער ליטערארישער שפראך (קעגנגעשטעלט צו די דיִאלעקטן), וואָס א געוויסע רייד דערפון איז געווען אין די פאָריקע יאָרצענדליקער. בא אזא פארשיידן־טעריטאָריעלער שפראך, ווי יִדיש, איז די דאָזיקע פראגע, ווי געזאָגט, געווען קאָמפליצירטער, ניט געקוקט אף דעם, וואָס דער אונטערשייד צווישן די דיִאלעקטן איז ניט קיין שארפער. „איין זשארגאָן״, „שרײַבן פאר קאָל־יִסראָעל״ — דאָס איז דאָ נאָך אָפט באנומען געוואָרן גאנץ סומאר און אָן פעסטע אויסגאנג־פונקטן. א גרונט־טענדענץ איז אָבער אלע מאָל צו פילן בא די גרונטלייגער פון דער יִדישער ליטעראטור און פונעם הײַנטצײַטיקן יִדיש. מינערנדיק, אלס קלאל, דעם פארנעם פונעם שמאָל־לאָקאלן וואָרטשטאָף, האָבן זיי איינצײַטיק געזען אָפקלײַבן און איבערשמעלצן דאָס מער געמיינזאמע צווישן די דיִאלעקטן לעטויוועס דער אלגעמיין־ליטערארישער שפראך. אזוי איז עס אויך בא פערעצן אין זײַנע ארויסזאָגונגען, ווי אויך אינעם יִדיש פון זײַנע קרעפטיקע ווערק.

אָט דער דיִאלעקטאלער הויך בא פערעצן (ווי אויך, אשטייגער, בא שאָלעם־אליכעמען, בא וועלכן ס׳פילט זיך שטארק דער מאָטיוו פונעם אוקראַיִנישן יִדיש) איז, אלס קלאל, ניט קיין לאָקאלער קאָלאָריט צוליב אינדיווידואליזירטער שילדערונג (אלס אזא קומט ער צום אויסדרוק אף א ספעציעלן אויפן). ס׳איז שוין אויך ניט קיין דערשײַנונג, וואָס גילט געוויינלעך אף דער פאָרשטופע אין דער אנטוויקלונג פון דער שפראך, ווען דיִאלעקטאלער נאטוראליזם פלייצט נאָך סטיכיש, „אָנפלאניש״, דורכויס פארשווענקענדיק די ברעגעס פון דער אלגעמיין־ליטערארישער שפראך. ס׳איז די שטופע, ווען עס שיידט זיך שוין גענוג קלאָר אויס די בעהאדראָגע זיך פארייגנטלעכנדיקע ליטערארישע שפראך. נאָר ווײַל די איינהײַטלעכע שפראך האָט נאָך פאָרט געהאלטן „אין ווערן״, האָבן זיך די דיִאלעקטאלע רעסורסן, וואָס האָבן אויך געזאָלט דינען דערצו, געלאָזט זיך נאָך שטארק פילן, צומאָל אויך מיט געוויסע „בײַ־הויצאָעס״, לעגאבע דער פערספעקטיוו פון דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ליטערארישער שפראך.

[1] פון פערעצעס רעצענזיע־ארטיקל וועגן דעם פאָפולער־וויסנשאפטלעכן ביכל „א וועלט מיט וועלטלעך״ (1895 י.).

# כראָניק

## פערעץ־אָוונטן

א גרויסער אָוונט, געווידמעט דעם 50־טן יאָרצײַט פון י.־ל. פערעצן, איז פאָרגעקומען אין ווילנע. אין דער רײַכער קאָנצערט־פראָגראם האָבן זיך באטייליקט אלע קאָלעקטיוון פון דער יִדישער זעלבסטעטיקער קונסט.

דער כאָר (אָנפירער — מ. בלעכאראָוויטש) אונטערן אקאָמפאנעמענט פונעם אָרקעסטער, דיריזשירט פון ס. מעיעראָוויטש, האָט מיטן אָנטייל פון נעכאמע ליפשיצײַטע אויסגעפילט לידער אף פערעצעס טעקסטן. דער דראמאטישער קאָלעקטיוו האָט באוויזן דעם איינאקטער „די שוועסטער״ (רעזשי — ה. שארפשטיין).

א פרישע, מונטערע נאָטע אינעם אָוונט האָט ארײַנגעטראָגן דער יוגנטלעכער טאנץ־קאָלעקטיוו, וועלכער האָט באוויזן א באלעט לויט פערעצעס מאָטיוון (ליברעטאָ — ב. האלפערן, מוזיק — ס. מעיעראָוויטש, טענץ — ב. קעלבויסקאס).

דער קאָנצערט, אף וועלכן עס זײַנען בײַגעווען העכער טויזנט מענטשן, האָט ארויסגערופן גרויס באגײַסטערונג באם עולם.

אפן אנדערן טאָג איז דער אָוונט מיט דער זעלבער פראָגראם איבערגעכאזערט געוואָרן נאָכאמאָל בא א פול־געפאקטן זאל.

צוויי קאָנצערטן פון דער פערעץ־פראָגראם זײַנען דעם 5 און 6 יוני דורכגעפירט געוואָרן אויך אין קאָוונע.

ב. האלפערן

## א נײַ ווערק וועגן די קומראנער אנטדעקונגען

אין פארלאג „נאוקא״ איז דערשינען א נײַ בוך פון אי. אמוסין „די אנטדעקונגען באם יאם־האמעלאך״. דער אקאדעמיקער וו. סטרווע שרײַבט אין ארײַנפיר־ארטיקל, אז דאָ, אין אי. אמוסינס נײַער ארבעט, „ווערן, קוידעמקאָל, באלויכטן די רעזולטאטן פון די אויסגראָבונגען אין די יאָרן 1960—1961, וועלכע דערציילן וועגן דעם העראָישן קאמף פון די פאָלקס־מאסן אונטער דער אָנפירונג פון באר־קאָכבא קעגן דעם יאָך פון דער רוימישער אימפעריע. דער לייענער וועט געפינען אינעם בוך אויך יעדיִעס וועגן די נײַסטע אנטדעקונגען, וועלכע זײַנען סאָף 1963 געמאכט געוואָרן אין דער אור־אלטער פעסטונג מאסאדא״.

## „יִדן אין סאָוועטנפארבאנד״

אזוי הייסט די בראָשור פונעם זשורנאליסט שלוימע ראבינאָוויטש, וועלכע איז דערשינען אינעם פארלאג פון דער פרעסע־אגענטור „נאָוואָסטי״ אין א מאסן־טיראזש.

## ערע זײַן אָנדענק

אין עלטער פון 69 יאָר איז אין באקו געשטאָרבן דער אינזשעניער יאקאָוו אלעקסאנדראָוויטש גינזבורג — אן אלטער באָלשעוויק און אָנגעזעענער קולטור־טוער. דער פארשטאָרבענער איז געווען א לײַדנשאפטלעכער ביכער־זאמלער. עס איז באקאנט זײַן מערקווירדיקע ביבליאָטעק פון פיל טויזנטער אוניקאלע ביכער און קסאוויאדן.

באזונדערס רײַך איז גינזבורגס זאמלונג פון יודאיִק — ווערק וועגן יִדישער געשיכטע, פילאָסאָפיע, פאָלקלאָר. יאקאָוו אלעקסאנדראָוויטש האָט אָפט געהאָלפן אין דער ארבעט פילצאָליקע שרײַבער און וויסנשאפטלער, מיט וועלכע ער האָט געפירט א ברייטע קאָרעספאָנדענץ.

י. גינזבורג האָט איבערגעלאָזט אויך א רײַכע קאָלעקציע פון מוזייאנטיקן און אן אינטערעסאנטע פאָנאָטעק, אין וועלכער עס גייען ארײַן נאָטן און פלאטן פון יִדישער מוזיק, אויסגעפירט דורך באקאנטע זינגער און מוזיקער, פלאטן מיט פארשרײַבענע ארויסטרעטונגען פון בארימטע רעדנער, צווישן זיי לענינס א רעדע וועגן דער פאָגראָם־העצע קעגן יִדן אין צארישן רוסלאנד.

בלעטערנדיק זשורנאלן און צייטונגען

**ד״ר הערשל מייער**

# מענטש און אנטימענטש—די דראמע פון אונדזער עפּאָכע

(וועגן האָכהוטס „דער שטעלפארטרעטער“)

## 1

א פּיעסע, וואָס האָט ארויסגערופן א וועלט־דעבאטע, דעמאָנסטראציעס, געשלעגן. געוויסע רעגירונגען, דערונטער אויך פון יִשׂראל, האָבן געפּרוווט איר פארצוימען דעם וועג צו דער בינע. אין פאריזש האָבן פאשיסטישע עלעמענטן געזוכט צו פּאָגראָמירן דאָס טעאטער. אין ניו־יאָרק האָבן קעגן איר דעמאָנסטרירט מיטגלידער פון דער דאָרטיקער נאצי־פּארטיי. אויך געוויסע בירגערלעכע קרייַזן האָבן זיך געפילט שאָקירט פון דער פּיעסע און זי פייַנטלעך קריטיקירט. זי איז אָבער אומעטום ווארעם אופגענומען געוואָרן פון יִדישע און ניט־יִדישע אנטי־פאשיסטישע קרייַזן און פון די, אין וועמענס הערצער די טראגעדיע פון די אומגעקומענע זעקס מיליאָן יִדן איז טיף איינגעקריצט.

א פּיעסע — א פּאָליטישע געשעעניש און א זעלטנהייַט. נאָך זעלטענער איז עפּשער, אז א ווערק פון א יונגן אומבאקאנטן אווטאָר זאָל זיך דורכברעכן א וועג צו די וועלט־בינעס, טראָץ אלע באמיִונגען פון דער וועלט־רעאקציע צו פארבאָטן אזעלכעס. א סימען, אז דאָ האנדלט זיך וועגן אן ערשטקלאסיק קונסט־ווערק, מיט באצווינגענדיקע סאָציִאלע עמעסן.

דער סיפּער־האמייַסע, לויט דער געקירצטער בינע־ווערסיע:

ריקאַרדאָ פאָנטאנא, א יונגער יעזוִיט, וועמענס פאָטער איז דעם פויפּסטס פינאנציעלער ראטגעבער, געפינט זיך אין אווגוסט 1942 אין דער וואטיקאנער אמבאסאדע אין בערלין. דאָרט רייַסט זיך ארייַן דער לייטענאנט קורט גערשטיין, וועלכער איז ארייַנגעדרונגען אין די ס.ס., קעדיי צו באקעמפן דעם היטלעריזם. ער קומט פון אוישוויץ און טרעבלינקע און פאָדערט פון קארדינאל אָרסעניגא, דעם דעמלטיקן אפּאָסטאָלישן נאָנציִוס אין בערלין, ער זאָל אים אויסהערן און אינפאָרמירן דעם פויפּסט, ווייַל „נאָר זייַן פּראָטעסט איז בעקויעך אָפּצושטעלן דעם טעגלעכן מאָרד פון צענדליקער טויזנטער“. דער נאָנציִוס וויל אָבער דערפון נישט וויסן און טרייַבט אים ארויס.

ריקאַרדאָ ווערט פון דעם אופגעשוידערט. ער פארבינדט זיך געהיים מיט גערשטיינען (וועלכער באהאלט אויך אויס אין זייַן וווינונג דעם יִד יאקאָבסאָן) אף דורכצופירן א ריי מאָסמיטלען, וואָס זאָלן צווינגען דעם פויפּסט צו פּראָטעסטירן. זיי טרעפן זיך מיט א צאָל קארדינאלן, וואָס שטויסן אָבער אָפּ זייערע פאָדערונגען און שטענדיק מיטן אָנווייַז, אז היטלער איז צו נוצלעך פאר דער מייַרעוו־וועלט און פאר איר קאמף קעגן קאָמוניזם, קעדיי מע זאָל אים עפנטלעך קאָמפּראָמעטירן און דערמיט אָפּשוואכן. דעם זעלבן ענטפער באקומט ריקאַרדאָ פון פויפּסט פּיִוס דעם 12־טן, ווען ער פאלט אים צו די פיס און אפּעלירט צו זייַן קריסטלעכער מאָראל און צו זייַן געוויסן. ריקאַרדאָ שטעמפּלט דאן דעם פויפּסט אלס פארברעכער, און שפּילעט אָן אף זיך דעם געלן מאָגן־דאָוויד. ער שליסט זיך אָן אין א גרופּע איטאליענישע יִדן, וואָס ווערן דעפּאָרטירט קיין אוישוויץ, ווו ער קומט אום.

## 2

פון אָט דער שטארק געקירצטער ווערסיע קאָן זיך שאפן דער אייַנדרוק, אז דאָס ווערק איז נאָר אן אָנקלאָגע און באשולדיקונגס־אקט קעגן דעם פויפּסט פּיִוס דעם 12־טן. טייל קריטיקער האָבן אויסגעדריקט געוויסע באוואָרענישן און געפרעגט, צי האָכהוט זוכט דאָ נישט זיך אָפּצורעכענען מיט די קאטאָליקן און אף זייער כעזשבן דעקן אָדער מינימיזירן די פארברעכנס פון זייַן אייגן פאָלק. דאָס איז פאלש. יאָ, דער קאָנפליקט מיטן פויפּסט איז טאקע די אקס, ארום וועלכער די דראמע באוועגט זיך. אָבער אין מער ווי א העלפט פון דער דראמע ווערט געשילדערט ניט דער פויפּסט, נאָר דער פארצעף פון היטלעריזם, די דייַטשיש־פאשיסטישע מאָרד־מאשין, די רור־מאגנאטן און זייערע אינסטרומענטן — די אייכמאנס, הימלערס און פריטשס, ווי אויך א ריי אנדערע פאשיסטישע טיפּן. דער דייַטשישער פאשיסטישער מאָנסטער בלייַבט אין מיטלפונקט פון דער דראמע אפילע אין די טיילן, וועלכע באהאנדלען דעם פויפּסטס געוויסן. האָכהוט אנטפּלעקט מיט אן אויסערגעוויינלעכן רעאליזם, ווי קיינער נישט ביז איצט אין א קונסט־ווערק, דעם סאמע מעהוס פון דער מוירעדיקער און ענדלאָזער דעגענעראציע פון די דייַטשישע פאשיסטן. אין לעצטן און לענגסטן אקט — „אוישוויץ“, ווייַזט ער די דינאמיק און סטרוקטור פונעם פאשיסטישן קאניבאליזם און דערפירט דעם לייענער און צושויער ביז צום טייַוולאָניש־אָפּגרונטיקן, ביז צו די פּייַנען און גרוילן, וואָס שטייַגן אריבער די מענטשלעכע פאָרשטעלונג־קראפט.

„דער שטעלפארטרעטער“ איז א גרויסע דראמאטישע עפּאָפּיי (דער אָריגינאל איז אין פרייַע פּאָעטישע פערזן), א מעכטיק אנטיפאשיסטיש קונסט־ווערק, מיט א גרויסער צאָל שארף־געשטאלטיקטע היסטאָרישע פערסאָנאזשן. די דראמע איז באהויכט מיט א גוואלדיקן פּאטאָס פארן גוירל פון די אומגעקומענע, מיט א ברענענדיקן האס קעגן פאשיזם, מיט א שטורמישער לייַדנשאפט פארן עמעס און מיט א צאָרנדיק־סארדאָנישער פארורטיילונג פון די, וואָס האָבן דעם מאָרד פארשוויגן. דאָס גאנצע ווערק שרייַט ארויס: דער כעזשבן פאר אוישוויץ איז נאָך ווייַט נישט פארענדיקט. מיר מוזן דערגיין ביז די וואָרצלען און אופדעקן אלץ, וואָס האָט דאָס דערמעגלעכט. די פאשיסטן

זייַנען געווען די מערדער, און זייער מישפּעט דאַרף ערשט קומען. אָבער אוישוויץ איז אויך א טייל פון דער מייַרעוו־וועלט ביכלאל, פון איר קולטור, ציוויליזאציע, רעליגיע און פּרעטענציעזער מאָראל. און אויך אף דעם דאַרף ארויסגעטראָגן ווערן דער אורטייל.

דאָס ווערק איז באַגלייט מיט א זעכציקזייַטיקער דאָ־קומענטאציע, וווּ דער אווטאָר באַגרינדעט די היסטאָרישע אאוטענטישקייַט, די רייד און האַנדלונגען פון זייַנע פּער־סאָנאַזשן (פון אַלע, אחוץ ריקאַרדאָ, וועלכער רעפּרעזענ־טירט צוויי דייַטשישע גייַסטלעכע, ליכטענבערג און גרי־בער, וואָס האָבן געפּאָדערט, מע זאָל זיי דעפּאָרטירן מיט די ייִדן). ער באַווייַזט מיט א גרינטלעכער ערודיציע: ערשטנס, אַז די היטלעריסטן האָבן ארויסגעוויזן א גע־וויסע זאָרג און מוירע פאַר דעם מעגלעכן פּראָטעסט מי־צאַד דעם פּויפּסט און פאַר דער אופּרודערונג, וואָס דאָס וועט ברענגען צווישן מיליאָנען קאַטאָליקן; צווייטנס, אַז דער פּויפּסט האָט געוווּסט באַלד פון אָנהייב וועגן די שכיטעס און גאַז־קאַמערן און האָט קיין איין־איינציק מאָל אין זייַנע צאָלרייַכע רעדעס נישט דערמאָנט אפילע דאָס וואָרט „דעפּאָרטאַציע" — אויך נישט דאַן, ווען ס'איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז היטלער וועט די מילכאָמע נישט געווינען; דריטנס, אַז דער פּויפּסט האָט פאַרבאָטן אויך די אַנדערע קאַטוילישע גייַסטלעכע וועגן דעם צו דערמאָנען. דערמיט שטעמפּלט האָכהוט דעם פּויפּסט פּיוס דעם 12־טן אַלס פּאַקטישן פאַרבינדעטן פון היטלערן. ריקאַרדאָ דערקלערט: „א שטעלפאַרטרע־טער פון קריסטוסן, וואָס זעט אַזעלכע זאַכן פאַר זייַנע אויגן און שווייַגט, אפילע איין טאָג אָדער א שאָ, און הייבט נישט אויף זייַן שטים, אַז די וועלט זאָל אופּציטערן, אַזאַ פּויפּסט איז א קרימינעלער פאַרברעכער".

די ווידערשפּרעכלעכע אַרגומענטאַציעס מיצאַד דער קאַטוילישער היִעראַרכיע: „ער האָט געשוויגן אויס מוירע, טאָמער וועט זייַן פּראָטעסט פאַרערגערן די סי־טואַציע" (דאָס הייסט פאַרערגערן די גאַז־קאַמערן!); „ער האָט אין א רעדע דערמאָנט וועגן דער פאַרניכטונג פון הונדערטער טויזנטער מענטשן, ווייַל זיי באַלאַנגען צו א געוויס פאָלק און ראַסע" (אָט די פאַרעווע דערקלערונג איז אָבער אין ערגעץ נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן); „ער האָט געוווּסט, אַז זייַן פּראָטעסט וועט גאָרנישט אופּ־טאָן", — אָט די אַפּאָלאָגיע האָט באַקומען אַן ענטפער פון האָכהוטן אין א פּרעסע־אינטערוויו. די מיינסטנס ייִדן, — האָט ער דערקלערט, — האָבן נישט געוווּסט, אַז מע דעפּאָרטירט זיי אף אומצוברענגען. אויך די ניט־ייִדן האָבן געגלייבט אין היטלערישן ליגן, אַז מע דע־פּאָרטירט די ייִדן ערגעץ אף אַרבעט. דער פּויפּסט האָט אָבער יאָ געוווּסט דעם עמעס, און ער איז געווען דער איינציקער, אין וועמענס וואָרט מיליאָנען האָבן געגלייבט, האַלטנדיק אים פאַר הייליק און נייטראַל. זייַן פּראָטעסט און וואָרענונג וואָלטן געמאַכט אוממעגלעך דעם גלאַטיקן פאַרלויף פון די דעפּאָרטאַציעס און וואָלטן אַזויאַרום געראַטעוועט מאַסן פון טויט. אָבער דער פּויפּסט פּיוס דער 12־טער האָט געטאָן פּונקט דאָס פאַרקערטע: ער האָט געגעבן זייַן האַסקאָמע פאַר דער דעפּאָרטאַציע. דער פרומער פּעטען, צווייפלענדיק, צי דאָס איז אין איינקלאַנג מיט זייַן רעליגיע, האָט אָנגעפרעגט וועגן דעם באַ זייַן וואַטיקאַן־אַמבאַסאַדאָר לעאָן בעראַר, און דער לעצטער האָט אין סעפּטעמבער 1941 אים געענטפערט: „דער וואַ־טיקאַן וועט נישט שאַפן קיין שוועריקייַטן וואָס שייַעך דעם ייִדן־סטאַטוס... דאָס אָנגענומען ספּעציפישע געזעצן קעגן ייִדן איז אין פולן איינקלאַנג מיט די לערעס און טראַדיציעס פון דער קאַטוילישער קירכע".

3

די פּראָפאַשיסטישע שטעלונג פון וואַטיקאַן, די דעצי־דירנדיקע ראָל, וואָס דער קאַטוילישער קלער האָט גע־שפּילט אין בייַערן און ריינלאַנד באַם ברענגען היטלערן צו דער מאַכט, זייַנען קיין נייַס נישט. ווען דער דעמאָלטי־קער שטאַט־סעקרעטאַר פון וואַטיקאַן פּאַטשעלי (שפּעטער דער פּויפּסט פּיוס דער 12־טער) האָט אין 1934 געשלאָסן מיט היטלערן דעם קאָנקאָרדאַט, האָט פּיוס דער 11־טער דערקלערט פאַר היטלערס אויסערן־מיניסטער פאָן פּאַ־פּען: „איך בין צופרידן צו זען אין דער פּערזאָן פון היטלערן א פירער פון דייַטשלאַנד, וואָס וועט אָנפירן א פאַרביטערטן קאַמף קעגן קאָמוניזם און ניהיליזם"[1]. דער וואַטיקאַן האָט נאָכדעם געבענטשט די מערדער פון א מיליאָן שפּאַניער און געגעבן פאַר דעם פראַנקאָן די העכסטע אויסצייכענונג פון דער קירכע. נישטאָ קיין פּאַ־שיסטישער הענקער, — צי דאָס זאָל זייַן א דיעם, באַ־טיסטאַ, טרוכיליאָ, סין מאַן רי, האָרטי, טיסאָ, פּאַוועליטש, צי א סטעפּינאַק, וועמען דער קאַטוילישער קלער האָט נישט געבענטשט. און נישטאָ קיין קאָנטינענט, וווּ ער שטייט נישט אין דינסט פון דער רעאַקציע.

דאָס אַלץ איז דערפאַר, ווייַל די קאַטוילישע קירכע, בעראָש מיטן וואַטיקאַן, איז א מעכטיקע, אומגעהייער פאַרצווייַגטע אַנאָנימע ביזנעס־ און פינאַנץ־אינסטיטוציע. זי פאַרמאָגט מיליאָנען אַקערלאַנד, פאַבריקן, באַנקען, גאַנצע שטעט מיט הייַזער און געשעפטן, פון וועלכע זי ציט אַרויס ריזיקע פּראָפיטן. איר טאָטאַלע אַשירעס ווערט געשעצט אין צענדליקער מיליאַרדן. זי פאַרמאָגט אויך אַקציעס אין די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן און ספּעקולירט דורך אירע אַגענטן אף אַלע וועלט־בערזעס. די קאַטוילישע היִעראַרכיע פאָרמולירט דעריבער איר יעדע פּאָליטישע שטעלונג, האַלטנדיק דאָס אויג אף דעם גאָלדענעם טייַסטער.

האָכהוט איז נישט קיין מאַרקסיסט, אָבער זייַן לייַדנ־שאַפטלעכער הומאַניזם פירט אים צו אילוסטרירן געוויסע מאַרקסיסטישע עמעסן. געלט, אייגנטום, אייגננוץ — אָט אין דעם, ווייַזט האָכהוט, וואָרצלט זיך דעם וואַטיקאַנס טאָפּלטע בוכהאַלטעריע (צדאָקע און פרומע ראַכמאָנעס פאַר די אָרעמע און פולע שוטפעס מיט זייערע הויז־שינדער, הילף אין אויסבאַהאַלטן און ראַטעווען א צאָל ייִדן און צוגלייַך דערמיט קאָלאַבאָראַציע מיטן היטלע־ריזם, גלייַכגילטיקייַט און שווייַגן בענגייע זייַן מאַסן־מאָרד).

אין אַריינפיר צום פערטן אַקט פון האָכהוטס דראַמע, וווּ עס ווערט געשילדערט ריקאַרדאָס קאָנפליקט מיטן פּויפּסט, באַראַט זיך דער לעצטער מיט זייַנע פינאַנציעלע ראַטגעבער. זיי ברענגען אים געלט, און מע רעדט פון גיטער, האַכנאָסעס, אַקציעס, געשעפטן און אויך — אף וועלכע בערזעס צו קויפן אָדער פאַרקויפן. עס דערמאָנט אין דעם קרעפטיקן רעאַליזם פון ברעכטן, וועלכער

---

[1] דער יערלעכער בייַטראָג פון די דייַטשישע קאַטאָליקן צו דער וואַטיקאַן־„פּושקע" האָט דאַן באַטראָפן אַרום א מיליאַרד מאַרק.

פאַרדעקט נישט די פּראָבלעמס פון מאָראַלישער פוילונג אָדער דעגענעראַציע מיט געקינצלטע פּסיכאָלאָגיזמען.

אָט דאָ, — ווײַזט האָכהוט, — איז דער קוואַל פונעם בונד צווישן דעם „הײליק־געטלעכן און דעם טײַוולאָנישן". אַף דעם האָט שוין אָנגעוויזן דער יונגער מאַרקס אין זײַנע ערשטע שריפטן, אין וועלכע ער אַנאַליזירט דעם פּראָצעס פון אַליענאַציע (אַנטפרעמדונג), דאָס הייסט, וויאַזוי די קאַפּיטאַליסטישע סאָציאַלע און פּראָדוציר־באַציִונגען ברענגען מיט זיך גײַסטיקע און מאָראַלישע צעפוילונג.

דער פּויפּסט פּיוס דער 12־טער, — באַווײַזט האָכהוט, — איז נישט געווען קיין וואַקלדיקער מענטש מיט מאָראַלישע קאָנפליקטן, נאָר א שטאַרקער, פעסט־איבערצײַגטער קלאַסן־באַוווסטזיניקער „שטעלפאַרטרעטער", וואָס האָט געוווסט, אין וואָס זײַן קלאַס נייטיקט זיך, — אין דער פאַרניכטונג פון קאָמוניזם. און דאָס האָט באַשטימט זײַן קאַלטן ציניזם און אַבסאָליוטע געפילאָזיקײַט צום גורל פון מיליאָנען. ריקאַרדאָס יעדער אַפּעל, וואָס ווײַזט אָן אַפן גרויל פון אוישוויץ און טרעבלינקע, ווערט פון דעם פּויפּסט און זײַנע קאַרדינאַלן שטענדיק אָפּגעשטויסן אונטערן אויסרייד, אַז „אונדזער פּראָטעסט וועט דינען דעם קאָמוניזם". זיי אידענטיפיצירן זיך, עמעס, נישט מיט היטלערס מאָרד־מאַשין, אָבער זיי ווײַזן קעסיידער אָן, אַז דאָס איז דער איינציקער אינסטרומענט, וואָס קאָן „ראַטעווען די מײַרעוו־וועלט". דערמיט באַווײַזט די פּיעסע „דער שטעלפאַרטרעטער", אַז די גרעסטע ליגנס און פאַרברעכנס פון אונדזער עפּאָכע מאַסקירן זיך אונטערן צודעק פון אַנטיקאָמוניזם. קיין נאָפּקעמינע נישט, ווען מע מאָרדעט — ייִדן, רוסן צי פּאָליאַקן (דער פּויפּסט האָט אויך נישט פּראָטעסטירט קעגן מאָרד פון דער פוילישער קאַטוילישער אינטעליגענץ און פון אַנצאָליקע גאַלאָכים), וויעטנאַמער צי שפּאַניער, נעגער צי אַלזשיריאַנער. אויב עס דינט נאָר דעם אַנטיקאָמוניזם, דאַרף מען שווײַגן.

4

„פאַרוואָס שווײַגט די וועלט?" — פרעגט רינגעלבלום אָפּט אין זײַן טאָגבוך. אין לאָנדאָן און אין וואַשינגטאָן האָט מען אויסבאַהאַלטן די ידיִעס וועגן היטלערישן ייִדן־מאָרד, — ווײַזט אָן הענרי מאָרגענטוי (מיניסטער אין רוזוועלטס קאַבינעט) אין זײַנע מעמואַרן: דאָס וואָלט דאָך אויפגערודערט די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אין אַמעריקע און וואָלט געשטאַרקט די קאָמוניסטישע קאַמפּאַניע פאַר א באַלדיקן צווייטן פראָנט. האָכהוטס מעכטיקער אויסגעשריי, אַז מיטן שווײַגן, ווען מע דאַרף שרײַען, מיטן נישט־קימערן זיך, ווען מע מאָרדעט, ווערט מען א שותּף צום מערדער — האָט דעריבער אויך געטראָפן אין נערוואַלגישן פּונקט פון דער בורזשואַזיע און אירע בירגערלעכע פאַרבינדעטע. „דער פּויפּסט — דאָס זײַנען מיר", — האָבן זיי באַלד פאַרשטאַנען. עס האָט זיי דערמאָנט אין זייער נעכטיקן „בעסער היטלער, איידער דער פאָלקס־פראָנט", אין זייער הײַנטיקער שטיצע פאַרן פאַשיזם, אין זייער אינטימען שײַכעס צו אַלע שכיטעס פון דעם יאָרהונדערט. האָכהוט רײַסט אַרונטער זייער מאַסקע. דעריבער איז זײַן פּיעסע אויך א וואָרענונג פאַר הײַנט.

אויפדעקן די היסטאָרישעווירקלעכקײַט, זאָגן דעם עמעס אָדער פאַרשווײַגן? אויך די וואָרטזאָגער פון דער ייִדישער בורזשואַזיע און אירע בירגערלעכע אַנטיקאָמוניסטישע קרײַזן האָבן זיך געפונען פאַר אָט דער דילעמע.

נישט אַנטיסעמיטיזם, נאָר אַנטיקאָמוניזם האָט דעטערמינירט דעם פאַראַט פון פּויפּסט. דערפון שטאַמט אָט די גוואַלדיקע עמפּינדלעכקײַט פון דער ייִדישער רעאַקציע לעגאַבע דער רעפּוטאַציע פון פּיוס דעם 12־טן, איר אייפעריקע פאַרטיידיקונג פון אָט דעם היטלער־קאָלאַבאָראַטאָר. אין אַמעריקע ענטפערט די קאַטוילישע היִעראַרכיע אַף האָכהוטס אָנקלאָגע מיט א פּאַמפלעט, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פון דער דאָרטיקער גרויסער ייִדישער אָרגאַניזאַציע בניי־ברית. אין דעם פּאַמפלעט ווערן ציטירט די לויבגעזאַנגען פאַר פּיוס דעם 12־טן מיצאַד א ריי ציִעניסטישע און ייִסראָעל־פירער.

דער אַנטיקאָמוניזם פירט צו כאַווערשאַפט מיט די קרעמאַטאָריע־בויער, מיט די יעניקע אין באָן און אַנדערשוו, וואָס פיבערן מיט האַס און מילכאָמע־צוגרייטונגען.

5

אין ליכט פון דעם אַלעם קאָן מען פרעגן: צי האָט דער היטלערישער מאָרד פון זעקס מיליאָן ייִדן פאַרגעשטעלט מיט זיך נאָר און נישט מער ווי אַן אַקט פון בעסטיִאַלישן אַנטיסעמיטישן ראַסיזם? אַזוי ווערט עס געוויינלעך געשילדערט. דאָס איז אָבער נישט ריכטיק, ווײַל נישטאָ פאַר דעם קיין שום געשיכטלעכע פּאַראַלעל. אַנטיסעמיטיזם האָט געפירט צו פּאָגראָמען, שכיטעס, וועלכע האָבן דערגרייכט א געוויסן קלימאַקס און באַלד אויפגעהערט. אונטער דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָבן די, וואָס האָבן געביטן זייער גלויבן, זיך געקאָנט ראַטעווען. א סאַך האָבן זיך געקאָנט אויסקויפן מיט געלט און עמיגרירן. אין מיזרעך, ווי אין מײַרעוו, האָבן ייִדישע ייִשוּווים, טראָץ אַלע נעגישעס און רעדיפעס, מילכאָמעס, גיירושים און פּאָגראָמען, זיך אַנטוויקלט, פאַרפעסטיקט און פאַרמערט. ביז דער דײַטשיש־פאַשיסטישער הערשאַפט האָט קיין שום מאַכט אָדער רעגירונג נישט געפּלאַנט און ניט דורכגעפירט קיין סיסטעמאַטישע, אַף יאָרן אויסקאַלקולירטע אויסמאָרדונג פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, אָנהייבנדיק פון אייפעלעך און ביז זקיינים.

די עקזיסטענץ פון אַלע קלאַסן־געזעלשאַפטן האָט געפאָדערט א געוויסע מאָס ראַסיזם, פעלקער־סינע, פאַרפאָלגונגען, רעציכעס. די טענדענץ צו אומבאַגרענעצטן מאַסן־מאָרד דערשײַנט אָבער מיטן אָנקום פון פאַשיזם. און נישט ווײַל די ראַסיסטן האָבן זיך דערוואָרבן א מעכטיקערע מאָרד־טעכניק. ביז דער דערמאָנטער עפּאָכע האָט ראַסיזם געדינט אַף צו פאַרשקלאַפן פעלקער און נישט אַף זיי טאָטאַל צו פאַרניכטן. דער ציל פון פעלקער־פאַרניכטונג קומט ערשט נאָך דער פאַרבינדונג פון ראַסיזם מיטן בעסטיִאַלישן אַנטיקאָמוניזם — א פאַרבינדונג, פון וועלכער דער דײַטשישער פאַשיזם איז ביז איצט געווען דער העכסטער אויסדרוק. דערבײַ דאַרף מען געדענקען, אַז פאַר די היטלעריסטן איז די אויסראָטונג פון ייִדן, ציגײַנער און קאָמוניסטן געווען די פּרעליודיע פאַר א פיל ברייטערער פּראָגראַם. ווי זייערע אַרכיוודאָקומענטן באַווײַזן, האָבן זיי שוין געהאַט פּאַרטיקע פּלענער אַף אויסצומאָרדן דאָס גאַנצע טשעכישע פאָלק, דעם גרעסטן טייל פון דער פּוילישער, ווײַסרוסישער באַפעלקערונג אאַ.

מיטן אַרײַנטריט פון קאַפּיטאַליזם אין זײַן אימפּעריִאַליסטישער פאַזע הייבט אָן דער ראַסיזם דינען דער רע־

אקציע ווי אן אַפּוועך־מיטל קעגן דער וואקסנדיקער מארקסיסטישער ארבעטער־באוועגונג. ער צילט צו פארקערעווען דעם סאָציאַלן פּראָטעסט אף רעלסן, וואָס באַדראָען נישט דעם קאַפּיטאַל. אלע פאָרגייער פון דער היטלערישער אידעאָלאָגיע, ווי ניצשע, גאָבינאָ, לאגארד, יוסטאָן טשעמבערלין, שפּענגלער אא., האָבן דעפינירט דעם קלאסן־קאמף ווי א קאמף אף טויט און לעבן צווישן די העכערע און נידעריקערע ראסן.

6

די פּראָבלעם, וואָס מע דארף אויספאָרשן און זיך דערגרונטעווען, איז אזא: מיט וואָס אונטערשיידן זיך מענטשן פון אזעלכע ברוים, ווי די אייכמאנס און הימלערס, אקעגן וועלכע א כיַיע איז אן אומשולדיק באשעפעניש. דאָ האנדלט זיך וועגן דעם, אז מענטש דעגענערירט נישט צו כיַיע, אָדער צו בעסטיע, אָדער צו אומענטש, נאָר צו א פיל געפערלעכער בריִע — צו אנטימענטש, צו דער פולשטענדיקער נעגאציע פון מענטש אלס אזעלכן.

דאָס מענטשלעכע, ווי פיַיערבאך האָט עס אָנגעוויזן און ווי מארקס האָט עס שפּעטער וויַיטער אנטוויקלט, ליגט אין דער ספּעציפישקיַיט פון זיַין באוווסטזיַין, אין זיַין באַנעם און געפיל, אז „מענטש איז פאקטיש — גליַיכציַיטיק איך און דו; ער קען זיך פאָרזעצן און אריַינדרינגען איַנעם צושטאנד פון צווייטן מענטשן“. און ער פירט אויס, אז „ער ווערט ערשט מענטש אין זיַינע באציִונגען צום צווייטן“. אין טאָך מיינט עס: די פייִקיַיט צו דערפילן יענעמס פרייד אָדער ווייטעק. מארקס וויַיזט, וויִאזוי די סאָציִאַל־עקאָנאָמישע באציִונגען באם קאפּיטאליזם מוזן פירן צו דער בעהאדראָגעדיקער קאָרופּציע, דעהומאניזאַציע און דעגענעראציע פון דעם אייגנארטיק־מענטשלעכן. די אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם צום פאשיזם, דער היסטאָרישער ביַישפּיל פון דער פולשטענדיקער פאשיסטישער דעהומאניזאציע האָט באשטעטיקט מארקס׳ פאָרויסזאָגונג און אנאליז. די דיַיטשישע פאשיסטן האָבן פארלוירן יעדע אסאָציִאציע מיטן מענטשלעכן מין („זיי האָבן באַנאכט נישט געקענט שלאָפן, אויב זיי האָבן באטאָג נישט געמאָרדעט א געוויסע צאָל פרויען און קינדער“, — האָט אפן פראנקפורטער פּראָצעס איידעס געזאָגט דער מעדיקער אָטאָ וואָלק, געוועזענער אוישוויץ־געפאנגענער).

אויך דאָ ווירקט דער אלגעמיין גילטיקער געזעץ — קוואנטיטעט גייט אריבער אין קוואליטעט. עס אנטשטייט א בריִע, וואָס איז נישט סטאם קרימינעל, נאָר דער פּאָליארער קעגנזאַץ פון מענטש, אָדער אנטימענטש. ווי געזאָגט, איז עס נישט קיין צופאל, נאָר דער רעזולטאט פון א באשטימטער קריסטאליזאציע פון צוויי היסטאָרישע קויכעס — פון לעבן און פון אנטילעבן. היַינט שטעלט מיט זיך פאָר דער פּאָליוס פון אנטילעבן די פּאָכער מיט דער טיַיוול־באָמבע, דאָס הייסט יענע סאָציִאַלע פאָרמאציע, וועלכע איז גרייט אומצוברענגען הונדערטער מיליאָנען דורך „באוועגלעכע קרעמאטאָריעס“, קעדיי אָפּצושטעלן דעם פאָרויסגאנג פון דער געשיכטע, דעם אופשטיַיג פון וועלט־סאָציִאליזם.

האָכהוט וויַיזט די פארבינדונג צווישן אוישוויץ מיט דיסעלדאָרף, מיט די קעסלען און מאָטאָרן פון די רור־אינדוסטריעס, מיט קרופּ, סימענס, בונאָ, פאָן באָלען און אי. ג. פארבען און זייער אומגעזעטיקטן הונגער נאָך בלוט און פּראָפיטן. פריִער טרעפן מיר זיי אין זייערע קלובן, ווו זיי דיסקוטירן וועגן אינוועסטיציעס אין מיזרעך און וויִאזוי צו לייזן די פּראָבלעם פון טייטן טעגלעך הונדערטער טויזנטער יִידן און קאָמוניסטן. אין לעצטן אקט טרעפן מיר זייערע פארטרעטער אין אוישוויץ: דעם באראָן רוטא, א רור־אריסטאָקראט, און דעם אינזשעניער מילער־סאלע, וועלכע פארטרעטן די קרופּ־פירמע; דעם יוריסט פּריטשע, וועלכער „קליַיבט אָפּ“ פאר די גאז־קאַמערן די אויסגענוצטע געפאנגענע, וואָס ארבעטן פאר אי. ג. פארבען („אין 1960, — באמערקט האָכהוט, — איז פּריטשע א ראטגעבער אין א מיַירעוו־דיַיטשישן געריכט“!); „פרוילן“ העלגא, וועמענס מאן ארבעט בא די קרעמאטאָריעס, און איר „געליבטן“, דעם דאָקטער, וועלכער איז דער שעף פון דער סעלעקציע, דער, וואָס באַשטימט, וויפל מע זאָל טעגלעך אומברענגען. זיי זיצן אין א ביוראָ לעבן די קרעמאטאָריעס, טרינקען געמיטלעך קאָפע, וויצלען זיך וועגן פרויען, וועגן דעפּאָרטירטע און שליסן קאָנטראקטן (אין א באמערקונג פארן בינע־רעזשיסער באטאָנט האָכהוט, אז זיי אלע מוזן ארויסוויַיזן „א טאָטאלע קאלטקיַיט צו אלץ, וואָס לעבט“).

איינער פון די באדיַיטנדיקסטע אספּעקטן פון האָכהוטס פּיעסע באשטייט אין דער פארטיפטער רעאליסטישער שילדערונג פון דער מאָנסטערהאפטער פסיכיק פון די דיַיטשישע פאשיסטן. זי וויַיזט נישט בלויז זייער אומענדלעכע ברוטאליטעט, נאָר אויך דעם געדאנקלעכן מעכאניזם, די אידעאָלאָגיע, פון וועלכער זיי זיַינען געווען די קאָנסעקווענץ. די פּערסאָנאזשן זיַינען נישט קיין געוויינלעכע סאטראפּן אָדער ספּעציִעל אויסגעכאָוועטע בלינדפאנאטישע מערדער. היטלערס קאדרען זיַינען נישט באַשטאנען פון א כאָפּטע מאָרפיניסטן, האָמאָסעקסואליסטן אָדער פּאָשעטע סאדיסטן, ווי געוויסע בירגערלעכע שריַיבער האָבן זיי געפּרוּווט פאָרשטעלן. האָכהוט זאָגט דעם עמעס: זיי זיַינען צומיינסטן געווען אוניווערסיטעט־געבילדעטע, אינטעלעקטואלן מיט א באגאזש פון וויסן און קונסט.

„הימלערס שעף פון די ס.ס.־איינזאץ־טרופּן, אָטאָ אלענדאָרף, דער מערדער פון 90 טויזנט יִידן, איז געווען אן אוניווערסיטעט־דיפּלאָמירטער, גאלאנט, העפלעך, שיינרעדעוודיק. פראנץ סיקס, אן אנדער ס.ס.־מערדער, איז געווען א דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע, און פּאָל בלאבעל, דער מערדער פון באבי־יאר — א דיפּלאָמירטער אַרכיטעקטאָר“[1].

פּראָפעסאָר הירט, וועלכער זאמלט מויעך־סקעלעטן פון יִידישע און רוסישע קאָמוניסטן און פון צווילינגען, איז אן אנטראָפּאָלאָג, א קענער פון געשיכטע, מוזיק און קאַטעדראלן־קונסט. דאָס גליַיכן זיַין אסיסטענט ד״ר לוטקע.

אין צענטער פון דעם אוישוויץ־טייל פון דער דראמע שטייט דער נאָמענלאָזער „דאָקטאָר“. ער איז באהאוונט אין וויסנשאפט, קונסט, ליטעראטור, פילאָסאָפיע. ער ציטירט פריַי לוטערן, סענט טאָמאסן, ניצשען, סטענדאלן, פּרוסטן, באלזאקן און אלערליי שפּריכווערטער אין לאַטיַין. ער איז „העפלעך, ציוויליזירט“. ער פרעגט, ליבלעך־שמייכלענדיק, די געפּיַיניקטע, וועלכע מע לאָדט אויס פון די וואגאָנען באם אָנקום אין אוישוויץ, צי זיי פילן זיך מיד אָדער נישט־געזונט, און שיקט די, וואָס ענטפערן אף יאָ, צו די גאז־קאמערן. „די פאמיליע, מיט וועלכער דו ביסט ערשט געקומען פון איטאליע, וועט באלד פאַרגאזט ווערן, און איך וועל זיַין דאן אין בעט מיט מיַין געליבטער“, — בארימט ער זיך פאר ריקארדאָ. ער צווינגט

[1] פון די מעמוארן פון פּאָל מוסמאנאָ, א ריכטער באם נירנבערגער פּראָצעס.

ריקארדאָן צו ארבעטן בא די קרעמאטאָריעס, קעדיי אים צו „באוויַיזן", אז ס׳איז נישטאָ קיין גאָט. ער וויל דאפקע באצווינגען א ייִדישע פרוי, בייס ער זאָגט איר אָן, אז ער האָט ערשט געלאָזט פארברענען אירע קינדער. ער צאפּלט מיט פרייד באם אָנבליק פון מאכנעס קינדער אפן וועג צו די גאז־קאמערן. ער טאנצט, ווען די קרעמאטאָריע־פלאמען שטיַיגן אלץ העכער.

אין דער לעצטער סצענע דערשיסט „דער דאָקטער" אן איטאליעניש מיידל, וואָס האָט געארבעט אין זיַין ביוראָ, בלויז פארן אויסברעכן אין א געוויין, בייס ער לאָזט איר וויסן, אז ער האָט אומגעבראכט איר כאָסן. גערשטיין, ריקארדאָ און דער ייִד יאקאָבסאָן (וועמען זיי האָבן גע־פרוווט ארויסשמוגלען), אלע שוין פארורטיילטע, שטייען דערביַי. ריקארדאָ פרוווט דערהארגענען „דעם דאָקטער", אָבער ער ווערט שטערבלעך פארוווּנדעט פון אן ס.ס.־מאן. ווען מע טראָגט אים ארויס א האלב־לעבעדיקן צו דער קרעמאטאָריע, גייט אוועק „דער דאָקטער" א צופרידענער, און מיט א בוך אונטערן אָרעם, צו העלגא, זיַין „געליבטער". די דראמע פארענדיקט זיך מיט א קאָל, וואָס גיט איבער זאצן פון א בריוו, וועלכן פאָן וויַיצעקער האָט געשריבן צו היטלערן דעם 28 אָקטאָבער 1943 פון רוים: „דער פויפסט, האגאם מע האָט אינטערוועגירט בא אים פון פארשייַדענע זיַיטן, וועט נישט פראָטעסטירן קעגן דער דעפּאָרטאציע פון די ייִדן". צום סאָף זאָגט די שטים: „דערנאָך איז די טעגלעכע ראטע פון אומקום אין די קרעמאטאָריעס געשטיגן ביזן העכסטן פונקט — ביז די לעצטע געפאנגענע אין אוישוויץ זיַינען באפריַיט געוואָרן פון דער רוסישער ארמיי".

7

סיַי מענטש, סיַי אנטימענטש אנטשטייען נישט אוטאָ־מאטיש פון די געגעבענע עקאָנאָמישע אומשטענדן. זשאָליאָ קיוריס און גאבריעל פעריס און, לעהאוודל, הימלערס אָדער היטלערס זיַינען אויך פראָדוקטן פון פארשיידענע גיַיסטיקע אטמאָספערעס. נאטירלעך, שאפט דער קאפיטאליזם באדינגונגען, וואָס מאכן מענטשן זינקען אף ארונטער, און דערפון — געוויסע פאָרמען פון סאָציאַלער דעגענעראציע, וואקסנדיקער קרימינאליטעט, מאָראלישער אטראָפיע אאוו. קעדיי אָבער צו פארוואנדלען מענטשן אין זייער אבסאָליוטן קעגנזאץ, אין אנטימענטש, פאָדערט זיך אן אָרגאניזירטע, צילבאוווּסטזיניקע און לאנגיאָריקע דערציִונג אף דער באזע פון א געוויסער איראציאָנעלער „פילאָסאָפיע" אָדער „וועלט־אָנשויונג". דער „דאָקטער" און די אנצאָליקע ענלעכע דיַיטשישע „אינטעלעקטואלן" זיַינען נישט אויסגעוואקסן אָדער דערצויגן געוואָרן בלויז פון היטלעריזם. זיי זיַינען געפורעמט געוואָרן פון דער דעקאדענטישער בירגערלעכער קולטור פון דעם פאר־היטלער־פעריאָד — די קולטור פון ניהיליזם, די ליטעראטור פון סעקסואליטעט, די קונסט, אין וועלכער מענטש איז א מילב, אן אבסטראקציע — אָט די קולטור, וואָס ווערט אומעטום געפלעגט דורך די מאָנאָפּאָלן אף צו טייטן דעם געפיל און דעם געוויסן.

די אידעאָלאָגישע באזע פאר אָט דער דעקאדענטישער קולטור האָבן געלייגט די פילאָסאָפן פון איראציאָנאליזם, וועלכער אנטוויקלט זיך אין XIX יאָרהונדערט. זיַינע הויפט־פּאָסטולאטן זיַינען: נישטאָ קיין אָביעקטיווע עמעסן; דאָס, וואָס מיר רופן אָביעקטיווע ווירקלעכקיַיט, איז אן אילוזיע. דער עצם טאָך פון זאכן איז אומדערקענבאר. נישט די וויסנשאפטלעכע פאָרשונג און די סייכלדיקיַיט, נאָר די אינערלעכע אינטויציע, דאָס אינסטינקטיוו־דערפילטע אָדער דורכגעלעבטע גיט אונדז די מאָס און באוווּרטיקט פאר אונדז דאָס, וואָס איז גוט אָדער שלעכט, עמעס אָדער פאלש, די לערעס פון זיַינע ערשטע פאָרשטייער, ווי שאָפּענהויער (וועמענס בלינדער ווילן איז געוואָרן ניצשעס ווילן צו מאכט) אָדער קירקעגארד (דער „פאָטער" פון עקזיסטענציאַליזם, וואָס אייניקע טאלמידים זיַינע, ווי היידעגער, זיַינען שפעטער צוגעשטאנען צום היטלעריזם), זיַינען געווען געריכטעט קעגן די ראציאָנאַליסטישע אידייען פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע, קעגן די לערעס פון העגעל, אז נאטור, מענטש און געשיכטע אנטוויקלען זיך לויט דערקענבארע אָביעקטיווע דיאַלעקטישע געזעצן. באם סאָף פון XIX און אָנהייב XX יאָרהונדערט, מיט דער פארשארפונג פון קלאסן־קאמף און וווּקס פון מארקסיסטישע אידייען, ווערט אָט דער איראציאָנעלער שטראָם אלץ ברודיקער. עס באוויַיזן זיך א גאנצע ריי פילאָסאָפן, שריַיבער, סאָציאָלאָגן, וואָס פריידיקן דעם „באנקראָט פון סייכל", דעם פרימאט פון דעם בלינדן, פרימיטיוון, די מיסטיק פון בלוט און ראסע, די אלמעכטיקיַיט פון דער עליטע, די ווערטלאָזיקיַיט און מינדערווערטיקיַיט פון די פאָלקס־מאסן און אזוי וויַיטער.

נישטאָ קיין איין אספעקט פון דער היטלערישער אידעאָלאָגיע (אין אלפרעד ראָזענבערגס „מיטאָס פון XX יאָרהונדערט", צי אין היטלערס „מיַין קאמף"), וואָס איז שוין מיט יאָרן פריִער נישט אנטוויקלט און פראָפּאגאנדירט געוואָרן פון פירנדיקע בירגערלעכע דיַיטשישע אינטעלעקטואלן. דער אפּאָסטאָל פון איראציאָנאליזם, פרידריך ניצשע, איז פאקטיש געווען דער אידעאָלאָג פון פאשיסטישן אנטיקאָמוניזם און האָט אפילע צוגעגרייט פארן היטלעריזם די פעדאגאָגיק פאר מאסן־מאָרד. עטלעכע טיפישע ציטאטן: „די שוואכע, די קראנקע, די נישט־געראָטענע, די לײַדנדיקע דארפן אונטערגיין. די היילונג פון מענטשן פון זיַין קולטור איז דורך בארבאריזם... און וואָס איז דער אויסוועג? עס פאָדערט זיך א נײַער טעראָריזם"[1] (פופציק יאָר שפעטער דערקלערט היטלער צו רוישנינגן: „זיי באטראכטן אונדז אלס בארבארן... יאָ, מיר זיַינען בארבארן. דאָס איז א בעקאָוועדיקע באצייכענונג. מיר וועלן די וועלט צוריק יונג מאכן"[2]. קימאט וואָרט פאר וואָרט ניצשע).

דער ניצשעאנישער איראציאָנאליזם און עקזיסטענציאַליזם האָבן געשאפן אן אידעאָלאָגישן ארסענאל צו באַרעכטיקן יעדע געוויסנלאָזיקיַיט און עקסטרעמען עגאָיִזם. אף אָט דער באזע אנטשטייען אין דער קונסט און ליטעראטור א ריי דעקאדענטישע ריכטונגען, וועלכע באַטאָנען ניהיליזם, פעסימיזם, אמאָראליזם און דאָס ענג־אינדיווידועלע קעגן דעם סאָציאַלן. זיי פרעטענדירן אף א טיפערן, מער טראגיש־גוירלדיקן ארײַנבליק אין מענטש און לעבן, איידער דער, לויט זייער מיינונג, אויבערפלעכלעכער אָפּטימיסטישער מארקסיזם. זיי פארנעמען זיך געוויינלעך מיטן קרענקלעך־אנאָרמאלן, מיט דעם, וואָס פוילט און דעגענערירט, מיטן זיך אויסלעבן פונעם אינסטינקטיוו־כיַיִשן און אָן שום אָנוויַיז, אז מענטש איז און קאָן זיַין אנדערש. דאָס טיַיערסטע איז בא זיי די מיסטיק פון נעכטן, דאָס העסלעכסטע — דער אופגאנג פונעם מאָרגן. מענטש ווערט אבסטראקציע, זיַין לעבן —

[1] פרידריך ניצשע. געזאמלטע ווערק, באנד 14, דיַיטשישע אויסגאבע.

[2] הערמאן רוישנינג. געשפרעכן מיט היטלערן. 1940.

זינלאָז און ווערטלאָז, די מאסן — בלינדע מוראשקעס, וואָס דרייען זיך אין א גאלגל־האכויזערי[1].

אָט די קונסט און ליטעראטור ווערט באזונדערס פאָפולער אין פעריאָד פון נאָך דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. די בורזשואזיע שטיצט און מאכט א ווארע פאר אָט דער דעקאדענץ. צו די מאסן דערגרייכט עס אין דער פאָרם פון אלערליי געפיל־אָפטייטנדיקע, ברוטאליזירנדיקע קולטור־פראָדוקטן. עס בארעכטיקט דעם עקסטרעמען עגאָיזם, פאראליזירט דעם אינטערעס פאר סאָציאלע פראגן און העלפט שאפן א שטיינערנע וואנט פון גלייַכגילט צום גורל פון דער געזעלשאפט.

8

דער קאמף קעגן מאָנסטער און זייַן קולטור איז נאָך ווייַט נישט פארענדיקט. אי. ג. פארבען פראָדוצירט שוין הייַנט פיל מעכטיקערע טויט־גאזן, ווי דעם „ציקלאָן ב". קרופ און סימענס פארמאָגן שוין אלץ אף צו פאבריצירן אטאָם־באָמבעס. ריזיקע לאבאָראטאָריעס מיט הונדערטער געלערנטע ארבעטן אף ווירוסן און גיפטן, וואָס מיט עטלעכע גראם פון זיי וועט מען קענען „שטילערהייט" אומברענגען מיליאָנען. דעם פענטאגאָנס וויסנשאפטס־לייַט מעסטן אָן פאר דער וועלט קעסיידער נייַע טאכריכים. טויזנטער טייַוול־באָמבעס זייַנען גרייט מיט פארטיק־צוגעגרייטע פליענדיקע קרעמאטאָריעס. און אין צענטער שטייט נאָך אלץ דער נישט־פארענדיקטער כעזשבן מיטן דייַטשישן פאשיזם, דער ווידער־אופבוי פון זייַנע מיליטערישע קאדרען מיט זייערע צוגרייטונגען צו א נייַער בלוט־וואקכאנאליע. בערטראַן ראסעל פרעגט: „ווי קאָן מען פארשטיין די מענטאליטעט פון די יעניקע, וואָס פלאנעווען רויִק, אריפמעטיש דעם אומבאשרייַבלעכן כורבן פון דער וועלט?". דאָס איז אָבער נישט די מענטאליטעט פון מענטש, נאָר פון אנטי־מענטש, א פראָדוקט פון אימפעריאליזם און זייַן קולטור, און אלס אזעלכער איז ער פולקום פארשטענדלעך.

דער גראנגל צווישן די טויט־ און לעבנס־פרינציפן שפיגלט זיך אָפּ אף אלע קולטור־געביטן. די מאָנאָפּאָלן קולטיווירן צומערסטנס דאָס, וואָס ווירקט גייַסטיק און מאָראליש דערנידעריקנדיק. זייערע קולטור־פאבריקן ארבעטן אף צו אטראָפירן געפילן. מע אקצענטירט אין דער ליטעראטור און פילאָסאָפיע ייִעש, פארצווייפלונג, ניהיליזם, ברוטאליטעט און קאצן־יאָמערישן פעסימיזם. די רעאקציע לייגט גרויסע האָפענונגען און גיט אויס מיליאָנען פאר דער פארשפרייטונג פון אירע דעקאדענטישע „קולטור"־פראָדוקטן. זי דערווארט אָנצושטעקן מיט דעם אויך די סאָציאליסטישע לענדער, באזונדערס זייער יוגנט. זי פארשפרייט אומעטום דעם סופער־מאָדערנעם אבסטראקציאָניזם, די קונסט און ליטעראטור, וואָס מייַדט אויס יעדע עטישע אָדער סאָציאל־אידייִשע אינהאלטלעכקייַט.

---

[1] א דרייענדיקע ראָד.

עס עקלט איר פון מענטשלעכן פאָנעם און געשטאלט און פון אלץ, וואָס דערמאָנט און באווערטיקט די גוווּרע און דעם זין פון לעבן. אנטי־לעבן פילט אינסטינקטיוו די נייטיקייַט צו פארקריפלען דאָס מענטשלעכע, רעדוצירן עס צו א קאריקאטור, צו א זינלאָזער פאטשקערייַ.

די מוטיקע מאָראלישע פאסיע פון האָכהוטס „דער שטעלפארטרעטער" האָט ארויסגערופן א געוויסן כעזשבן־האנעפעש בא א צאָל שרייַבער. „ראָלף האָכהוטס פיעסע, — שרייַבט פיליפ סופא, — האָט מיך געצוווּנגען זיך צו פארטראכטן. זי האָט מיר געוויזן, וואָס איך דארף טאָן. יאָ, זי דארף דינען ווי א בייַשפּיל פאר א סאך אנדערע שרייַבער. אן אומבאקאנטער 33־יאָריקער שרייַבער־היסטאָריקער האָט שטודירט דעם אקטן־טאש פון פויפּסט און געעפנט די אויגן פון מיליאָנען אפן שווינדל פון דער קאטוילישער קירכע. עס האָט מיך איבערצייַגט, אז אן ערלעכער, ערנסטער מענטש און שרייַבער קאָן זיך פארמעסטן און בייַקומען אזא מעכטיקע וועלט־אינסטיטוציע, ווי די קאטוילישע קירכע"[1].

קונסט קאָן פורעמען די פסיכיק פון מענטשן פאר גוטס און פאר שלעכטס. קיינמאָל האָבן געפילן און אידייען נישט געשפילט אזא ראָל, ווי הייַנט. צי ער אנערקענט עס, צי נישט, איז דער קינסטלער א מיטפאראנטוואָרטלעכער פאר דער אנטוויקלונג פון א געגעבענער סאָציאלער אטמאָספער. און מיר האָבן דאָס רעכט אים דאָס צו דערמאָנען.

דערמאָנען אין די מאָנומענטאלע דראמעס פון אונדזער עפּאָכע מיט זייערע טיטאנישע ווידערשפּרוכן און פראָבלעמען, וואָס ווארטן אף זייער קינסטלערישן טיקן און וועמענס העלדן און אנטיהעלדן פארקערפּערן אזעלכע טהוימיקע קעגנזאצן: פון די קאסטראָס ביז די באטיסטאס, פון די כוליאָן גרימאאָס ביז די פראנקאָס, פון די כאָ שי מינס ביז די דיעמס און מאקנאמארעס, פון די פּאָלינגס און ראסעלס ביז די דאלעסעס, גאָלדוואָטערס און עדוואר טיילערס, פון די לומומבעס ביז די טשאָמבעס, פון די מארטאָן סאָבעלס און יוליוס — עטל ראָזענבערגס ביז די עליטשערס און די גרינשטיינס, און פון די לעוואַרטאָווסקיס און אנילעוויטשעס ביז די קאפּאָס און יודנראטלער.

אן עפּאָכע פון ריזיקן פארמעסט צווישן מענטש און מאָנסטער — אנטי־מענטש. יאָ, אן עפּאָכע, וואָס וועט קיינמאָל מער אין דער צוקונפט נישט האָבן איר גלייַכן. ווי איז מעגלעך נישט צו דערהערן איר מעכטיקן פּולס און איר טראָט און זיך באגראָבן אין קיניגרייַך פון „איך"? אויך פון דעם קומט דאָס שווייַגן לעגאבע פארברעכן, דאָס פארברעכן פון שווייַגן, קעגן וועלכער עס צאָרנט האָכהוטס פיעסע.

---

[1] פיליפ סופא. סירעאליזם און רעוואָליוציאָנערער הומאניזם, „קלארטע", פעברואר, 1964. סופא איז א פריִערדיקער אָנפירער, צוזאמען מיט אראגאָן און טריסטאן טזארא, פון דער סירעאליסטישער באוועגונג.

33 „פאריזשער צייַטשריפט", נומ. 33.

# מ. גערשענזאָנס „כעלמער כאַכאָמים"

(יובילײ־פּרעמיערע פונעם ווילנער ייִדישן טעאַטער־קאָלעקטיוו)

קוים אכט כאַדאָשים זײַנען פאַרבײַ, זינט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער עוונטאָוו פון מוישע גערשענזאָנס ליטעראַרישער יערושע „כעלמער כאַכאָמים". און אָט גייען מיר שוין צו דער פּרעמיערע פון דער דאָזיקער שאַרפזיניקער, פאָלקסטימלעכער קאָמעדיע.

איך האָב געזאָגט „מיר גייען צו דער פּרעמיערע". איך מוז אָבער גלײַך זיך פאַריכטן: צו איינעם פון די פּרעמיערע־אָוונטן. קעדיי צו געבן א וואָס גרעסערן אוילעם די מעגלעכקײַט בײַצוזײַן אף דער פּרעמיערע פון דער דאָזיקער בעעמעס געלונגענער שטעלונג, וועלכע איז גלײַכצײַטיק אויך א יוּבּילדיקע — דאָס איז שוין די צענטע שטעלונג פונעם ווילנער ייִדישן דראַמאַטישן קאָלעקטיוו — און דער זאַל נעמט דאָך אַרײַן בלויז... 1200 צושויער, — האָט דער ראַט פונעם קאָלעקטיוו באַשלאָסן צו געבן דרײַ אָוונטן נאָכאַנאַנד מיט, אַזוי צו זאָגן, „פּרעמיערע־רעכט". אַלע דרײַ אָוונטן האָט געשפּילט דער זעלבער צוזאַמענשטעל אַקטיאָרן, צו אַלע אָוונטן זײַנען אײַנגעלאַדן געווען געסט, און אף אַלע אָוונטן האָט מען באַגריסט דעם קאָלעקטיוו מיטן פאַרדינטן דערפאָלג.

גייען מיר, הייסט עס, צו איינער פון די פּרעמיערע־פאָרשטעלונגען. עס איז א ווונדערלעכער לעוואָנעדיקער אָוונט. פון אַלע זײַטן פאָרן אָן אין טראָלייבוסן, אווטאָבוסן און לײַכטע מאַשינעס יאָמטעוודיק אויסגעפּוצטע מענטשן און פאַרנעמען זיך צום קולטור־פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען. דער אוילעם שפּאַרט מאַמעש פון אַלע זײַטן. נאָר אָט גייען מיר פאַרבײַ איינעם א מויער, און מע דערפילט מיטאַמאָל, אַז עס ווערט באַטריבט דאָס געמיט. אָט דאָ, אף דעם־אָ אָרט, וווּ עס שטייט איצט דער דאָזיקער נײַער מאָדערנער מויער, האָט אין יאָר 1919 אָפּגעשפּילט זיך א שרעקלעכע טראַגעדיע. אַהער האָבן די צעיושעטע ווײַספּוילישע לעגיאָנערן אַרויסגעשלעפּט א מענטשן און אים דערשאָסן. די דערמאָרדונג פונעם באַקאַנטן ייִדישן דראַמאַטורג א. ווײַטער איז געשען אף דעם־אָ אָרט, און אַן ערעך א צוויי־דרײַ הונדערט מעטער פונדאַנען שטייט דער נײַ־אויסגעבויטער קולטור־פּאַלאַץ פון די פּראָפאַריינען, אין וועלכן עס וועט הײַנט — אין 46 יאָר אַרום — געגעבן ווערן א ייִדישער ספּעקטאַקל.

מיר גייען איצט זען די קאָמעדיע „כעלמער כאַכאָמים", וועלכע דער דריטער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן יאָר 1964 האָט צעטראָגן איבער פאַרשיידענע לענדער און וועלכע איז בליץ־שנעל אַרײַנגעצויגן געוואָרן אינעם רעפּערטואַר פון די טעאַטער־קאָלעקטיוון; איצט ווערט זי מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט אין ווילנע, בוענאָס־אײַרעס, לאָס־אַנזשעלאָס און אַנדערע שטעט.

די קאָמעדיע „כעלמער כאַכאָמים" איז, ווי געזאָגט, שוין די צענטע פּרעמיערע פונעם ווילנער ייִדישן דראַמאַטישן אַנסאַמבל. זי אונטערשיידט זיך אָבער פון אַלע פריִערדיקע, און זי איז א שריט פאָרויס אינעם שעפערישן וועג פונעם אַרבעטזאַמען, פײַיִקן קאָלעקטיוו. צען פּרעמיערעס זײַנען א היפּשער אַקטיוו פאַר אַן אַנסאַמבל, דערהויפּט נאָך, ווען דאָס זײַנען פּיעסעס פון פאַרשיידענע זשאַנרען און שטייגער. שאָלעם־אַלייכעמס „צוויי הונדערט טויזנט" און „טעוויע דער מילכיקער", פּערעץ הירשביינס „גרינע פעלדער", ז. שנייערס „פרײלעכס", קולבאַקס „בויטרע", גערשענזאָנס „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", י. גאָרדינס „קרייצער־סאָנאַטע", אַגראַנענקאָס „ס׳לעבט א פרוי אף דער וועלט", זשיטניקאָווס און האַלפּערינס „ווער איז שולדיק" — זײַנען די נײַן שטאַפּלען, וואָס האָבן אויפגעהויבן דעם קאָלעקטיוו צו זײַן איצטיקער שעפערישער הייך. אַרבעטנדיק נײַן יאָר ווי א זעלבסטעטיקײַט־קרײַז, האָט דער ווילנער ייִדישער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו דערוואָרבן אַזא קינסטלערישע רײַפקײַט, אַז ער שטייט שוין איצט אף דער גרענעץ צווישן זעלבסטעטיקײַט און פּראָפעסיאָנעלקײַט.

צווישן די נײַן פּרעמיערעס, וואָס דער קאָלעקטיוו האָט געהאַט ביז „כעלמער כאַכאָמים", זײַנען פאַראַן צוויי — „פרײלעכס" און „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", — וואָס האָבן א געוויסע קרויוועשאַפט צו דער נײַער פּרעמיערע. אין דער שטעלונג „כעלמער כאַכאָמים" זײַנען פאַראַן רעזשיסערישע גענג און אַקטיאָרישע מאַנירן, וואָס זייערע וואָרצלען שטעקן אין די דערמאָנטע צוויי שטעלונגען. מיר האָבן אָבער דאָ ניט צו טאָן מיט איבערכאַזערונג.

פאַר יעדן קינסטלער — סײַ יאָכיד, סײַ קאָלעקטיוו — איז געוויס א גרויסע פרייד, ווען זײַן לעצטע שאַפונג שטײַגט אַריבער די פריִערדיקע. דער ווילנער ייִדישער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו מעג אין געגעבענעם פאַל פון אַזא פרייד געניסן. „כעלמער כאַכאָמים" איז א קינסטלעריש פאַרגאַנצט ווערק, וואָס פאַרכאַפּט די צושויער, אָנהייבנדיק פון זײַנע ערשטע אוווערטיורע־טענער און סטאַקאַטאָ־רעפּליקעס פון די צוויי שאַמאָסים, און ענדיקנדיק מיט דער ספּאָנטאַנער, אָבער שפּרודלדיקער כאַסענע־סימכע. מ. גערשענזאָנס מונטערע, שאַרפזיניקע און שפּילעוודיקע קאָמעדיע ווערט אין דער אינטערפּרעטירונג פונעם קינסטלערישן לייטער פונעם קאָלעקטיוו, דעם פאַרדינסטפולן קונסט־טוער פון דער ליטווישער ססר ל. לוריע געשטעלט אַפן ראַנד צווישן וואָר און באַדינגלעכקײַט. זי ווערט געגעבן פילפאַרביק, אָבער ניט בונט; לעבעדיק, אָבער גלײַכצײַטיק א ביסל געהאַמעוועט. מע האָט דעם אײַנדרוק, ווי די האַנדלונג וואָלט פאָרגעקומען הינטער א שלייער. טיילמאָל דוכט זיך אַפילע, אַז דאָס, וואָס מע זעט אף דער סצענע, צאַנקט און ציטערט, ווי עס געשעט, בעשאַס מע קוקט ווינטער־צײַט אַרויס דורך אַן אופגעעפנט פענצטער. די דאָזיקע געדעמפּטקײַט קומט אויך דערפון, וואָס דער רעזשיסער האָט אויסגעקליבן זייער א געראָטענע טראַקטירונג. ער גיט די פּיעסע ניט ווי א סאַטירע, ניט ווי א גראָטעסק, נאָר ווי אַן איראָניע. און איראָניע פאָדערט צוריקגעהאַלטנקײַט. אַגעוו, מאַכמעס דעם טאַקע — אַדאַנק דער דאָזיקער טראַקטירונג — איז נאָך שטאַרקער געוואָרן די שלאָגעוודיקײַט פון דער פּיעסע. איראָניע איז דאָך זייער אָפט דאָס גרויזאַמסטע געווער. שלאָגט טאַקע די פאָרשטעלונג מיט א גרויסער קראַפט די כעלמער „כאַכאָמים", וועלכע זײַנען נאָך דאָפּלט נאַריש צוליב זייער לעפּישן אָפּערירן מיט „לאָגיק". דער כעלמער איז טאָמיד לעכערלעך דאַפקע בייס ער ווײַזט אַרויס זײַן כעלמישן „סייכל־האַיאָשער"! דער אומגליק פונעם כעלמער איז זײַן זעלבסטצופרידנקייט, אין אַלץ „זיך אָריִענטירנדיקע" טיפּשעס — דאָס איז דער רויטער

פּאָדעם, אַף וועלכן עס ציט אָן דער רעזשיסער לוריע אַלע געשעענישן פון דער פּיעסע.

צונויפפּאָרנדיקווירקלעכקייַט מיט באַדינגלעכקייַט, איז דער רעזשיסער געשטאַנען פאַר דער סאַקאָנע גע־שטרויכלט צו ווערן מיטן געבן סימבאָלן. ער האָט עס אָבער אויסגעמיטן. ניט סימבאָל, נאָר אָנדייַט איז דאָס מיטל, מיט וועלכן עס באַנוצט זיך דער רעזשיסער. און אַדאַנק דעם דאָזיקן מיטל דערשלאָגט ער זיך, אַז עס ווערט פאַר יעדן אָנשוילעך די אומזיניקייַט, וואָס שטעקט הינטער דער כעלמער „לאָגיק" און זייערע „זיבן טעג און זיבן נעכט"־אַסיפעס...

אָבער ניט נאָר די רעזשיסערישע „געפינסן", מיט וועלכע עס איז אַזוי רייַך די שטעלונג, זייַנען די סיבע פונעם דערפאָלג פונעם דאָזיקן שאַרפזיניקן, פאָלקסטימ־לעכן ספּעקטאַקל. די דורכויס ייִדישע און „כעלמיש נאַיִוויזירטע" מוזיק פון ש. מייעראָוויטש און א. ראָזענ־פעלד, די טענץ פון ל. כאַנאַנאָוויטש, די עפעקטפולע דע־קאָראַציעס פון מ. פּערצאָוו, די סטיליזירטע קליידער פון ר. שאוס און דער גראָטעסקער גרים פון מ. גרינבערג האָבן גוירעם געווען דערצו, אַז די שטעלונג זאָל באַקומען א קינסטלערישע פאַרגאַנצטקייַט. מע וואָלט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט אָפּשטעלן זיך דאָ אויך אַף דער שפּיל פון די אַקטיאָרן און באַהאַנדלען יעדע ראָל באַזונדער. איך מיין אָבער, אַז אין געגעבענעם פאַל איז עס לאַכלוסן ניט נויטווענדיק, וואָרעם אין טאָך גענומען דאָמינירט אין דער דאָזיקער שטעלונג די אַנסאַמבל־שפּיל. עמעס, עס זייַנען אויך דאָ פאַראַן, ווי אין יעדער פּיעסע, מער וויכ־טיקע און ווייניקער וויכטיקע ראָלן. אָבער יעדער לענגע־רער מאָנאָלאָג איז בלויז אַן עפּיזאָד אין דער אַלגעמיינער אַנסאַמבל־שפּיל. דעריבער וועלן מיר זיך דאָ ניט אָפּ־שטעלן אַף די ראָלן באַזונדער. עס גייט דאָך ניט אין טיילן קיבודים — אָנרופן נעמען און אויסטיילן דעם אָדער יענעם אַקטיאָר. אין זייער קוואַליטעט זייַנען דאָ קימאַט אַלע ראָלן גלייַכוואַרטיק. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א שטאַרק צונויפגעצעמענטירטן קאָלעקטיוו, וועלכן די יאָרן געמיינזאַמע אַרבעט האָבן פאַרוואַנדלט אין אַן איינהייַטלעכן אָרגאַניזם, און אין אַן אָרגאַניזם פילט יע־דעס טיילכל אויס זייַנע פונקציעס.

דער ווילנער ייִדישער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו איז א באַגאַבטער אַנסאַמבל, וואָס האָט דורכגעמאַכט א וועג פון לאַנגיאָריקער טיכטיקער איבערגעגעבענער שעפערישער אַרבעט און איז געקומען צו זייַן צענטער — יובילײַ־פּרעמיערע מיט א נייַעם גרויסן דערפאָלג.

ה. אַשעראָוויטש

## פון דער בירעבידזשאַנער פּרעסע

### א דאַנק פונעם אוקראַיִנישן פאָלק

סאָוועטן־אוקראַיִנע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אָנדענק־מעדאַל לעקאָוועד דעם צוואַנציקיאָריקן יובילײַ פון דער באַפרייַונג פון דער רעפּובליק. מיט דעם מעדאַל איז באַלוינט געוואָרן אויך די ייִדישע אַווטאָנאָמע געגנט. מיט א קור־צער צייַט צוריק איז אַפן אַדרעס פון געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי און פון געגנטלעכן אויספיר־קאָמיטעט אָנגעקומען דער מעדאַל מיט א יובילײַ־אַדרעס, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

„לעקאָוועד דעם 20־טן יאָרטאָג, זינט סאָוועטן־אוקראַיִנע איז באַפרייַט גע־וואָרן פון אונטער די דייַטשיש־פאַשיסטישע פאַרכאַפּערס, ווערט אַלס צייכן פון טיפער דאַנקבאַרקייַט און אָנערקענונג פונעם אוקראַיִנישן פאָלק אונטער־געטראָגן דער אָנדענק־מעדאַל די אַרבעטנדיקע פון דער ייִדישער אַווטאָנאָמער געגנט פאַרן אַקטיוון אָנטייל אינעם באַפרייַען אוקראַיִנע פון די היטלערישע האָרדעס אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע".

דער מעדאַל און דער יובילײַ־אַדרעס זייַנען איבערגעגעבן צום אָפּהיטן דעם געגנטלעכן קאַנטקענטעניש־מוזיי אין דער שטאָט בירעבידזשאַן.

„בירעבידזשאַנער שטערן", 30 מיי 1965.







אַף דער פאָטאָ: לינקס — די פאָדערשטע, און רעכטס — די הינטערשטע זייַט פונעם מעדאַל.

### באַגעגעניש פון די בירעבידזשאַנער שרייַבער מיט די לייענער

אינעם צענטראַלן ביכער־מאַגאַזין פון בירעבידזשאַן איז פאָרגעקומען א באַגעגעניש פון די אָרטיקע שרייַבער מיט די לייענער — אַרבעטער, אינטע־ליגענץ, לערן־יוגנט. אַהער זייַנען גע־קומען ב. מילער, י. בראָנפמאַן, ל. וואַ־סערמאַן, מ. ריִאַנט, די אַווטאָרן פון לידער־ציקלען, וועלכע זייַנען פאַר־עפנטלעכט, צוזאַמען מיט די לידער פון אַנדערע סאָוועטישע ייִדישע דיכ־טער, אין דער זאַמלונג „האָריזאָנטן", וואָס איז ניט לאַנג צוריק דערשינען אין מאָסקווע.

דער דאָזיקער בוך איז אָקאָרשט אָנגעקומען אין פאַרקויף. אייַנשאַפנ־דיק די לידער־זאַמלונג, האָבן די לייע־נער געבעטן די בירעבידזשאַנער דיכ־טער אונטערשרייַבן אַף איר זייערע אַווטאָגראַפן.

פיל לייענער האָבן אויך געקויפט בוזי מילערס בוך דערציילונגען „לייַבלעכע ערד", וואָס איז נאָרוואָס דערשינען אין דער רוסישער איבער־זעצונג אינעם כאַבאַראָווסקער פאַר־לאַג.

אין ביכער־מאַגאַזין האָט זיך פאַר־בונדן א לעבהאַפטער שמועס.

„בירעבידזשאַנער שטערן",
2 יון 1965.

# שרײַבער און ווערק




עס איז געוואָרן 125 יאָר, זינט אין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו (אוקראַיִנע) איז געבוירן געוואָרן דער דיכטער, דראַמאַטורג, רעזשיסער און אַקטיאָר, דער גרונטלייגער פונעם יידישן פאָלקס־טעאַטער אַווראָם גאָלדפאַדען (גאָלדענפאָדעם).

אַווראָם גאָלדפאַדען האָט אָנגעהויבן שרײַבן לידער און אַליין זיי אויס־



זינגען נאָך אין די יִינגלשע יאָרן. אין 1865 דערשײַנט די ערשטע זאַמלונג פון זײַנע העברעיִשע לידער, און אין 1866 — די ערשטע זאַמלונג לידער אין יידיש („דאָס יידעלע, פון אַווראָם גאָלדענפאָדעם"). אין 1869 שרײַבט ער אָן זײַן ערשטע דראַמע „די מומע סאָסיע" (לויטן מוסטער פון עטינגערס „סערקעלע"). פון דעמלט אָן וואַנדערט ער פון שטאָט צו שטאָט (אָדעס, לעמבערג, טשערנאָוויץ).

אין 1875 באַגעגנט זיך גאָלדפאַדען אין יאַסי מיט די בראָדער זינגער. דאָרטן שרײַבט ער אָן זײַן טעאַטער־שטיק „די באָבע מיטן אייניקל"; נאָכדעם — די אָפּערעטעס „רעקרוטן", „שמענדריק" (1877), אין דעם זעלבן יאָר — די פּיעסע „די קאַפּריזנע קאַלע, אָדער קאַפּצנזאָן עט הונגערמאַן".

אין בוקאַרעשט האָט גאָלדפאַדען אין 1877 מיט דערפאָלג געשטעלט זײַנע אַלטע פּיעסן און געשריבן נײַע: „ברײַנדל קאָזאַק" און „די קישעפמאַכערן" (באַקאַנט אונדז, ווי „די צווייבערן", „קאָלדוניע", „באָבע יאַכנע"). אין 1879 האָט ער זיך דערשלאָגן א דערלויבעניש בא דער צאַרישער רעגירונג צו שפּילן טעאַטער אין א ריי רוסישע שטעט. אין 1880 שאַפט ער זײַנע פאָלקס־אָפּערעטעס „די צוויי קוני־לעמלעך" און „שולאַמיס". אונטער דער ווירקונג פון די פּאָגראָמען פון די 80־ער יאָרן ווענדט זיך גאָלדפאַדען צו נאַציאָנאַל־היסטאָרישע טעמעס און שאַפט די דראַמעס „יעהודע האַמאַקאַבי", „באַר־קאָכבאַ" (1883) און אנד.

דער פאָלקסטימלעכער כאַראַקטער פון גאָלדפאַדענס דראַמאַטורגיע און פון זײַן טעאַטער, זײַנע אָפּקלערע־רישע און סאַטירישע טענדענצן, געווענדעטע קעגן דער אונטערדריקונג פון די פאָלקס־מאַסן, האָבן אַרויס־גערופן צאָרן בא דער יידישער אָרטאָדאָקסיע, פּלוטאָקראַטיע און בא די אַסימיליאַטאָרן, וועלכע באַשולדיקן אים, אַז ער „פאַרשפּאָט דאָס יידנ־טום". די רעדיפעס און מעסירעס האָבן געבראַכט דערצו, אַז אין 1883 האָט די צאַרישע רעגירונג פאַרווערט צו שפּילן יידיש טעאַטער איבער גאַנץ רוסלאַנד. פאַר גאָלדפאַדענען הייבט זיך אָן א ביטערע צײַט פון נאַוונאַד און וואַנדערן אין פאַרשיידענע לענ־דער און שטעט (פּוילן, אַמעריקע, פראַנקרײַך, עסטרײַך, ענגלאַנד). אין אַמעריקע האָט גאָלדפאַדען צוויי מאָל געפּרוּווט שאַפן א יידישן טעאַטער, אָבער אויך דאָ טרעפט ער גרויסע שטערונגען מיצאַד די יידישע טעאַטראַלע ביזנעסמענער און שונד־מײַסטער.

ניט געקוקט אַף באַשטימטע נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן פון אייניקע גאָלדפאַדענס פּיעסן (באַזונדערס אַף היסטאָרישע טעמעס), אַף עלעמענטן פון נאַיִווקײַט און פּרימיטיוויזם, האָט גאָלדפאַדענס דראַמאַטורגיע זיך אויסגעצייכנט מיט גלאַנצנדיקער סצעניש־קײַט, מיט לעבעדיקן און פרייִלעכן פאָלקס־אָפּטימיזם. גאָלדפאַדענס פּיעסן זײַנען באַליבט בא די פאָלקס־מאַסן און ווערן געשטעלט אַף דער בינע פון די יידישע טעאַטערן און דראַמאַטישע זעלבסטעטיקע קרײַזן אין דער גאַנצער וועלט. אין מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאַטער איז מיט גרויס דערפאָלג געשטעלט געוואָרן די ברייט באַוווּסטע „קאָלדוניע". די הויפּט־ראָל האָט אויסגעפּילט ביניאָמין זוסקין.

גאָלדפאַדען איז אומעטום אנערקענט פאַר דעם גרינדער פונעם יידישן פאָלקס־טעאַטער. אין דעם באַשטייט זײַן גרויסער אופטו אין דער געשיכטע פון דער יידישער דעמאָקראַטישער פּראָגרעסיווער קולטור.

אַווראָם גאָלדפאַדען איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 9 יאַנוואַר 1908.

דעם 7 יול 1880 איז אין טשאַר־טאַריסק (אוקראַיִנע) געבוירן געוואָרן דער יידישער שרײַבער יויִנע ראָזנ־פעלד.

י. ראָזנפעלדן האָט אַרײַנגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור י.־ל. פּערעץ. אין דעם געוויזענעם טאָקער האָט דער גרויסער שרײַבער דערפילט אַן אייגנאַרטיקן טאַלאַנט. אין 1904 האָט פּערעץ פאַרעפנטלעכט אין „פרײַנד" ראָזנפעלדס ערשטע דערציילונג „דאָס לערן־ייִנגל".

י. ראָזנפעלד געהערט צו דעם דאָר שרײַבער, וואָס זײַנען קינסטלעריש רײַף געוואָרן אין דער צײַט פון רע־



וואָליוציאָנערן אופברויז אין רוסלאַנד אַרום דעם יאָר 1905. אין יענער צײַט איז ער פּאָפּולער געווען מיט זײַנע וואַרהאַפטיקע שילדערונגען פון דעם לעבן פון יידישן אַרבעטער אין צאַרישן רוסלאַנד.

אין 1924, צום צוואַנציקסטן יוביל פון ראָזנפעלדס שרײַבערישער טע־טיקײַט, זײַנען אין זעקס ביכער אָפּגעדרוקט געוואָרן זײַנע אויסגעוויילטע דערציילונגען און נאָוועלן: „צווישן טאָג און נאַכט", „אין שאָטנס פון טויט", „פרויען", „נאָענטע און ווײַטע", „איך" און „אַף גרענעצן".

י. ראָזנפעלד האָט געהאַט א נטיִע צו שילדערן זײַנע געשטאַלטן אין אויסערגעוויינלעכע צושטאַנדן, אַרײַנלאָזן זיך אין לאַנגע פּסיכאָלאָגישע כקירעס וועגן זייערע האַנדלונגען. זײַן שאַפן איז איבערגעלאָדן

מיט מאַטיוון פון טויט, שרעק און עראָטיק. נישט קוקנדיק אָבער דערויף, האָבן ראָזענפעלדס ווערק א באַשטימטע קינסטלערישע און דערקענטענישווערט. עס איז אין זיי פאַראַן רייַכער און פאַרביקער מאַטעריאַל וועגן דעם לעבן פון יידישן ארבעטער און באַלמעלאָכע אין רוסלאַנד ערעוו דער אָקטיאָבער־רעוואָליוציע.

זינט 1921 האָט י. ראָזענפעלד געלעבט אין אַמעריקע, ווו ער האָט, כויץ א בוך דערציילונגען „ער און זי" (1927) און א קינסטלערישער אווטאָביאָגראַפיע „איינער אַליין" (1941), קיין באַדייַטנדיקע ווערק ניט געשאַפן.

יונה ראָזענפעלד איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק דעם 9 יול 1944.

*עס איז געוואָרן 75 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן ד״ר אַווראָם־אַרן ראָבאַק*

א.־א. ראָבאַק איז אַן אָנגעזעענער יידיש־אַמעריקאַנישער געלערנטער, אווטאָר פון א גרויסער צאָל גרינטלעכע און וואָגיקע ביכער אין ענגליש אָפּן געביט פון פּסיכאָלאָגיע. אין פאַרשיידענע יידישע און ענגלישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס האָט ער פאַר די איבער פופציק יאָר פון זייַן לי־



טעראַריש־וויסנשאַפטלעכער טעטיקייַט אויך אָפּגעדרוקט א סאַך אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען איבער יידישע קולטור־פּראָבלעמען, פילאָלאָגיע, פאָלקלאָר און ליטעראַטור־געשיכטע.

אין 1935 האָט א.־א. ראָבאַק אָפּגעדרוקט אין ענגליש אַן אויספירלעכע מאָנאָגראַפיע וועגן י.־ל. פּערעצן, ווו ער פּרוווט פון א פּסיכאָלאָגיסטישן שטאַנדפּונקט באַלייַכטן דאָס לעבן און דאָס שאַפן פון דעם גרויסן יידישן קלאַסיקער.

אין 1958 איז אין מעקסיקע דערשינען אין יידיש א גרעסערער אויסוואַל פון ראָבאַקס קריטישע און פּובליציסטישע ארבעטן א. נ. „די אימפּעריע יידיש".

א.־א. ראָבאַק איז אַן אווטאָריטעטע פּערזענלעכקייַט אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער וויסנשאַפט. ער איז אויך אַן אַקטיווער בויער און שפּעטער פון דער מאָדערנער יידישער קולטור. ער איז ניט איין מאָל לייַדנשאַפטלעך אַרויסגעטראָטן קעגן אירע סקעפּטיקער און באַוויינער. עס איז קעדייַ צו דערמאָנען זייַנע שאַרפע פּאָלעמישע אַרטיקלען קעגן דאָוויד איינהאָרן און א. מוקדוני און די בראָשור קעגן ש. ניגער „קריטיק און קריצעניש". צווישן די יידישע בירגערלעכע קולטור־טוער טיילט זיך א.־א. ראָבאַק אויס מיט זייַן פּאָזיטיווער באַציִונג צו דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור. אין דעם פּראַט איז אויך כאַראַקטעריסטיש זייַן אַרטיקל „א באַגריסונג מיט א פּיירעש", געדרוקט אין ערשטן נומער „יידישע קולטור" 1964, אין שייַכעס מיט דעם 25־טן יוביל פון דעם זשורנאַל.

[ווען דער נומער „סאָוועטיש היימלאַנד" איז שוין געווען אָפּגעדרוקט, איז באַקומען געוואָרן די ידיִעה, אַז א.־א. ראָבאַק איז געשטאָרבן אין קעמברידזש, שטאַט מאַסאַטשוזעטס.]

*דעם 5 יול איז אַלט געוואָרן 60 יאָר דער קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער הערש רעמעניק.*

ה. רעמעניק איז געבוירן אין מאָנאַסטערישטשע (אוקראַיִנע). אין 1937 י. האָט ער געענדיקט די אַספּיראַנטור פון פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אָף וו. אי. לענינס נאָמען. ביזן 1964 איז ער געווען דאָצענט אין יאַראָסלאַוולער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט.

זייַן ליטעראַרישע טעטיקייַט האָט ה. רעמעניק אָנגעהויבן אין 1927 מיט אַן אַרטיקל אין דער צייַטונג „אָדעסער אַרבעטער": „דער קאַמיוג און די יידישע ליטעראַטור". פאַר די קימאַט 40 יאָר פון זייַן ליטעראַריש שאַפן האָט ה. רעמעניק א סאַך געשריבן וועגן דער יידישער קלאַסישער און סאָוועטישער ליטעראַטור. אין זייַנע אַרטיקלען וועגן ד. בערגעלסאָן, אָ. שוואַרצמאַן, ד. האָפּשטיין, פּ. מאַרקיש, ל. קוויטקאָ, אי. פּעפער, אי. כאַריק, י. ראַבין, ע. שעכטמאַן, ש. רויטמאַן אאַ. האָט ער אַנאַליזירט זייער שאַפן און האָט פעסטגעשטעלט זייער אָרט אין דער ליטעראַטור.

זייַנע ליטעראַרישע פּאָרטרעטן וועגן שרייַבער שילדערט ה. רעמעניק אָף א ברייטן און רייַכן ליטעראַטור־געשיכטלעכן מאַטעריאַל. דער היסטאָריזם איז איינער פון די גרונטעלעמענטן אין ה. רעמעניקס שאַפן.

ה. רעמעניק האָט באַרייַכערט אונזער פאָרשונג מיט אייגנאַרטיקע ליטעראַטור־היסטאָרישע עטיודן. ער קומט שטענדיק מיט טיפע באַטראַכטונגען וועגן אַלגעמיינע פּראָבלעמען און טענדענצן פון דער ליטעראַטור. כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּראַט זייַנען זייַנע עטיודן „מיט הונדערט יאָר



צוריק" („סאָוועטיש היימלאַנד", 1963, נומ. 3), „י.־ל. פּערעץ און שאָלעם־אַלייכעם" („סאָוועטיש היימלאַנד", 1965, נומ. 5, 6).

ה. רעמעניק האָט אויך פאַרדינסטן אין דער שאָלעם־אַלייכעם־פאָרשונג. זייַנע ארבעטן „שאָלעם־אַלייכעם אין קאַמף פאַר רעאַליזם אין די אַכציקער יאָרן פונעם XIX יה." (1938), „שאָלעם־אַלייכעם דער נאָוועליסט" (1939), „שאָלעם־אַלייכעמס ליטעראַריש־קריטישע טעטיקייַט" (1941) זייַנען וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע בייַטראָגן אין דעם געביט.

פּאַראַלעל מיט זייַנע קריטישע אַרבעטן אָף יידיש איז ה. רעמעניק אויך שפּעריש טעטיק אין דער אַלגעמיינער סאָוועטישער ליטעראַטור־קריטיק. פון זייַנע ארבעטן אין דער רוסישער שפּראַך איז צו פאַרצייכענען: א בוך וועגן אַלעקסאַנדער בלאָקס פּאָעזיע (1959), די אָפּהאַנדלונגען „נעקראַסאָווס טראַדיציעס אין דער רוסישער פּאָעזיע פון XX יה." (1959), „די דיכטונג פון פּערעץ מאַרקיש" (1960), „דאָס קאָמישע אין מ. שאָלאָכאָווס שאַפן" (1963) און א בוך וועגן לעבן און שאַפן פון שאָלעם־אַלייכעם (1963).

ה. רעמעניק איז איינער פון די באַדייַטנדיקע פאָרשטייער פון דער הייַנטצייַטיקער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור־פאָרשונג. ער איז דער רעדאַקטאָר־קאָנסולטאַנט איבער דער יידישער ליטעראַטור אין דער קורצער ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע.



א גרופּע שרײַבער — אָנטײלנעמער פון דער באַראַטונג פון פּראָזאיִקער אין דער רעדאַק־ציע „סאָוועטיש היימלאַנד“. פון רעכטס אף לינקס: אווראָם קאַהאַן, עליע שעכטמאַן (קיִעוו), נאָטע לוריע (אָדעס), אווראָם גאָנטאַר, הערש רעמעניק (מאָסקווע).



מוישע אַלטמאַן און יאַנקעוו שטערנבערג זײַנען אין מײַ כוידעש אַלט געוואָרן 75 יאָר. אפן בילד — די יובילאַרן אף דער פײַערונג אין מאָסקווע לעקאָוועד זייער געבורטסטאָג.

דער ווילנער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו האָט אופגעפירט מ. גערשענזאָנס קאָמעדיע „כעלמער כאַכאָמים“. אף די פאָטאָ־בילדער: רעכטס — בינעם דער מעשאָרעס (אין דער אויספירונג פון ל. גאָלדבערג); לינקס — רעב מאָרדכעלע און זײַן ווײַב סאָסיע (ה. שאַרפשטיין און ט. גאָרעליק).





אונדזער פּאָסט־אינפאָרמאַציע




אן אפישע, וואָס טיילט מיט וועגן דער ארויסטרעטונג אין ייִסראָעל פון דער באוווסטער סאָוועטישער אָפּערע־זינגערן, סאָליסטן פונעם מאָסקווער טעאטער אפן נאָמען פון סטאַניסלאַווסקי און נעמיראָ־וויטש־דאנטשענקאָ — דינע פּאָטאַפּאָווסקאיא, וועלכע איז געווען אין ייִסראָעל אין באַשטאַנד פון א סאָוועטישער קולטור־דעלע־גאַציע.



דער באַקאַנטער פּובליציסט און געזעלשאפטלעכער טוער, לאַנד־פּאַרוואַלטער פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרײַ־הײַט" כאַים סולער טרעט ארויס אַף א באַגעגעניש מיט מאָסקווער יידישע שרײַבער.




דער ארויסגעבער פונעם ניו־יאָרקער „טאָג־מאָרגן־זשור־נאַל" ארטור דזשייקאָבס איז ניט לאַנג צוריק געווען צוגאַסט אין סאָוועטנפאַרבאַנד און האָט באַזוכט די רע־דאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד". אַף דער פאָטאָ — ארטור דזשייקאָבס (רעכטס) און ארן ווערגעליס באַם ארײַנגאַנג אין רעדאַקציע.

## פאריזש

אין די קרײַזן פון דער פאריזשער ייִדישער פראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכקײַט מערקט זיך די לעצטע צײַט אַן ערנסטע אויפלעבונג. עס קומען פאָר אַפטע ליטעראריש־קינסטלערישע אָוונטן, קאָנצערטן, בילדער־אויסשטעלונגען. די ייִדישע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציע „אוניאָן" האָט פאַרשטאַרקט איר אָנטייל אין דער פאַרלעגערישער טעטיקײַט, אינעם פאַרשפּרייטן ייִדישע פּראָגרעסיווע ביכער, זי האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אינעם גרינדן דעם „פאריזשער ייִדישן טעאַטער־אַנסאַמבל".

מיט דערפאָלג טרעט האַיאָר אַרויס דער ייִדישער פאָלקס־כאָר.

## ייִסראָעל

אין כײַפער מוזיי איז געעפנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג פון דער שעפערישער ירושה פונעם באַקאַנטן קינסטלער מאַני קאַץ. אין דער עקספּאָזיציע זײַנען פאָרגעשטעלט אַרום 100 בילדער און איינציקע סקולפּטורן. דאָס איז די ערשטע אויסשטעלונג פון מאַני קאַצעס שאַפונגען אין כײַפע, אין דער שטאָט, וועמען דער פאַרשטאָרבענער מאָלער האָט איבערגעלאָזט זײַן ירושה. די אויסשטעלונג וועט אויך באַוויזן ווערן אין ירושאָלאַיִם, בעיר־שעווא און אין אַנדערע שטעט פון ייִסראָעל.

●

אין טעל־אַוויוו איז געעפנט געוואָרן אַ שריפט־מוזיי. ער באַקאַנט די באַזוכער מיט די ערטער, וווּ עס זײַנען אויפגעקומען די ערשטע שריפט־צייכנס, דערנאָך דער אַלעפבייס־שריפט. אויף דער אויסשטעלונג זײַנען עקספּאָנירט שריפט־צייכנס פון די שומערן, אַראַמייער, פון פאַרשיידענע פעלקער פון אינדיע, כינע, פון די איוורים, אַראַבער, גריכן, רוימער, אַלט־סלאַוון אאַ. אַ באַזונדער אָרט איז אין מוזיי אָפּגעגעבן דער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן אַלעפבייס.

דער אָרגאַניזאַטאָר פון מוזיי איז פּראָפעסאָר ד. דירינגער, לעקטאָר פון אַלטע שפּראַכן אין קעמברידזשער אוניווערסיטעט.

## פוילישע פאָלקס־רעפּובליק

דאָס מיניסטעריום פאַר קולטור־ און קונסט־ענינים האָט ניט לאַנג צוריק באַלוינט מיט אַן ערן־צייכן „פאַרדינסטפולער קולטור־טוער" אַ גרופּע כאַווײרים אין צוזאַמענהאַנג מיט די „טעג פון בילדונג, בוך און פּרעסע".

דער קולטור־ און קונסט־מיניסטער לוציאַן מאָטיקאַ האָט צווישן אַנדערע איבערגעגעבן דעם ערן־צייכן דעם פּראָפעסאָר בער מאַרק, דאָצענט בינאָמין נאַדעל און ד״ר דאָוויד ספאַרד — פאַר זייערע דערגרייכונגען אין דער ליטעראַרישער און וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

אין אַ שמועס מיט אַ פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע" האָט לוציאַן מאָטיקאַ, ריידנדיק וועגן דער קולטור־טעטיקײַט פון אַלע פעלקער און וועגן דער אַרבעט פונעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד פון די ייִדן אין פּוילן, געזאָגט, אַז „די פּוילישע ייִדן האָבן אַ גרויסן כײלעק אין דער פּוילישער קולטור. עס איז נייטיק אונטערצושטרײַכן, אַז די טעטיקײַט פונעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד איז זייער וויכטיק פאַר דער פּוילישער געזעלשאַפט, באַזונדערס ווען מע דערמאָנט זיך אין דער גרויסער טראַגעדיע פונעם ייִדישן פאָלק בײַס דער מילכאָמע".

ליוציאַן מאָטיקאַ האָט האַרציק באַגריסט די ייִדישע קולטור־טוער מיט דער בעקאָוועדיקער אויסצייכענונג.

●

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 20־טן יאָרטאָג זינט דער באַפרײַונג פון אָשווענטשימער טויט־לאַגער איז אין קראָקער גאַלעריי „קרישטאָפאָרי" פאַנאַנדערגעוויקלט אַ פאָטאָ־אויסשטעלונג אונטערן נאָמען „די אַרויספאָר־סעסיע פון פראַנקפורטער געריכט אין אָשווענטשים".

די אויסשטעלונג איז שטאַרק פּאָפּולער אין קראָקע. עס האָבן זי באַזוכט אויך די אָנטיילנעמער פון דער פערטער סעסיע פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אָשווענטשים־קאָמיטעט בעראָש מיט איר פּרעזיצער פּראָפעסאָר ראָבערט ווײַץ. די אויסשטעלונג איז שוין דעמאָנסטרירט געוואָרן אין שטראַסבורג. עס וועלן זי זען אויך די יוגאָסלאַווישע טעלעוויזיע־צושויער.

## קובא

אינעם 22־טן יאָרטאָג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט די האַוואַנער טעלעוויזיע באַוויזן אַ ספּעציעלע פּראָגראַם, געווידמעט דער דאַטע.

אין אָנהייב פון אָט דער פּראָגראַם זײַנען מיט קורצע רעדעס אַרויסגעטראָטן די געזעלשאַפטלעכע טוער מאַרקוס מאַטערין און א. ראַדלאָוו. זיי האָבן גערופן אָפּצוהיטן די צוואָע פון די געטאָ־קעמפער: „קיינמאָל ניט פאַרגעסן און קיינמאָל ניט מויכל זײַן".

דער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אין קובא טאַדעוש סטראַזאַלקאָווסקי האָט אין זײַן אַרויסטרעטונג צווישן אַנדערס געזאָגט: „עס האָבן זיך נאָך נישט פאַרהיילט די ווונדן, וועלכע פּוילן האָט באַקומען אין די יאָרן פון דער נאַציסטישער אָקופּאַציע. דאָס פּוילישע פאָלק וועט טאָן אַלץ, אַז די נאַציסטישע מערדער און די מײַרעוו־דײַטשישע מילכאָמע־אונטערצינדער זאָלן מער קיינמאָל נישט קאָנען איבערכאַזערן די שוידערלעכע געטאָ־רעציכעס".

אין דער טעלעוויזיע־פּראָגראַם איז אַרויסגעטראָטן דער שעף־רעדאַקטאָר פון דער קובער טעגלעכער צײַטונג „על מונדאָ" לויִס גאָמעז וואַנגוועמערט, וועלכער האָט געזאָגט: „איך דריק אויס די אַנציקונג פונעם קובינישן פאָלק פאַר די העלדן, וואָס האָבן מיט 22 יאָר צוריק, דעם 19 אַפּרעל 1943, אָנגעהויבן דעם העראָיִשן אויפשטאַנד קעגן דעם טויט־סוינע פון ייִדישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהײַט".

דער כאָר פון דער ראַדיאָ און טעלעוויזיע האָט צום שלוס פון דער פּראָגראַם אויסגעפּילט אין ייִדיש און אין שפּאַניש ה. גליקס ליד „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

●

# פון דער שעפערישער לאבאראטאריע

שירע גאָרשמאַן:

## אזוי שרײַבט זיך בא מיר

דער שעפערישער פּראָצעס, פאַרשטייט זיך, איז אינדיווידועל. דאָ איז ניט שײַעך קיין רעצעפּטור... אָבער אויך בא מיר איז דאָ איין זאַך, וועלכע ברענגט שטענדיק פּרוכט: אַרבעט. אפילע אין ניט געלונגענע ווערק זײַנען קימאַט אַלעמאָל אָנווייזנד האַצלאָכע־פּונקען, וועלכע לייגן מײַן געדאַנק און מײַנע געפילן אין קימפּעט... קלאָר, אַז ניט יעדער געבורט ברענגט די פולקומע פּרוכט. אמאָל איז דאָס קעפּל צו גרויס, אמאָל איז דאָס מײַלכל צעצויגן פון איין אויער ביזקל צווייטן. און בלויז אַ סאַך מי און גרויסע ליבע שטעלן אַוועק אַלץ אַף אַן אָרט.

מיר דוכט, אַז מע קאָן זײַן אַ שרײַבער, אָנשרײַבן אפילע אַ סאַך ביכער און אין זיי זאָל ניט זײַן קיין סימען פון שעפערישקײַט. די שווערסטע זאַך, דער גרעסטער וווּנדער איז — שאַפן. אויסקלעפּן אַליין די ציגל, זיי דורכברענען באַם פלאַם פון האַרצן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז זייער און זייער אַ ביטער־זיסע האָרעוואַניע. אָבער עס איז ניטאָ קיין גרעסערער נעס, ווי דער נעס פון שאַפן. אַ טשיקאַווע זאַך: גאַנץ אָפט, ווען איך הייב אָן שרײַבן עפּעס, קריכט מיר אונטער דער האַנט נאָר פּסוילעס. און דאָס פּסוילעס וויל אַן אָרט אין די שורעס. עס ווערט באַלעבאָס איבער מיר, עס קאָסט גענוג מי, ביז איך ווער פון דעם פּאָטער, ווײַל, צו מײַן אומגליק, דוכט זיך מיר שטענדיק, אַז פּוסטע ווערטער, אויסגעטאָנענע נאַקעטע קלאַנגען, האָבן צו מיר קיין שײַכעס ניט... עס טרעפט אויך, אַז איך ווער פּלוצעם פאַרוואַנדלט אין אַ פיש, וואָס איז פול מיט רויגן. יעדער רויג־קײַקעלע שרײַט צו מיר: „וואָס פּוסטעפּאַסעוועסטו, אַף וואָס וואַרטסטו? טו זיך אויס, קריך אין וואַסער, קוק ניט, וואָס דאָס וואַסער איז אײַז־קאַלט! וואָרעם אָן דאָס וואַסער, מיר זאָלן ניט פאַרפרוירן ווערן...“

קריך איך אין וואַסער, פּויזע אַפן גרונט־זאַמד, געפין אַן ערטעלע, און די רויגן לעבן אויף.

שווער אויסצודריקן די סימכע, ווען איך דערזע, ווי מײַנע רויג־קײַקעלעך באַקומען פאַרביקע פלוס־פּעדערן, טויכן אַרויס פון דער טיפעניש, באַווײַזן זיך אַפן פּאַפּיר, מאָסטען זיך צו איינע צו דער אַנדערער און ווערן שורעס...

אָבער קעדיי דאָס זאָל געשען, דאַרף איך איין זאַך — צײַט. אויב איך ווייס, אַז איך האָב נאָר אַ שאָ אָדער צוויי, קאָן איך ניט קריכן אין וואַסער... אַזויווי מיר ווײַזט זיך גאַנץ אָפט אויס, אַז איך בין אַ פרוי, מוז איך כאַפּן די צײַט פאַרן עק. דאָס ווייניקע, וואָס איך האָב ביז איצט אָנגעשריבן, מאַכט מיך טראַכטן, אַז די צײַט פאַר דעם האָב איך קוים אויסגעלײַען בא מײַן לעבן.

באַגאַבונג שטעלט זיך מיר פאָר, ווי אַ ריזיקע געבײַדע אַף באַזוניקטע ראַכוועסן; אַ געבײַדע אַ שטרענגע, פון זייער דינעם מאַטעריאַל, מיט אַ סאַך, אַ סאַך צימערן. די צימערן זײַנען אָן טירן. אין איין צימער איז ליבע, אין צווייטן — האַס, אין דריטן — פרייד, אין פערטן — דורכויס ווייטעק. אין די איבעריקע צימערן — פייגל, כײַעס, בלומען און געוויקסן. די מערסטע טייל צימערן זײַנען אָנגעפילט מיט מענטשן. זיי ריידן, שווײַגן, לאַכן און וויינען. אין נאָך צימערן — אַלע קינדער פון אַלע טאַטע־מאַמעס אין דער וועלט... אַרום דער גאַנצער געבײַדע ציט זיך דער מילך־וועג, וואָס לויכט אין מײַן זיקאָרן, באַלויכט מײַנע דערמאָנונגען, און אַלץ שטייט פאַר מײַנע אויגן, פון דער פרײַער קינדהײַט ביז הײַנטיקן טאָג. איך האָב אַ ריכטיקן סימען, ווען איך האָב אָנגעשריבן, ווײַל עס האָט זיך געשריבן, און ווען איך האָב געשריבן, בייס די ווערטער זײַנען גלײַך פון מײַנע נעשאָמע־טעוועלעך, ווי פונקען, אַרויסגעשפּרונגען פון מײַן ברוסטקאַסטן. ווײַל ווען די פונקען פלײַען אַרויס און לייגן זיך אַפן פּאַפּיר, פאַרמאַכט זיך די נעשאָמע. דאַן קומט אַ געצוווּנגען שווײַגן, ביז עס קומען ווידער די אָנגעגליטע פונקען... אַזוי אַלע מאָל, אַלע מאָל, אַלע מאָל, שטענדיק און שטענדיק, אָן אַן אָנהייב, אָן אַ סאָף.

די דערציילונג איז מײַן באַליבטסטער זשאַנער. מײַן באַליבטסטער שרײַבער — דער שרײַבער פון אַלע שרײַבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור — איז פּערעץ. עס טוט מיר שטענדיק ווי דאָס האַרץ, וואָס ער איז אַזוי ווינציק אַנטפּלעקט פאַר לייענער פון אַנדערע פעלקער. אין דער רוסישער ליטעראַטור איז פאַר מיר דער גרעסטער שרײַבער טאָלסטאָי. דער באַליבטסטער — טשעכאָוו. פאַרשטייט זיך, אַז ניט נאָר זיי לייען איך. לייענען איז בא מיר אַזאַ אַרבעט, ווי שרײַבן. אומענדלעך, ניט אויסצושעפּן איז דאָס אָנגעשריבענע ביז אונדז...

איך בין פול מיט פּלענער. איך וועל צווינגען די נאַטור, זי זאָל מאַכן אַן אויסנאַם פאַר מיר...

זאָל זי מיך ניט באַשענקען מיט סקלעראָז, מיט פּאָדאַגרע, מיט שוואַכקײַט. זאָל זי ניט אופהענגען קיין טירן אַף מײַנע ראַכוועסדיקע צימערן. זאָל זי אָנצינדן נײַע ליכטער אַף מײַן מילך־וועג. זאָל זי ניט אַוועקרויבן בא מיר קיין ליבע, קיין גוטמוטיקײַט אפילע צו אַזוינע מענטשן, וואָס באַגייען זיך מיט מיר ניט גוט, ווײַל אפילע אַזוינע מענטשן באַרײַכערן מיך. זיי סטימולירן מײַן אַקשאָנעס. זיי לערנען מיך קעמפן. דאָס פירט מיך איבער דער ראַכוועסדיקער געבײַדע פון צימער אין צימער. אַלע מאָל, אַלע מאָל, שטענדיק און שטענדיק, אָן אַן אָנהייב, אָן אַ סאָף.

צום 125־טן געבורטסטאָג פון פּ. אי. טשײַקאָווסקי



קינסטלער ע. יאראַוו.

קינסטלער ס. גערשאָוו.



א מיידעלע מיט א בלום




זי האָט זיך פארטראכט...



קאָרן

קינסטלער ב. אוועריאַנאָוו.

# א שטראל פון דער זון...

ווערטער פון אשער שווארצמאן. — מוזיק פון אטיליע ליכטענשטיין:

Moderato

mf

A štral fun der zun hot a xva-le ge-kušt...

rubato

a — — a — — a-a-a-a mit li-pn fun

rej-nem gin-gold ...mit li-pn fun rej-nem gin-gold... A štral fun der zun hot di xva-le ge-kušt...

A — — a —

A sprung hot di xva-le ge-ton, vi ce-mišt... vi ce-mišt...

sub. mp

A-a a-a.. Un le-bn šojn mer nit ge-volt...nit ge-volt...




א שטראַל פון דער זון האָט א כוואַליע געקושט
מיט ליפּן פון ריינעם גינגאָלד;
א שפּרונג האָט די כוואַליע געטאָן ווי צעמישט
און לעבן שוין מער ניט געוואָלט.

---

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания пятый**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69;
отделы прозы и поэзии — Б 8-49-42; отдел критики — Б 3-96-07.

Художеств.-техн. редакция И. Шустер и А. Токер
Корректоры А. Стрельник и Д. Грозовская

---

Подписано к печати 12/VI 1965 г. Формат 70×108 1/16. Печ. л. 10(13,70). Бум. л. 5+2 вклейки.
Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 362.

---

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Государственного Комитета Совета Министров СССР по печати.
Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп

70821



# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 7

1 9 6 5

**В НОМЕРЕ:**